# קָאך-בּוּך

## פַאר

# יוּדִישֶׁע פְרוֹיֶען

דָא אִיז אָנְגֶעוִויזֶען, וִויא צוּ בֶּערֵייטֶען אַלְלֶערְלֵייא גֶערִיכְטֶען, גֶעבֶּאק, צוּקֶערְגֶעבֶּאק, קָאמְפָּאטְס, קְרֶעם, מַארָאזִינֶע, זַאפְטֶען (וַוארֶענְיֶעס), גֶעטְרֶאנְקֶע; וִויא צוּ פֶּאקְלֶען פְלֵיישֶׁען, צוּ מַארִינִירֶען פִישֶׁען אוּנ פְרוּכְטֶען, וִויא אוֹיךְ צוּ בֶּערֵייטֶען אַלְלֶע בֶּעזָאנְדֶערֶע יוּדִישֶׁע גֶערִיכְטֶען צוּ שַׁבָּת, יו״ט אוּנ פֶּסַח, — אַלְלֶעס שְׁמַאקְהַאפְט אוּנ בִּילְלִיג, — בִּיז 668 נוּמֶערְן.

דָא אִיז אוֹיךְ אָנְגֶעוִויזֶען, וִויא צוּ זַאמְמֶען צוּשְׁטֶעלְלֶען דִיא גֶערִיכְטֶען אוּנ גֶעטְרָאנְקֶע אוֹיף מָאהלְצַייטֶען אוּנ חֲתוּנוֹת;

צוּם גֶעבְּרוֹיךְ

## פַאר יוּנְגֶע פְרוֹיֶען אוּנְד קֶאכִינְס.

גֶעזַאמְמֶעלְט פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע, בֶּערִיהְמְטֶע קָאכְבִּיכֶער אִין פֶערְשִׁידֶענֶע שְׁפְּרַאכֶען

פֿאָן ע. בלאשטיין

# ווילנא

שנת תרנ״ו לפ״ק

ПОВАРЕННАЯ КНИГА ДЛЯ ЕВРЕЙСКИХЪ ЖЕНЩИНЪ.

Собралъ изъ разныхъ поваренныхъ книгъ и составилъ А. Блоштейнъ. Соб. изд. Л. Л. Маца.

ВИЛЬНА,
въ типографіи Л. Л. Маца, на Квасномъ переулкѣ, д. № 119⁵/₆
1896 г.

# KOCH-BUCH

für

# jüdische Frauen.

Enthält:

die gründlichen Anweisungen der verschiedenen Kochspeisen, Backwerke, eingemachten Früchte, Saft-Arten und Getränke; wie auch der speciellen Gerüchte der jüdischen Küche. Alle auf schmackhafte und wohlfeile Art,—bis 668 Recepte.

*Mit*

einer Anweisung zur Zusammenstellung der Speisen auf Mahlzeiten bei Hochzeiten und Festen.

*ZUM GEBRAUCH*

FÜR JUNGE HAUSFRAUEN UND KÖCHINEN.

*Gesammelt aus verschiedenen, berühmten Kochbüchern in mehren Sprachen*

von

AUSER BLAUSTEIN.

*Preis mit schönem Einband 1 R. 20 K., mit Porto.*

WILNA.
DRUCK ÜND VERLAG VON L. L. MATZ.

1896.

## עֶרְקְלֶארוּנְג צוּ דִיא פִּיגוּרֶע פוּן דֶעם אָכְּס.

1 דֶער הַאלְז (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ אֵיינְפַּאכֶע זוּפְּפֶּע פַאר נִיט רַייכֶע לַייטֶע).
2 דֶער קָאפְּף (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ פִּיטְשַׁא (שְׁטוּדֶען) פַאר דֶעם אַרְמֶען קְלַאסס).
3 דֶער פוּס, שִׁינְבֵּיין (וָוערְט גֶעבְּרוֹיט צוּ דָאס זָעלְבֶּע אוּנ אוֹיךְ צוּ בּוּלְיָאן).
4 ״ ״ ״
5 ״ ״ ״
6 ״ ״ ״
7 דָאס פִּילֵייא, לֶענְדֶענְשְׁטִיק (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ רָאסְט בִּיף, הַאלְבּ בְּרַאטֶען).
8 אוֹיס גֶעשְׁנִיטֶענֶעס פִּילֵייא (דֶער בֶּעסְטֶער חֵלֶק וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט אוֹיף בִּיפְשְׁטֶעקְס).
9 פְּלַאנְקֶען (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ זוּפְּפֶּע).
10 דֶער אָבֶּערְשֶׁענְקֶעל (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ בּוּלְיָאן).
11 בְּרוּסְטְשְׁטִיק אוּנְטֶערְן שׁוּלְטֶערְבֵּיין (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ בּוּלְיָאן).
12 דִיקֶע רִיפְּפֶּע (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ בְּרַאטֶען).
13 דָאס הִינְטֶער פִּיערְטֶעל (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ גֶעהַאקְטֶע קָאטְלֶעטֶען אוּנ גֶעפִּילְלֶעכְטְס צוּ פִּירָאגֶען).
14 שׁוּלְטֶער בֵּיין, — שְׁטִיק (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּם בְּרַאטֶען אוּנ קָאכֶען).
15 דִינֶע הוֹיט (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ אֵיינְפַּאכֶע זוּפְּפֶּע פַאר אָרֶעמֶע).
16 אוּנְטֶער שֶׁענְקֶעל (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ זוּפְּפֶּע).
17 לֶענְדֶענְשְׁטִיק (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ קָאטְלֶעטֶען אוּנ גֶעפִּילְלֶעכְטְס צוּ פִּירָאגֶען).
18 דֶער הִינְטֶערְטְהֵייל (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ בּוּלְיָאן).
דִיא בְּרוּסְט (וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ גֶעדִיכְט גֶעקָאכְטֶע גֶעמִיזֶען).

דִיא צוּנְגֶע וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט פְרִישׁ גֶעקָאכְט, קַאלְט אוּנ גֶערוֹיכֶערְט.
דִיא מַארְךְ וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ סוֹיס אָדֶער צוּ גֶעפִּילְלֶעכְטְס צוּ בְּלִינְצֶעס אָדֶער פִּירָאזְקִי.

דִיא נִירֶען (почки) צוּ זוּפְּפֶּע אָדֶער סוֹיס.
דֶער לֶעבֶּער, הַארְץ אוּנ לוּנְגֶען וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט צוּ פְּרָאסְטֶע גֶערִיכְטֶען.
דֶער אָבֶּערְשֶׁענְקֶעל, שִׁינְבֵּיין (голяшка), הִינְטֶערְטְהֵייל אוּנ דֶער עֶק, צוּ בּוּלְיָאן.
דָאס בְּרוּסְטְשְׁטִיק אוּנ מַארְכְבֵּיינֶער וָוערְט גֶעבְּרוֹיכְט אוֹיךְ צוּ בּוּלְיָאן.

---

דרוק פעהלער. זַייטֶע 3 צַיילֶע 5 עֶקְסְפִּיסְטֶענְץ — עֶקְזִיסְטֶענְץ
זַייטֶע 3 צַיילֶע 14 וַויים — וַויים
זַייטֶע 4 צַיילֶע 21 קָאכְרֶעצֶעפְּצֶע — קָאכְרֶעצֶעפְּטֶע


ХРЕБТОВАЯ КОСТЬ.
ВЫРѢЗНЫЙ ФИЛЕЙ 8.
НА ЖАРКОЕ
12.
ТОЛСТЫЙ КРАЙ
1. ШЕЯ
2. ГОЛОВА
ОГУЗОКЪ 18.
10. БЕДРА
КОСТРЕЦЪ 13.
ФИЛЕЙНАЯ ЧАСТЬ
НА РОСТБИФЪ
7.
9. ТОНКІЙ КРАЙ
14. ПЕРЕДНЯЯ ЛОПАТКА
ГРУДИНА
ПАШИНА 15.
ГРУДИНА ПОДЪ ЛОПАТКОЮ 11.
17. ССѢКЪ
16. ПОДБЕДЕРНИКЪ
ГОЛЯШКА
6. НОГА
ГОЛЯШКА
5. НОГА
ГОЛЯШКА
3. НОГА
ГОЛЯШКА
4. НОГА

# פָּארְרֶעדֶע

## אֵיינִיגֶע וָוארְטֶען אַן אוּנְזֶערֶע יוּדִישֶׁע פְרוֹיעֶן .

עֶס אִיז שׁוֹין לַאנְג , וִויא אוּנְזֶערֶע הוֹיז־פְרוֹיעֶן פִיהְלֶען דֶעם מַאנְגֶעל אַן אַהַאנְדְבּוּךְ פִיר דִיא קִיכֶע , וֶועלְכֶע אִיז דֶער הוֹיפְּט גֶעגֶענְשְׁטַאנְד פוּן דֶער ווירְטְשַׁאפְט אוּנ וֶועלְכֶע זָארְגְט פַאר אוּנְזֶערֶע עֶקְסִיסְטֶענְץ אוּנ פַאר אוּנְזֶערֶע פֶערְגְנִיגֶענְס . אַיין קָאכְבּוּךְ אִיז נִיט נוּר נֵייטִיג פַאר דִיא , וֶועלְכֶע פֶערְשְׁטֶעהֶען נִיט דִיא קוּנְסְט פוּן קָאכֶען , עֶס אִיז אוֹיךְ נָאהטְוֶוענְדִיג פַאר דִיא גוּטֶע קֶאכִינְס אוּנ פַאר דִיא גֶענִיטֶע ווִירְטְהִינְס ; וִויא מִיר וֶועלֶען וַוייטֶער זֶעהֶען :

אַיוּנְגֶע פְרוֹיא טְרֶעט אַרוֹיס פוּן אִיהר מוּטֶערְס הוֹיז אוּנ נֶעהְמְט פִירֶען אֵיינֶע אֵייגֶענֶע ווִירְטְשַׁאפְט , — אַלְס פְרַייליין הָאט זִיא זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט שְׁטוּדִיוּם , נֵייעֶן , שְׁטְרִיקֶען . אוּנ אִין דֶער קִיכֶע הָאט זִיא נִיע גֶעהַאט צוּ טָאן , — הַיינְט טְרֶעט זִיא אַרַיין אִין אִיהר אֵייגֶענֶע קִיךְ אוּנ זִיא וֵוייס נִיט , וָואס מֶען הֵייבְּט אָן צוּ טָאן . וֶוען זִיא הָאט זָאגַאר אַהוֹיזְמֶענְשֶׁען , אַקָאכֶען ; זִיא ווִיל אָבֶּער אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף עֶקָאנָאמִיֶע , זִיא זָאל הָאבֶּען גוּטֶע שְׁפַּייזֶען אוּנ עֶס זָאל קָאסְטֶען נִיט טְהַייעֶר : אוֹיף אַפְרֶעמְדֶען מֶענְשֶׁען אִיז זִיךְ שְׁוֶוער צוּ פֶערְלָאזֶען . . . הַיינְט ווִיל זִיא אִיהר קֶאכֶען אָנְוַוייזֶען , וָואס צוּ טָאן אוּנ ווִיא צוּ מַאכֶען , אוּנ זִיא וֵוייס נִיט ווִיא אוּנ וָואס , — זָא אִיז פַאר אִיהר אַקָאכְבּוּךְ אִין אִיהר אֵייגֶענֶע שְׁפְּרַאכֶע זֶעהְר נֵייטִיג . זִיא עֶפְנְט דָאס בּוּךְ , קְלַייבְּט זִיךְ אוֹיס אַגֶערִיכְט . וֶועלְכֶע זִיא ווִינְשְׁט , אוּנ זִיא הֵייסְט אִיהר קֶאכֶען מַאכֶען , ווִיא זִיא פֶערְלַאנְגְט ; אָדֶער זִיא מַאכְט עֶס אַלֵיין , ווִיא גֶעהֶעהרִיג אִיז , אוּנ אִיז פֶערְגְנִיגְט , אַז זִיא קָען אִיהרֶעם גֶעלִיבְּטֶען מַאן גֶעבֶּען שְׁפַּייזֶען נָאךְ זַיינֶעם גֶעשְׁמַאק אוּנ אִיהם צוּ פְרִידֶען שְׁטֶעלֶען .

אַמֵיידֶעל קוּמְט אָן אִין אַהוֹיז אַלְס קֶאכֶען . זִיא קָען אָדֶער גָאר נִיט , אָדֶער זִיא פֶערְשְׁטֵייט זֶעהְר וֶועניג פוּן דֶער קָאכְקוּנְסְט . זִיא אִיז אִין דֶער גְרֶאסְטֶער פֶערְלֶעגֶענְהַייט : מֶען פֶערְלַאנְגְט פוּן אִיהר גֶערִיכְטֶען , וָואס זִיא וֵוייס גָאר נִיט , ווִיא מֶען הֵייבְּט אָן צוּ טָאן ; אָדֶער זִיא וֵוייס אַיין עֶטְוָואס , אוּנ זִיא הָאט זֶעהר מוֹרָא , טָאמֶער פֶערְדַארְבְּט זִיא דָאס עֶסֶען , וָואס דוּרְךְ דֶעם קֶען זִיא אִיהרֶע שְׁטֶעלֶע פֶערְלִירֶען , — זָא אִיז פַאר אִיהר אַקָאכְבּוּךְ , וָואס זִיא זָאל קֶענֶען לֶעזֶען אוּנ פֶערְשְׁטֶעהֶען , אַגוּטֶעס הִילְפְס מִיטֶעל : זִיא בֶּערֵייטֶעט אַלֶע הַאנְד גֶערִיכְטֶען , וָואס מֶען נוּר פוּן אִיהר פֶערְלַאנְגְט , מִיט אַרוּהִיגֶעם קָאפְּף , אָהן הַארְצְוַוייטָאג ; זִיא אִיז זִיכֶער , אַז מֶען וֶועט צוּ פְרִידֶען זַיין , אוּנ זִיא וֶועט נָאךְ אַדַאנְק בֶּעקוּמֶען .

אוֹיךְ פַאר דִיא גוּטֶע הוֹיז פְרוֹיא אוּנ פַאר דִיא בֶּעסְטֶע קֶאכֶען אִיז אַזַאהַאנְדְבּוּךְ הֶאכְסְט נָאהְטְוֶוענְדִיג . עֶס טְרֶעפְט זֶעהר אָפְט , מֶען ווִיל מַאכֶען אַגֶערִיכְט עֶפֶּעס אַנַייס , אָדֶער עֶס קוּמֶען גֶעסְט , אוּנ מֶען ווִיל זַייא בֶּעווִירְטְהֶען מִיט אוֹיס

געזוכטעטע

# פָּארְרֶעדֶע

גֶעזוּכְטֶעסְטֶע גֶערִיכְטֶען ; זַייא קֶענֶען זִיךְ אָבֶּער נִיט גְלַייךְ דֶערְמָאנֶען , וֶועלְכֶע נַייעֶ שְׁפַּייזֶען זָאל מֶען הַיינְט בֶּערַייטֶען , אוּנ וֶוען זַייא נֶעהמֶען וָואס מַאכֶען , הָאבֶּען זַייא פֶּערְגֶעסֶען , וֶועלְכֶע צוּטְהַאטֶען עֶס פָּארְדֶערְט זִיךְ דַאצוּ אוּנ וֶועלְכֶע פְּרָאפָּארְצְיָאן צוּ נֶעהמֶען , — זָא וֶועט זַייא אַזַא קָאכְבּוּךְ פוּן זַייעֶר פֶּערְלֶעגֶענְהַייט בֶּעפְרַייעֶן : עֶס וֶועט זַייא שׁוֹין אַלֶעס וַוייזֶען , וָואס זַייא הָאבֶּען צוּ טָאן ; אוּנ זַייגֶען זִיכֶער , אַז דִיא שְׁפַּייזֶען וֶועלֶען זַיין פָאלְלְקָאמְמֶען גוּט , מִיט דֶעם בֶּעסְטֶען גֶעשְׁמַאק אוּנ נַאהְרְהַאפְט . פוּן זֶעכְּס הוּנְדֶערְט אַכְט אוּנ זֶעכְצִיג קָאכְרֶעצֶעפְּטֶען אִיז דָאךְ עֶפֶּעס דָא פוּן וָואס אוֹיס צוּ קְלַייבֶּען .

אַנְדֶערֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע הוֹיז פְרוֹיעֶן קֶאנְנֶען זִיךְ וָואהל בֶּעהֶעלְפֶען מִיט קָאכְבִּיכֶערְן פוּן אַנְדֶערֶע שְׁפְּרַאכֶען , יָע ! אָבֶּער דִיא יֶענִיגֶען זַיינֶען נִיט גֶעשַׁאפְפֶען פִיר דִיא יוּדִישֶׁע קִיכֶע , וֶועלְכֶע פָארְדֶערְט גַאנְץ אַנְדֶערֶע צוּ בֶּערַייטוּנְגֶען , אוּנ אַזֶעלְכֶע בִּיכֶער קָאנֶען זַייא גָאר נִיט בֶּעפְרִידִיגֶען .

צוּ דִיזֶעם צְוֶועקֶע רֶעקָאמַאנְדִירֶע אִיךְ אַלֵיין אוּנְזֶערֶען יוּדִישֶׁען פְרוֹיעֶן דִיזֶעס קָאכְבּוּךְ , וֶועלְכֶע עֶנְטְהַאלְט אֵיינֶע זַאמְלוּנְג פוּן קָאכְרֶעצֶעפְּטֶען פוּן פֶערְשִׁידֶענֶען בֶּערִיהמְטֶען קָאכְבִּיכֶערְן אִין אֵיינִיגֶען שְׁפְּרַאכֶען ; עֶס צַייגְט אָן זֶעהְר גֶענוֹי אוּנ פִּינְקְטְלִיךְ דִיא בֶּערַייטוּנְג פוּן אַלֶערְלֵייא , וִויא דִיא אֵיינְפַאכְסְטֶע , זָא אוֹיךְ דִיא אוֹיסְגֶעזוּכְטֶעסְטֶע קָאכְשְׁפַּייזֶען , בַּאקְוֶוערְקֶען , אַיינְגֶעמַאכְטֶען פְרִיכְטֶען , זַאפְט-אַרְטֶען אוּנ גֶעטְרֶאנְקֶען . — אַלֶעס פִיר דִיא יוּדִישֶׁע קִיכֶע פַּאסְסֶענְד אוּנ אַלֶעס פֶערְטְרָאגְט זִיךְ וואוֹהל מִיט דֶער עֶקָאנָאמְיֶע , וָואס אִיז דִיא הוֹיפְּט אוֹיפְגַאבֶּע פוּן אַגוּטֶע ווִירְטְהִין . אַלֶע קָאכְרֶעצֶעפְּצֶע קָאסְטֶען זֶעהר בִּילְלִיג אוּנ קָאנֶען אוֹיךְ אִין נִיט רַייכֶען קִיכֶען בֶּערַייטֶעט ווֶוערֶען .

אִיךְ הָאפְפֶע אַלְזָא , דִיזֶעס בּוּךְ עֶרְשַׁיינְט נַאךְ וואוּנְשׁ אוּנ פֶערְלַאנְגֶען פוּן אוּנְזֶערֶע גוּטֶע הוֹיז פְרוֹיעֶן . זַייא וֶועלֶען דָאס זֶעלְבֶּע אִין אִיהרֶער ווִירְטְשַׁאפְט גֶערְן בֶּענוּטְצֶען , אוּנ דָאס וֶועט מִיר זַיין דֶער בֶּעסְטֶער דַאנְק פַאר מַיינֶע לַאנְגֶע מִיהֶעפָאלְלֶע אַרְבַּייט .

ע. בלאשטיין .

# עֶרְסְטֶער אַבְּשְׁנִיטְט .

## A. פְלֵייש זוּפְּפֶען .



זופפע

### B. זופּפּען אָהן פעטט.



### C. זופּפּען צו מילכיגעס.



## צווייטער אַבשניטט.

### פון סויסען.



מאנדער

## דְרִיטֶער אַבְשְׁנִיטְט.

### A. פון פִּישׁ גֶערִיכְטֶען.



### B. קַאלְטֶע שְׁפַּייזֶען.



## פִירְטֶער אַבְשְׁנִיטְט.

### פון בְּרַאטֶען, טוּשֶׁען, פון פְלֵייש אוּנ פון עוֹף, אוּנ אַלֶערְלֵייא גֶערִיכְטֶען דֶער פון.



זוויער

## פִינְפְטֶער אַבְשְׁנִיטְ.

### A. פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע גֶעמִיזֶען אוּנ עֶרְד פְּרִיכְטֶען.

### B. גֶערִיכְטֶען פוּן בּוֹימְפְרוּכְטֶען.



### C. גֶערִיכְטֶען פוּן שְׁוָואמְלֶעךְ.

## זֶעכְּסְטֶער אַבְּשְׁנִיטְט.

### פוּן מֶעהל שְׁפַּייזֶען.



ערעצקעטייגעכטס

## D. פוּדְדִינְגְס



# ז׳בֶּעטֶער אַבְּשְׁנִיטְט.

## אֵייעֶר שְׁפַּייזֶען אוּנ גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶעס



פיראזקעס

## אַבְטֶער אַבְּשְׁנִיטְט.

### A. קוּכֶען אוּנ גֶעבֶּאק



### B. פִּירָאגֶען



### C. פַּאשְׁטֶעטֶען



### D. שְׁטְרוּדְלֶען



### E. אַנְדֶערֶע גֶעבֶּאק



## נַיינְטֶער אַבְּשְׁנִיטְט.

### פוּן צוּקֶער בֶּעקֶערַייעֶן

## צְווֶעלְפְטֶער אַבְּשְׁנִיטְט.

### A. קָאמְפָּאטֶע אוּנ סַאלַאטֶע



### B. סַאלַאטֶע



סאלאט

## דרייצענטער אבשניט.

### A. קיסעל, זעלע, קרעם, מאראזענע.



### B. זעלע (דיקזאפט) פון וויין.



### C. קרעמס



### D. מאראזענע



## פערצענטער אבשניט.

### ווארעניעס



ווארעניעס

זייטע



## B. זַאפְּטֶע .

זייטע



# פוּנְפְצֶענְטֶער אַבְּשְׁנִיטְט.

## פֶערְשִׁידֶענֶעס אַיינְצוּמַאכֶען אוּנ אוֹיפְצוּבֶּעוָואהרֶען .

(אוֹיף אַלֵיינְגֶערֶע צַייט צוּ הַאלְטֶען)

זייטע



האניג

# זֶעכְצֶטֶער אַבְשְׁנִיטְט.

## A. גֶערִיכְטֶע פִיר שַׁבָּת.

### אֵייגֶענְטְלִיכֶע יוּדִישֶׁע גֶערִיכְטֶען.



## B. גֶערִיכְטֶע פַאר פֵּסַח



# זִיבְּצֶענְטֶער אַבְשְׁנִיטְט.

## פוּן פֶערְשִׁידֶענֶען גֶעטְרֶאנְקֶען.

### A. וַוארְמֶע.



### B. קַאלְטֶע גֶעטְרֶאנְקֶע.



איין

## אַכְטְצֶעְנְטֶער אַבְּשְׁנִיטְט.

### איבֶּער דִיא צוּזַאמְמֶען שְׁטֶעלְלוּנְג פוּן שְׁפֵּייזֶען.

# קָאכְבּוּך׃

## שְׁפֶּעצִיעל פִיר דִיא יוּדִישֶׁע קִיכֶע ·

## DIE EINRICHTUNG DER IÜDISCHEN KÜCHE.

### A. ווִיא זָאל דִיא קִיכֶע אַיינְגֶערִיכְטֶעט זַיין ?

אין אַפְּרוּמֶע יוּדִישֶׁע הויז מוּזֶען דִיא פְלֵיישְׁשְׁפַּייזֶען פוּן דִיא מִילְכְשְׁפַּייזֶען אַבְּגֶעזָאנְדֶערְט זַיין · דֶערוּם מוּז זִיך אִין דֶער קִיכֶע אַיינְגֶעפִּינְגֶען צְווייעֶרְלֵייא גֶעשִׁירְר צוּ פְלֵיישׁ שְׁפַּייזֶען אוּנ צוּ מִילְכְשְׁפַּייזֶען · דַארְאוּנְטֶער פֶערְשְׁטֶעהְט זִיך קָאכְגֶעשִׁירְר, ווִיא : טֶאפְּף, קַאסְטְרוּלֶעס, פְּפַאנֶען א. ד. ג. ; אוּנ שְׁפַּייזֶע גֶעשִׁיר, ווִיא : שִׁיסֶעל, טֶעלֶלֶער, מֶעסֶער, גַאבֶּעל, לֶאפֶּעל, סָאלְנִיצֶעס אוּנ שְׁלַייפְבְּרֶעטֶער צוּם פוּטְצֶען דֶער מֶעסֶער אוּנ גָאבְּל ; ווִיא אויך דִיא גֶעפֶּאס, אִין ווֶעלְכֶע מֶען וַואשְׁט יֶענֶע כֵּלִים, אוּנ צוּ יֶעדֶעם מוּז זַיין אַבֶּעזוּנְדֶערֶעס הַאנְדטוּך · אִין קִיך מוּז אויך זַיין צְווייא טִישֶׁען אוּנ צְווייא קְלֵיינֶע אֶלְמֶערְלֶעך, אָדֶער אַיין אַלְמֶער (שְׁרַאנְק) מִיט צְווייא אַבְּטְהֵיילוּנְגֶען · אויף דֶעם עֶסְטִישׁ דַארְף צוּא פְלֵיישׁ שְׁפַּייזֶען זַיין אַיין אַנְדֶער טִישְׁטוּך אוּנ צוּ מִילְכְשְׁפַּייזֶען אַיין אַנְדֶערֶעס ·

אוּם דִיא כֵּלִים נִיט צוּ פֶערְבַּייטֶען, מַאכְט מֶען גֶעווֶאהְנְלִיך אויף דִיא מִילְכִיגֶע גֶעפֶּאס אַצֵייכֶען, אָדֶער מֶען קויפְט זַייא אִין אַיין אַנְדֶער פָּארְם ·

## DAS KOSCHERMACHEN DES FLEISCHES UND GEFLÜGELS.

### B. דָאס פְלֵיישׁ כָּשֵׁר מַאכֶען ·

דָאס פְלֵיישׁ, אָדֶער פֶעטְט מוּז אִיבֶּער אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע צֵייט לִיגֶען אִין אַכְּלִי מִיט ווַאסְסֶער אַזוֹא, אַז עֶס מוּז פוּן דֶעם וַואסְסֶער אִיבֶּער דֶעקְט זַיין · נָאכְדֶעם וַואשְׁט מֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּן דִיא בְּלוּט גוּט אָבּ, מֶען לֵייגְט אִין אַקָאשִׁיק (נִיט אַטִיפֶּע קָארְבְּל) אָדֶער אויף אַקְרוּם-גֶעלֵיינְטֶע בְּרֶעט, אוּנ מֶען לָאזְט דָאס וַואסֶער אָבְּלויפֶען אוּנ מֶען בֶּעשְׁטְרֵייט דָאס פְלֵיישׁ אָדֶער פֶעטְט דִין מִיט זַאלְץ פוּן אַלֶע זַייטֶען · אַזוֹא לִיגְט עֶס אַגַאנְצֶע שָׁעָה, אוּנ דַאן ווֶערְט יֶעדֶעם שְׁטִיק דְרַייא מָאל מִיט פְרִישֶׁע וַואסְסֶער אָבּ גֶעוָואסֶען · עוֹפוֹת, ווִיא מֶען בְּרֵיינְגְט פוּן שׁוֹחֵט, מוּזֶען גְלַייך אָבְּגֶעפְּלִיקְט ווֶערֶען, אַרוּם גֶעשְׁמַאלֶעט אוּנ אַרוּם גֶעפּוּצְט ווֶערֶען · קָאפְּף אוּנ פִיסֶע וַוארְפְט מֶען פוּן עוֹפוֹת אַווֶעק, פוּן גֶאנְזֶע נִיט · דֶער בּויך ווֶערְט אויפְגֶעשְׁנִיטֶען אוּנ פְרִיהֶער דַאס פֶעטְט, נַאכְדֶעם דִיא אִינְגֶעווַיידֶע אַרוֹיס גֶענוּמֶען · דֶער צוּ מוּז מֶען זִיך הִיטֶען, דִיא גַאלְל נִיט צוּקְווֶעטְשֶׁען אוּנ דִיא גֶעדֶארְמֶע נִיט צוּ צֶערְרַייסֶען · דִיא גַאלְל נֶעהְמְט מֶען פָאר-זִיכְטִיג אַרָאבּ פוּן דֶער לֶעבֶּער, אוּנ דִיא לֶעבֶּער לֵייגְט מֶען אִין וַואסֶער · דֶער מָאגֶען ווֶערְט אויפְגֶעשְׁנִיטֶען אוּנ דִיא אִינְווֶענִינְסְטֶע הַארְטֶע הויט אַרָאבּ גֶעצוֹיגֶען ; פָאם

הערְצְען שְׁנַיידְט מֶען פְרִיעֶר דיא שְׁפִּיצֶע אָבּ, נאַכְדֶעם וֶוערְט עֶס קְרֵייצְוַויזֶע אַיינְגֶע־שְׁנִיטֶען אונ אויבֶּען דָאס בְּלוּט אַרָאבּ גֶעמַאכְט אונ דיא אָדֶערלֶעךְ אוֹיס גֶעשְׁנִיטֶען. פוּן דיא פִיסלֶעךְ הַאקְט מֶען אָבּ דִיא נֶעגֶעל. דֶער קָאפּף וֶוערְט אִין דִיא לֶאנְג גֶעשְׁפָּאלְטֶען אונ דֶער שְׁנָאבֶּעל אָבּ גֶעהַאקְט; דָאס גֶעהִירֶען אונ דִיא אוֹיגֶען וֶוערֶען אַרוֹיס גֶעמַאכְט. פוּן דֶער צוּנְג שְׁנַיידְט מֶען אָבּ דִיא שְׁפִּיטְצֶע. פוּן הַאלְז צִיהט מֶען דֶעם שְׁלוּנְד אונ דֶעם גָארְגֶעל אַרוֹיס, אונ דִיא הוֹיפְּט אָדֶער, וָואס גֶעהְט בִּיז דִיא בְּרוּסְט, שְׁנַיידְט מֶען בֶּעהוּטְזַאם אַרוֹיס, אוּם עֶס זָאל זִיךְ אִין דִיא אָדֶער גִיט אַיינְשְׁנַיידֶען; אָדֶער מֶען צִיהְט זִיא אַרוֹיס. דִיא פְלִיגֶעל בְּרֶעכְט מֶען אַיין אונ סֶען הַאקְט פוּן פָארְנְט עֶטְוָואס אָבּ, עֶס זָאל דָאס בְּלוּט אַרוֹיס צִיהֶען.

דַאן גִיסְט מֶען דַארוֹיף וַואסֶער אונ עֶס וֶוערְט וִויא אַנְדֶערֶעס פְלֵייש גֶעמַאכְט. אַחוּץ דִיא לֶעבֶּער, וֶועלְבֶע וֶוערְט גֶעזַאלְצֶען אונ אוֹיף קוֹילֶען גֶעבַּאקֶען, זִיא לִיגְט נָאר אַפֶערְטֶל שְׁטוּנְדֶע אוֹיף דִיא קוֹילֶען אונ מוּז אוּמְגֶעדְרֶעהְט וֶוערֶען, אונ דַאן בֶּעגָאסֶען מִיט וַואסֶער.

אוֹיבּ דִיא קֶאכִין גֶעפִינְט אִין מָאגֶען אָדֶער אִין דִיא אִינְגֶעוַוייְדֶע אַגֶעשְׁוִויר, אָדֶער זָאנְסְט וָואס אוּנְגֶעוֶואהְנְלִיכֶעס, אָדֶער אַזוֹא אַזַאךְ, וָואס דָאס עוֹף הָאט גֶעהַאט אַיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען, — זָא מוּז זִיא דָאס וַוייזֶען דֶעם רַב פוּן שְׁטָאדְט אָדֶער אַזוֹא אַלַמְדָן אַיְרֵא שָׁמַיִם, אונ וָוען עֶר וֶועט פַּסְקְנֶען כָּשֵׁר, עֶרְסְט דַאן קֶען זִיא דָאס פְלֵייש קָאכֶען.

## C. צוּא בֶּערֵייטוּנְג פוּן אַלֶע פְלֵיישֶׁען אונ עוֹפוֹת פַאר׳ן קָאכֶען.

אַלֶע פְלֵיישֶׁען, וֶועלְבֶע זַיינֶען מִיט אַטָאג פְרִיהֶער כָּשֵׁר גֶעמַאכְט, מוּז אִיבֶּער נַאכְט גֶעלִינְד גֶעזַאלְצֶען שְׁטֶעהֶען. רִינְד פְלֵייש מוּז פַאר׳ן קָאכֶען קַאלְט אָבְּגֶעוַואשֶׁען וֶוערֶען; אַלֶע אִיבֶּערִיגֶע פְלֵיישֶׁען, אִיבֶּער הוֹיפְּט עוֹפוֹת וֶוערֶען מִיט הֵייסֶען וַואסֶער אָבְּגֶעבְּרִיהְט, אונ דִיזֶע (עוֹפוֹת) וֶוערֶען פוּן זֵייעֶרֶע שְׁטָאפְּפֶעלֶען (גֶעבְּלִיבֶּענֶע פֶעדֶערִין) לַייכְט גֶערֵיינִיגְט; דִיא הוֹיט פוּן דִיא גַאנְזֶע פִיסְלֶעךְ וֶוערְט אַרָאבּ גֶעצוֹיגֶען. פוּן דִיא גֶעדֶארְמֶע נֶעהְמְט מֶען אַרוֹיס דָאס פֶעטְט, שְׁנַיידְט זַייא אוֹיף, שָׁאבְּט דֶען שְׁמוּטְץ אוֹיס, וַואשְׁט זַייא אִין וַוארֶעמֶען וַואסֶער, רַייבְּט אָבּ מִיט זַאלְץ, אונ מֶען וַואשְׁט נָאךְ אַמָאל מִיט וַוארֶעמֶע וַואסֶער, אונ אִיבֶּער נַאכְט מוּזֶען זַייא אִין קַאלְטֶען וַואסֶער לִיגֶען.

## D. פָארְבֶּערֵייטוּנְג פוּן אַלֶע גֶעמִיזֶע—אַרְטֶען פַאר׳ן קָאכֶען.

אַלֶע וואוּרְצֶעל פְרִיכְטֶע: בּוּרִיקֶעס, מֶעהרֶען, רִיבֶּען, גְרִינְזֶע אונ דֶער גְלַייכֶען וֶוערֶען גֶעשָׁאבְּט אָדֶער גֶעשֶׁאלְט. — פוּן קֶאפְּלֶעךְ קְרוֹיט נֶעהְמְט מֶען אַרָאבּ דִיא אוֹיבֶּערְסְטֶע בְּלֶאטְטֶער אונ מֶען שְׁנַיידְט דֶעם שְׁטְרוּנְק (קַאצַאן) אַרוֹיס, אוֹיךְ דִיא דִיקֶע אָדֶערִין פוּן דִיא בְּלֶעטְטֶער. נַאכְדֶעם וַואשְׁט מֶען זַייא אָבּ מִיט קַאלְטֶען וַואסֶער אונ דַאן מֵייסְטֶענְטְהֵיילְס גֶעבְּרִיהְט. — בְּלוּמֶענְקָאהל (בְּלוּמֶענְקְרוֹיט) וֶוערְט פוּן דִיא קְלֵיינֶע בְּלִיהוּנְג גֶערֵיינִיגְט אונ נַאכְדֶעם אָבְּגֶעבְּרִיהט. פֶּעטֶערְזִילְיֶע

(פעטרושקע) אונ אללע קרייטער, וואס געהט צו זופפען, ווערען פריער אב געוואשען, דאן געקליבען אונ מייסטענס דין צוא האקט. — שפארגעל (שפארזא) שאלט מען אין דער לאנג, אבער דיא קאפלעך ניט בעריהרען.

E. פארבערייטונג פון אללע הילזענפריכטע (באב, ארבעס, לינזען א. ד. ג.) גרויפען אונ שוועמלעך פאר'ן קאכען.

ארבעס מוז מען אויסקלייבען אונ דיא ווערימדיגע ארויס ווארפען. לינזען אונ באב זיינען ניט ווערימדיג. דיזע אללע ווערען קאלט געוואשען. רייז אונ הירז לאזט מען אנוויילע זיך ווייקען אין קאלטען וואסער, נאכדעם ווערען זייא מיט זודיגע וואסער אבגעבריהט, אויף אזיפ געלייגט אונ מיט קאלטען וואסער אבגעשווייגקט.

## ערסטער אבשניטט.

### A. פלייש זופפען.

### № 1. בוליאן. BOUILLON.

נעהם 5 פונד רינד פלייש, 12 גלאזער וואסער, 1 מעהר, 1 שטיק פעטרעשקע, 1 שטיק סעלעריע, 1 ציבעלע אונ זאלץ. לייג דאס פלייש אין אקאסטרולע, גים ארויף דאס וואסער אונ שטעלל קאכען אויף אלייכטען פייער, אז דער בוליאן זאל געהמען זידען נאר פון איין זייט; נעהם אראב דעם שוים מיט אזיי-לעפל. אין 2 שעה ארום איז דער בוליאן שוין גענוג איינגעקאכט. דאן נעהם אראב דיא קאסטרולע פון דער פליטע, נעהם ארויס דאס פלייש אונ וואש ארום איןווארמע וואסער, עס זאל זיין ריין פון דעם שוים אדער נאקיפ, אונ דעם בוליאן זייא דורך אזיפ אדער אסערוועטע אין אבעזונדערע כלי. נאכדעם וואש אויס דיא קאסטרולע פון דעם נאקיפ, לייג אהין אריין דאס ארום געוואשענע פלייש מיט דעם מאהר, דער פעטרעשקע אונ דער סעללעריע, אונ דעם צוויבעל אויף העלפט צו שניטטען. פארגים מיט דעם בוליאן אונ שטעלל ווייטער קאכען אויף אלייכטען פייער, ביז דיזע וואורצעל פריכטע וועלען זיך גוט איינקאכען.

### № 2. שטארקער בוליאן. STARKER BOUILLON.

נעהם 5 פפונד רינד פלייש, צו שנייד אויף קליינע שטיקלעך, לאז עס גוט איינקאכען אונ זייא אב דעם בוליאן; דאס פלייש, וואס טויג שוין מעהר ניט, לייג ניט מעהר אין בוליאן, נאר לייג מעהר ניט דיא אויבען גענאנטע וואורצעל פריכטע: דעם מעהר, דיא פעטרישקע אונ דיא סעללעריע מיט דער צוויבעל. — אזא בוליאן קאכט זיך 3—4 שטונדען.

### № 3. קרוט-זופפע ניט געזויערטע. FRISCHE KOHLSUPPE (ЩИ).

(אויף 6 פערזאן) נעהם פלייש 3 פונד, 3 בוטל וואסער, ½ מאהר, ½ שטיק

פעטרעשקע, $\frac{1}{2}$ שטיק סעללעריע, 1 צוויבל, אקעפל קרויט אפרישע, 1 עסס לעפעל מעהל, 1 עסס לעפעל געהאקטע פעטרושקע אונ זאלץ.

קאך פון דעם פלייש אבוליאן (№ 1), ליג דאהין דעם מעהר, דיא פעטרושקע, דיא סעללעריע אונ דיא צוויבעל. ווען דער בוליאן איז פערטיג, זייא איהם דורך אסערוויעטע אדער אזיפ; יענע וואורצעל-פריכטע וואַרף אוועק, אונ דאס פלייש וואש אוים, צו שנייד אויף שטיקלעך אונ לייג ווידער אין דיא אויס-געוואשענע קאסטרולע. בשעת דער בוליאן קאכט זיך, צו שנייד דיא קעפל קרויט אויף 6—7 שטיקער, בריה אב אין אבעזונדערע כלי מיט זודיגע וואסער, לאז שטיין אפערטעל שטונדע, גיס אראב פון איהר דאס וואסער, לייג דיא שטיקער קרויט אין דער קאסטרולע, וואו עס ליגט שוין דאס פלייש; פערגים מיט דעם בוליאן, בעזאלץ אונ שטעלל ווייטער קאכען, ביז דאס קרויט וועט זיך גייך איינקאכען. נאכדעם נעהם דאס עסלעפעל מעהל, פיהר פאנאנדער אין וואסער אדער אין בוליאן, אז עס זאל גאר ניט זיין קיין קאמעס, אונ גיס אריין אין דיא קרויט בשעת עס קאכט זיך. לאז עס צווייא — דרייא מאל דורך זידען אונ דאן דער לאנגען צום טיש.

## № 4. זויערע קרויט-זופפע. SAUERE KOHLSUPPE.

(אויף 6 פערזאן) נעהם 3 פפונד רינד פלייש פעטטעם, 1 1/2 פפונד געהאקטע (געשעטקעוועטע) קרויט זויערע, $\frac{1}{2}$ שטיק פאריי (שפאנישע צוויבעל), $\frac{1}{2}$ שטיק סעללעריע, $\frac{1}{2}$ שטיק פעטרושקע, אגרויסע צוויבל, איין עסלעפעל מעהל, אטהיילעפעל שמאלץ אדער פעטט, 3 לארבערבלאטטער, 5 פעפערקערנער, אונ זאלץ.

מאך דעם געוואהנליכען בוליאן (№ 1), וואש אויס דאס פלייש, צו שנייד אויף שטיקלעך אונ לייג אין דיא ריינע קאסטרולע מיט דיא 1$\frac{1}{2}$ פונד (אדער 3 גלעזער) זויערע קרויט, מיט דער צו האקטער צוויבל, לארבערבלאטטער אונ דיא פעפער; גיס אויף אלץ דעם בוליאן, שיט אריין זאלץ אונ לאז קאכען, ביז דאס קרויט וועט זיך נייך איינקאכען. פאר דעם עסען קען מען מאכען אצודאט (אצוטהאט, פאד-פראווקא): אלעפעל מעהל אונ אטהיילעפעל פעטט (אדער שמאלץ) פאנאנדער געפיהרט צו זאממען אין דעם בוליאן, נאכדעם אריין גיסען אין דאס קרויט, ווען עס האלט אין קאכען, פאנאנדער מישען, אונ לאזען דורך קאכען 3—4 מאל. אויב עס איז נאך ניט צייט צו עסען, לאזט מען דיא קאסטרולע מיט דעם קרויט אויף אהייסען ארט, וואו עס זאל אבער ניט קענען קאכען.

## № 5. איינע אנדערע ארט קרויט-זופפע.

מען נעהמט עטליכע פונד פלייש, עטליכע שוועמלעך, ענגלישע פעפפער, זאלץ, גאנצע צוויבל; גיס אריין 4 גלאזער ראזסאל (ראסעל) פון געזייערטען קרויט, אונ אויך 4 גלאזער קרויט אונ וואסער. דאס אלץ דארף זיך קאכען. וויא דאס

פלייש

פְלֵייש וָוערְט וֵוייך, זַייהט מֶען דֶעם יויך אָב, מֶען נֶעהמְט אַרָאב דָאס פֶעטְט אונ מֶען רַייניגְט דָאס מִיט אֵייוַוייסְל אַזוֹא: מֶען לָאזְט אַרַיין וַוייסֶעל פוּן עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר אונ מֶען שְׁטֶעלְט דֶעם יויך וַוייטֶער אוֹיפַ'ן פַייעֶר, ווִיא דָאס וַוייסֶעל קָארְצֶעט זִיךְ אַיין, וֶוערְט שְׁטַייף, זַייהט מֶען דֶעם יויך ווִידֶער דוּרְךְ אַסֶערְוֶועטְקֶע אונ מֶען גִיסְט ווִידֶער אַרַיין אִין דָאס קְרוֹיט.

## BEETENSUPPE (БОРЩЪ). בּוּרִיקֶעס זוּפֶּע. № 6.

(אוֹיף 6 פֶּערְזָאן). מֶען נֶעהמְט 3 פוּנְד פְלֵייש (בְּרוּסְט, מַארְכְבֵּיינֶער), 8 קֶערְנֶער פְּפֶעפֶער, 5 לָארְבֶער בְּלֶעטְטֶער, 5 שְׁטִיק גְרוֹיסֶע אָדֶער 10 קְלֵיינֶע בּוּרִיקֶעס, 1 צְוִויבְּל, 1 עֶס לֶעפֶעל מֶעהְל, 1 רֶעפֶעל פֶעטְט (שְׁמַאלְץ), 1 לֶעפֶעל גֶעהַאקְטֶען אוּקְרָאפּ אונ זַאלְץ.

פוּן דֶעם פְלֵייש מַאכְט מֶען אַבּוּלְיָאן (№ 1). וֶוען דָאס פְלֵייש אִיז שׁוֹין אוֹיס גֶעוַואשֶׁען אונ אַרַיין גֶעלֵייגְט אִין טָאפְּף, שָׁאבְּט מֶען אָב דִיא גֶעבַּאקֶענֶע בּוּרִיקֶעס, מֶען צוּ שְׁנַיידֶעט אִין דֶער לֶענְג אונ מֶען לֵייגְט אוֹיךְ אִין טָאפְּף, וואוּ דָאס פְלֵייש אִיז; מֶען לֵייגְט צוּ דִיא לָארְבֶערְבְּלֶעטְטֶער, דִיא פְּפֶעפֶער, דִיא צְוִויבְּל אונ מֶען גִיסְט אַרוֹיף דֶעם בּוּלְיָאן; מֶען שִׁיט אַרַיין זַאלְץ אונ מֶען שְׁטֶעלְלְט קָאכֶען.

אַשְׁטוּנְדֶע פַאר'ן עֶסֶען נֶעהמְט מֶען דִיא מֶעהל אונ דִיא שְׁמַאלְץ (פֶעטְט), מֶען צֶערְרַייבְּט אִין אֵיינֶעם גוּט, עֶס זָאל קֵיין קָאמֶעס נִיט זַיין; מֶען גִיסְט אַרוֹיף נָאךְ אַפָּאר לֶעפֶעל פוּן דֶער זוּפֶּע אונ מֶען פִיהרְט וַוייטֶער פַאנְאַנְדֶער, אונ וֶוען דֶער בָּארְשְׁץ נֶעהמְט זִידֶען, גִיסְט מֶען דָאס אַרַיין אונ מֶען לָאסְט עֶס דוּרְךְ קָאכֶען.

אוֹיבּ עֶס אִיז דָא אִין שְׁטוּבּ גֶעבְּלִיבֶּענֶער בְּרַאטֶען אָדֶער אַזוֹי קַאלְטֶעס פְלֵייש, נֶעהמְט מֶען דָאס (נִיט מֶעהר פַאר אַפוּנְד), מֶען צוּ שְׁנַיידֶעט אוֹיף שְׁטִיקְלֶעךְ אונ וַוארְפְט אַרַיין אִין דֶעם בָּארְשְׁץ אונ מֶען לָאזְט דוּרְךְ קָאכֶען אַמִינוּט 20.

וֶוען מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ, גִיסְט מֶען אַרַיין אִין שִׁיסֶעל דֶעם זַאפְט פוּן רוֹיעֶ אָנְגֶערִיבֶּענֶע בּוּרִיקֶעס אונ מֶען מִישְׁט דוּרְךְ. מֶען בֶּעשִׁיט מִיט אוּקְרָאפּ אָדֶער מִיט גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע.

## אֵיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט בּוּרִיקֶעס (בָּארְשְׁץ). № 7.

מֶען נֶעהמְט עֶטְלִיכֶע פְּפוּנְד רוּקֶענְפְלֵייש מִיט דִיא בֵּיינֶער, עֶטְלִיכֶע שְׁוֶועמְלֶעךְ, 2 צְוִויבְּל, 2 פָּארֵייעֶן (שְׁפַּאנִישֶׁער צְוִויבֶּעל), מֶען גִיסְט אַרוֹיף וַואסֶער אונ בּוּרִיקֶעס-רָאסֶעל אונ מֶען לָאזְט קָאכֶען, בִּיז דָאס פְלֵייש וֶוערְט וֵוייךְ. דַאן נֶעהמְט מֶען אַרָאבּ דָאס פֶעטְט; דֶעם יויך זַייט מֶען אָבּ אונ מֶען רֵייניגְט מִיט אֵיי וַוייס (זֶעה № 5) מֶען גִיסְט אִיהם ווִידֶער אַרוֹיף אוֹיף דָאס פְלֵייש אונ מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ.

אוּם דִיא זוּפֶּע זָאל זַיין רוֹיט, מַאכְט מֶען אַזוֹא: מֶען רַייבְּט אָן עֶטְלִיכֶע גְרוֹיסֶע בּוּרִיקֶעס רוֹיעֶ אוֹיף אַטַארְטְקֶע, מֶען דְרִיקְט אוֹיס דֶעם זַאפְט, מֶען לָאזְט אִיהם אוֹיפְזִידֶען אונ מֶען גִיסְט אַרַיין אִין דֶעם בָּארְשְׁץ, וֶוען מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ

טיש. מען באקט אויך אוים עטליכע בוריקעס, מען צו ברעקעלט אונ מען וואַרפט אריין אין שיסעל.

מען לייגט אויך צו עטליכע גאפעל צו שניטטענע קרויט אונ דאס גיבט צו אגוטען געשמאַק.

## № 8. בוריקעס מיט קארעשען. BEETENSUPPE MIT KARAUSCHEN.

(פאר 6 פערזאן) נעהם קארעשען 2 פונד, ½ שטיק פעטרושקע, ½ שטיק סעללעריע, ½ שטיק פאריי (שפאנישע צוויבל), 5 שטיק בוריקעס, 1 קאפל קרויט, 2 צוויבל, 10 פפעפער קערנער, 5 שטיק לארבערבלאטטער, ¼ פפונד מעהל, ¼ פפונד בוטטער, 3 עסלעפל שמעטענע.

מען ריינינגט אוים די קארעשען, אונ וואשט זייא אוים אין קאלטען וואסער; אהעלפט דער פון לייגט מען אב צו בראטען, אונ די אנדער העלפט לייגט מען אין קאסטרולע, מיט די פעטרושקע, סעלעריע, פאריי, פעפער אונ די לארבער-בלאטטער אונ מען גיסט אן וואסער אונגעפאהר 7—8 גלעזער.

ווען די פיש קאכט זיך איין ביז עס בלייבט העלפט יויך, זייט מען אב דעם בוליאן, מען נעהמט ארוים די פיש אונ די געווירצען; נאכדעם לייגט מען אין דער קאסטרולע דאס קרויט, די צו שניטטענע בוריקעס אונ די צוויבל; מען פערגיסט מיט דעם אויסגעזייטען בוליאן, מען שטעללט קאכען, ביז די בוריקעס אונ די קרויט וועט זיך גוט איינקאכען.

דער ווייל מאכט מען דעם צודאט (צוטהאט): מען נעהמט איין עסלעפעל פון די מעהל, אונ 2 עסלעפעל בוטטער, מען רייבט פאנאנדער, פיהרט פאנאנדער מיט קאלטען וואסער אונ דער נאך מיט דעם הייסען בוליאן. ווען דאס קרויט אונ די בוריקעס איז שוין גוט איינגעקאכט, גיסט מען היניין דעם צודאט, מען מישט פאנאנדער אונ מען לאזט אויף זידען. ווען דער בוליאן מיט דעם קרויט איז פערטיג, לאזט מען איהם אויף אהייסען ארט, וואו ער זאל ניט קאכען.

דאן נעהמט מען די איבריגע קארעשען, אויסגעוואשענע אונ אויס-גערייניגטע, מען רייבט זייא אן לייכט מיט זאלץ אונ מען קייקעלט זייא איין אין מעהל. מעןווארעמט אן די שקאווארדע (בראט פפאנע), לייגט ארויף אפאר לעפל בוטטער אונ מען לייגט אויבען ארויף בראטען די קארעשען. ווען איין זייט פון די קארעשען ווערט ברוין, זא קעהרט מען זייא איבער אויף די אנדער זייט, אום עס זאל פון אללע זייטען ווערען פערברוינט. פאר דעם דערלאנגען צום טיש, רייבט מען אן אויף אטארטקע רויע בוריקעס, דריקט אוים דורך אשיטערע טוך, עס זאל ארוים 2 לעפעל זאפט, מען גיסט עס אריין אין אשיסעלע מיט 3 לעפעל שמעטטענע, מען מישט דורך, גיסט ארויף דעם בוליאן; נאכדעם לייגט מען דערין די געבראטענע קארעשען, שיט צוא אנגעהאקטע אוקראפ, אונ מען דערלאנגט צום טיש.

מאך

SAUERAMPFER-SUPPE. **שְׁצַאוָועל-זוּפֶּע.** № 9.

מאך אַפְּלֵייש בוּלְיָאן, וויא גֶעוָואהנְלִיך. אַשְׁטוּנְדֶע פאר׳ן עֶסֶען צוּ הַאק קְלֵיין פְרִישֶׁע שְׁצַאוָועל אוּנ קָאך דָאס אַיין מִיט דֶעם בוּלְיָאן: צוּא מִילְכִיקֶע שְׁצַאוָועל קָאכְט מֶען אוֹיף דָאס וַואסֶער מִיט זַאלְץ אוּנ מֶען שִׁיט אַרַיין דִיא גֶעהַאקְטֶע שְׁצַאוָועל אִין דָאס קָאכֶענְדֶע וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט עֶס קָאכֶען 10 מִינוּט; מֶען שְׁלָאגְט אַרָאב דִיא שְׁצַאוָועל אַפָּאר מָאל. דַאן צֶערַייבְּט מֶען גֶעלְכְלֶעך מִיט זַאלְץ אוּנ מֶען גִיסְט דַארוֹיף לֶעפֶּעל וַויים שְׁצַאוָועל, אוּנ נָאכְדֶעם גִיסְט מֶען דָאס אַרַיין אִין דִיא קַאסְטְרוּלֶע. וֶוען עֶס אִיז עֶטְוָואס אָבְּגֶעקִיהלְט, פֶערְוַויסְט מֶען מִיט שְׁמֶעטֶענֶע לֶעפֶּעל-וַויים מִישֶׁענְדִיג, אוֹיך הַארְט גֶעקָאכְטֶע אֵייֶער צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע דַאצוּ.

**אֵיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט שְׁצַאוָועל.** № 10.

מֶען קָאכְט אָב גֶעהַאקְטֶע שְׁצַאוָועל אוּנ גֶעהַאקְטֶע בוּרִיקֶעס מִיט צוּטְרִינְזוֹיֶער; מֶען לָאזְט אָב קִיהלֶען, מֶען פֶערְוַויסְט מִיט אַפָּאר גְלֶאזֶער שְׁמֶעטֶענֶע אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס אַלְלֶעס אוֹיס. מֶען גִיבְּט הִינְאַיין עֶטְלִיכֶע שְׁטִיקְלֶעך אַייז, עֶטְלִיכֶע אֵייֶער הַארְט גֶעקָאכְטֶע אוּנ אִין שְׁטִיקְלֶעך גֶעשְׁנִיטֶענֶע. אוּנ אַפָּאר צוּשְׁנִיטֶענֶע אוּגֶערְקֶעס.

KALTE BEETENSUPPE. (БОТВИНЬЯ) **בָּאטְצְווִינֶע.** № 11.

(פאר זֶעכְס פֶּערְזָאן) — מֶען נֶעהמְט לַאכְס אָדֶער אַנְדֶערֶע גְרוֹיסֶע פִישׁ, 1 1/2 פְּפוּנְד שְׁפִּינַאט, 3 שְׁטִיק בוּרִיקֶעס, 5 שְׁטִיק לָארְבֶּערְבְּלֶאטֶער, 8 פֶעפֶּער-קֶערְנֶער, 1 צְווִיבֶּעל, 5 שְׁטִיק פְרִישֶׁע גוּרְקֶען (אוּגֶערְקֶעס), 2 לֶעפֶּעל גֶעהַאקְטֶע צְווִיבֶּעל גְרִינֶע, 1 בוּטֶעל קִיסְלִישְׁצִיי, 1 1/2 בוּטְל קְוַואס, 1/2 לִימָאן (צִיטְרָאנֶע), צוּקֶער אוּנ זַאלְץ נָאך גֶעשְׁמַאק.

דִיא פִישׁ, גֶעוַואלְצֶענֶע, קָאכְט מֶען אִין גֶעוָואהנְלִיכֶען וַואסֶער, פְרִישֶׁע קָאכְט מֶען אִין זַאלְצְוַואסֶער; בְּשַׁעַת קָאכֶען לֵייגְט מֶען הִינְאַיין דִיא לָארְבֶּערְבְּלֶאטֶער, דִיא פֶעפֶערְקֶערְנֶער אוּנ דִיא צְווִיבֶּל. אוּנְטֶערְדֶעסֶען שְׁנַיידְט מֶען אָב דֶעם שְׁפִּינַאט פוּן דִיא קֶעפְּלֶעך, מֶען וַואשְׁט אִיבֶּער אִין קַאלְטֶען זַאלְצְוַואסֶער, מֶען לֵייגְט אִין קַאסְטְרוּלֶע אוּנ מֶען גִיסְט אַרַיין וַואסֶער, אַז דָאס וַואסֶער זָאל דֶעם שְׁפִּינַאט פֶערְדֶעקֶען; מֶען לָאזְט קָאכֶען 1/2 שְׁטוּנְדֶע אִימְמֶער צוּ דְרִיקֶענְדִיג דֶעם שְׁפִּינַאט אַרָאב, וֶוען, בְּשַׁעַת קָאכֶען, עֶר נֶעהמְט זִיך הֵייבֶּען אַרוֹיף. וֶוען עֶר אִיז אַיינְגֶעקָאכְט, נֶעהמְט מֶען אִיהם אַרָאב פוּן דֶער פְּלִיטֶע, מֶען לֵייגְט אִיהם אוֹיף אַזִיפּ, מֶען לָאזְט דָאס וַואסֶער אָבְּרִינֶען אוּנ מֶען לָאזְט דֶעם שְׁפִּינַאט אָבְּקִיהלֶען; דַאן צוּ הַאקְט מֶען אוּנ מֶען רַייבְּט אִיהם דוּרְך אַזִיפּ אִין אַבֶּעזוּנְדֶער כֵּלִי. דִיא בוּרִיקֶעס קָאכְט מֶען אָב אוּנ מֶען צוּ הַאקְט זֶעהר דִין; מֶען צוּא הַאקְט אוֹיך דִיא צְווִיבְּל אוּנ דֶעם אוּקְרָאפּ; דִיא אוּגֶערְקֶעס שֵׁיילְט מֶען אָב אוּנ מֶען צוּ שְׁנַיידְט אוֹיף קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעך.

דַאן לֵייגְט מֶען אִין אַשִׁיסְל דֶעם שְׁפִּינַאט אוּנ דִיא צְווִיבְּל, מֶען שִׁיט צוּ זַאלְץ אוּנ עֶטְוָואס צוּקֶער, מֶען רַייבְּט דָאס גוּט דוּרְך מִיט אַיין גֶעסְלֶעפֶּעל אוּנ מֶען לֵייגְט אַרוֹיף דִיא אוּגֶערְקֶעס מִיט דֶעם אוּקְרָאפּ. מֶען צוּשְׁנַיידְט דֶעם לִימָאן (צוּטְרִין)

קליינע

קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף דִיא קִיסְלִישְׁצַייא אוּנ דִיא קְוַואס ; מֶען לֵייגְט צוּ זַאלְץ אוּנ צוּקֶער נָאךְ בֶּעלִיבֶּען , מֶען לֵייגְט אַרַיין אַשְׁטִיקְל אַייז אוּנ מֶען מִישְׁט דוּרְךְ מִיט אַלֶעפְל , אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ .

אנמערקונג. אַלֶע אִיבְּרִיגֶען גֶעמִיזֶע אַרְטֶען זֶעה אִין אַבְּטְהֵיילוּנְג 5 א.

## ОКРОШКА. (אַרוּסִישֶׁעס גֶערִיכְט) . № 12.

(פַאר 6 פֶּערְזָאן) . — מֶען גֶעהמְט גֶעבְּרָאטֶענֶעס אָדֶער גֶעקָאכְטֶעס פְּלֵייש , מֶען צוּשְׁנַיידְט אוֹיף שְׁטִיקְלֶעךְ אוּנ מֶען לֵייגְט אִין אַטֶעלְלֶער , 3 פְּרִישֶׁע גוּרְקֶען (אוּגֶערְקֶעס) צוּשְׁנִיטְטֶען , 4 הַארְט גֶעקָאכְטֶע אֵייעֶר צוּבְּרֶעקֶעלְט , 1/2 צוּטְרִין צוּשְׁנִיטְטֶען אוֹיף שְׁטִיקְלֶעךְ , 2 לֶעפֶעל גְרִינֶע צְווִיבְּל צוּהַאקְטֶע , 2 לֶעפֶעל אָנְגֶעהַאקְטֶע אוּקְרָאפּ , 1 בּוּטְל קְוַואס , 2 בּוּטְל קִיסְלִישְׁצַייא , 1 שְׁטִיקְל אַייז , צוּקֶער אוּנ זַאלְץ נָאךְ בֶּעלִיבֶּען .

דָאס פְּלֵייש , דִיא אֵייעֶר , דִיא צְווִיבְּל , אוּקְרָאפּ , צוּטְרִין אוּנ דִיא גוּרְקֶען , — דָאס אַלְץ לֵייגֶען אִין אַשִׁיסְל , גוּט דוּרְךְ מִישֶׁען , אַרוֹיף שִׁיטֶען זַאלְץ , אַרוֹיף גִיסֶען דִיא קִיסְלִישְׁצַייא אוּנ דִיא קְוַואס אוּנ אַשְׁטִיקְל אַייז , אוּנ לָאזֶען שְׁטֵיין 5 מִינוּט , עֶס זָאל וֶוערֶען גוּט קַאלְט .

דֶער צוּ גִיט מֶען אוֹיךְ גֶערִיבֶּענֶע חְרֵיין אוּנ זֶענְף (זֶענֶעפְט) .

## FISCHSUPPE (УХА). פִישׁ זוּפֶּע (אַרוּסִישֶׁע גֶערִיכְט) . № 13.

(פַאר 6 פֶּערְזָאנֶען) . — מֶען גֶעהמְט 3 אָקוּנֶעס , 2 סִיגֶעס , 1 סוּדַאק (אָדֶער אַנְדֶערֶע זָארְטֶען פִישׁ) , 2 צְווִיבְּל , $\frac{1}{2}$ שְׁטִיק פֶּעטְרוּשְׁקֶע , $\frac{1}{2}$ שְׁטִיק פָּארֵיי (שְׁפַּאנִישֶׁע צְווִיבְּל) , $\frac{1}{2}$ שְׁטִיק סֶעלְלֶערֵייא , 8 פְּעפֶערְקֶערְנֶער , 5 שְׁטִיק לָארְבֶּערְבְּלֶאטְטֶער , 4 בּוּטְל וַואסֶער , 1 לֶעפְל צוּ הַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע , 1 צוּטְרִין , זַאלְץ נָאךְ בֶּעלִיבֶּען .

מֶען שָׁאבְּט אַרוּם , מֶען וַואשְׁט אוֹיס אוּנ מֶען צוּ שְׁנַיידְט דִיא פֶּעטְרִישְׁקֶע , דִיא פָּארֵייא , דִיא סֶעלֶערִייַא אוּנ דֶעם צִיטְרִין ; מֶען לֵייגְט דָאס אַלְץ אַרַיין אִין אַקַאסְטְרוּלֶע מִיט דִיא 2 גַאנְצֶע אָבְּגֶעשֵׁיילְטֶע צְווִיבְּל , מִיט דִיא פֶּעפֶער אוּנ דִיא לָארְבֶּער בְּלֶאטֶער , מֶען גִיסְט אַרוֹיף דָאס וַואסֶער , מֶען שְׁטֶעלְט אוֹיף דִיא פְּלִיטֶע בַּייא אַמִיטֶעלְן פַייעֶר אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען אַשָׁעָה צַייט . וֶוען דֶער יוֹיךְ אִיז פַארְטִיג , זָא זַייט מֶען אִיהם דוּרְךְ אִין אַרֵיינֶע קַאסְטְרוּלֶע . נָאכְדֶעם שִׁיט מֶען אַרַיין זַאלְץ אוּנ מֶען לֵייגְט הִינְאַיין דִיא צוּרֶעכְט גֶעמַאכְטֶע פִישׁ (אוֹיבּ קְלֵיינֶע — אִיז אִין גַאנְצֶען , אוּנ אוֹיבּ גְרוֹיסֶע — צוּשְׁנִיטֶענֶע אִין שְׁטִיקֶער) ; מֶען קֶען אוֹיךְ לֵייגֶען אַהִין דִיא מִילְךְ פוּן דִיא פִישׁ , אוֹיבּ עֶס אִיז דָא , — אוּנ מֶען לָאזְט דָאס קָאכֶען אוֹיף אַשְׁטַארְקֶען פַייעֶר . בְּשַׁעַת קָאכֶען נֶעהמְט מֶען אַרָאבּ דֶעם נַאקִיפּ (דָאס אָנְגֶעקָאכְטֶע) , אוּנ וֶוען דִיא פִישׁ (גוּט דוּרְכְגֶעקָאכְט) שְׁווִימְט אַרוֹיף פוּן אוֹיבֶּען , נֶעהמְט מֶען אַרָאבּ דִיא קַאסְטְרוּלֶע פוּן דֶער פְּלִיטֶע אוּנ מֶען לָאזְט 5 מִינוּט שְׁטֶעהֶען . נָאכְדֶעם גֶעהמְט מֶען אַרוֹיס דִיא פִישׁ מִיט אַלֶעפְל בֶּעהוּטְזַאם , מֶען לֵייגְט אִין אַשִׁיסֶעל אוּנ מֶען פֶּערְגִיסְט מִיט דֶעם יוֹךְ ; מֶען בֶּעשִׁיט אוֹיךְ מִיט גֶעהַאקְטֶע אוּקְרָאפּ אָדֶער פֶּעטְרוּשְׁקֶע.

פלייש

## SUPPENFLEISCH UND DESGLEICHEN GEFLUGEL.

## № 14. פְלֵייש אוּנ עוֹפוֹת פוּן זוּפְּפֶע.

וָוען דַאס פְלֵייש אָדֶער עוֹף אִיז צוּ רֶעכְט גֶעמַאכְט, וִויא עֶס אִיז אָנְגֶעגֶעבֶּען אִין .C, קֶען מֶען עֶס גֶעהמֶען קָאכֶען. וֶוען מֶען וִויל הָאבֶּען דֶער פוּן זוּפְּפֶע, זָא גִיסְט מֶען מִיט $1\frac{1}{3}$ מֶעהר וַואסֶער, וִויא אִין בּוּלְיָאן. גְלֵייךְ וִויא עֶס וַוייזְט זִיךְ שׁוּים (שַׁאם), זָא נֶעהמְט עֶס מִיט אַשׁוּימְלֶאפֶעל אָפְּט אַרָאבּ, בִּיז עֶס וַוייזְט זִיךְ שׁוֹין נִיט מֶעהר. יֶעצְט טְהוּט מֶען אַרֵיין עֶטְוָואס זַאלְץ אוּנ גְרִינְס: סֶעלֶערְיֶע, פָּארְרֵיי, פֶּעטְרוּשְׁקֶע וָוארְצֶעל, מֶאהְרֶען. (דָאס פֶּעטְט, וָואס וַוייזְט זִיךְ פוּן אוֹיבֶּען, וֶוערְט אָבְּגֶעשֶׁאפְּט, אוּנ מֶען בֶּענוּצְט עֶס צוּם צוּרֶעכְט מַאכֶען דָאס פְלֵייש, וִויא שְׁפֶּעטֶער וֶועט זַיין אַנְגֶעוִויזֶען אִין דִיא פְלֵייש גֶערִיכְטֶען .B 159—160). רִינְד פְלֵייש מוּז זִיךְ קָאכִין עֶרֶךְ דְרַייא שָׁעָה. שֶׁעפְּסֶענְפְלֵייש אוֹיךְ אַזוֹא; אָבֶּער דָאס מוּז זִיךְ קָאכֶען אָבְּגֶעדֶעקְט, אוּם עֶס זָאל אַרוֹיס דֶער אֵייגֶענְטְהִימְלִיכֶער גֶערוּךְ. שֶׁעפְּסֶענְפְלֵייש טוֹיג אֵייגֶענְטְלִיךְ נִיט צוּ זוּפְּפֶען; עֶס טוֹיג בֶּעסֶער צוּ דוּשֶׁען (שְׁמָארֶען).

## NUDELSUPPE. № 15. לָאקְשֶׁענְזוּפְּפֶע

דֶער יוֹיךְ אוּנ דָאס פְלֵייש אִיז וִויא אִין פָארִיגֶען נוּמֶער (№ 14). אַשָׁעָה פַאר דֶעם, וֶוערֶען דִיא לָאקְשֶׁען גֶעמַאכְט, אַזוֹיא: מֶען שְׁלָאגְט אַרֵיין עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר אִין אַפְּלַאכֶע שִׁיסֶעל (פָּאלוּמִיסְקָא), אִין וֶועלְכֶער עֶס אִיז שׁוֹן אַרֵיין גֶעשָׁאטֶען אַבִּיסִיל פַיינֶעס מֶעהל, אוּנ מֶען פִיהְרְט (רִיהְרְט) דָאס פַאנַאנְדֶער מִיט אַמֶעסֶער. יֶעטְצְט קְנֶעטֶעט מֶען אַרֵיין אַזוֹיא פִיל מֶעהל, בִּיז עֶס וֶוערְט אַפֶּעסְטֶער טֵייג. דֶעם טֵייג צוּ רֵייסְט מֶען אִין 2—3 טֶהייל, אוּנ מֶען וָועלְגֶערְט (מַאנְגֶעלְט) פוּן יֶעדֶען שְׁטִיק אַבְּלַאטְט לָאקְשֶׁען זֶעהר דִין; דֶער צוּ מוּז מֶען נַאטִירְלִיךְ מֶעהל אָפְּט אוּנְטֶערְשְׁטְרֵייעֶן, עֶס זָאל נִיט קְלֶעפֶּען אָן דֶעם וַואלְגֶער הָאלְץ, אוּנ דָאס בְּלַאטְט קֶעהְרְט מֶען אָפְּט אוּם. וֶוען דִיא בְּלֶעטְטֶער טֵייג זַיינֶען שׁוֹין אֵיינְגֶעטְרִיקֶענְט, קַייקֶעלְט מֶען זַייא אַיין, מֶען צוּ שְׁנַיידְט יֶעדֶע אִין דְרַייא גְלַייכֶע שְׁטִיקֶע, מֶען לֵייגְט זַייא אַרוֹיף אֵיינֶע אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע אוּנ מֶען נֶעהמְט בְּרֶעקְלֶען (שְׁנַיידֶען) דִיא לָאקְשֶׁען, הַאלְטֶענְדִיג דִיא שְׁפִּיטְצְפִינְגֶער פוּן דֶער לִינְקֶען הַאנְד בַּייא דֶעם מֶעסֶער. נַאכְדֶעם טְרֵייסֶעלְט מֶען דִיא לָאקְשֶׁען אוֹיף, מֶען נֶעהמְט זַייא מִיט דִיא שְׁפִּיטְצֶען פִינְגֶער פוּן בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ מֶען וַוארְפְט זַייא אוֹיף אוּנ פַאנַאנְדֶער אַפֶּען בְּרֶעטְט. דָא מוּזֶען זַייא זִיךְ וַוייטֶער עֶטְוַואס צוּ טְרִיקְנֶען; אוּנְטֶער דֶעסֶען מוּז שׁוֹין שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶער פְלִיטֶע קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער. וֶוען דָאס וַואסֶער זִידְט, וַוארְפְט מֶען אַרֵיין דִיא לָאקְשֶׁען זֶעהר לָאקֶער, לֵייז אוֹיפְטְרֵייסֶעלֶענְדִיג נִיט אוֹיף אַמָאל; מֶען לָאזְט אֵיינְמָאל אַרִיבֶּער קָאכֶען, מֶען גִיסְט גְלַייךְ אַרֵיין אִין אַדוּרְכְשְׁלַאג (אַכֵּלִי מִיט לֶעכֶער) אוּנ גְלַייךְ בַּארוֹיף קַאלְטֶעס וַואסֶער. יֶעטְצְט עֶרְשְׁט וַוארְפְט מֶען זַייא אַרֵיין אִין דִיא קָאכֶענְדֶע זוּפְּפֶע, וואוּ זַייא קֶענֶען זִיךְ קָאכֶען 1/4 אָדֶער 1/2 שְׁטוּנְדֶע. דַאן לֵייגְט מֶען הִינְאַיין פֶּעטְרוּטְשְׁקֶע, אוּנ דִיא זוּפְּפֶע אִיז פֶערְטִיג.

מֶען קֶען דֶעם טֵייג פִיער עֶקִינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ שְׁנֵיידֶען, נָאר וֶוען דָאס בְּלַאטְט אִיז דִין גֶעוֶועלְגֶערְט. דַאן הֵייסְט עֶס אוֹיף דֵייטְשׁ פְלֶעקְכֶענְזוּפְּפֶּע.

## VERMICELLENSUPPE.

## № 16. זוּפְּפֶּע פוּן וֶוערְמִיסֶעל (פַאבְּרִיצְנֶע לָאקְשֶׁען).

מֶען גֶעהמְט פְלֵייש 3 פְּפוּנְד, 1/2 מֶעהר, 1/2 פֶּעטְרוּשְׁקֶע, 1/2 פָּארֵיי, 1/2 סֶעלֶערִיֶע, 1 צְווִיבֶּעל, 1/4 פוּנְד וֶוערְמִיסֶעל, זַאלְץ נָאךְ בֶּעלִיבֶּען.

מֶען מַאכְט דֶעם יוֹךְ, וִויא גֶעוֶואהנְלִיךְ אוּנ מֶען גֶעהמְט אַרָאבּ דֶעם שָׁאם. וֶוען דָאס פְלֵייש אִיז הַאלְבּ אַיינְגֶעקָאכְט, וַאשְׁט מֶען עֶס אִיבֶּער, מֶען לֵייגְט צוּרִיק אִין טָאפְּף אוּנ מֶען לָאזְט וַוייטֶער קָאכֶען. מֶען לֵייגְט צוּ דִיא צוּ שְׁנִיטְטֶעגֶע וואוּרְצְלֶען ד״ה (מֶעהר, פֶּעטְרוּשְׁקֶע, פָּארֵייא, סֶעלֶערִיֶע). אַפֶּערְטִיל שְׁטוּנְדֶע פַארְ'ן עֶסֶען וַוארְפְט מֶען אַריין דִיא וֶוערְמִיסֶעל אִין דֶעם זִידֶענְדֶען יוֹיךְ, מֶען לָאזְט גוּט דוּרְכְקָאכֶען, בִּיז עֶס וֶוערְט וֵייךְ. דַאן גִיסְט מֶען אִין שִׁיסֶעל אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ.

## FLEISCHSUPPE MIT MEHLGRAUPEN. № 17. פַארְפֶעל זוּפְּפֶּע.

דֶער טֵייג דֶער צוּ וֶוערְט גֶעמַאכְט וִויא צוּ לָאקְשֶׁען (№ 15), נָאר פֶעסְטֶער אוּנ טְרִיקֶענֶער אוּנ נִיט גֶעוֶועלְגֶערְט. מֶען גֶעהמְט דֶעם טֵייג אוּנ מֶען רַייבְּט אוֹיף א רֵייבּ אַייזֶען (טַארְטְקֶע), זָא אַז עֶס פַאלְט דוּרְךְ דֶער טֵייג גְרוֹיפֶּענְדִיג (פַארְפִיל). מֶען שִׁיט דָאס פַאנַאנְדֶער אוֹיף אַבְּרֶעט אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אוֹיס טְרִיקְנֶען. נָאךְ בֶּעסֶער אִיז, מֶען זָאל זִיא שִׁיטֶען אוֹיף אַפַּאפִּיר אוּנ לָאזֶען גוּט דוּרְךְ טְרִיקֶענֶען אִין אַוַוארֶעמֶע רֶאהר, אָדֶער אוֹיף אַוַוארֶעמֶע סְקָאוָוארָאדֶע אַטְרוּקֶענֶע (נִיט אַפֶּעטֶע), בִּיז זֵייא וֶוערֶען גֶעלְבְּרוֹין.

אָדֶער, גֶעוְואהנְלִיךְ, צוּא הַאקְט מֶען דֶעם טֵייג מִיט אַהַאקְמֶעסֶער אִין אַמוּלְטֶער; נָאךְ דֶעם שַׁארְט מֶען דָאס מִיטְ'ן הַאנְד אוֹיף אַזִיפּ זָא, אַז זֵייא פַאלְלֶען דוּרְךְ אַלְלֶע גְלַייךְ רוּנְדֶע פַארְפִיל, אוּנ נָאךְ דֶעם טְרִיקֶענְט מֶען זֵייא אוֹיף אַבְּרֶעט.

אִין דֶעם יוֹיךְ מוּזֶען זֵייא קָאכֶען נָאר אַקוּרְצֶע וַויילֶע, בִּיז זֵייא וֶוערֶען אוֹיפְגֶעקְוָואלֶען אוּנ קוּמֶען אַרוֹיף פוּן אוֹיבֶּען, וֵייךְ אוּנ יֶעדֶע בֶּעזוּנְדֶער (נִיט צוּא נוֹיף גֶעקְלֶעבְּט.

## FLEISCHSUPPE MIT GRAUPEN. № 18. זוּפְּפֶּע מִיט גְרוֹיפֶּען.

דֶער יוֹיךְ וִויא גֶעוֶואהנְלִיךְ. בַּאלְד וִויא מֶען הָאט צוּא גֶעשְׁטֶעלְט צוּם פַייעֶר דָאס פְלֵייש, שְׁטֶעלְלְט מֶען גְלַייךְ צוּ דִיא גְרוֹיפֶּען מִיט קַאלְטֶען וַואסֶער. וֶוען דִיזֶע וֶוערֶען שׁוֹין גֶעדִיכְט, נָאר נָאךְ נִיט וֵייךְ, גִיסְט מֶען עֶטְוַואס פוּן דֶעם פְלֵייש יוֹיךְ. אָפְט מוּז דִיא גְרוֹיפֶּען דוּרְךְ גֶעמִישְׁט וֶוערֶען, אָבֶּער נִיט מִיט אַבְּלֶעכֶענֶע לֶעפֶעל (דָאס מַאכְט זֵייא בְּלָא). אַז זֵייא זַיינֶען שׁוֹין אַיינְגֶעקָאכְט, טְהוּט מֶען זֵ״א אַריין אִין דֶעם יוֹיךְ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס נָאךְ גוּט אַיינְקָאכֶען. אוֹיבּ

אין

אִין דֶעם יוֹיךְ אִיז רִינְדְפְלֵייש, זָא שְׁמֶעקֶען דֶערִין גוּט אֵיינִיגֶע ־קַארְטָאפֶּעלְעֶן • דִינָע וֶוערֶען פְרִיעֶר גֶעשֶׁיילְט, גֶעוַואשֶׁען, צְווא שְׁנִיטְטֶען, אָבְּגֶעקָאכְט אוּנ אִין דֶעם יוֹיךְ הִינְאֵיין גֶעלֵייגְט ; אוּנ עֶרְשְׁט וֶוען דִיזֶע ־זֵיינֶען וֵוייךְ, גִיבְּט מֶען דַאן אַרַיין דִיא גְרוֹיפְּען • זַאלְץ נָאךְ גֶעשְׁמַאק •

## FLEISCHSUPPE MIT HAFERGRÜTZE.

## № 19. זוּפֶּע מִיט הָאבֶער-גְרִיטְצֶע •

דֶער יוֹיךְ וִויא אִימֶער • מֶען נֶעהמְט דֶער צוּ בֶּעסֶער גֶעטְרִיקֶענְטֶע הָאבֶער גְרִיטְצֶע • דִיא וֶוערְט אָבְּגֶעבְּרִיהט אוּנ מִיט הֵייסֶען וַואסֶער צוּ גֶעשְׁטֶעלְט • אוּנ וִויא בַּאלְד עֶס וֶוערְט אַיינְגֶעקָאכְט, גִיסְט מֶען אַרוֹיף יוֹיךְ פֶעטֶע • דָאס טְהוּט מֶען אַזוֹיא לַאנְג, בִּיז עֶס וֶוערְט גֶעדִיכְט אוּנ וֵוייךְ, אוּנ אַלֶע וַויילֶע מוּז עֶס דוּרְךְ גֶעמִישְׁט וֶוערֶען • דַאן לֵייגְט מֶען אוֹיף אַדוּרְכְשְׁלַאג (אַכַּלִי מִיט לֶעכְלֶעךְ) אוֹיף אַשִׁיסְל, גִיסְט דִיא גְרִיטְצֶע אַרַיין אוּנ מֶען מִישְׁט דוּרְךְ ; דָאס דוּרְכְגֶעלָאפֶענֶע גִיסְט מֶען אַרַיין אִין דֶעם זוּפֶּענְטָאפְּף ; מֶען גִיסְט וַוייטֶער יוֹיךְ אוֹיף דִיא גְרִיטְצֶע אוּנ מֶען מִישְׁט וִוידֶער דוּרְךְ ; אַזוֹיא טְהוּט מֶען, בִּיז אִין דֶעם דוּרְכְשְׁלַאג בְּלַייבְּט נָאר דִיא הִילְזֶען (דִיא שָׁאלֶעכְטְס) פוּן דִיא גְרִיטְצֶע • דָאס מוּז נָאךְ אַבִּיסְל קָאכֶען אִין טָאפְּף • אִין דִיזֶער זוּפֶּע, וֶוען זִיא אִיז נִיט צוּא גֶעדִיכְט, שְׁמֶעקֶען גוּט קַארְטָאפְלֶען • אָבֶער דִיזֶע מוּזֶען זִיךְ פְרִיעֶר אַיינְקָאכֶען אִין דֶעם יוֹיךְ, אֵיידֶער דֶער שְׁלַיים פוּן דֶעם הָאבֶער קוּמְט דַאצוּ • זַאלְץ נָאךְ בֶּעלִיבֶּען •

אַנְשְׁטָאט דִיא גֶעטְרִיקֶענְטֶע הָאבֶער גְרִיטְצֶע, קֶען מֶען נֶעהמֶען מֶעהל פוּן הָאבֶער גְרִיטְצֶע • דִיזֶעס דַארְף שׁוֹין נִיט קוּמֶען דוּרְךְ אַדוּרְכְשְׁלַאג ; דָאס וֶוערְט נָאר פַאנַאנְדֶער גֶעמִישְׁט מִיט וַואסֶער אָדֶער מִיט יוֹיךְ, אוּנ דַאן אִין דִיא פַארְטִיגֶע יוֹיךְ אַרַיין גֶענָאסֶען, וואוּ עֶס דַארְף זִיךְ נָאךְ קָאכֶען אַפֶערְטֶעל שְׁטוּנְדֶע •

## № 20. אֵיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט זוּפֶּע מִיט גְרוֹיפֶּען •

(פַאר 6 פֶּערְזָאן) מֶען נֶעהמְט 3 פוּנְד פְלֵייש, 12 גְלֶאזֶער וַואסֶער, 1/2 מֶעהר, 1/2 סֶעלֶערִיַא, 1/2 פֶּעטְרוּשְׁקֶע, 1/2 פָּארֵיי, 3 ־קַארְטָאפְלֶען, 1 צְווִיבֶּעל, 1/4 גְלָאז גְרוֹיפֶּען נָאר פוּן וֶועלְכֶער סָארְט (אָדֶער 1/4 גְלָאז רַייז), 1/2 עֶסְלֶעפֶעל צוּא הַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע ; זַאלְץ נָאךְ בֶּעלִיבֶּען •

מֶען קָאכְט אַבּוּלְיָאן פוּן 3 פוּנְד פְלֵייש (זֶעה № 1) • וֶוען דֶער בּוּלְיָאן אִיז פַארְטִיג, זֵייהט מֶען אִיהם דוּרְךְ • דָאס פְלֵייש נֶעהמְט מֶען אַרוֹיס, וַואשְׁט אַרוּם אוּנ מֶען לֵייגְט צוּרִיק אִין ־קַאסְטְרוּלֶע צוּ זַאמֶען מִיט דִיא צוּ שְׁנִיטְטֶע וואוּרְצְלֶען, דִיא ־קַארְטָאפְלֶען (בּוּלְבֶּעס) אוּנ מִיט דֶער גַאנְצֶע צְווִיבֶּעל • מֶען גִיסְט אוֹיבֶּען אַרוֹיף דֶעם אוֹיס גֶעזֵייהטֶען בּוּלְיָאן, מֶען שִׁיט אַרַיין זַאלְץ נָאךְ גֶעשְׁמַאק אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ קָאכֶען אוֹיף אַלִינְדֶען פַייעֶר • דַאן וַואשְׁט מֶען אוֹיס דִיא גְרוֹיפֶּען, נָאר וֶועלְכֶע עֶס אִיז, מֶען שִׁיט אַרַיין אִין דִיא זוּפֶּע אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען •

וֶוען מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּ טִישׁ, שִׁיט מֶען אַרוֹיף גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע •

ארבעס

## ERBSENSUPPE. אַרְבֶּעס זוּפְּפֶּע. № 21.

גֶעהם אַהַאלְבּ קְוָוארְט אַרְבֶּעס, פֶּערְגִים מִיט צְוֵוייא קְוָוארְט קַאלְטֶעס וַואסֶער, לָאז אוֹיפְזִידֶען אוּנ לֵייג הִינְאַיין 3 פּוּנְד פֶּעטֶעס פְלֵייש, שִׁיט אַרַיין זַאלְץ אוּנ לָאז קָאכֶען, בִּיז דִיא אַרְבֶּעס וֶועט וֶוערֶען וַוייך. נַאכְדֶעם נֶעהם אַרוֹיס דָאס פְלֵייש אוּנ רַייבּ דִיא אַרְבֶּעס דוּרְך אַדִינֶע זִיפּ (אַסִיטְקֶע), לֵייג צוּא אַצְוִויבֶּעל אוּנ לָאז וִויעדֶער קָאכֶען אוֹיף אַלִינְדֶען פַייעֶר מִיט דֶעם פְלֵייש, נָאר נִיט לוֹיפֶען.

וֶוען מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ, צוּ הַאקְט מֶען אַצְוִויבֶּעל, פְּרֶעגְלְט אַיין אִין שְׁמַאלְץ אוּנ מֶען מִישְׁט אַרַיין אִין דִיא זוּפְּפֶּע.

## BRAUNE SUPPE MIT GEBACKENEN ERBSEN.

## זוּפְּפֶּע מִיט גֶעבַּאקְטֶע אַרְבֶּעס. № 22.

מֶען נֶעהמְט אִין אַטָאפְּף 4 קָאכְלֶעפֶעל פַיינֶעס מֶעהל, שְׁלָאגְט אַרַיין 3 אֵייעֶר אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס פַאנַאנְדֶער; נַאכְדֶעם גִיסְט מֶען צוּ בִּיסְלֶעך וַוייז וַואסֶער אוּנ מֶען מִישְׁט אִימְמֶער פַאנַאנְדֶער, בִּיז עֶס וֶוערְט אַגַאנְץ שִׁיטֶערֶער טֵייג (וִויא פוּן אַפַאנֶענְקוּכֶען), אוּנ מֶען שִׁיט אַרַיין זַאלְץ. נַאכְדֶעם מַאכְט מֶען רֵיינֶעס שְׁמַאלְץ הֵייס אִין אַפַאנֶע (סְקָאוָוארָאדֶע) אוּנ מֶען טְרִיפְט אַרַיין דֶעם טֵייג דוּרְך אַלֶערְדִינֶע לֶעפֶעל; אוּנ דִיא פַאנֶע מִיט דִיא אַרְבֶּעס מוּז מֶען אִימְמֶער טְרֵייסְלֶען, אוּם דִיא אַרְבֶּעס זָאל אוֹיף אַלְלֶע זַייטֶען בְּרוֹין וֶוערֶען.

אִין דִיא זוּפְּפֶּע גִיסְט מֶען דָאס עֶרְסְט אַרַיין, וֶוען מֶען מַאכְט דָאס צוּ רֶעכְט; וַוייל דִיא אַרְבֶּעס דַארְף נִיט וַוייך וֶוערֶען.

## FLEISCHSUPPE MIT LINSEN. זוּפְּפֶּע מִיט לִינְזֶען, № 23.

דִיא לִינְזֶען וֶוערֶען פְרִיהֶער אוֹיס גֶעקְלִיבֶּען, אִין אַדוּרְכְשְׁלַאג (אַכֵּלִי מִיט לֶעכְלֶעך) קַאלְט גֶעוַואשֶׁען, מִיט קַאלְטֶעס וַואסֶער צוּא גֶעשְׁטֶעלְלְט צוּם פַייעֶר אוּנ גוּט אוֹיס גֶעקָאכְט. נַאכְדֶעם גִיסְט מֶען אָבּ דָאס וַואסֶער אוּנ מֶען גִיבְּט אַרַיין דִיא לִינְזֶען אִין זִיא פְלֵייש יוֹיך, אִין וֶועלְכֶע זִייא דַארְפֶען זִיך גָאך קָאכֶען. אוֹיבּ מֶען ווִילְל, קֶען מֶען אַרַיין גֶעבֶּען אַבִּיסְל אַיינְגֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע מֶעהל. מֶען קֶען אוֹיך אַרַיין וַוארְפֶען עֶטְלִיכֶע קַארְטָאפְלֶען. דִיזֶע מוּזֶען אָבֶּער פְרִיעֶר אִין דֶעם יוֹיך זִיך אַיינְקָאכֶען, אֵיידֶער מֶען גִיבְּט אַרַיין דִיא לִינְזֶען. אִין לִינְזֶענְזוּפְּפֶּע קוּכְט גֶעוֶואהְנְלִיך דֶער יוֹיך פוּן גֶעפִילְטֶען מִילְץ, וָואס וֶוערְט גֶעקָאכְט בֶּעזוּנְדֶער וֶוען מֶען ווִיל.

## FLEISCHSUPPE MIT WEISSEN BOHNEN. זוּפְּפֶּע מִיט בָּאבּ № 24.

דִיזֶע זוּפְּפֶּע וֶוערְט גֶעמַאכְט גַאנְץ וִויא דִיא לִינְזֶענְזוּפְּפֶּע (וִויא אִין פָארִיגֶען נוּמֶער), נוּר דֶער יוֹיך מוּז בְּלַייבֶּען קְלָאר רֵיין; אַלְזָא טְהוּט מֶען קֵיין מֶעהל אַרַיין, נָאר אַבִּיסְל גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע פֶּעפֶּער.

איינע

### № 25. אֵיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט זוּפֶּע מִיט בָּאבְ.

אַהַאלְבֶּע קְוָוארְט צַייטִיגֶע בָּאבְ שִׁיט מֶען אַרַיין אִין זִידֶענְדֶעס זַאלְצוַואסֶער (קִיפִּיאַטאָק) ; וָוען זַייא וֶוערֶען וַוייך , רַייבְּט מֶען זַייא דוּרְךְ אַזִיפְּ . מֶען פְּרֶעגְלְט אַיין גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ פָּארֵיי (שְׁפַּאנִישֶׁע צְווִיבְּל) אִין אַלֶעפֶּעל פֶעטְט ; מֶען רַייבְּט דָאס אוֹיךְ דוּרְךְ דִיא זִיפּ אִין דִיא דוּרְךְ גֶערִיבֶּענֶע בָּאבּ אַרַיין . מֶען פִיהְרְט דָאס פַאנַאנְדֶער מִיט אַיוֹיךְ פוּן וָוארְצְלֶען (מֶעהְרֶען , פֶּעטְרוּשְׁקֶע , פָּארֵיי) , בִּיז דִיא זוּפְּע וֶוערְט וִויא אַקְלֵייא , אוּנ דָאס דֶערְלַאנְגְט מֶען צוּם טִישׁ מִיט אַיינְגֶעבְּרָאטֶענֶע פֶּענֶעצֶען פוּן בּוּלְקֶע (קוּבֶען) .

### № 26. זוּפֶּע מִיט יוּנְגֶע אַרְבֶּעס אָדֶער בָּאבְּ. SCHOTENSUPPE.

דִיא בָּאבְּ , צוּ אַרְבֶּעס , דַארְפֶען נָאךְ זַיין יוּנְג . מֶען נֶעהְמְט זַייא אַרוֹיס פוּן דִיא שְׁטְרוּצֶעס . מֶען קְלַייבְּט זַייא אוֹיס אוּנ דִיא וֶוערִימְדִיגֶע וַוארְפְט מֶען אַוֶועק ; נָאכְדֶעם וַואשְׁט מֶען זַייא אוֹיס מִיט קַאלְטֶעם וַואסֶער אוּנ מֶען שִׁיט זַייא אַרַיין מִיט שְׁפַּארְגֶעל (שְׁפַּארְזֶע) אוּנ מִיט בְּלוּמֶענְקְרוֹיט אִין דֶעם יוֹיךְ , אוּנ עֶטְוָואס צוּקֶער דַאצוּ . צוּ דִיזֶער זוּפֶּע גֶעהֶערֶען דִיזֶע אַרְט קְנֵיידְלֶעךְ : עֶטְלִיכֶע לֶעפֶּעל מֶעהְל פְּרֶעגֶעלְט מֶען אַיין אִין פֶעטְט , מֶען פִיהְרְט עֶס פַאנַאנְדֶער מִיט וַואסֶער צוּ אַשִׁיטֶערְן טֵייג , אוּנ מֶען לָאזְט דָאס אָבְּקִיהְלֶען . דַאן נֶעהְמְט מֶען עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר , עֶטְוָואס צוּקֶער אוּנ זַאלְץ אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט דָאס אִין אֵיינֶעם מִיט דֶעם טֵייג . פוּן דִיזֶער מַאסֶע נֶעהְמְט מֶען מִיט דֶעם לֶעפֶּעל צוּ קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ אוּנ מֶען וַוארְפְט אִין דֶעם קָאכֶענְדֶען יוֹיךְ . וָואס מֶעהְר זַייא קָאכֶען זִיךְ , דֶעסְטָא גְרֶעסֶער אוּנ בֶּעסֶער וֶוערֶען זַייא . צוּ דִיזֶער זוּפֶּע גֶעהֶערְט פִיל פֶּעטְרוּשְׁקֶע . דֶער לֶעפֶּעל , מִיט וֶועלְכֶען מֶען נֶעהְמְט דִיא קְנֵיידְלֶעךְ (קְלָאצְקֶעס) , מוּז זַיין רֵיין אוּנ פְרִישׁ אַיינְגֶעטוּנְקְט אִין דֶעם יוֹיךְ .

### № 27. זוּפֶּע מִיט רַייז. FLEISCHSUPPE MIT REIS.

דֶער יוֹיךְ אִיז וִויא גֶעוֶואהְנְלִיךְ . פַאר 6 פֶּערְזָאנֶען 1/2 פְּפוּנְד רַייז אִיז גַאנְץ גֶענוּג . דֶער רַייז וֶוערְט 3 מָאל גֶעבְּרִיהְט , נָאכְדֶעם מִיט קַאלְטֶעם וַואסֶער גֶעוַואשֶׁען אוּנ מִיט וַואסֶער , זַאלְץ אוּנ פֶעטְט (אָדֶער אִין דֶעם יוֹיךְ בֶּעזוּנְדֶער) לַאנְגְזַאם אוֹיסְגֶעקְוָואלֶען ; דַאן גִיבְּט מֶען עֶס אַרַיין אִין דֶעם יוֹיךְ אוּנ עֶר קָאכְט זִיךְ נָאךְ אַוַוייל .

### № 28. זוּפֶּע מִיט הִירְז. FLEISCHSUPPE MIT HIRSE.

דִיזֶע זוּפֶּע וֶוערְט גֶעמַאכְט גַאנְץ וִויא דִיא רַייז זוּפֶּע נָאךְ פָארִיגֶען נוּמֶער .

### № 29. אֵיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט רַייז-זוּפֶּע.

מֶען מַאכְט אַגֶעוֶואהְנְלִיכֶע בּוּלְיָאן . מֶען נֶעהְמְט אַהַאלְבּ פוּנְד רַייז , בְּרִיהְט אָב מִיט זִידִיגֶעם וַואסֶער , גִיסְט אַרוֹיף דֶעם בּוּלְיָאן , לֵייגְט הִינֵאיין אַשְׁטִיקְל פֶעטְט אוּנ מֶען לָאזְט עֶס בְּאַנַאנְדֶער קָאכֶען . דַאן דְרִיקְט מֶען עֶס דוּרְךְ אַזִיפּ (אַסִיטְקֶע) אוּנ

מען פיהרט דאס פאנאנדער מיט דעם בולייאן, אז דיא זופפע זאל זיין געדיכט, אונ מען דערלאנגט דאס ווארעמע צום טיש.

## № 30. איינע אנדערע ארט רייז-זופפע מיט הוהן.

מען נעהמט איונגע הינדעל, צושניידט איהר אין שטיקער, בעזאלצט וויינינג אונ מען לאזט איהר אזוא ליגען. נאכדעם נעהמט מען עטוואס פעטט, מען ווארמט אן, לייגט הינאיין דיא הינדל מיט קליין געהאקטע גרינע פעטרושקע אונ מען לאזט עס לאנגזאם טושען (דינסטען). אום זיא זאל אבער בלייבען וויים, גיסט מען אפט ארויף עטוואס יויך, ביז זיא ווערט נוייך; דאן גיסט מען ארויף נאך אפאר קאכלעפעל מיט יויך אונ מען לאזט נאך זיך טושען.

ווייטער נעהמט מען 1/3 פונד רייניגען רייז, וואשט איהם אין לויוואסער (לעפליכע וואסער) עטליכע מאל אויס אונ קאכט איהם מיט רינדפלייש זופפע אהאלבע שטונדע לאנגזאם, אום ער זאל ווערען ווייך, אבער גאנץ. מען גיט אריין עטוואס מוסקאט בליהונג. נאכדעם צערייבט מען 2 רויע געלכעל מיט עטוואס זאלץ אונ מען צו פיהרט דאס מיט אביסעל קאכענדען יויך אין אבעזונדער טעפל. דאן גיבט מען אריין דיא הינדעל מיט דעם רייז אין דעם יויך-טאפל, מען גיסט אויך אריין דעם אבגעגאסענען יויך דערצו, מען מישט דורך אונ מען דערלאנגט צום טיש.

## № 31. זופפע מיט קארטאפעל (בולבעס). KARTOFFELSUPPE.

מען שיילט דיא קארטאפלען, מען צושניידט, וואשט זייא דורך עטליכע מאל אונ צו לעטצט לאזט מען זייא אין וואסער מיט זאלץ אקאך טאן. דאן גיסט מען אב דאס וואסער אונ מען ווארפט אריין דיא קארטאפעלן אין דעם פלייש יויך, אונ ווען עס איז פארטיג, מישט מען עס דורך. דאן שיט מען אריין עטוואס פעפפער מיט דין צו האקטע פעטרושקע.

## № 32. איינע אנדערע ארט קארטאפעלזופפע.

(פאר 6 פערזאן)—מען נעהמט 3 פונד פלייש, 12 גלאזער וואסער, 1 מאהר, 1 פעטרושקע, 1 סעלעריע, 1 צוויבל, 6 קארטאפעלן מיטעלע, 1 לעפעל פעטט, 1 טהיילעפעל קרופצאטקע מעהל אונ זאלץ נאך בעליבען.

מען לייגט דאס פלייש אין אקאסטרולע מיט דיא ווארצלען (פעטרושקע, סעלעריע, צוויבל אונ דעם מאהר), גיסט ארויף דאס וואסער, שטעללט אויף דיא פליטע קאכען אונ מען נעהמט אימער אראב דעם שוים. אין אשטונדע ארום נעהמט מען ארויס דאס פלייש, וואשט עס אב אין קאלטעם וואסער, דעם יויך זייט מען דורך אונ מען ווארפט ארויס דיא ווארצלען. דאן לייגט מען דאס פלייש אין דיא אויסגעוואשענע קאסטרולע, גיסט ארויף דעם אויסגעזייטען יויך, שיט אריין זאלץ אונ מען לאזט קאכען נאך אהאלבע שטונדע. ווען דער יויך איז
שוין

שוין גאר פערטיג , נעהמט מען ארויס דאס פלייש (וועלכעס מען קען דערלאנגען בעזונדער) . דעם יויך לאזט מען נאך אויפזידען . דאן נעהמט מען די קארטאפעלן , שיילט זיא אב אונ מען רייבט זיא דורך אריב-איזען (אטארטקע) אין דעם זידענדען יויך . נאכדעם לאזט מען דעם יויך (בוליאן) דורכזידען אפאר מאל , לייגט צו די טהיילעפעל מעהל אונ די לעפעל פעטט , וועלכע מען צוּרייבט אונ מען פידרט פריער פאנאנדער מיט דעם יויך . ווען מען דער לאנגט צום טיש , שיט מען ארויף צו האקטע אוקראפ אדער פעטרושקע .

## FLEISCHSUPPE MIT MEHLKLÖSSCHEN.

## № 33. זופפע מיט טריפלעך (קליאצקי).

דער יויך וויא געוואהנליך . מען נעהמט אבגעשעפטעס פעטט אדער שמאלץ , אבגעקיהלטע , מען מישט אריין עטליכע צושלאגענע אייער אונ אין ווייניג זאלץ . דאס רידרט (מישט) מען אויף אפלאכען טעללער , ביז עס ווערט גענוג פערמישט ; דאן שיט מען צו ביסלעך ווייז מעהל , ביז עס ווערט אשיטערער טייג . ווען דער יויך האלט אין קאכען , זא נעהמט מען פון דער מאססע ביסלעך ווייז צו האלבע טהיילעפעל אונ מען לייגט אין דעם יויך ; אזוא ביז צו ענדע . דאן ווערט דאס געבליבענע אויפ'ן טעללער מיט אלעפעל יויך אבגעשווייגקט אונ אריין געגאסען אין די זופפע . ווען די קלאצקעס זיינען פערטיג , שווימען זיא ארויף פון אויבען . יעצט קומט די פעטרושקע .

## FLEISCHSUPPE MIT KARTOFFELKLÖSSCHEN.

## № 34. זופפע מיט קניידלעך פון קארטאפפעלן (בולבעס).

מען קאכט פיר גרויסע מעהליגע קארטאפלען , שיילט זיא אב אונ מען רייבט זיא דורך אריב איזען (טארטקע) . דאס געריבענע ווערט מיט זאלץ , פעטט , מיט קליינגעשניטטענע פעטרושקע , איין געקאכטע איי , מיט 3 געלכלעך רויע גוט פערמישט . דאן מאכט מען קניידלעך , וויא איין נוס דערגראסע ; קייקעלט זיא אין גאנץ דינע זעממלברעקלעך , פרעגעלט זיא אין הייסען שמאלץ אונ מען לייגט זיא איינציג ווייס אין דעם זופפענטאפף .

## FLEISCHSUPPE MIT FLEISCHKLÖSSCHEN.

## № 35. זופפע מיט פלייש קניידלעך.

מען נעהמט 1/2 פונד ווייס געבראטענעם קאלבפלייש אויף אברעטט , צו שניידט עס אין קליינע שטיקלעך אונ מען צו קלאפט עס מיט אהילצענעם האממער ; מען נעהמט אויך 2 געווייקטע זעממעל אויסגעדריקטע אונ מען פערמישט אין איינעם . דאן נעהמט מען 1/4 פונט פעטטס צו שמאלצענע , מען שלאגט אריין 2 געקאכטע אייער מיט אגעלבעל ארויע , מען שיט צו זאלץ אונ מען מישט דאס אללעס גוט

דורך

דורך איינאנדער. ווען עס איז נאך צו וייך, לייגט מען צו נאך דינע זעמעלבּרעקלעך; מאכט דער פון קליינע קנײדלעך, קײקעלט זייא איין אין זעממעלברעקלעך, פרעגלט זייא אין רינדשמאלץ, גיסט ארויף דיא זידענדע ברונע זופּפּע אונ מען דער לאנגט צום טיש.

## FLEISCHSUPPE MIT SEMMELKLÖSSCHEN.

## № 36. זופּפּע מיט קנײדלעך פון בולקע.

אהאלבע בולקע ווייקט מען, דיא אנדערע האלבע צערייבט מען. דיא צו ווייקטע דריקט מען גוט אויס אונ מען פרעגלט אין הייסען פעטט אויף איין סקאוואראדע (פאנע), אבער ניט ברוין; דער פאר מוז עס שטענדיג ארום גערירט ווערען. דאן לייגט מען עס אין אשיכעל מיט דיא צוריבענע בולקע, מיט אהאלב פונט מעהל, עטוואס צוקער, געריבענע מוסקאטנוס אונ איין ווייניג זאלץ. מען מישט דאס אללעס דורכאיינאנדער. ווען דיא מאססע איז אבגעקיהלט, גיבט מען אריין 2 אייער; מען מישט דאס גוט דורך, קנעטעט עס מיט דער האנד צו אטייג, מאכט דער פון קנײדלעך אונ מען לייגט אין דעם יויך.

מען מאכט דיזע קנײדלעך אהנע צוקער אונ אהן מוסקאטנוס; דאגעגען טהוט מען אריין געהאקטע צוויבעל, עטוואס זאלץ אונ פעפער.

## FLEISCHSUPPE MIT REISKLÖSSCHEN.

## № 37. זופּפּע מיט רייז-קנײדלעך.

דער רייז ווערט דרייא מאל געבריהט, דאן קאלט געוואשען אונ מיט וואסער, זאלץ אונ פעטט (אדער אין דיא פלײשיויך) לאנגזאם אויסגעקוואללען; דאן ווערט ער געלייגט אין אכלי אונ געלאזט אבקיהלען. נאכדעם נעהמט מען בולקעברעקלעך, מען פרעגעלט אין פעטט אונ מען פערמישט דאס אללעס אין איינעם מיט עטוואס צוקער, צו ריבענע צוטרינשאלעכטס, עטליכע ביטטערע (אדער זיססע) מאנדלען, עטליכע אייער (אויף איין אכטעל פונד רייז 2 אייער) אונ מיט דעם רייז. פון דעם טייג מאכט מען קנײדלעך אונ מען לייגט אין דעם קאכענדען יויך.

## FLEISCHSUPPE MIT KRÄPPCHEN. № 38. זופּפּע מיט קרעפּלעך.

מען מאכט אטייג וויא צוא לאקשען, מען וועלגערט איהם אויס דין אונ מען צו שניידעט אין פירעקיגע שטיקלעך. מען נעהמט רינדפלײש אונ מען צו האקט מיט פעט, מיט געריבענע זעממעל, איינינע צוויבעל (ווער עס ליבט — עטוואס קנאבעל), אייער, זאלץ, פעפער אונ ענגלישע געווירץ. פון דיזער פלײש-מאססע נעהמט מען צו שטיקלעך אונ מען לייגט אויף יעדער שטיקיל צו שניטטענע לאקשענבלאט. מען לייגט דאס שטיקעל בלאט צו זאממען א, אז עס ווערט דרייעקיג, אונ דאס פלײש געפילעכטס בלייבט אינעווניג. דיזע קרעפלעך לייגט מען אין דעם פלײש-יויך אונ מען לאזט קאכען ביז עס ווערט פערטיג.

פראנצאזישע

## FRANZÖSISCHE SUPPE. פְרַאנְצֶאזִישֶׁע זוּפְּפֶּע. № 39.

מֶען נֶעהמְט אַקְעפֶּעל קְרוֹיט , נְרִיזִינֶעס (קָאהלְרִיבֶּען) , מֶאהרֶען , אַלְלֶע צוּ גְלַייכֶע טְהֵיילֶען אוּנ מֶען צוּבְּרֶעקֶעלְט דָאס וִויא לָאקְשֶׁען ; אוֹיךְ פִיר — פִינְף שְׁוֶואמְלֶעךְ דִין גֶעשְׁנִיטְטֶען. מֶען לֵייגְט אַשְׁטִיק גַאנְז פֶעט אִין אַקָאסְטְרוֹלֶע אוּנ אַלְלֶעס צוּ שְׁנִיטְטֶענֶע דַאצוּ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע טוּשֶׁען (דוּשֶׁען , דִינְסְטֶען). דַאן גִיבְּט מֶען עֶטְוַואס מוּסְקַאט בְּלִיהוּנְג אוּנ פֶעפֶּער הִינְאַיין , מֶען גִיסְט אַרוֹיף יוֹיךְ אוּנ מֶען לָאזְט אַזוֹי לַאנְג קָאכֶען , בִּיז עֶס וֶוערְט וַוייךְ , — אוּנ מֶען גִיבְּט צוּם טִישׁ.

## RAGOUT SUPPE. אוֹיךְ אַפְרַאנְצֶאזִישֶׁע זוּפְּפֶּע. № 40.

מֶען נֶעהמְט אִין אַקָאסְטְרוֹלֶע אַשְׁטִיק פֶעטְט , עֶטְוַואס קְלֵיין גֶעשְׁנִיטְטֶענֶע גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע , מֶען שְׁטְרֵייט אַרוֹיף 2 לֶעפֶעל מֶעהל , לָאזְט דָאס אַבִּיסֶעל טוּשֶׁען (דוּשֶׁען) אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף גוּטֶען יוֹיךְ. פְרִיעֶר קָאכְט מֶען אָב אַיוּנְגֶע הִיהְנֶדֶעל אִין זוּפְּפֶּע , אוּנ וֶוען עֶס וֶוערְט וַוייךְ , צוּ שְׁנַיידְט מֶען עֶס אִין שְׁטִיקֶער , מֶען לֵייגְט עֶטְוַואס קְלֵיינְגֶעהַאקְטֶע מוּסְקַאטבְּלִיהוּנְג דֶער צוּ אוּנ מֶען לָאזְט מִיט יֶענֶעם יוֹיךְ אַבִּיסִיל אוֹיפְזִידֶען. דִיא לֶעבֶּער וֶוערְט גֶעבַּאקֶען , גֶעשְׁנִיטְטֶען אוּנ דֶער צוּ גֶעגֶעבֶּען.

## LEBERSUPPE OHNE FLEISCHBRÜHE.

## לֶעבֶּער-זוּפְּפֶּע אָהן פְלֵיישׁ יוֹיךְ. № 41.

מֶען גֶעהמְט אַפוּנְד רִינְדֶס-לֶעבֶּער , מֶען בַּאקְט אוּנ מֶען רֵייבְּט עֶס דוּרְךְ אַרֵייבּ-אַייזֶען (טַארְטְקֶע) ; מֶען צוּ שְׁנַיידְט צְוִויבֶּעל , מֶאהרֶען אוּנ פֶּעטְרוּשְׁקֶע אִין פֶּענֶעצֶען , לָאזְט אֵייניגֶע לֶעפֶעל פֶעטְט אִין קַאסְטְרוֹלֶע הֵייס וֶוערֶען אוּנ מֶען לֵייגְט דָאס אַלְלֶעס הִינְאַיין ; זָא מוּז זִיךְ דָאס עֶטְלִיכֶע שָׁעָה טוּשֶׁען (דוּשֶׁען , דִינְסְטֶען). נָאכְדֶעם שְׁטְרֵייט מֶען אַרוֹיף עֶטְלִיכֶע לֶעפֶעל מֶעהל , גִיסְט אַרוֹיף וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע. דַאן לָאזְט מֶען עֶס דוּרְךְ אַזִיפּ דוּרְךְ זֵייעֶן.

## KARTOFFELSURPE OHNE FLEISCH.

## קַארְטָאפֶעל-זוּפְּפֶּע אָהן פְלֵיישׁ. № 42.

מֶען שְׁטֶעלְלְט צוּ צוּם פַייעֶר וַואסֶער מִיט זַאלְץ אוּנ מִיט פֶעטְט ; מֶען קָאכְט דְרִינֶען אוֹיס גוּט דִיא גְרִינְס , וִויא אִין אַלְלֶע זוּפְּפֶּען , אוּנ מֶען רַייבְּט דָאס דוּרְךְ אַדוּרְכְשְׁלַאג (אַשִׁיסֶל מִיט לֶעכְלֶעךְ). דִיא קַארְטָאפֶעל קָאכְט מֶען אַפַּארְט אִין זַאלְץ-וַואסֶער , נֶעהמְט זֵייא אַרוֹיס אוּנ מֶען גִיבְּט זֵייא אַרַיין אִין דֶעם פֶעטֶען יוֹיךְ , מֶען צוּ קְלַאפְּט זֵייא , מֶען שִׁיט אַרוֹיף עֶטְוַואס גֶעבְּרֶענְטֶעס מֶעהל , פֶעפֶּער אוּנ גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע. דַאן פְּרֶעגֶעלְט מֶען פֶּענֶעצֶען בּוּלְקֶע אִין פֶעט מִיט אַצְוִויבֶּעל , אוּנ מֶען גִיסְט אוֹיבֶּען אַרוֹיף דִיא זוּפְּפֶּע.

**.43 № זופּפּע פון געברענטע מעהל . GEBRENNTE MEHLSUPPE.**

מען שטעללט צו צום פייער וואסער מיט זאלץ אונ מיט פּעפּער , מען קאכט דרינען אוים דיא גרינס אונ מען רייבט דאס דורך אדורכשלאג , וויא אין פארינגען נומער . נאכדעם פרעגעלט מען מעהל אין פעטט , ביז עס ווערט געלבברוינע ברעקלעך . דאס שיטעט מען אריין אין דאס קאכענדע וואסער אונ מען פיהרט דאס ניט פאנאנדער , אום עס זאל בלייבען וויא טריפּלעך .

צו דיזע פּאסט זיך מילציויך .

**B זופּפּען אהן פעטט . OHNE FETT BEREITETE SUPPEN.**

**.44 № וויינזופּפּע . WEINSUPPE.**

מען נעהמט העלפט וויין אונ העלפט וואסער אונ עטליכע קערנער זאלץ דאס שטעללט מען צוא קאכען אין אליימענעם טאפּף , מען שיט אריין אשטיקל צימרינג , צוטרינשאלעכטס , עטוואס זאפט (יאגדעם סאק , אבער אהן דיא קערנער , דען דאס מאכט ביטער) אונ צוקער , אונ דעם טאפּף דעקט מען צו . אויף אשפּיטץ מעסער אביסיל קראפּטמעהל אדער קארטאפּעל מעהל ווערט צוא מישט אין קאלטעם וויין אדער וואסער , מען צו קלאפּט (צוא באלטייעט) אונ מען גיסט אריין אין דיא זופּפּע . ווען עס איז אויפגעקאכט , גיסט מען דאס ארויף אויף איינגעלכעל , גיסט צוריק אונ מען לאזט ווייטער קאכען אימער מישענדיג . דער ווייל נעהמט מען דיא ווייסעל פון דיא אייער אונ מען צוא שלאגט , ביז עס ווערט אשטייפער שנייא (אשוים) . דיא קאכענדע זופּפּע גיסט מען אין אבלי , פון דעם שנייווייסעל טהוט מען אריין אהין לעפּעלוויים אונ מען דעקט דיא בלי צו , זא ווערען דיא שנייא קאמעם פון דעם דאמפּף פערטיג . דאס בעשטרייט מען מיט צוקער אונ צימרינג .

**.45 № איינע אנדערע ארט זופּפּע .**

מען צוריבט 8 געלבלעך מיט 3/4 פונד מעלעם צוקער , ביז עס ווערט אווייסער טייג ; מען גיסט אריין 3 גלאזער ווייסען טיש-וויין , אהאלבעס גלאז וואסער , שיט אריין עטוואס צימרינג , מישט עס אוים אונ מען שטעללט דאס אויפ'ן פייער ; מען קלאפּט דאס אימער אויף מיט אבעזימעל , ביז עס ווערט געדיכט . דאן נעהמט מען דאס גליך אראב פון פייער אונ מען דער לאנגט דאס מיט ביסקווי (סוכארקעס) .

**.46 № זופּפּע פון ביער . WEISSBIERSUPPE.**

מען שטעללט צו אויפ'ן פייער גוטעס ביער , טהוט אריין עטליכע קערנער זאלץ , אשטיקעל צימרינג , צוטרינשאלעכטס , זאפט (יאגדעס—סאק) , צוקער , קליינע גוט געוואשענע ראזינקעס ; מען שיט אריין זעמעל ברעקלעך אונ מען לאזט

דאס

דאס קאכען אין אליימענעם טאפף צו געדעקט. דאן גיסט מען ארויף נאך ביער אונ מען לאזט נאך אמאל אויפקאכען.

## № 47. ביער-זופפע מיט האניג. BIERSUPPE MIT HONIG.

מען פערמישט ביער מיט האניג, ווארעמט אן אויפ'ן פייער, גיסט אריין עטוואס פראוואנס ביימאייל אונ מען טהוט אריין צו שניטטענע צוטרין. צו דיזער זופפע גיט מען איינגעפרעגעלטע פענעצען זעממעל.

## № 48. פלוימענזופפע. PFLAUMENSUPPE.

מען נעהמט גוטע צייטיגע פלוימען (בעסער איז שווארצע פלוימען), מען לייגט אין אטאפף, גיסט ארויף וואסער, אז דאס וואסער זאל אריבער געהען אונ מען לאזט אויפזידען, אבער איממער מישענדיג, אום זייא זאללען זיך ניט אנברענען. ווען זייא ווערען פאנאנדער געקאכט, רייבט מען זייא דורך אדינגע זיפ (אסיטקע), שיט אריין עטוואס צימרינג, אהאלב פונד צוקער, צו שטייסענע נעגעלעך; מען גיסט אריין אגלאז וויין, מישט נאך פאנאנדער מיט קאכענדען וואסער אונ מען לאזט ווייטער אויפזידען.

דער צו דער לאנגט מען איינגעפרעגעלטע פענעצען זעממעל.

## № 49. קארשענזופפע. KIRSCHSUPPE.

מען קאכט זויערע קארשען אין אביסיל וואסער אונ מען רייבט זייא דורך אדורכשלאג, אז דיא ביינדלאך בלייבען נאר; דאן ווערען זייא געקאכט מיט צוקער, צוטרינשאלעכטס אונ גאנצע צימרינג; אויב עס איז צו שיטטער, טהוט מען אריין קראפטמעהל (קראכמעהל), אדער בעסער ברעקלעך פון זעממעל.

דאס עסט מען מיט איינגעפרעגעלטע זעממעל פענעצען.

## № 50. איינע אנדערע ארט קארשענזופפע.

מען שווייקט אויס צוויא פונד געטריקענטע קארשען, צו שטויסט זייא אין אשטויסעל, גיסט ארויף 10 גלאזער וואסער אונ מען לאזט קאכען אהאלבע שטונדע. מען זייט דאס דורך אזיפ, גיסט אריין 2 גלאזער לייכט זויערין וויין, לייגט צו 1/4 פונד צוקער, אביסיל צימרינג אונ צוטרינשאלעכטס. דאן פרעגעלט מען איין אלעפיל מעהל אין פוטער, מען מאכט דאס שיטער מיט עטליכע לעפעל פון דיזער זופפע, צו קלאפט גוט, גיסט אריין דעם איבריגען יויך, לאזט אויפזידען, אונ מען גיסט דאס ארויף אויף ביסקווי, אדער געפרעגעלטע בולקע.

## № 51 עפעל-זופפע. AEPFELSUPPE.

מען שאלט אב דיא עפעל, צו שניידט זייא אונ מען קאכט אין וואסער. מען רייבט זייא דורך אדורכשלאג, מען לייגט צו צוקער, צימרינג, צוטרינשאלעכטס,

זאפפט (סאק), מוסקאטנוס, אויך קליינע ראזינקעס. דאס ווערט אויפגעקאכט
אונ אויף געריבענע איינגעלכעל ארויף געגאסען.

## № 52. עפעל זופפע מיט ברויט. AEPFELSUPPE MIT BROT.

מען קאכט וייך שווארצברויט, אויך וייס ברויט. מען לייגט היגאיין
געשיילטע צו שניטטענע וויינינגע עפעל אונ מען לאזט דאס מיט אשטיקיל צימרינג
אונ צוטרינשאלעכטס אין וואסער ווייך קאכען. דאן רייבט מען עס דורך אדורכשלאג,
מען לייגט היגאיין צוקער, צימרינג, קליינע ראזינקעס, פענעצען פון צוטרין,
אונ מען לאזט דער מיט נאך קאכען, ביז דיא קליינע ראזינקעס ווערען גוט
אויפגעקוואללען. אויב מען עסט דאס אהן פלייש, איז נוט דער צו פוטטער.
דיא זופפע דארף זיין געדיכטלעך.

## C זופפען צו מילכיגעס. SUPPEN ZU MILCHSPEISEN.

## № 53. וואססער זופפע מילכיגע. WASSERSUPPE.

מען צו שניידט בולקע אין פענעצען אין אשיסעל; מען לייגט דארויף
פוטער אונ אביסל זאלץ, גיסט ארויף קאבענדעס וואססער, דעקט צו אונ מען
לאזט עטליכע מינוט שטעהן; דאן איז פערטיג.

## MILCHSUPPE MIT EINLAUF.

## № 54. מילכיגע זופפע מיט טריפלעך.

מען קאכט מילך קלארע, אדער מיט וואססער, טהוט אריין פוטטער,
צוקער אונ אביסיל זאלץ, אונ מען מאכט דיא טריפלעך אזוי: מען צו קלאפט
געלכעל אין איין ענגען טעפיל, לייגט צו עטוואס צוקער, מוסקאטנוס, זאלץ
אונ אביסיל מעהל. ווייטער געהמט מען דיא ווייסעל, צו קלאפט וויא אשניא
אונ מען מישט דאס אהין אריין. דאס געהמט מען מיט אלעפעל שטיקלעך וויים
אונ מען לאזט אריין לאנגזאם אין דיא קאכענדע זופפע. מישען דארף מען דאס
גיט אין טאפף; דען עס וועט צו געהען אין דעם יויך, אונ דיא זופפע ווערט
מוטנע; נאר מיט דעם לעפעל מוז מען עס זאכט אן דער זייט פון טאפף אראב
דריקען, וויא מען טהוט מיט אללע קניידלעך (קלאצקי).

## MILCHSUPPE MIT SCHWEMMKLOSSCHEN.

## № 55. מילכיגע זופפע מיט קניידלעך (קלאצקי).

דיזע זופפע מאכט מען וויא דיא פארינגע. דאן מאכט מען דיא קניידלעך,
וויא אין נומער 33. נאר וואו דארט געברויכט מען שמאלץ, געברויכט מען דא
פוטטער. וויא דיא קניידלעך זיינען אויפגעקאכט, איז שוין דיא זופפע פערטיג.

## № 56 מילכיגע מעהל-זופפע. MEHLSUPPE.

מען גיסט אריין וואסער אין מילך אונ מען לייגט צו פוטער אונ זאלץ. ווען
עס

עֶס הַאלְט אִין קָאכֶען , שִׁיט מֶען גְלַייךְ אַריין דָאס מֶעהְל אוּנ מֶען מִישְׁט , (אָדֶער מֶען שְׁפְּרִיצְט אַרוֹיף וַואסֶער אוֹיף דָאס מֶעהְל , מֶען רִיהְרְט דָאס דוּרְךְ , אַז עֶס וָוערְט קָאמִיקְלֶעךְ ; דַאן שִׁיט מֶען עֶס אַריין אִין דִיא קָאכֶענְדֶע מִילְךְ) אוּנ מֶען לָאזְט עֶס קָאכֶען . צוּ לֶעטְצְט גִיסְט מֶען נָאךְ צוּ הֵייסֶע מִילְךְ .

HAFERGRÜTZSUPPE. מִילְכִיגֶע זוּפְּפֶע פוּן הָאבֶער-גְרִיטְצֶע. № 57.

זֶעה דִיא פְלֵיישׁ-זוּפְּפֶע מִיט הָאבֶער גְרִיטְצֶע (№ 19) . נָאר אָנְשְׁטָאט דֶעם פְלֵיישׁ-יוֹיךְ , נֶעהמְט מֶען דָא וַואסֶער מִיט פוּטֶער אוּנ זַאלְץ . וִויל מֶען דָאס מַאכֶען פֵיינֶער , טְהוּט מֶען אַריין דֶערִינֶען צוּקֶער , אַיינְגֶעשְׁטוֹיסֶענֶע בִּיטְטֶערֶע מַאנְדֶעלְן , צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ קְלֵיינֶע רָאזִינְקֶעס , אוּנ מֶען צוּ קְלַאפְּט דָאס מִיט אַיינֶעלְבֶעל . דֶער צוּ פַּאסְט גֶעפְרֶעגֶעלְטֶע צְווִיבַּאק .

GEBRAUNTE MEHLSUPPE.

מִילְכִיגֶע זוּפְּפֶע פוּן גֶעפְרֶעגֶלְטֶע מֶעהְל . № 58.

מֶען פְרֶעגֶלְט דָאס מֶעהְל אִין פוּטֶער אוֹיף אַשְׁקָאוָורָאדֶע (אַפַּאנֶע) , בִּיז עֶס וָוערְט בְּרוֹין אוּנ אִין קָאמִיקְלֶעךְ . דַאן שִׁיט מֶען עֶס אַריין אִין קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער . מֶען לֵייגְט צוּ פוּטֶער אוּנ זַאלְץ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס עֶטְלִיכֶע מָאל אוֹיפְקָאכֶען . אוֹיב מֶען וִויל , עֶס זָאל הָאבֶען אַטַעם פוּן שָׁאקָאלַאדֶענְזוּפְּפֶע , זָא טְהוּט מֶען אַריין אַשְׁטִיק צִימְרוּנְג אוּנ צוּקֶער דֶער צוּ , אוֹיךְ צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס .

KARTOFFELSUPPE. . מִילְכִיגֶע זוּפְּפֶע מִיט קַארְטָאפֶעל № 59.

דִיזֶע וֶוערְט גֶעמַאכְט אַזוֹא וִויא דִיא קַארְטָאפֶעל זוּפְּפֶע (№ 42) . נָאר אָנְשְׁטָאט דֶעם שְׁמַאלְץ גֶעבְּרוֹיכְט מֶען דָא פוּטֶער .

SCHOTENSUPPE. . מִילְכִיגֶע זוּפְּפֶע פוּן שְׁטְרוּצֶעס № 60.

דִיא יוּנְגֶע קֶערְנֶער (אַרְבֶּעס . בָּאבּ) פוּן דִיא שְׁטְרוּצֶעס שְׁטֶעלְט מֶען צוּ צוּם פַייעֶר אִין אַשְׁמָאלֶען טָאפְּף מִיט וַואסֶער , פוּטֶער , צוּקֶער אוּנ עֶטְוָואס זַאלְץ . וִויא דִיזֶע זַיינֶען פֶערְטִיג , נֶעהמְט מֶען גֶעפְרֶעגִילְטֶע מֶעהְל (אָדֶער אַזוֹא גֶעבְּרֶענְטֶעס מֶעהְל) אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער . אִין דִיזֶעם וַואסֶער קֶען דִיא זוואוּרְצֶעלְן , וֶועלְכֶע מֶען גֶעבְּרוֹיכְט צוּ זוּפְּפֶען , פְרִישֶׁר אָבְּגֶעקָאכְט וֶוערֶען ; דָאס גִיבְּט אַקְרֶאפְטִיגֶערְן גֶעשְׁמַאק . דַאן גִיסְט מֶען אַריין דִיא אוּיס גֶעקָאכְטֶע אַרְבֶּעס אָדֶער בָּאבּ .

צוּ דִיזֶע מַאכְט מֶען דִיא זֶעלְבֶּע קְנֵיידְלֶעךְ , וִויא אִין (№ 26) אִיז אָנְגֶעגֶעבֶּען ; נָאר אָנְשְׁטָאט דָאס פֶעטְט , וָואס דָארְט אִיז, גֶעבְּרוֹיכְט מֶען דָא פוּטְטֶער . דֶער צוּ אַהַייפֶּעל גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע .

ENGLISCHE SUPPE. . עֶנְגְלִישֶׁע מִילְכִיגֶע זוּפְּפֶע № 61.

מֶען נֶעהמְט דִיזֶע וואוּרְצְלֶען : פֶּעטְרוּשְׁקֶע , מֶעהְרֶען , פָּארְהֵיי , צְווִיבְּל אוּנ עַטְלִיכֶע

עֶטְלִיכֶע קֶערְנֶער עֶנְגְלִישֶׁע פֶּעפֶּער, אוּנ מֶען קָאכְט דֶער פוּן אוֹיס-אַזוּפֶּע. וַוייטֶער לָאזְט מֶען בֶּעזוֹנְדֶער פַאנַאנְדֶער קָאכֶען פֶּערְל-גְרוֹיפֶּען מִיט אַהַאלְבֶּע לֶעפֶל פּוּטֶער, צוּ קְלַאפְּט עֶס מִיט אַלֶעפֶעל, גִיסְט אַרוֹיף דֶעם פְרִיעֶרְדִיגֶען יוֹיךְ (וֶועלְכֶען מֶען זֵייט פְרִיעֶר דוּרְךְ) אוּנ מֶען לָאזְט אוֹיפְזִידֶען. דַאן גִיסְט מֶען אַרוֹיף 4 גְלֶאזֶער שְׁמֶעטֶענֶע, לָאזְט ווִידֶער אוֹיפְזִידֶען אוּנ מֶען גִיסְט אַיין אִין שִׁיסֶעל אוֹיף צוּשְׁנִיטֶענֶע אִין פֶּענֶעצֶען צוּטְרִין.

## PUREE AUS KARTOFFELN.

## № 62. אַדוּרְכְגֶעזַייטֶע מִילְכִיגֶע זוּפֶּע אוֹיס קַארְטָאפֶּעלְן.

מֶען מַאכְט אַיוֹיךְ פוּן אֵיינִיגֶען וָוארְצֶעלְן (וִויא אִין פָארִיגֶען נוּמֶער) אוּנ מֶען גִיבְּט אַרַיין אַלֶעפְל פּוּטֶער; מֶען שֵׁיילְט אוּנ מֶען וַואשְׁט אָבּ אַקְוָוארְט קַארְטָאפֶּעלְן, קָאכְט אוֹיס אִין דֶעם יוֹיךְ אוּנ מֶען רַייבְּט זַייא דוּרְךְ אַזִיפּ. נָאכְדֶעם פִּיהרְט מֶען עֶס פַאנַאנְדֶער מִיט דֶעם אוֹיסְגֶעזַייטֶען יוֹיךְ, אִין וֶועלְכֶען דִיא קַארְטָאפֶּעלְן הָאבֶּען זִיךְ גֶעקָאכְט, מֶען פֶערְוַוייסְט מִיט שְׁמֶעטֶענֶע, וַוארְמְט אָן אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ מִיט צוּשְׁנִיטְטֶענֶע בּוּלְקֶע אוֹיף פּוּטֶער גֶעפְּרֶעגֶלְט.

## PUREE AUS ERBSEN. № 63. אַדוּרְכְגֶעזַייטֶע מִילְכִיגֶע אַרְבֶּעס-זוּפֶּע.

אַהַאלְבֶּע קְוָוארְט צֵייטִיגֶע אַרְבֶּעס שִׁיט מֶען אַרַיין אִין גֶעזַאלְצֶענֶעס קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער; וֶוען דִיא אַרְבֶּעס וֶוערֶען אוֹיס גֶעקָאכְט, רַייבְּט מֶען זַייא דוּרְךְ אַזִיפּ. נָאכְדֶעם פְּרֶעגֶלְט מֶען אוֹיס צוּהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ פָּארֶהֵיי אִין אַלֶעפְל פּוּטֶער, בִּיז עֶס וֶוערְט וַוייךְ; מֶען שִׁיט אַרַיין אַלֶעפֶער מֶעהל, פְּרֶעגֶלְט צוּ נָאךְ אַמָאל אוּנ מֶען מִישְׁט פַאנַאנְדֶער מִיט דִיא דוּרְכְגֶערִיבֶּענֶע אַרְבֶּעס. דִיזֶע פִיהרְט מֶען פַאנַאנְדֶער מִיט אוֹיסְגֶעזַייטֶען יוֹיךְ פוּן גְרִינְס, אוּם דִיא זוּפֶּע זָאל זַיין גֶעדִיכְטֶלֶעךְ, אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ מִיט פֶּענֶעצֶען בּוּלְקֶע אִין פּוּטֶער גֶעפְּרֶעגֶלְט.

## KURBIS-SUPPE. № 64. מִילְכִיגֶע זוּפֶּע מִיט קִירְבִּים.

מֶען שֵׁיילְט אָבּ דֶעם קִירְבִּים, מֶען וַוארְפְט אַרוֹיס דִיא אִינְוֵוייניגְסְטֶע וֵוייכֶע אוּנ דִיא זוֹימֶען, קָאכְט אָבּ אִין וַואסֶער אוּנ מֶען רַייבְּט עֶס דוּרְךְ אַזִיפּ. מֶען צוּ לָאזְט אַלֶעפֶעל פּוּטְטֶער, פְּרֶעגֶלְט אַיין דֶערִינֶען אַבִּיסְל מֶעהל, גִיסְט אַרַיין צְוַוייא גְלֶאזֶער פְרִישֶׁע מִילְךְ, מִישְׁט פַאנַאנְדֶער אוּנ מֶען לָאזְט אוֹיפְזִידֶען; מֶען שְׁלָאגְט דָאס אוֹיף מִיט דִיא דוּרְכְגֶערִיבֶּענֶע קִירְבִּים אוּנ מֶען גִיסְט צוּ אַלְץ הֵייסֶע מִילְךְ, אַז דִיא זוּפֶּע זָאל זַיין גֶעדִיכְטֶלֶעךְ. מֶען קֶען צוּ לֵייגֶען עֶטְוָואס צוּקֶער אוֹיךְ.

## PILZSUPPE. № 65. מִילְכִיגֶע זוּפֶּע פוּן שְׁוָואמְמֶלֶעךְ.

מֶען וַואשְׁט אוּנ מֶען בְּרִיהט אָבּ פּוּפְצֶעהְן גְרוֹיסֶע גֶעטְרִיקֶענְטֶע בַּארַאוִויקֶעס, מֶען שְׁטֶעלְט צוּ אוֹיפְ'ן פַייעֶר אִין אַטָאפּ מִיט אֵיינִיגֶע וואוּרְצֶעלְן, עֶטְלִיכֶע צְוִויבֶּל, מֶאהְרֶען, אוּנ מֶען קָאכְט, בִּיז דִיא שְׁוָואמְלֶעךְ וֶוערֶן וַוייךְ. מֶען

עם

עָס וֶוערְט אָבְּגֶעקִיהלְט, רֵיינִינְט מֶען דֶעם יוּךְ מִיט גֵּייַזוּיים אוּנ מֶען לָאזְט דֶערְמִיט אוֹיפְזִידֶען, נָאכְדֶעם ווִיעדֶער דוּרְכְּזַייעֶן דוּרְךְ אַזִיפּ אִין אַשִׁיסֶל, אִין וֶועלְכֶע מֶען הָאט שׁוֹין גֶעלַייגְט גֶעהַאקְטֶע אוּקְרָאפּ אָדֶער פֶּעטְרוּשְׁקֶע, אוּנ מֶען טְהוּט אַרַיין פּוּטְטֶער.

**№ 66. מִילְכִיגֶע קְרוֹיט מִיט שְׁוָואמְמְלֶעךְ. KOHLSUPPE MIT PILZ.**

מֶען צוּ הַאקְט 3—4 צְוִויבְּל, בְּרָאט זֵייא אַיין אִין אַלֶעפְּל פּוּטְטֶער, אוּנ מֶען לֵייגְט אַרוֹיף 2 גְלֶאזֶער זוֹיעֶרֶע קְרוֹיט, עֶטְוָואס אוֹיסְגֶעדְרִיקְט. דָאס פְּרֶעגְלְט מֶען אַיין צוּ זַאמֶען, אִימְמֶער קֶעהרֶענְדִיג מִיטְ'ן לֶעפְּל. דֶער ווַיילֶע טְהוּט מֶען אַרַיין 6 שְׁטִיק שְׁוָואמְלֶעךְ אִין קָאכֶענְדֶעס ווַאסֶער בֶּעזוּנְדֶער, עֶטְוָואס גֶעווִירְצֶען, אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען בִּיז עֶס וֶוערְט פֶערְטִיג. פַאר דֶעם עֶסֶען פְּרֶעגְלְט מֶען אַיין אַלֶעפֶּעל מֶעהל אִין אַלֶעפְּל פּוּטְטֶער; מֶען פִיהרְט דָאס פַאנַאנְדֶער מִיט דִיא זֶעלְבֶּע קְרוֹיט אַפָּארְט, אוּנ נָאכְדֶעם גִיסְט מֶען דָאס אַרַיין אִין דִיא קְרוֹיט לַאנְגְזַאם. דַאן נֶעהמְט מֶען אַרוֹיס דִיא אָבְּגֶעקָאכְטֶע שְׁוָואמְמְלֶעךְ, צוּ שְׁנֵיידֶעט זֵייא, שִׁיט אַרַיין זַאלְץ, טְהוּט זֵייא אַרַיין אִין דִיא קְרוֹיט אוּנ מֶען פְּרֶעגְלְט עֶס נָאךְ אַבִּיסְל צוּ. דַאן גִיסְט מֶען אַרוֹיף שְׁמֶעטֶענֶע.

**№ 67. מִילְכִיגֶע בִּיערְזוּפֶּע. BIERSUPPE.**

מֶען קָאכְט אוֹיף אַקְוָוארְט נִיט שְׁטַארְקֶעס בִּיער אוּנ מֶען נֶעהמְט אַרָאבּ פוּן פַייעֶר. מֶען נֶעהמְט דְרַייא גְלֶאזֶער זוֹיעֶר סְמֶעטֶענֶע, אָדֶער זֶעכְּס גֶעלְכְלֶעךְ, עֶטְוָואס זַאלְץ, עֶטְוָואס צוּקֶער. דָאס אַלְץ מִיט דֶעם בִּיער מִישְׁט מֶען אוֹיפְ'ן פַייעֶר, בִּיז עֶס וֶוערְט וַוארֶעם. אַז עֶס הֵייבְּט אָן זִידֶען, גִיסְט מֶען עֶס אַרוֹיף אוֹיף אַיינְגֶעפְּרֶעגְלְטֶע פֶּענְעצְעֶן בּוּלְקֶע. מֶען קֶען דָא גֶעבְּרוֹיכֶען פְרִישֶׁען קֶעז גֶעשְׁנִיטְטֶען אִין שְׁטִיקְקֶער.

# צְווייטֶער אַבְּשְׁנִיט.

## פוּן סוֹיסֶען. VON DEN SAUCEN.

**№ 68. גֶעווָאהנְלִיכֶע סוֹיס. GEWOHNLICHE SAUCE.**

מֶען פְּרֶעגְלְט אַיין אַלֶעפֶּעל מֶעהל אִין אַלֶעפֶּעל פֶּעטְט, גִיסְט אַרַיין אַגְלָאז גוּטֶען בּוּלְיָאן, לָאזְט אוֹיפְזִידֶען, לֵייגְט צוּ אַבִּיסְל גֶעהַאקְטֶע צְווִיבֶּעל אוּנ מֶען לָאזְט ווִיעדֶער דוּרְךְ זִידֶען.

**№ 69. סוֹיס פוּן עֶפְּל. AEPFEL SAUCE.**

מֶען נֶעהמְט 2—3 מִירְבֶּע זוֹיעֶרְלִיכֶע עֶפְּל, שֵׁיילְט זֵייא אָבּ אוּנ מֶען צוּשְׁנֵיידְט זֵייא אִין דִינֶע בְּלֶעטְטֶער; מֶען לָאזְט זֵייא אִין אַבִּיסְל פֶּעטְט טוּשֶׁען (דוּשֶׁען, דִינְסְטֶען), בֶּעשְׁטְרֵייט פוּן אוֹיבֶען אַלֶעפְּל מֶעהל, לָאזְט עֶס אָנְקְוֶועלֶען, גִיסְט אַרוֹיף אַקָאכְלֶעפְל יוּךְ, אוּנ מֶע לֵייגְט הִינְאַיין אַשְׁטִיקְל לִימָאנְשֶׁעלְכְּטִס, עֶטְוָואס צוּקער

צוקער. צו לעצט גיט מען נאך צוויי איערגעלבעל, אונ דיא סויס איז פערטיג.

## № 70. סויס פון אגרעסען. STACHELBEERN-SAUCE.

מען רייניגט דיא אגרעסען, וואשט זייא ארום, גיסט ארויף אבגעשעפּטעס פעטט, שטרייט ארויף אביסל מעהל אונ מען לאזט עטוואס טושען (דושען). דאן גיט מען עטוואס פלייש יויך, צוקער אונ 2 געלבעל דער צו; מען לאזט אזוא לאנג קאכען, ביז דיא אגרעסען ווערען וייך אבער בלייבען גאנץ.

## № 71. סויס פון פּאמעראנצען. ORANGEN-SAUCE.

מען פרעגעלט אקאכלעפעל מעהל אין אביסל פעטט, ביז עס ווערט געלבליך. מען גיסט ארויף אדריטעל גלאז ווייסען וויין אונ אהעלפט דער פון וואססער אונ מען גיבט אריין דעם זאפט פון אפּאמעראנעץ מיט דיא שאלעכטס דער פון דאן מישט מען פאנאנדער אין איין אנדער בלי 6 איינגעלבעל אונ מען גיסט דיא געקאכטע סויס דארין לאנגזאם. נאכדעם גיסט מען עס וויעדער אין דיא ערסטע בלי אונ מען לאזט עס אויפ'ן פייער אנציעהען, אינדעם מען מישט עס שטאנדיג, אבער מען לאזט מעהר קאכען.

## № 72. סויס פון אוגערקעס. GURKEN-SAUCE.

מען צושניידעט זויערע אוגערקעס אין דינע פענעצען. מען פרעגעלט אקאכלעפעל מעהל אין עטוואס פעטט געלבליך, גיסט ארויף גוטען יויך, טהוט אריין דיא אוגערקעס מיט צוויי איינגעלבעל אונ עטוואס צוטרינשאלעכטס, אונ מען לאזט עס נאך עטוואס קאכען.

## № 73 סויס פון צוטרין. CITRONEN-SAUCE.

מען פרעגעלט מעהל אין עטוואס פעטט געלבליך אונ מען לייגט צו אביסל קליינגעשניטטענע צוויבל. ווען עס איז שוין דורכגעפרעגלט, גיסט מען ארויף יויך, אז עס זאל זיין געדיכטלעך. דאן שניידט מען פון אהאלבען צוטרין דיא שאלעכטס לאנגליך, לאזט אריין דעם זאפט, לאזט גוט פערזידען אונ מען טהוט אריין אגעלבעל, — זא איז דיא סויס פערטיג.

## № 74. סויס פון צוויעבעל. ZWIEBEL-SAUCE.

מען צו שניידעט צווייא קעפּלעך צוויבעל מיט אמעסער גראבליך צו זאממען. מען וואַרמט אן אביסל פעטט, שיט אריין אלעפעלע מעלעס צוקער, ביז עס ווערט ברוין; מען טהוט אריין דיא צוויבעל אונ מען לאזט אזוא לאנג טושען, ביז עס ווערט ברוין, אבער גיט פערברענט; מען שטרייט ארויף אלעפל מעהל אונ מען לאזט עס ברוין ווערן. דאן גיסט מען ארויף אביסל יויך, אויך אלעפל גוטען עסיג, לאזט עס גוט פערזידען אונ מען זייט עס דורך אזיפ.

### SAUCE ZU COTEŁETTEN. סוים צו קאטלעטען. № 75.

מען פרעגלט איין מעהל אין פעטט, גיסט אריין אגלאז בוליאן, לאזט אויפזידען אונ מען לייגט דאהין עטוואס ברוין געברענטען צוקער; מען זייט עס דורך אדינע זיפ, לייגט צו געשניטטענע לימאן (אדער אוגערקעס, אדער מארינירטע שוועמלעך), לאזט נאך אמאל אויפזידען אונ מיט דיזער הייסען סוים בעגיסט מען דיא קאטלעטען.

### SÜSSER SAUCE MIT ROSINEN ZU RINDZUNGE.
### סוים פון ראזינקעס צו צונג. № 76:

מען מאכט ברוין אלעפעל מעהל אין אלעפעל פעט, פיהרט דאס פאנאנדער מיט אגלאז בוליאן (ווען מען וויל בעסער, קען מען אגלאז וויין) אונ מען לאזט אויפזידען. ווידער מאכט מען ברוין עטליכע שטיקלעך צוקער אין וואססער אנגעטרונקען; גיסט דאס אריין אין דיא סוים, טהוט אריין אגרויסען הויפען ראזינקעס אויס געוואשענע, גיסט אריין אביסל קאכענדען עסיג, לייגט צו נאך צוקער אונ מען לאזט גוט אויפזידען. פאר'ן דערלאנגען צום טיש גיבט מען אריין צו שניטטענע לימאן אונ מען לאזט נאך אמאל אויפזידען. אנשטאט צוקער קען מען אין דיזער סוים געברויכען האניג.

דיזער סוים געהט צו געקאכטע לעשץ אדער אנדערע פיש; נאר דאן אנשטאט פעט געברויכט מען פוטער, אונ אנשטאט בוליאן — דעם פיש יויך.

### SENFSAUCE ZU WURST. סוים פון זענעפט צו וואורסט. № 77.

מען פרעגלט איין אלעפל מעהל אין אלעפעל פעט, פערמישט מיט אגלאז בוליאן אונ מען שיט אריין עטליכע לעפל זענעפט פולווער; מען גיסט אריין אביסל וויין אדער עסיג, לייגט צו עטוואס צוקער אונ מען לאזט גוט דורך זידען.

### SENFSAUCE ZU FISCH. סוים פון זענעפט צו פיש. № 78.

מען פערמישט אהאלבעס גלאז פישיויך מיט אהאלבע גלאז וויין, דרייא לעפעל זענעפט אונ אלעפעל פוטער, אונ מען לאזט דאס גוט אויפזידען; מען לייגט הינאיין עטליכע שטיקלעך לימאן אונ מען לאזט נאך אמאל אויפזידען. מען צוקלאפט פיר געלכלעך מיט אביסל מעהל אונ וואסער אונ פערמישט מיט דער קאכענדע סוים. ווען דיא סוים הייבט זיך, שטעללט מען זיא אראב פון פייער אונ מען בעגיסט דער מיט דעם סודאק אדער איין אנדער פיש.

### ZWIEBELSAUCE ZU BRATEN. סוים פון ציבעלע צו בראטען. № 79.

מען פרעגלט איין אין פעט צושניטטענע צוויעבעל אונ מען מאכט ברוין אין דיזער פערמישונג אלעפעל מעהל; מען פיהרט דאס פאנאנדער מיט בוליאן,

גיסט אריין עטליכע לעפל עסיג אונ מען לאזט אויפזידען . אטהייל פון דיזער פערמישונג צו מישט מען מיט דעם יויך פון בראטען ; מען ווארמט אן אונ מען בעגיסט דעם בראטען , — דאס איבריגע דער לאנגט מען אין דיא סויסניצע (סוים שיסעלע) .

## SAUCE ZU KALBFLEISCH UND GEFLÜGEL.

## № 80. סוים צו קאלב פלייש אונ עוף .

מען צו לאזט אלעפל בעטט , פערמישט מיט אלעפל מעהל אונ מען פרעגלט איין , אבער מען לאזט ניט ברוין ווערען . דאן פיהרט מען דאס פאנאנדער מיט דעם יויך פון יענעם פלייש , טהוט אויך אריין מארינירטער אגרעסען אונ מען לאזט אויפזידען . צולעטצט לייגט מען צו עטליכע געלבלעך , מען ווארמט אן אונ מען בעגיסט דאס פלייש .

## MEERRETTIG SAUCE ZU FLEISCH.

## № 81. סוים פון חריין צו פלייש .

געריבענע חריין פרעגלט מען איין אין אלעפעל בעטט , מען מישט פאנאנדער מיט דעם יויך אונ מען לאזט קאכען . מען טהוט אריין נאכדעם אלעפל מעהל אונ דרייא געלבלעך , מען צו שלאגט עס גאנץ גוט , ווארמט עס גוט אן אונ מען בעגיסט דער מיט דאס פלייש .

## IOHANISBEEREN SAUCE.

## № 82. סוים פון וויינפערלעך (פארעצקעס) .

פיר גלאזער ריינע וויינפערלעך רייבט מען דורך אזיפ אונ מען גיסט אריין אגלאז וויין ; מען שיט אריין מעעס צוקער אונ אביסל צימרונג ; מען לייגט צוא אגלאז קארטאפעל מעהל אדער ברעקלעך פון בולקע אין פעטט געפרעגלט , אונ מען לאזט דאס אויפזידען .

## KIRSCHEN SAUCE ZU MEHLSPEISEN. № 83. סוים פון קארשען .

עטליכע פונד צייטיגע קארשען רייניגט מען , פון דיא יאדרעס . דיזע צוא שטויסט מען בעזונדער אונ מען פערמישט מיט דיא ווייכע קארשען ; מען גיסט אריין אגלאז וויין אונ אגלאז וואסער אונ מען לאזט דאס אויפקאכען ; מען זייט דאס דורך אהאאר זיפ , לייגט היניין עטוואס ליקאן אונ מען מישט עס דורך מיט אלעפעל קארטאפעל מעהל , וועלכעס מען האט פריער פערמישט מיט וואסער ; מען לייגט צו עטוואס צוקער אונ מען לאזט נאך אמאל אויפזידען .

## PFLAUMENSAUCE ZU MEHLSPEISEN. № 84. פלוימענסוים .

מען בריהט אב 30 פלוימען אין קאכענדען וואסער , שיילט אב אונ מען קאכט דורך . מען צערייבט זייא אונ מען פערמישט מיט 2 לעפל מעלעם צוקער .

מיט

סִים אַבִּיסְל צִימְרִינְג אוּנ נֶעגֶעלֶעךְ, מִיט אַגְלָאז וַויין אוּנ אַלֶעפֶּעל קַארְטָאפֶּעל מֶעהְל, וֶועלְכֶעס מֶען הָאט פְּרִיעֶר פַאנַאנְדֶער גֶעפִּיהרְט מִיט קַאלְטֶען וַואסֶער. מֶען בְּרייכְט עֶס דוּרְךְ אַזִיפּ אוּנ מֶען לָאזְט אוֹיפְזִידֶען.

## HIMMBEEREN ODER ERDBEEREN-SAUCE ZU MEHLSPEISEN.

## № 85. סוֹים פוּן מַאלִינֶעס אָדֶער פָּאזִימְקֶעס.

מֶען צֶערְרייבְּט פִּיר גְלֶאזֶער מַאלִינֶעס (אָדֶער פָּאזִימְקֶעס), דְרִיקְט עֶס דוּרְךְ אַסֶערְוִועטְקֶע. אוּנ מֶען גִיסְט אַרַיין אַגְלָאז וַויין; מֶען טְהוּט אַרַיין אַבִּיסְל צוּקֶער צוּ מִישְׁט מִיט אַלֶעפֶל קַארְטָאפֶּעל מֶעהְל אוּנ מֶען לָאזְט אוֹיפְזִידֶען.

## SAFTSAUCE ZU PUSINGEN. № 86. סוֹים פוּן סָאק צוּ פּוּדִינְגֶען.

אַגְלָאז סָאק, אַהַאלְבֶּע גְלָאז מַאדֶערַא (אָדֶער אַיין אַנְדֶער רוֹיט וַויין) אוּנ $1^1/_2$ גְלֶאזֶער וַואסֶער פֶערְמִישְׁט מֶען מִיט קַארְטָאפֶּעל מֶעהְל; מֶען לָאזְט אוֹיפְזִידֶען אִימֶער מִישֶׁענְדִיג, אוּנ מִיט דִיזֶער סוֹים בֶּעגִיסְט מֶען דִיא מֶעהְל שְׁפֵּייזֶע אָדֶער דֶעם פּוּדִינְג.

## MANDELSAUCE. № 87. מִילְכִיגֶע סוֹים פוּן מַאנְדְלֶען.

מֶען נֶעהמְט אַגְלָאז זִיסֶע מַאנְדְלֶען, אוֹיךְ עֶטְלִיכֶע שְׁטִיק בִּיטֶערֶע; מֶען שֵׁיילְט זֵייא אָב, צוּ שְׁטֵייסְט זֵייא דִין אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט מִיט אַהַאלְבֶּע גְלָאז זִיסֶע וַוארְמֶע מִילְךְ, זֵייט דוּרְךְ אוּנ מֶען דְרִיקְט אוֹיס. מֶען שְׁלָאגְט אַרַיין אִין דִיזֶע פֶערְמִישׁוּנְג פִּיר גֶעלְבְּלֶעךְ אוּנ אַהַאלְבֶּע לֶעפֶל קַארְטָאפֶּעל מֶעהְל; מֶען גִיסְט אַרוֹיף נָאךְ אַגְלָאז זִיסֶע מִילְךְ אוּנ אַשְׁטִיקְל צוּקֶער, מֶען וַוארְמְט אָן אִימֶער מִישֶׁענְדִיג בִּיז דִיא סוֹים וֶוערְט גֶעדִיכְט.

## RAHMSAUCE. № 88. סוֹים פוּן שְׁמַאנְט.

מֶען לָאזְט אוֹיפְזִידֶען דְרַייא גְלֶאזֶער שְׁמַאנְט מִיט 2 לֶעפֶל מֶעלֶעס צוּקֶער אוּנ אַשְׁטִיקְעל צוּ שְׁטִיסֶענֶע וַואנִילֶע, וָואס אִיז אַיינְגֶעבּוּנְדֶען אִין אַלִינְוַואנְד, אוּנ מֶען לָאזְט אָבְּקִיהלֶען. מֶען צוּ שְׁלָאגְט זֶעכְּס גֶעלְבֶעל מִיט צְוֵייא לֶעפֶל קַאלְטֶען שְׁמַאנְט אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט מִיט דִיא אָבְּגֶעקָאכְטֶע; מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא וַואנִילְיֶע אוּנ מֶען לָאזְט אָנְוַוארְמֶען, אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג, בִּיז עֶס וֶוערְט גֶעדִיכְט.

## FRANZÖSISCHE SAUCE. № 89. פְרַאנְצֶאזִישֶׁע סוֹים.

מֶען צֶערְרוּבְּט 4 גֶעלְבְּלֶעךְ מִיט 2 לֶעפֶּעלֶעךְ מֶעלֶעס צוּקֶער אוּנ מִיט 2 לֶעפֶּעלֶעךְ פַּארְטִיגֶע זֶענֶעפְט. מֶען גִיסְט אַרַיין לַאנְגְזַאם אַגְלָאז פְּרָאוַואנְס בּוֹימְאֵייל אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג: וֶוען דִיא סוֹים וֶוערְט גֶעדִיכְט, גִיסְט מֶען אַרַיין עֶסִיג אוּנ בּוּלְיָאן, אַז עֶס זָאל זַיין נִיט זוֹיעֶר אוּנ גֶעדִיכְטְלֶעךְ. מֶען מִישְׁט גוּט פַאנַאנְדֶער אוּנ דִיא סוֹים אִיז פֶערְטִיג.

מען

### № 90. מִילְךְ פוּן מָאהְן. MOHNSAUCE.

מֶען בְּרִיהְט אָבּ מִיט זוּדִיגֶען וַואסֶער צְוֵוייא גְלֶאזֶער וַויִיסֶע אָדֶער שְׁעֶרֶע מָאהְן, לָאזְט אַבִּיסְל שְׁטֶעהְן אוּנ מֶען גִיסְט אָבּ דָאס וַואסֶער; מֶען בְּרִיהְט וַוייטֶער לַייכְט אָבּ אוּנ וְויעדֶער גִיסְט מֶען אָבּ דָאס וַואסֶער. דַאן וַואשְׁט מֶען דוּרְךְ, וַוארְפְט אַרוֹיף אוֹיף אַזִיפּ, לֵייגְט בִּיסְלֶעךְ וַויים אִין טָאפְּף אוּנ מֶען שְׁטוֹיסְט מִיט אַשְׁטוּקַאץ. מֶען גִיסְט אַרַיין 2—3 גְלֶאזֶער קָאכֶענְדֶעם וַואסֶער אוּנ מֶען מִישְׁט דוּרְךְ; מֶען זַייט דוּרְךְ, דְרִיקְט אוֹיס אוּנ מֶען טְהוּט אַרַיין אַבִּיסְל צוּקֶער.

### № 91. מַאנְדֶעל מִילְךְ. MANDELMILCH.

מֶען בְּרִיהְט אָבּ מִיט זוּדִיגֶען וַואסֶער אַפֶּערְטְל פוּנְד זִיסֶע מַאנְדְלֶען אוּנ זִיבֶּען שְׁטִיק בִּיטֶערֶע, שֵׁיילְט זֵייא אָבּ אוּנ מֶען צוּ שְׁטוֹיסְט דִין, אִימְמֶער צוּ גִיסֶענְדִיג טְרָאפְּפֶענְוַוייז וַואסֶער. דַאן פִיהְרְט מֶען עֶס פַאנַאנְדֶער מִיט אַגְלָאז הֵייסֶעס וַואסֶער, זַייט דוּרְךְ אַלֵייְנְוַואנְד אוּנ מֶען דְרִיקְט אוֹיס. מֶען וַוארְפְט דִיא מַאנְדְלֶען וִוידֶער אַרַיין אִין אַשְׁטוֹיסֶעל אוּנ מֶען שְׁטוֹיסְט נָאךְ אַמָאל; מֶען גִיסְט וְויעדֶער אַרַיין צְוֵוייא גְלֶאזֶער וַואסֶער, מִישְׁט דוּרְךְ אוּנ מֶען זַייט דוּרְךְ. אַזוֹא טְהוּט מֶען דֶעם דְרִיטֶען מָאל; נָאר אָנְשְׁטָאט וַואסֶער נֶעהְמְט מֶען יֶעצְט שׁוֹין פוּן דֶער מַאנְדֶעל מִילְךְ, מֶען זַייט דוּרְךְ אוּנ מֶען דְרִיקְט גוּט אוֹיס דִיא מַאסֶע. מֶען לֵייגְט צוּ עֶטְוָואס צוּקֶער נָאךְ בֶּעלִיבֶּען.

# דְרִיטֶער אַבְּשְׁנִיטְט.

## A. פוּן פִישׁ גֶערִיכְטֶען. VON DEN FISCHSPEISEN.

### № 92. גֶעפִילְטֶע הֶעכְט (גֶעבְּרָאטֶען). GARCIRTER HECHT.

מֶען שָׁאבְּט אָבּ דֶעם הֶעכְט, מֶען שְׁנַיידְט אִיהם פוּן דֶעם רוּקֶען פַאנַאנְדֶער אוּנ מֶען נֶעהְמְט גָאר דָאס פְלֵיישׁ מִיט דִיא בֵּיינֶער אַרוֹיס; נָאר דֶער קָאפְּף אוּנ דֶער עֶק בְּלַייבְּט אָן דֶעם רוּקֶענְבֵּיין, אוּנ דִיא הוֹיט מוּז אַרוֹיס קוּמֶען אִין גַאנְצֶען. יֶעצְט גֶעהְמְט מֶען אַרוֹיס דִיא בֵּיינֶער פוּן דֶעם פְלֵיישׁ; מֶען צוּ הַאקְט עֶס מִיט צְוִויבְּל, גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ עֶטְוָואס צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטֶס, דֶערְצוּ אוֹיךְ אֶגֶעוֵוייקְטֶע אוּנ אוֹיס גֶעדְרִיקְטֶע זֶעמֶעל, אַבִּיסְל פֶעטְט, עֶטְוָואס מוּסְקַאט-בְּלִיהוּנְג, פֶעפֶער, זַאלְץ אוּנ דְרַייא אֵייעֶר רוֹיעֶ, — אוּנ מֶען מַאכְט עֶס גְלַאט וִויא אַטֵייג. מִיט דִיזֶען גֶעפִילְלֶעכְטֶס (פָארְס) פִילְלְט מֶען אָן דִיא הוֹיט פוּן דֶעם הֶעכְט אוּנ דַאן וֶוערְט עֶר אַפֶּען רוּקֶען צוּ זַאמֶען גֶענֵייט. יֶעטְצְט בֶּעשְׁטְרַייכְט מֶען אַבְּרַאטְפְּפַאנֶע (אַסְקַאוָוארָאדֶע) גוּט מִיט פֶעטְט, מֶען לֵייגְט הִינְאַיין דֶעם הֶעכְט אוּנ מֶען לָאזְט אִיהם בְּרָאטֶען בִּיז עֶר וֶוערְט שֵׁיין גֶעלְבּ; אוּנְטֶער דֶער צַייט וֶוערְט עֶר מִיט אֵייגֶעלֶכֶעל אוּנ עֶטְוָואס פֶעטְט אִיבֶּער גֶעגָאסֶען. נָאךְ דֶעם אוֹיס בְּרָאטֶען לֵייגְט מֶען דֶעם פִישׁ בֶּעהִיטְזַאם אוֹיף אַלֶענְגְלִיכֶע שִׁיסֶעל, מֶען צוּ שְׁנַיידֶעט אִיהם מִיט

אשארפען

אַשַׁארְפֶען מֶעסֶער אִין גְלַייכֶע שְׁטִיקֶער אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף דִיא סוֹיס. אוֹיבֶּען בֶּעשְׁטְרֵייט מֶען מִיט לִימָאנְשָׁאלֶעכְטְס אִין דִינֶע שְׁטְרֵייפֶען (וִויא לָאקְשֶׁען) גֶעשְׁנִיטֶען.

## HECHT MIT BUTTERBRÜHE. הֶעכְט מִיט פּוּטְטֶער יוֹיךְ № 93.

מֶען שָׁאבְּט אָבּ דֶעם הֶעכְט, מֶען וַואשְׁט אִיהם גוּט אָבּ אוּנ מֶען שְׁטְרַייכְט אַרָאבּ דֶעם שְׁלֵיים מִיטְ'ן וַואסְסֶער. דַאן נֶעהמְט מֶען אַרוֹיס דִיא אִינְגֶעוֵויידֶע, מֶען צוּ שְׁפַּאלְט אִיהם אִין דֶער לֶענְג (וֶוען עֶר אִיז גְרוֹיס), מֶען וַואשְׁט אִיהם נָאךְ אַמָאל אָבּ פוּן אִינְוֶוענִיג אוּנ פוּן דְרוֹיסֶען, מֶען צוּ שְׁנַיידְט אִיהם אִין שְׁטִיקֶער אוּנ מֶען בֶּעזַאלְצְט אִיהם גוּט. דֶער דַארֶם (קִישְׁקֶע) אוּנ דִיא נַאלְל וֶוערְט אַרָאבּ גֶעמַאכְט אוּנ דָאס אִיבְּרִיגֶע אַיינְגֶעוֵויידֶע אִין וַואסְסֶער גֶעלֶעגְט. וֶוען עֶס שְׁטֶעהט אִיבֶּער נַאכְט אִין זַאלְץ, זָא וֶוערֶען דִיא שְׁטִיקְקֶע אִין קָאכֶען נִיט אַיינְגֶעשְׁרוֹימְפֶּען; יֶעמָאלְט אָבֶּער מוּז עֶס פַאר'ן קָאכֶען נָאךְ אַמָאל אָבְּגֶעוַואשֶׁען וֶוערֶען.

אִין דֶעם פִּישׁ קֶעסְסֶעל שְׁנַיידְט מֶען אַריין דִיקֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע גֶערֵיינִינְטֶע אִין בְּרֵייטֶע (פֶּענֶעצֶען), אוֹיךְ צְוִויבֶּעל אִין פֶּענֶעצֶען, אוּנ דַאן לֵייגְט מֶען אוֹיבֶּען דִיא פִּישׁ אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף וַואסֶער, אַז עֶס זָאל אַרִיבֶּער גֶעהֶען, אוּנ מֶען טְהוּט אַרַיין זַאלְץ. אַז עֶס הֵייבְּט שׁוֹין אָן צוּ קָאכֶען, שַׁאמְט מֶען אָבּ; אוּנ אַז עֶס קָאכְט שְׁטַארְק, לֶעשְׁט מֶען אָבּ מִיט עֶטְלִיכֶע טְרָאפְּפֶען עֶסְסִיג, אָדֶער צוּטְרִינְזַאפְּט, אָדֶער גָאר מִיט קַאלְטֶען וַואסֶער. מֶען פֶּערְזוּכְט דֶעם יוֹיךְ, אוּנ אוֹיבּ עֶס אִיז נִיט שַׁארְפְלֶעךְ גֶעזַאלְצֶען, דֶער לֵייגְט מֶען זַאלְץ. דַאן לֵייגְט מֶען הִינְאַיין פּוּטֶער שְׁטִיקֶער וַוייס, מֶען שְׁטְרַייט אַרוֹיף גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע פֶּעפֶּער אוֹיךְ אַהַייפֶּעל גְרִינֶע גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע. מֶען מִישְׁט פַאנַאנְדֶער פַיינֶעס מֶעהל אִ'ן קַאלְטָע מִילְךְ, מֶען גִיסְט צוּ דֶעם פִּישְׁיוֹיךְ אוּנ מֶען מִישְׁט אִימְמֶער, אוּנ אַזוֹיא נָאךְ אוּנ נָאךְ, בִּיז עֶס וֶוערְט גוּט שִׁיטֶער. דַאן גִיסְט מֶען דָאס אָן דֶער זַייט אַרוּם אִין פִּישְׁקֶעסֶעל, מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דָאס פַייֶער פוּן אוּנְטֶערִין קֶעסֶעל אוּנ מֶען לֵייגְט אוֹיף אַוַויילֶע, אוּם דָאס מֶעהל זָאל פֶערְטִיג וֶוערֶען.

אַנְדֶערֶע לִיבֶּען דֶער צוּ צוּטְרִין גֶעשְׁנִיטֶען אִין פֶּענֶעצֶען. הְרֵיין אִיז גוּט דֶער צוּ. אוֹיסֶער דֶעם גֶעהֶערֶען דֶער צוּ קַארְטָאפְּלֶען אִין זַאלְץ וַואסְסֶער גֶעקָאכְט.

## HECHT MIT SARDELLEN. הֶעכְט מִיט סַארְדֶעלְלֶען. № 94.

מֶען נֶעהמְט אַמִיטֶעלְשְׁטִיק פוּן אַגְרוֹיסֶען פִּישׁ (אַהֶעכְט), זַאלְצְט עֶס אוּנ מֶען לָאזְט אַשְׁטוּנְדֶע לִיגֶען. דַאן ווִישְׁט מֶען אָבּ דֶעם פִּישׁ מִיט אַרֵיינֶעם טוּךְ. מֶען צוּ הַאקְט אַכְט סַארְדֶעלְלֶען, אַגַאנְצֶע צְוִויבֶּעל, גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ דִיא שָׁאלֶעכְטְס פוּן אַלִימָאן, אַלְלֶעס גַאנְץ קְלֵיין; מֶען לֵייגְט צוּ עֶטְוַואס פֶּעפֶּער אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס אַלְלֶעס גוּט דוּרְךְ. דַאן בֶּעשְׁטִימְט מֶען דָאס גַאנְצֶע שְׁטִיק פִּישׁ דַאמִיט אוּנ מֶען לֵייגְט אִין אַקַאסְטְרוּלֶע; מֶען גִיסְט אַרוֹיף 10 בִּיז 12 אֵייגֶעלְבֶּעל רוֹיעֶ, דֶעם זַאפְט פוּן אַגַאנְצֶען לִימָאן, עֶטְוַואס פֶּעט אוּנ אַהַייפֶּעל גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע זֶעמְמֶעל (בּוּלְקֶע), — אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט דֶעם פִּישׁ בְּרָאטֶען.

מען

מען לייגט איהם אויף אשיסעל אונ מען גיסט ארויף דיא סויס .

## № 95. העכט מיט פישקניידלעך . HECHT MIT KLÖSSEN.

דיא פיש ווערט געקאכט וויא עס איז אנגעגעבען אין (№ 93) . גלייך וויא דער יויך איז אב געשאמט , לייגט מען דיא קניידלעך הינאיין . דיזע ווערען אזויא געמאכט : מען צו רייבט אזעממעל אויף ברעקלעך אונ מען נעהמט דער צו צווייא אייער אונ צווייא לויט פוטער . דיא זעממעל ברעקלעך ווערען נשווייכט אונ אויס געדריקט ; נאכדעם רייבט מען עס איין מיט דיא פוטער צו זאממען ; דאן טהוט מען אריין דיא אייער רויע געשטויסענע פעפער , זאלץ , געהאקטע פעטרושקע , דיא לעבער פון דעם פיש , דיא איקרע (ראגען) אדער דיא מילך דאפאן , דאס פעט אונ אציבעלע ; דאס אללעס ווערט צו האקט גאנץ דין . דער צו ווען מען וויל , לייגט מען דאס פלייש פון דעם פיש (אהנע דיא ביינער) , צוטרינזאפט פון געריבענע שאלעכטס פון צוטרין , דאס אללעס מוז צוזאממען גוט געהאקט ווערען . פון דער מאססע מאכט מען קניידלעך , וועלכע מוזען זיך גוט איינקאכען אין דעם פיש יויך . פישע מיט קניידלעך פארדערין מעהר יויך וויא אנדערע . אויף דיא קניידלעך קומט געהאקטע פעטרושקע , אביסיל פעפער , פוטער אונ אם לעצטען מעהל , וואס איז שוין פריער אין מילך פאנאנדער געפיהרט .

## № 96. העכט בלא געקאכט. HECHT BLAU GEKOCHT.

מען בערייטעט דעם העכט וויא אימער . מען קאכט איהם אב אין שארפען זאלצוואסער מיט אצוויבעל , מען שאמט אב אונ מען לעשט איינמאל אב . ווען ער איז פערטיג , לייגט מען איהם אויף אשיסיל , גיסט ארויף קאכענדען ווייגעסיג אונ מען דעקט פעסט צו . דאן ווערט ער בלא . מען גיט דער צו ברוינע פוטער .

## GEPUTZTER HECHT MIT SAUERKRAUT.
## № 97. העכט מיט זויערקרויט .

מען מאכט צו רעכט דאס קרויט וויא געוועהנליך . מען פרעגעלט עס איין מיט אביסיל צוויבעל אונ מען לאזט עס מיט דיא צוויבעל איינקאכען . דעם העכט לאזט מען אין זאלצוואססער אב זידען , נעהמט ארויס דיא ביינער אונ מען צו שניידט (אדער צו צופט) איהם אין קליינע שטיקער . ווייטער ווארעמט מען אן אביסיל פעטט , צו ברעקעלט צווייא קעפלעך צוויבעל וויא לאקשען , לייגט עס אין דאס פעטט אונ מען לאזט פרעגלען , ביז עס ווערט געלבליך . דאן לאזט מען אריין עטליכע איינגעלכעל אין קאסטרולע , עטוואס פעטט אונ אטהייל פון דיא געשניטטענע העכט ; מען שיט ארויף זאלץ אונ מען טהוט ארויף אביסיל פון דיא געפרעגעלטע צוויבעל . דאן לייגט מען ווידער דרייא—פיר איינגעלכעל , אלעפעל געברעקעלטע זעממעל אונ ווידער פון דעם פישע , אונ אזויא ווייטער , ביז מען האט שוין אללעס הינאיינגעלייגט . דיא לעצטע רייהע בעגיסט מען

מִיט אֵיינֶגעלְכֶעל מִיט דיא גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע צְווִיבֶּעל . אוֹיף דִיא גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע זֶעמְמֶעל גִיבְּט מֶען אַבִּיסִיל פֶּעטְט , — אוּנ מֶען לָאזְט דָאס אַפֶּערְטֶעל שְׁטוּנְדֶע אוֹיפְקָאכֶען . דַאן דֶערְלַאנְגְט מֶען עֶס מִיט דֶעם קְרוֹיט צוּם טִישׁ .

## № 98. גֶעבַּאקֶענֶער הֶעכְט . GEBACKENER HECHT.

ווֶען עֶס אִיז קְלֵיינֶע הֶעכְטְלֶעךְ , שָׁאבְּט מֶען זִייא אָב (פוּן דיא שׁוּפְּפֶּען) , וַואשְׁט זִייא אוּנ מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא אִינְגֶעוֵויידֶע . דַאן גֶעהמְט מֶעהל , אָדֶער זֶעמְמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ , פֶערְמִישְׁט מִיט זַאלְץ , קַייקֶעלְט אַיין דֶערִינֶען דִיא הֶעכְטְלֶעךְ אוּנ מֶען בְּרָאטֶעט זִייא אִין פּוּטְטֶער , אַז זִייא זָאלְלֶען דוּרְכְאוֹיס ווֶערֶען בְּרוֹין . ווֶען עֶס אִיז אָבֶער גְרוֹיסֶע הֶעכְט , דַאן צוּ שְׁפַּאלְט מֶען זִייא אִין דֶער לֶענְג , צוּ שְׁנֵיידְט זִייא אוּנ מֶען לָאזְט זִייא אִין זַאלְצְוַואסֶער אֵיינְמָאל אוֹיפְקָאכֶען . דַאן טְהוּט מֶען ווִיא פְּרִיעֶר אִיז אָנְגֶעגֶעבֶּען . קַארְטָאפֶּעלְן אִין זַאלְצְוַואסֶער (אָדֶער מִיט דֶעם שָׁאלֶעכְטְס) גֶעקָאכְט זַיינֶען אִימְמֶער גוּט צוּ פּוּטְטֶער פִישֶׁען .

## № 99. פִישׁ גֶעפְּרֶעגֶעלְט אִין אֵייל . IN OEL GEBACKENE FISCHE.

אוֹיבּ דָאס אִיז אַפְּרָאסְטֶער סָארְט אֵייל , מַאכְט מֶען עֶס הֵייס אוֹיפְ׳ן פֵייעֶר ; דַאן גֶעהמְט מֶען עֶס אַרָאב אוּנ מֶען שְׁפְּרִיצְט אַרַיין עֶטְוַואס קַאלְטֶעס וַואסֶער . אוֹיךְ קֶען מֶען אַנְשְׁטַאט דֶעם אַרַיין וַוארְפֶען דִיא קָארֶע (רוּנְדֶע) פוּן בְּרוֹיט , ווֶעלְכֶע רֵיינִיגְט אוֹיךְ דָאס אֵייל . ווֶען דֶער פִישׁ אִיז אָב גֶעשָׁאבֶּען , אַרוֹיס גֶענוּמֶען דִיא אִינְגֶעוֵויידֶע , גֶעוַואשֶׁען אוּנ צוּ שְׁנִיטְטֶען אִין שְׁטִיקֶער , בֶּעזַאלְצְט מֶען אִיהם . צְוֵוייא שְׁטוּנְדֶען דַארְפֶען דִיא שְׁטִיקֶער לִיגֶען אִין זַאלְץ ; דַאן ווִישְׁט מֶען זִייא אָב רֵיין . מֶען טְהוּט יֶעדֶע שְׁטִיק אַרַיין אִין צוּ שְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר . דַאן קַייקֶעלְט מֶען אַיין אִין מֶעהל אוּנ מֶען פְּרֶעגֶעלְט אִין דֶעם אֵייל , בִּיז עֶס ווֶערְט בְּרוֹין . אוֹיף דִיזֶע וַוייזֶע קֶען מֶען אוֹיךְ פְּרִישֶׁע הֶערִינְג פְּרֶעגְלֶען .

## № 100. פְּרִישֶׁע לַאכְס FRISCHER LACHS.

מֶען שָׁאבְּט אָב דֶעם לַאכְס פוּן דִיא שׁוּפְּפֶּען , צוּ שְׁפַּאלְט אִיהם , גֶעהמְט אַרוֹיס דָאס אִינְגֶעוֵויידֶע אוּנ מֶען וַואשְׁט אִיהם אָב ; מֶען צוּ שְׁנֵיידְט אִיהם אִין שְׁטִיקֶער אוּנ מֶען לָאזְט אַהאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע אִין פְּרִישֶׁען בְּרוּנֶענְוַואסֶער לִיגֶען . דַאן שֵׁיילְט מֶען אָב עֶטְלִיכֶע צְווִיבֶּעל אוּנ מֶען שְׁנֵיידְט אַרַיין אִין פִישְׁקֶעסְסֶעל ; טְהוּט אַרַיין גַאנְצֶעס עֶנְגְלִישֶׁעס גֶעווִירְץ , גַאנְצֶע פֶעפֶערְקֶערְנֶער , אַשְׁטִיקֶעל אִינְגְבֶער , לָארְבֶער בְּלֶעטְטֶער אוּנ פֶּעגֶעצֶען פוּן צוּטְרִין . אוֹיף דֶעם לֵייגְט מֶען דִיא שְׁטִיקֶער לַאכְס הִינְאַיין , מֶען בֶּעשְׁטְרֵייט זַאלְץ , גִיסְט אַרַיין הֶעלְפְט וַואסֶער , הֶעלְפְט עֶסִיג , אַז עֶס זָאל אַרִיבֶּער גֶעהֶען . ווִיא עֶס הֵייבְּט נָאר אָן צוּ קָאכֶען , שָׁאמְט מֶען עֶס אָב , בִּיז דֶער יוֹיךְ ווֶערְט גַאנְץ רֵיין ; דַאן פֶערְזוּכְט מֶען : אִיז דֶער יוֹיךְ זוֹיעֶר , זָא גִיסְט מֶען אַרַיין אַלֶעפֶּעל קַאלְטֶעס וַואסֶער , בְּשַׁעַת עֶס קָאלְט אִין קָאכֶען ; אִיז עֶס נִיט גֶענוּג זוֹיעֶר , זָא גִיסְט מֶען צוּ עֶסִיג . דָאס קֶען

נעשעהען

גֶעשֶׁעהֶען בִּיז 2—3 מָאל ; דֶער פוּן וֶוערְט דֶער לַאכְּס גוּט בְּלֶאטְטֶערִיג . אִין דֶעם יוֹיךְ וַוארְפְט מֶען אַרֵיין צוּ לֶעצְט עֶטְוַואס זֶעמְמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ , אוּם עֶס זָאל זַיין קְלֵייקֶע . אוֹיךְ צוּ רַייבְּט מֶען אֵיינֶעלְכְלֶעךְ מִיט עֶטְוַואס זַאלְץ אוּנ מֶען פֶערְוַוייסְט דַאמִיט דֶעם יוֹיךְ . אִין דִיזֶען יוֹיךְ בְּרֶעקֶעלְט מֶען אַרֵיין הַארְט גֶעקָאכְטֶע אֵייעֶר וַוייסֶעל .

## MARINIRTER LACHS. מַארִינִירְטֶער לַאכְּס . № 101.

דֶער לַאכְּס וֶוערְט גֶעקָאכְט , וִויא אִין פָארִיגֶען נוּמֶער אִיז אָנְגֶעגֶעבֶּען . נָאר מֶען טְהוּט אַרֵיין בְּרֶעקְלֶעךְ זֶעמְמֶעל . וֶוען עֶר אִיז פַארְטִיג , נֶעהמְט מֶען דִיא שְׁטִיקֶער אַרוֹיס , לֵייגְט אִין אַיין רֵיימֶענֶעם טָאפְּף אוּנ מֶען שְׁטְרֵייט נָאךְ עֶטְוַואס גֶעווִירְץ (בְּשָׂמִים) אוּנ פֶעפֶער צְווִישֶׁען . מֶען קָאכְט אַפַּארְט גוּטֶען עֶסִיג , לָאזְט אִיהם אָבּ קִיהלֶען אוּנ מֶען גִיסְט אַרֵיין צוּ זַאמְמֶען מִיט דֶעם יוֹיךְ אִין וֶועלְכֶען דֶער לַאכְּס הָאט זִיךְ גֶעקָאכְט . דֶער יוֹיךְ מוּז אַרִיבֶּער דִיא פִישְׁשְׁטִיקֶער . וֶוען עֶס וֶוערְט אָבּ גֶעקִיהלְט , דֶעקְט מֶען דֶעם טָאפְּף צוּ . אַזוֹיא קֶען עֶר זִיךְ הַאלְטֶען אַלַאנְגֶע צַייט . וֶוען עֶס שְׁטֶעהט אִין אַקַאלְטֶען אוּנ טְרוּקֶענֶעם אָרְט .

## WEISS-FISCHE. וַויִיס-פִישֶׁע . № 102.

פֶערְשִׁידֶענֶע וַוייס פִישֶׁע וֶוערֶען גַאנְץ וִויא לַאכְּס גֶעקָאכְט . מוּרָאנֶען . צַאנְדֶער אוּנ רַאאבּ קֶען אוֹיךְ אַזוֹי מַארִינִירְט וֶוערֶען .

## GEBACKENER KARPFEN. גֶעבַּאקֶענֶער קַארְפּ . № 103.

מֶען שָׁאבְּט אָבּ דֶעם קַארְפּ , נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא אִינְגֶעוֵויידֶע , וַואשְׁט אִיהם רֵיין אוּנ מֶען צוּ שְׁנַיידְט אִיהם אִין שְׁטִיקֶער ; מֶען בֶּעשְׁטְרֵייט אִיהם מִיט זַאלְץ אוּנ מִיט אַבִּיסִיל וַוייסֶען פֶעפֶער , אוּנ מֶען לָאזְט אִיהם שְׁטֶעהֶען אִין אַצוּגֶעדֶעקְטֶע שִׁיסֶעל אַשְׁטוּנְדֶע לַאנְג . דַאן ווִישְׁט מֶען אָבּ דִיא שְׁטִיקֶער פִישׁ ; שְׁלָאגְט אַרֵיין אֵייעֶר אִין פְרִישֶׁע וַואסֶער אוּנ מֶען טוּנְקְט דֶערִינֶען דִיא פִישׁ ; מֶען בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט גֶערִיבֶּענֶע זֶעמְמֶעל , וָואס אִיז פֶערְמִישְׁט מִיט מֶעהל אוּנ מֶען פְּרֶעגֶעלְט זֵייא אִין פּוּטְטֶער בְּרוֹין . צוּם אָבְּטְרִיקֶענֶען לֵייגְט מֶען זֵייא אוֹיף אַטוּךְ אִיבֶּער לֶעשׁ פַּאפִּיר , אוּנ דַאן הֵייסֶערְהֵייט לֵייגְט מֶען אִין אַשִׁיסָעל אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ .

## BLAU ABGESOTTENER KARPFEN.

## אָבְּגֶעקָאכְטֶער קַארְפּ אִין אַבְּלָאעֶן קָאלִיר . № 104.

וֶוען דֶער קַארְפּ אִיז צוּ שְׁנִיטְטֶען , גִיסְט מֶען אַרוֹיף הֵייסֶען עֶסִיג , אוּם עֶר זָאל הָאבֶּען אַשֵׁיינֶעם בְּלָאעֶן קָאלִיר . דֶעם יוֹיךְ מַאכְט מֶען מִיט עֶסִיג אוּנ מִיט וַואסֶער , אוּם עֶר זָאל הָאבֶּען אַגֶעשְׁמַאקֶען זַייעֶר . מֶען גִיבְּט אַרֵיין נֶעגֶעלֶעךְ , גַאנְצֶע פֶעפֶער , שָׁאלֶעכְטְס פוּן לִימָאן , וואוּרְצֶעל פוּן פֶעטְרוּשְׁקֶע אוּנ זַאלְץ . מֶען

לאזט

לאזט דעם יויך אויפזידען אונ דאן לייגט מען דיא פישע הינאיין, דעקט צו אונ מען לאזט לאנגזאם קאכען. ווען עס איז אויס געקאכט, לייגט מען אויבען פלים פאפיר (גילזע) אונ מען לאזט אוויילע שטעהען. דאן לייגט מען דיא פיש אויף אשיסעל אונ אויבען גרינע געצופפטע פעטרושקע. מען קען דאס אויך דער לאנגען קאלטער הייט מיט עסיג אונ אייל.

## № 105. קארפ-פיש מיט פוטטער; KARPFEN MIT BUTTER.

ווען מען שניידט אויף דעם קארפ, מוז מען זיך היטטען, דיא גאלל ניט צו קוועטשען, אז ניט וועט זיין דיא פיש ביטטער; דערום איז בעסער. מען זאל איהם שפאלטען פון רוקקען. פון דער לעבער מוז דיא גאלל פארזיכטיג אראב גענומען ווערען. אויב דער קארפ איז גרויס, שפאלט מען איהם אין דער לענג אונ מען צושניידט איהם אין שטיקער. מען קאכט איהם אב אין וואססער מיט זאלץ, צוויבל, געווירץ אונ פעפער קערנער; מען שאמט איהם אב אונ מען לעשט איהם אב מיט עסיג. אין אהאלבע שטונדע איז ער געוואהנליך פערטיג; דאן נעהמט מען איהם ארויס מיט אגרויסע זיי-לעפעל אויף אַרעכט וואַרמע שיסעל, אונ אויבען גיסט מען ארויף הייס צושמאלצענע פוטער.

## № 106. געטושעטער קארפען. GEDÄMPFTER KARPFEN.

דער צו נעהמט מען אקארפ פון מיטטעלער גראסע. צו אקארפ פאר 3 פערזאנען, נעהמט מען 1/4 פונד פוטטער, 1/2 גלאז וויינעסיג, 1/8 פונד צוקער, אצוויבעל, עטוואס געווירץ אונ זאלץ. דעם קארפ שאבט מען אב, וואשט איהם אב אונ מען נעהמט ארויס דיא אינגעווייַדע; דאס בלוט לאזט מען אבריגען אין דעם עסיג. ניט צושניטטערהייט לייגט מען איהם אין אליימענעם טאפף, גיסט אויבען ארויף דעם עסיג מיט דעם בלוט אונ דיא איבריגע זאכען, וואס פריער איז דער מאנט. מען לאזט איהם טושען פעסט צוגעדעקט אויף אגעלינדען קוילענפייער, אדער אויף ניט אצוהייסע פליטע, 3/4 שטונדען. האטס דא קומט קיין וואססער ניט, דאך האט ער נאכדעם אשיינע סוס (יויך).

## № 107. קארפען נאך פאלנישער ארט. KARPFEN MIT BRÜHE.

מען שאבט דעם קארפ, מען נעהמט ארויס דאס איינגעווייַדע, דאס בלוט לאזט מען אין עסיג אבריגען אונ מען צומישט דארין. מען צושניידט איהם, מען לייגט דיא שטיקקער אין דעם עסיג אונ מען זאלצט צו. דאן גיסט מען ארויף זיסעס ברוינביער, פענעצען צוטרין, צוויבעל, ווארצעלן פון פעטרושקע, דיא רונדע (קארע) פון ברויט אונ עטוואס געשטויסענעם ענגלישעס געווירץ, — אונ מען שטעלט צו אפען פייער. ווען מען שאמט אב. פערזוכט מען; אויב דער יויך איז צו שוואך, לייגט מען צו נאך זאלץ. דאן טהוט מען אריין צוקער אדער סירופ. ווען עס איז שוין אללעס רעכט דורך געקאכט, טהוט מען אריין געריבענע

פְּפֶעפְּפֶער קוּכֶען (לֶעקֶעךְ) דַאצוּ, אוּם דֶער יוֹיךְ זָאל זַיין גֶעדִיכְטְלֶעךְ. אוֹיבּ מֶען וִויל אִיהם נָאךְ פֵיינֶער הָאבֶּען, קָאכְט מֶען אִיהם מִיט רוֹיט וַויין. אוֹיבּ דֶער קַארְפּ אִיז נִיט פֶּעטט, לֵייגְט מֶען הִינְצוּ פְרִישֶׁע פּוּטְטֶער. קַארְפֶּען אוֹיף דֶעם אַנְדֶער טָאג זַאלְצְט מֶען נִיט. הַריין אִיז גוּט דַאצוּ.

## SCHLEIE. שְׁלַייעֶן. № 108.

שְׁלַייעֶן שָׁאבְּט מֶען נִיט; זַייא וֶוערֶען נָאר גוּט מִיט זַאלְץ אָבּ גֶערִיבֶּען אוּנ גֶעוַואשֶׁען; דָאס טְהוּט מֶען 3—4 מָאל. מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דָאס אַיינְגֶעוַוייְדֶע וִויא גֶעוָואהנְלִיךְ, אוּנ אוֹיבּ דִיא שְׁלַייעֶן זַיינֶען גְרוֹיס, שְׁפַּאלְט מֶען זַייא אִין דֶער לַאנְג אוּנ מֶען צוּ שְׁנַייְדֶעט אִין שְׁטִיקְקֶער. דַאן קָאכְט מֶען זַייא וִויא הֶעכְט, זַייא שְׁמֶעקֶען גוּט, וֶוען מֶען הַאקְט אַריין אַהַייפֶּעל אוּקְרָאפּ (דִילְל) דֶער צוּ.

מֶען מוּז זַייא אָפְּט אָבְּלֶעשֶׁען, וַוייל דָאס אִיז זֶעהר אַוַוייכֶער פִּישׁ.

## BARS. אָקוּן. № 109.

עֶר וֶוערְט גֶעמַאכְט וִויא אַלְלֶע פִּישׁ; גֶעקָאכְט וִויא דֶער הֶעכְט № 93. נָאר מֶען מוּז אִיהם אָפְּט אָבְּלֶעשֶׁען, וַוייל עֶר אִיז אַוַוייכֶער פִּישׁ. אוֹיךְ דַארְף עֶר נִיט קָאכֶען אַלַאנְגֶע צַייט.

## GEBACKENE BARSE. גֶעבַּאקֶענֶע אָקוּנֶעס. № 110.

מֶען שָׁאבְּט זַייא אָבּ, שְׁנַייְדֶעט אוֹיף, אוּנ דִיא קִיסְקֶע צִיהט מֶען אַרוֹיס פוּן דִיא זַאבְּרֶעס (פוּן אוּנְטֶער דִיא אוֹיעֶרְן), אִינְדֶעם מֶען שְׁנַייְדְט אַיין פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען. דָאס אִיבְּרִיגֶע טְהוּט מֶען וִויא מִיט גֶעבַּאקְטֶע הֶעכְט № 98. דִיא אָקוּנֶעס דארְף זַיין פוּן מִיטֶעלֶער גְרֶאסֶע.

## STOCKFISEH. טְרֶעסְקַא. № 111.

דִיזֶע פִישֶׁע בֶּעקוּמְט מֶען שׁוֹין פַארְטִיגֶע גֶעוַוייכְטֶע. נָאר מֶען דַארְף דָאס אַלְלַיין אוֹיךְ קֶענֶען מַאכֶען. דִיא טְרוּקֶענֶע טְרֶעסְקַא וֶוערְט גוּט גֶעקְלַאפְּפְּט אוּנ אִין וַוייכֶעס וַואסֶער גֶעלֵייגְט; נָאךְ 24 שְׁטוּנְדֶע וֶוערְט דָאס וַואסֶער אָבְּגֶעגָאסֶען, מֶען שָׁאבְּט דֶעם פִּישׁ אָבּ אוּנ מֶען לֵייגְט אִיהם וִויעדֶער אוֹיף 24 שְׁטוּנְדֶען אוּנ לוֹיג (וֶועלְכֶע מֶען מַאכְט פוּן אַשׁ פוּן בּוּכֶענְהָאלְץ); נָאכְדֶעם קַאמְט עֶר וִוידֶער אוֹיף 24 שְׁטוּנְדֶען אִין פְרִישֶׁעס בְּרוּנֶענְוַואסֶער, — עֶס קוּמְט אוֹיס, אַז דְרַייא מֵעת לְעֵת וַוייקְט זִיךְ דֶער פִּישׁ אִין וַואסְסֶער. דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶוערְט דָאס וַואסֶער אָפְּט גֶעבִּיטֶען מִיט פְרִישֶׁען וַואסֶער. יֶעטְצְט שְׁטֶעלְלְט מֶען אִיהם צוּ צוּם פַייעֶר מִיט קַאלְטֶען וַואסֶער (מִיט טַייכְוַואסֶער אִיז בֶּעסֶער); נָאר אַזוֹא וַוייט׳ פוּן פַייעֶר, אַז אִין 2 שְׁטוּנְדֶען אַרוּם וֶוערְט עֶר עֶרְסְט הֵייס. וֶוען עֶס וַוייזְט זִיךְ פוּן פָארְנְט וַוייסֶער שׁוֹים, זָא אִיז דֶער פִּישׁ פַארְטִיג, אוּנ מֶען מוּז אִיהם תֵּיכֶף צוּנֶעהמֶען פוּן פַייעֶר אוּנ דֶעם יוֹיךְ אָבּ גִיסֶען, אַז נִיט וֶוערְט עֶר הַארְט, דַאן צוּ פְלִיקְט מֶען אִיהם (אָדֶער

מען

מֶען צוּשְׁנַיידֶעט) , מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא בֵּיינֶער , לֵייגט אִיהם אוֹיף אַהֵייסֶע שִׁיסֶעל אוּנ מֶען בֶּעשִׁיט מִיט זַאלְץ . דָאס וַואסֶער , וָואס הָאט זִיךְ וִויעדֶער גֶעזַאמֶעלְט , וֶוערְט אָבְּגֶענָאסֶען , מֶען שִׁיט אַרוֹיף גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע פֶּעפֶּער , אוּנ מֶען לֵייגְט דַארוֹיף אַשְׁטִיקְל פּוּטֶער . דִיא שִׁיסֶעל שְׁטֶעלְט מֶען אוֹיף אַהֵייסֶע פְּלִיטֶע אוּנ מֶען טְהוּט אוֹיבֶּען אַרוֹיף זֶעמְמֶעלבְּרֶעקְלֶעךְ , וָואס אִיז גֶעפְּרֶעגֶעלְט אִין פּוּטֶער .

דֶער צוּ וֶוערְט דֶערְלַאנְגְט קַארְטָאפֶּעלְן (אִין זַאלְצְוַואסֶער אָבְּגֶעקָאכְט) מִיט פּוּטֶער אוּנ מִיט גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע .

## FORELLEN. פָּארֶעלְלֶען. № 112.

דִיא פָּארֶעלְלֶען שְׁנַיידְט מֶען אוֹיף פוּן בּוֹיךְ , נֶעהמְט אַרוֹיס דָא אַיינְגֶעוֵויידֶע , וַואשְׁט גוּט אוֹיס אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ צוּם פַייעֶר מִיט קַאלְטֶען וֵוייכֶען וַואסֶער טַייכְוַואסֶער . זַייא מוּזֶען שַׁארְף גֶעזַאלְצֶען זַיין אוּנ זֶעהר זַאכְט גֶעקָאכְט , בִּיז זַייא וֶוערֶען פַארְטִיג . דַאן גֶעהמְט מֶען זַייא אַרוֹיס , לֵייגְט אוֹיף אַהֵייסֶע שִׁיסֶעל אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף עֶסִיג אוּנ אֵייל , אָדֶער צוּ לָאזֶענֶע פּוּטְטֶער .

## FISCH-KOULETTEN. פִּישׁ-קְנֵיידֶעל. № 113.

דֶער צוּ נֶעהמְט מֶען קְלֵיינֶע פִּישׁ , הֶעכְט אָדֶער אָקוּנֶעס , שָׁאבְּט זַייא אָבּ אוּנ מֶען וַואשְׁט זַייא רֵיין ; מֶען שָׁאבְּט אַרָאבּ דָאס פְלֵיישׁ פוּן דִיא פִּישׁ בֵּיין , פַארְמִישְׁט עֶס מִיט דִיא וֵוייכֶע פוּן זֶעמְמֶעל , פּוּטְטֶער , אַייעֶר , גֶעהַאקְטֶע צְוִויבֶּעל , זַאלְץ אוּנ פֶּעפֶּער ; מֶען צוּ הַאקְט אוּנ מֶען קְנֶעטֶעט עֶס גוּט דוּרְךְ , מַאכְט קְנֵיידְלֶעךְ דֶער פוּן פְלַאךְ אוּנ מֶען בְּרָאט זַייא אִין פּוּטֶער , בִּיז זַייא וֶוערֶען גֶעלְבּ בְּרוֹין .

## HÄRINGS-KOULETTEN. הֶארִינְג קְנֵיידֶעל. № 114.

דָא נֶעהמְט מֶען דִיא זֶעלְבֶּע צוּדַאטֶען (צוּטְהַאטֶען) וָואס אִין פָארִיגֶען נוּמֶער ; נָאר אִין דִיא הֶערִינְג וֶוערְט קֵיין זַאלְץ גֶעגֶעבֶּען . מֶען שֵׁיילְט זַייא אָבּ , וַואשְׁט זַייא אוּנ מֶען לָאזְט וֵוייקֶען 2 שְׁטוּנְדֶע . דַאן שָׁאבְּט מֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּן דִיא בֵּיינֶער הֶערוּנְטֶער אוּנ מֶען מַאכְט דִיא קְנֵיידְלֶעךְ , וִויא אוֹיבֶּען אִיז גֶעזָאגְט .

## IŨDISCHE FISCHE. גֶעוָואהנְלִיכֶע יוּדִישֶׁע פִּישׁ. № 115.

מֶען צוּשְׁנַיידְט דֶעם פִּישׁ אוֹיף שְׁטִיקֶער ; בֶּעשִׁיט מִיט זַאלְץ אוּנ מֶען לָאזְט לִיגֶען אַשְׁטוּנְדֶע . מֶען שֵׁיילְט אָבּ צְוַוייא גְרוֹיסֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ מֶען צוּ שְׁנַיידְט זַייא אִין שַׁייבֶּען (פֶּענֶעצֶען) ; מֶען צוּבְּרֶעקֶעלְט צִיבֶּעלֶע , צוּשְׁנַיידְט אַבִּיסְל סֶעלֶערֶיע , צְוַוייא פָּארְהֵייא , לֵייגְט צוּ אַבִּיסְל זַאלְץ אוּנ עֶטְלִיכֶע פֶּעפֶּערְקֶערְנֶער ; גִיסְט אַרוֹיף וַואסֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ אַפֶּען פַייעֶר . דֶער וַוייְלֶע פוּן יֶעדֶער שְׁטִיק פִּישׁ נֶעהמְט מֶען אַרוֹיס דָאס פְלֵיישׁ בִּיסְלֶעךְ וַויים . מֶען צוּ מִישְׁט מִיט צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע צְוִויבֶּעל . מֶען צוּ הַאקְט דָאס גוּט מִיט אַהַאקְמֶעסֶער , שִׁיט אַרוֹיף פֶּעפֶּער , שְׁלָאגְט אַרַיין אַיין אֵיי אַרוֹיעֶ מִיט אַשְׁטִיקֶעל גֶעוֵוייקְטֶע בּוּלְקֶע אוּנ מֶען הַאקְט

ווייטער

וַוייטֶער ; מִיט דִיזֶער מַאסְסֶע פִילְלְט מֶען דִיא שְׁטִיקֶער פִישׁ . מֶען לֵייגְט דִיזֶע אִין דֶעם קָאכֶענְדֶען יוֹיךְ, אַז דִיזֶער זָאל בֶּעדֶעקֶען דִיא פִישׁ. מֶען קָאכְט דִיא פִישׁ 1/2 שְׁטוּנְדֶע בַּייא אַגְרוֹיסֶען פַייֶער , אַרוּם פִישְׁקֶעסֶעל זָאל לִיגֶען דִיא שַׁאקֶעלֶעךְ , אוּנ מֶען נַאךְ אַכְטוּנְג גֶעבֶּען , אַז עֶס זָאל זִיךְ נִיט צוּ בְּרֶענֶען . דַאן לֶעשְׁט מֶען אָב מִיט אַגְלָאז קַאלְטֶעס וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען ½ שָׁעָה ; נָאךְ דֶעם גִיסְט מֶען וַוייטֶער אַרַיין נִיט אַפִילֶע גְלָאז וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען , בִּיז עֶס וֶוערְט פֶערְטִיג .

מֶען קֶען צוּ לֵייגֶען צוּ דִיא פִישׁ גְרוֹיסֶע רָאזִינֶקֶעס אָדֶער זַאפְרֶען , אָדֶער בֵּיידֶע צוּ זַאמְמֶען , בְּשַׁעַת מֶען לֶעשְׁט דֶעם עֶרְסְטֶען מָאל אָב .

גְרוֹיסֶע פִישׁ וִויא הֶעכְט אָדֶער סוּדַאק (סַאנְדֶער) פָארְדֶערְט 1 1/2 שְׁטוּנְדֶען קָאכֶען . אָקוּנֶעס (בַּארֶעס), לֶעשְׁץ (בְּרַאסְסֶען) פָארְדֶערְן וֶוייניגֶער צֵייט , טֵיילֶע זַייא זַיינֶען נִיט אַזוֹא הַארְט .

## GEDÄMPFTE FISCHE IN SAHNE.

### № 116. גֶעטוּשֶׁעטֶע פִישׁ אִין סְמֶעטֶענֶע מִיט קַארְטָאפֶעלְן .

מֶען לֵייגְט רוֹיעֶ קַארְטָאפֶעלְן , אִין פֶּענֶעצֶען גֶעשְׁנִיטְטֶען , אִין פִישׁ קֶעסֶעל , וֶועלְכֶער אִיז שׁוֹין אוֹיס גֶעשְׁמִירְט דִיק מִיט פּוּטְטֶער . מֶען מַאכְט צוּרֶעכְט דֶעם פִישׁ , גָאר וֶועלְכֶען ; מֶען צוּ שְׁנֵיידֶעט אִיהם אִין שְׁמָאלֶע שְׁטִיקֶער , מֶען בֶּעזַאלְצְט , בֶּעשִׁיט מִיט עֶנְגְלִישֶׁען פֶּעפֶער אוּנ מֶען לֵייגְט אִין קֶעסֶעל אוֹיף דִיא קַארְטָאפֶעלְן . דַאן וִוידֶער אַרֵייהֶע (אַפַּאךְ) קַארְטָאפֶעלְן אוּנ אַפַּאךְ פִישׁ , אוּנ זָא וַוייטֶער , בִּיז צוּ עֶנְדֶע . אוּנ אוֹיבֶען גִיסְט מֶען אַרוֹיף סְמֶעטֶענֶע , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען טוּשֶׁען.

### № 117. פִישׁ אוֹיף פְרַאנְצֶאזִישֶׁע אַרְט . FISCH AU-GRATIN.

דֶער צוּ גֶעהֶערְט וַוייס פִישׁ , וִויא סוּדַאק (סַאנְדֶער), אָקוּן (בַּארְס) . מֶען מַאכְט צוּ רֶעכְט דֶעם פִישׁ , לֵייגְט אִיהם אִין גַאנְצֶען אוֹיף אַבְּלֶעכֶענֶע שִׁיסֶעל אוּנ מֶען לֵייגְט אַרוּם שְׁטִיקֶער פּוּטֶער . מֶען צוּ שְׁנֵיידְט 10 אָבְּגֶעקָאכְטֶע גֶעטְרִיקְנֶטֶע בְּרָאווִיקֶעס (שְׁוֶועמְלֶעךְ) , פֶּעטְרוּשְׁקֶע , צְוִויבֶּעל ; דָאס פֶערְמִישְׁט מֶען אַלֶעס מִיט גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע וַוייס בְּרוֹיט אוּנ מֶען שִׁיט אַרוֹיף אוֹיף דֶער גַאנְצֶען פִישׁ , אַז עֶר זָאל זַיין גַאנְץ צוּגֶעדֶעקְט . מֶען לֵייגְט וַוייטֶער אַרוֹיף עֶטְלִיכֶע שְׁטִיקְלֶעךְ פּוּטְטֶער , גִיסְט צוּ אַהַאלְבֶּעס גְלָאז קַאלְטֶען יוֹיךְ , אָדֶער וַואסֶער , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אַרַיין אִין אוֹיבֶען אוֹיף 40 מִינוּט .

דָאס דֶער לַאנְגְט מֶען צוּם טִישׁ אִין דֶער זֶעלְבֶּע שִׁיסֶעל .

## KARAUSCHEN MIT SAHNESAUCE.

### № 118. קָארֶעסֶען מִיט סוֹיס פוּן סְמֶעטֶענֶע .

מֶען מַאכְט צוּ רֶעכְט דִיא קָארֶעסֶען , בֶּעזַאלְצְט אוּנ מֶען ווִישְׁט זַייא אוֹיס טְרוּקֶען . מֶען לֵייגְט זַייא אִין פִישׁ-קֶעסֶעל אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף אַיוֹיךְ פוּן פֶערְ- שִׁידֶענֶע וואוּרְצְלֶען אוּנ גֶעווירְצֶען . דֶער יוֹיךְ מוּז בֶּעדֶעקֶען דִיא פִישׁ אוּנ מֶען לָאזְט

אױפְזִידֶען אױף אַגרױסֶען פֵייעֶר. דֶער הַײל נֶעהמְט 2 גְלֶאזֶער שְׁמֶעטֶענֶע, ½ לֶעפֶּעל פוּטֶער אוּנ אַלֶעפֶּעל מֶעהְל; מֶען צוּ קְלָאפְּט דָאס מִיט אַלֶעפֶּעל צוּ זַאמֶען אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס פַאנַאנדֶער בַּייא אַלֵינְגֶען פֵייעֶר. מֶען פִיהרְט דָאס נָאכְדֶעם פַאנַאנדֶער מִיט דֶעם פִישׁ יוֹיךְ, קָאכְט דִיזֶע סוֹיס אוֹיס אוּנ מֶען בֶּגִיסְט דֶער מִיט דִיא קַארֶעפֶען:

## PINTE UND STINT № 119. סֶעלֶעוֶעס אוּנ קָארוּשְׁקֶעס.

דִיזֶע פִישׁ אִיז אַם גֶעשְׁמַאקְסְטֶען, וֶוען מֶען פְּרֶעגְלְט זֵייא אִין צוּא לָאזֶענֶע פוּטֶער. מֶען קַייקֶעלְט זֵייא אַיין פְּרִיעֶר אִין צוּרִיבֶּענֶעם סוּחַארֶעס (צְוִויבַּאק) אָדֶער אִין מֶעהְל, אָדֶער מֶען טוּנְקְט זֵייא אַיין פְּרִיעֶר אִין אַצוּשְׁלָאגֶענֶע אֵיי, אֵיידֶער מֶע בֶּעשִׁיט זֵייא מִיט צוּרִיבֶּענֶע סוּחַארֶעס.

## GEBACKENE BUTTEN. № 120. גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע בוּטְטֶען.

מֶען מַאכְט צוּרֶעכְט 3—4 פוּנְד פְּרִישֶׁע בוּטְטֶען: מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דָאס אִינְגֶעוֵויידֶע פוּן אוּנְטֶער דִיא זַאבְּרֶעס (פוּן אוּנְטֶער דִיא אוֹיעֶרן) שֵׁיילְט זֵייא אָבּ בֶּעזַאלְצְט אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא לִיגֶען 2 שְׁטוּנְדֶען. דַאן בֶּעשְׁמִירְט מֶען זֵייא מִיט אֵיי אוּנ מֶען קַייקֶעלְט זֵייא אַיין אִין גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע צְוִויבַּאק, וָואס אִיז אוֹיף הֶעלְפְט צוּ־מִישְׁט מִיט מֶעהְל. מֶען בְּרָאט זֵייא צוּ פוּן בֵּיידֶע זֵייטֶען אִין 2 לֶעפֶעל פוּטְטֶער - בֶּעגִיסְט מִיט אַהַאלְבֶּען גְלָאז שְׁמֶעטֶענֶע אוּנ מֶען דֶערלַאנְגְט צוּם טִישׁ.

## GEBACKENE SCHNÄPEL. № 121. גֶעבַּאקְטֶע סִיגֶעס.

אַסְךָ פוּן 3 פוּנְד בַּאקְט מֶען אִין אַיין וַוינְד אוֹיבֶען (אַיין אוֹיבֶען, וָואס אִיז גֶעמַאכְט צוּ טוּשֶׁען פִישׁ, פְלֵיישׁ), אִינְדֶעם מֶען גִיסְט אוּנְטֶער רֵייגֶעם אֵייל. קְלֵיינֶע סִיגֶעס מַאכְט מֶען צוּ רֶעכְט, מֶען וַואשְׁט זֵייא, שְׁפַּאלְט זֵייא, קַייקֶעלְט זֵייא אַיין אִין מֶעהְל אוּנ מֶען בְּרָאט זֵייא אוֹיף אַבְּרָאט פְּפַאנֶע (אַסְקָאווָארָאדֶע) אִין אֵייל אָדֶער אִין פוּטְטֶער.

## FISCH-COTELETTEN. № 122. קָאטְלֶעטְטֶען פוּן פִישׁ.

מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא בֵּיינֶער פוּן דִיא פִישׁ (בֶּעסֶער פוּן הֶעכְט), בֶּעזַאלְצְט דָאס פְלֵיישׁ אוּנ מֶען בֶּעשִׁיט מִיט אַבִּיסְל פְּרָאסְטֶע אוּנ עֶנְגְלִישֶׁען פֶּעפֶּער. דַאן פְּרֶעגֶעלְט מֶען אַיין אִין אַלֶעפֶּעל פוּטֶער אַבִּיסְל צוּ בְּרֶעקְלְטֶע צְוִויבֶּעל. וֶוען עֶס וֶוערְט אָבּ גֶעקִיהלְט, פֶערְמִישְׁט מֶען דָאס מִיט דִיא צוּהַאקְטֶע פִישׁ אוּנ מִיט וַוייבֶּע זֶעמֶעל, וָואס וַואר פְרִיעֶר אַיינְגֶעוֵוייקְט אִין מִילְךְ, מֶען צֶערְרַייבְּט דָאס גוּט, לֵייגְט צוּ נָאךְ פְּרִישֶׁע פוּטֶער אוּנ מֶען צוּ שְׁטוֹיסְט אִין אַשְׁטוּפְּקֶע אָדֶער מֶען קְלַאפְּט דָאס אַיין מִיט אַהִילְצֶערְנֶעם הַאמֶער דַאן לֵייגְט מֶען צוּ 2 גֶעלְבֶּעל, אַגַאנְצֶעס אֵיי אַנְגֶעקְאכְטֶע, אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס גוּט פַאנַאנְדֶער. דֶער פוּן מַאכְט מֶען לֶאנְגְלִיכֶע קָאטְלֶעטֶען, אִימֶער אַיין קַייקְלֶעכְדִיג אִין מֶעהְל. אִין יֶעדֶעס קָאטְלֶעט שְׁטֶעקְט מֶען
אריין

אריין ארויע שטיקל מאהר. אדער פעטרושקע. מען טונקט איין יעדעס קאטלעט אין אצושלאגענע איי, קייקעלט איין אין צערריבענע צוויבאק (סוהארעס) אונ מען פרעגלט אין הייסען פוטער (אייל).

## № 123. איין אנדערע ארט פיש קאטלעטטען.

מען לייגט דיא צורעכט געמאכטע פיש אין וואסער, אום עס זאל הערען שטייף; מען נעהמט ארויס דיא ביינער אונ מען צו שניידט אויף קליינע שטיקלעך. דאן בראט מען איין געברעקלטע צוויבל מיט מעהל אין פוטער, לייגט דאס צוזאמען מיט דיא צוהאקטע פיש אין אבלי אונ מען פיהרט דאס פאנאנדער מיט שמעטענע אונ צוויא אייער. פון דיזער מאססע מאכט מען קאטלעטען; מען לאזט זייא אריין אין קאכענדעס וואסער, נעהמט ארויס אונ מען פרעגלט אויף פוטער.

## № 124. קאטלעטען פון הערינג. HÄRING-COTLETTEN.

מען נעהמט עטליכע אויס געווייקטע הערינג, מען שיילט זייא אב אונ מען שאבט זייא אראב פון דיא ביינער אונ מען צו האקט זייא מיט אהאק מעסער. מען לייגט צוא איינגעפרעגלטע צוויבעל אין פוטער אונ מען מישט גוט פאנאנדער, מען שיט אריין אביסל געברעקלטע זעממעל, שלאגט אריין אפאר אייער, דער צו נאך אלעפעל שמעטענע; מען מישט עס גוט פאנאנדער אונ מען מאכט דער פון קאטלעטען. מען טונקט זייא איין אין איי אונ אין צו ברעקלטע סוהארעס, אונ מען פרעגלט אויף פוטטער.

## № 125. געהאקטע הארינג (געבראטענע). GEHACKTER HÄRING.

מען ווייקט גוט אויס זעכס הארינג, בעסער אין זיסער מילך; מען שיילט זייא אב, נעהמט ארויס דיא ביינער אונ מען צו האקט מיט איין האקמעסער. מען לייגט היניין אביסל געברעקלטע ציבעלע אויף פוטער געפרעגלטע, אויך צוויא גלאזער שמעטענע, פיר געלכלעך אונ אהאלבעס גלאז צוריבענע (צו שטויסענע) סוהארעס; מען דארף נאר זעהען, אז דיא מאססע זאל ניט זיין צו געדיכט. מען שמירט אויס דעם פורם מיט פוטטער, שיט אריין געשטויסענע סוהארעס, לייגט היניין דיא מאססע, בעשיט מיט פעפער אונ מען שטעלט אריין ניט אין אגאנץ הייסען אויבען.

עס איז בעסער, מען זאל נעהמען וויניגער סוהארעס אונ אנשטאט דעם געבען עטליכע קארטאפעלן צערריבענע, געבאקענע אדער געקאכטע.

## B. קאלטע שפייזען.

## № 126. הערינג פיין צו געריכט. GARNIRTER HÄRING.

(אויף זעכס פערזאן) — מען נעהמט 2 האלענדער הערינג, 4 קארטאפעלן געקאכטע, 3 בוריקעס, 1 לעפעל געהאקטע ציבעלע, 2 לעפעל פראוואנס בוימאייל

בוימאייל , 1 קליינע לעפעלע זענעפט , $\frac{1}{2}$ לעפעלע מעלעס צוקער , 2 לעפעל עסיג .

מען ווייקט אויס דיא הערינג אין מילך אדער אין וואסער , וואשט זייא אויס, נעהמט ארויס דיא ביינער , אינדעם מען צו שפאלט יעדער הערינג אין דער לענג אונ מען לייגט זייא ווידער אוועק , וויא עס געהערט צו זיין , אין דער זעלבע פארם , וויא זייא זיינען געוועזען : דיא קעפעלעך אונ דיא עקען אויף זייער ארט . דאן לייגט מען פון איין זייט דיא קארטאפעלן אין שייבען (פענעצען) געשניטען , אונ דיא אב געקאכטע בוריקעס אויך אזוא ; פון דעם אנדער זייט לייגט מען דיא גרינע געהאקטע צוויבעל אונ אוגערקעס , אויך אין שייבען געשניטען .

אויב דאס זיינען מילכהערינג , זא צערייבט מען דיא מילך מיט אלעפעל שמאנט פוטער אונ מען לייגט דאס פון ביידע זייטען הערינג .

דאן נעהמט מען דיא זענעפט , דיא צוקער אונ דיא בוימאייל, מען מישט דאס צו זאמען אונ מען רייבט דאס גוט דורך , אינדעם מען גיסט צו ביסלעך ווייס עסיג , אונ נאכדעם בעגיסט מען דאמיט דיא הערינג .

FİSCHE MİT GEHACKTEN EİERN.

## פיש מיט געהאקטע אייער . № 127.

איין סיג (אדער סודאק , אדער העכט) , 5 לארבער-בלאטער , 10 קערנער פעפער (ענגלישע אונ רוסישע) , 1 בינדל גרינס פון סעלעריע , 1 צוויבעל , 10 אייער , $\frac{1}{2}$ פונד פוטער אונ זאלץ .

מען מאכט צורעכט דעם פיש אונ מען לייגט איהם גאנצער הייט אין פיש-קעסעל מיט דיא לארבער-בלאטטער , פעפער , צוויבעל , דיא גרינס פון סעלעריע , אונ מען לאזט קאכען אין געזאלצענעם וואסער , ביז עס ווערט פערטיג . דאן נעהמט מען דעם פיש ארויס מיט איין זאיי לעפל אונ מען לייגט איהם פארזיכטיג אויף אפלאכע שיסעל .

דער ווייל קאכט מען אב דיא 10 אייער הארט , שיילט זייא אב אונ מען צו האקט זייא אין ברעקלעך . מען לייגט אין איין קליינע קאסטרולע אהאלב פונד פוטטער אונ מען שטעלט אויף דיא פליטע ; ווען דיא פוטטער ווערט צו גאנגען, שיט מען אריין אהין דיא געהאקטע אייער מיט זאלץ אונ מען מישט פאנאנדער , אינדעם מען גיסט צו אביסל פיש יויך ; ווען עס ווערט געדיכט , דער גיסט מען נאך יויך , וויא פיל מען דארף אונ מען בעגיסט דער מיט דעם פיש , וואס איז אין שיסעל . מען בעשיט מיט פעטרושקע אדער מיט געהאקטע אוקראפ .

מען קען צו דיא אייער צו מישען אביסיל געקאכטע קארטאפעלן .

## GEBRATENE FARCIRTE HÄRINGE. געפיללטע הערינג . № 128.

(פאר זעכס פערזאן) — מען נעהמט זעכס הערינג , 1/4 פפונד ווייסע געטריקענטע שוועמלעך , $\frac{1}{2}$ פפונד פוטטער , 3 שטיק צוויבער , 2 לעפעל געשטויסענע צוויבאק (סוהארעס) , $\frac{1}{2}$ פונד קרופצאטקע מעהל .

מען

מען וויקט אוים דיא הערינג, נעהמט ארוים דעם רוקענביין, שאבט ארוים דאס פלייש אונ מען לאזט אין גאנצען דיא הויט, דעם עק אונ דעם קאפ. דאן צו לאזט מען דיא פוטטער, פערגיסט דער מיט דיא הערינג אונ מען לאסט דיא פוטטער אב קיהלען. דער ווייל מאכט מען אזא געפילעכטס: מען וואשט אוים דיא שוועמלעך אונ מען קאכט זייא אב. אז זייא זיינען פערטיג, לייגט מען זייא אויף אזיפ; דאס וואססער רינט אב, אונ דיא שוועמלעך צו האקט מען מיט 3 צוויבעל אונ מיט דעם הערינג פלייש. אויב אין דיא הערינג איז דא מילך, צו רייבט מען עס מיט אלעפעל פוטטער, פערמישט מיט דיא שוועמלעך גוט, פיללט דער מיט אן יעדען הערינג אונ מען פערנייט; מען קייקעלט זייא איין אין מעהל אונ מען לייגט זייא אויף אפאנע (שקאוואראדע), איין אנגעווארעמטע אונ אונ איין אוים געשמירטע מיט פוטטער. אויף דיא הערינג בעשיטט מען געשטויסענע צוויבאק אונ מען לאזט עס איינפרעגלען. ארום דיא הערינג לייגט מען געוואוהנליך געבאקטע קארטאפעלן.

## MARİNİRTE STİNTE, PİNTEN ODER DORSCHE.

### № 129. מארינירטע קארושקעס, סעליזעס אדער נאוואגא.

מען שאבט אב דיא פישלעך, 20 שטיק; מען נעהמט ארוים דיא איינגעווייד, וואשט זייא אוים אונ מען קייקעלט זייא איין אין מעהל. דאן צו לאזט מען 2 לעפעל פוטטער, לייגט היניין דיא פיש, בעזאלצט אונ מען לאזט זייא פרעגלען. אימער אומקעהרענדיג זייא מיט אמעססער; ווען איין זייט ווערט ברוין, קעהרט מען אויף דיא אנדערע זייט. ווען דיא פיש איז אוים געבראטען, לייגט מען זייא אין אטיפע כלי אונ מען פערגיסט מיט איוך, וויא ווייטער איז אנגעוויזען.

### № 130. דער יויך צום מארינירען פיש.

מען נעהמט 2 גלאזער שטארקען עסיג, 2 גלאזער וואססער, 10 לארבער בלאטטער, 8 אדער 10 קערנער ענגלישע אונ רוסישע פפעפער, 1 צוויבעל אגרויסע, 1 לעפעל מעלעש צוקער, 1 טהיילעפעל זאלץ, 3 קערנער נעגעלעך, ½ טהיילעפעל מושקאטניס צו שטויסענע (צוריבענע).

מען צו מישט דאס אללעס צו זאממען. אונ מען לאזט דאס אויפזידען צווייא מאל אין אלייםענעם טאפף (ניט אין אקופפערנע קאסטרולע). ווען עס נעהמט דורך זידען נוייס, זייט מען דעם יויך דורך אזיפ אונ מען לאזט אב קיהלען. דאן בעגיסט מען דאמיט דיא פיש, שטעללט איי אקאלטען ארט אונ מען דעקט גוט צו

דיזען מארינאט איז בעסער צו האלטען אויף אייז.

### EİERKUCHEN MİT MİLCH. אפאנענקוכען מיט מילך. № 131.

אין אבוטעל מילך שלאגט מען אריין 6 אייער, מען צו מישט אונ מען טהוט
היניין

הינאַיין אַטהיילֶעפֶּעלע פּוּטֶטער. דַאס גִיסְט מֶען אַריין אִין אַפּוּרֶם, אִין וֶועלְכֶער מֶען זָאל דָאס קֶענֶען דֶערְלַאנְגֶען צוּם טִישׁ. מֶען שְׁטֶעלְלְט דָאס אִין אוֹיבֶען אוּנ הֶען גִיט אָפְּט אַכְטוּנְג, עֶס זָאל נִיט צוּ גֶעבְּרֶענְט וֶוערֶען. אִין אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע אִיז דָאס פֶּערְטִיג.

## № 132. אֵיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט פַּאנֶענְקוּכֶען מִיט מִילְךְ.

דִיא מִילְךְ שְׁטֶעלְלְט מֶען קָאכֶען; וֶוען עֶס גֶעהמְט אוֹיפְזִידֶען, לָאזְט מֶען אַריין דִיא אֵייעֶר פוּן דִיא שָׁאלֶעכְטְס אִין דִיא זִידֶענְדֶע מִילְךְ, אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג. וֶוען עֶס וֶוערְט גֶעדִיכְט, גִיבְּט מֶען אַריין אַלֶעפֶּעל פּוּטֶטער אוּנ אַהַייפֶּעל דִין צוּ הַאקְטֶע צְוִויבֶּעל; מֶען שִׁיטְט אַריין זַאלְץ, מֶען לֵייגְט דַאן אוֹיף אַטֶעלֶער אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ.

## WİNAİGRETTE MIT FLEISCH. № 133. רַאסָאל מִיט פְלֵייש.

מֶען נֶעהמְט פְלֵייש נָאר וֶועלְכֶע 2—3 פוּנְד, 7—8 קַארְטָאפֶעלְן גְרוֹיסֶע, 5 שְׁטִיק בוּרִיקֶעס, 1 גְרוֹיסֶע גְרִיזִינֶע (בְּרוּקְוֶוע), 2—3 צְוִויבֶּעל, 5 שְׁטִיק אוּגֶערְקֶעס (פְרִישֶׁע אָדֶער גֶעזַאלְצֶענֶע), ½ פְּפוּנְד גֶעזַאלְצֶענֶע שְׁוֶועמְלֶעךְ, 2 לֶעפֶעל פְּרָאוַאנְס בוֹימְאֵייל, 2 לֶעפֶּעל שְׁטַארְקֶען עֶסִיג, 2 לֶעפֶעל וַואסֶער, 1 לֶעפֶעל צוּקֶער, 1 טֶהיילֶעפֶעל זֶענֶעפְט, 1 לָעפֶעל גֶעהַאקְטֶע צְוִויבָּעל אָדֶער אוּקְרָאפּ, זַאלְץ נָאךְ בֶּעלִיבֶּען.

מֶען צוּ שְׁנֵיידְט דָאס פְלֵייש דִינֶע שְׁטִיקֶער אוּנ מֶען לֵייגְט אוֹיס אוֹיף אַשִׁיסִיל. (דָאס פְלֵייש קֶען זַיין גֶעבְּרָאטֶענֶע אָדֶער גֶעקָאכְטֶע, גֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן פְרִיעֶר) דֶער וַוייְלֶע קָאכְט מֶען אָב קַארְטָאפֶעלְן, דִיא בוּרִיקֶעס אוּנ דִיא גְרִיזִינֶע; מֶען שֵׁיילְט זֵייא אָב, צוּ שְׁנֵיידְט זֵייא אִין פֶענֶעצֶען (שֵׁייבֶען) אוּנ מֶען לֵייגְט אוֹיךְ אִין דֶער שִׁיסִיל, וואוּ דָאס פְלֵייש אִיז; מֶען שֵׁיילְט אָב דִיא אוּגֶערְקֶעס אוּנ מֶען צוּ שְׁנֵיידְט זֵייא אִין פֶענֶעצֶען; דִיא צְוִויבֶּעל צוּ הַאקְט מֶען אָדֶער מֶען צוּ שְׁנֵיידְט; אַזוֹיא אוֹיךְ דִיא שְׁוֶועמְלֶעךְ, אוֹיב זֵייא זֵיינֶען גְרוֹיסֶע, צוּ שְׁנֵיידְט מֶען זֵייא אִין 2 אָדֶער פִיר שְׁטִיקֶער.

דֶער וַוייְלֶע מַאכְט מֶען דִיא צוּטְהַאט (צוּדַאט): מֶען צֶערְרֵייבְּט דִיא בוֹימְאֵייל מִיט דִיא פַארְטִיגֶע זֶענֶעפְט, לֵייגְט צוּ זַאלְץ אוּנ דִיא מֶעלֶעשׁ צוּקֶער; מֶען פִירְט דָאס אַלְץ פַאנַאנְדֶער מִיט דֶעם עֶסִיג (אוֹיב דֶער עֶסִיג אִיז שְׁוַואךְ, זָא נֶעהמְט מֶען 4 לֶעפֶעל אוּנ נָאר קֵיין וַואסֶער). מִיט דִיזֶער צוּ טְהַאט בֶּעגִיסְט מֶען אַלֶעס, וָואס אִין שִׁיסֶעל אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס פַאנַאנְדֶער; מֶען בֶּעשִׁיטְט מִיט דִיא גֶעהַאקְטֶע צְוִויבֶּעל, אָדֶער מִיט אוּקְרָאפּ, אוּנ מֶען גִיסְט וַוייטֶער אַרוֹיף דִיא צוּ טְהַאט.

## WİNAİGRETTE MİT FİSCH. № 134. רַאסֶעל מִיט פִישׁ.

מֶען נֶעהמְט 2—3 פְפוּנְד פִישׁ (בֶּעסֶער גְרוֹיסֶע, וִויא: סוּדַאק, אַסֶעטְרִינֶע, לַאכְס, בֶּעלָארִיבֶּעץ), 2 קֶעפֶעל פּוּטֶטֶער, ½ פְּפוּנְד מֶעהל, 1 לֶעפֶּעל קַאפֶּערְסֶען,

3 לֶעפֶּעל מַאסְלִינֶעס (אָלִיוֶוען), 7—8 קַארְטָאפֶּעלְן, 5 שְׁטִיק בּוּרִיקֶעס, 2—3 צְוִויבֶּעל, 1 גְרִינְנֶע (בְּרוּקְוֶוע), 5 אוּגֶערְקֶעס (פְרִישֶׁע אָדֶער גֶעזַאלְצֶענֶע) 1/4 פוּנְד גֶעזַאלְצֶענֶע שְׁוֶועמְלֶעך, 2 לֶעפֶּעל פְּרָאוַואנְס בּוֹימֶעהל, 2 לֶעפֶּעל שְׁטַארְקֶען עֶסִיג, 2 לֶעפֶּעל וַואסֶער, 1 לֶעפֶּעל מֶעלֶעשׁ צוּקֶער, 1 טֶהיילֶעפֶּעל פַארְטִינֶע זֶענֶעפְט, 1 לֶעפֶּעל גֶעהַאקְטֶע צְוִויבֶּעל אָדֶער אוּקְרָאפּ, זַאלְץ נָאךְ בֶּעלִיבֶּען.

מֶען מַאכְט צוּ רֶעכְט דִיא פִישֶׁע, וִויא גֶעוֶואהנְלִיךְ; מֶען וַואשְׁט אוֹיס, רַייבְּט אוֹיס מִיט זַאלְץ אוּנ מֶען קַייקֶעלְט אַיין אִין מֶעהל. דֶער וַוייֶלֶע לֵייגְט מֶען אוֹיף אַפְּפַאנֶע דִיא פּוּטְטֶער אוּנ מֶען רָאזְט עֶס צוּ גֶעהֶען; דַאן לֵייגְט מֶען דַאהִין דִיא שְׁטִיקֶער פִישׁ, וָואס אִיז אַיינְגֶעקַייקֶעלְט אִין מֶעהל, אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא בְּרָאטֶען, אִינְדֶעם מֶען גִיט אַכְטוּנְג, עֶס זָאל זִיךְ נִיט צוּ בְּרֶענֶען. וֶוען אֵיין זַייט וֶוערְט גוּט בְּרוֹין, זָא קֶעהרְט מֶען עֶס אִיבֶּער אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע. וֶוען דִיא פִישׁ אִיז דִיק, מוּז מֶען אַכְטוּנְג גֶעבֶּען: אַז דִיא וַוייכֶע זָאל זִיךְ גוּט דוּרְךְ בְּרָאטֶען אוּנ עֶס זָאל נִיט אַרוֹיס גֶעבֶּען אַרוֹיעֶן זַאפְט. מֶען מוּז בֶּעמֶערְקֶען, אַז נִיט דֶער קָאכְטֶע אָדֶער נִיט בְּרָאטֶענֶע פִישׁ אִיז שְׁוֶוער דֶעם מָאגֶען צוּ פֶערְדַייעֶן אוּנ עֶס אִיז אוּנְגֶעזוּנְט:

דִיא צוּ טְהַאט מַאכְט מֶען, וִויא בַּייא דֶעם פְלֵייש וִוינֶעגְרֶעטְט, וִויא אִין פָארִינֶען נוּמֶער אִיז אָנְגֶעוִויזֶען.

## MARINIRTE HÄRINGE. מַארִינִירְטֶע הֶערִינְג. № 135.

מֶען וַוייקְט דִיא הֶערִינְג אִין וַואסֶער אָדֶער אִין מִילְךְ. מֶען לָאזְט אוֹיפְזִידֶען עֶסִיג מִיט פְּפֶעפֶער אוּנ לָארְבֶּער בְּלֶאטְטֶער, לָאזְט אָבְּקִיהלֶען אוּנ מֶען צוּ פִיהרְט דָאס מִיט דִיא צוּ רִיבֶּענֶע הֶערִינְג מִילְךְ; דַאן בֶּעגִיסְט מֶען דַאמִיט דִיא הֶערִינְג. וֶוען מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ, בֶּעגִישְׁט מֶען מִיט פְּרָאוַואנְס בּוֹימֶעהל.

## FARCIRTE EİER. אֵייעֶר מִיט גֶעפִילְלֶעכְטְס. № 136.

(פַאר 6 פֶּערְזָאן) — מֶען גֶעהמְט 20 אֵייעֶר, 1/2 פְּפוּנְד פּוּטְטֶער, 1 גְלָאז שְׁמֶעטֶענֶע, 2 לֶעפֶּעל צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע סוּהַארֶעס (צְוִוִיבַּאק), זַאלְץ אוּנ פְּפֶעפֶער נָאךְ בֶּעלִיבֶּען.

מֶען קָאכְט אָב הַארְטֶע 18 אֵייעֶר, שֵׁיילְט זֵייא אָב אוּנ מֶען צוּ שְׁנַיידְט יֶעדֶעס אֵיי אוֹיף הֶעלְפְט; מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא גֶעלְכְלֶעךְ בֶּעהִיטְזַאם אוּנ מֶען לֵייגְט אוֹיף אַטֶעלְלֶער; מֶען צֶערְרַייבְּט זֵייא מִיט דִיא פּוּטֶער, שִׁיט צוּ זַאלְץ אוּנ פְּפֶעפֶער; מֶען טְהוּט הִינְאַיין צְוֵוייא רוֹיעֶ גֶעלְכְלֶעךְ אוּנ מֶען מִישְׁט גוּט פַאנַאנְדֶער. נַאכְדֶעם גֶעהמְט מֶען צוּ טֶהיילֶעפֶּעלֶעךְ פוּן דִיזֶער מַאסְסֶע אוּנ מֶען לֵייגְט אִין דִיא פֶערְטִיפוּנְג פוּן דִיא וַוייסְלֶעךְ.

דַאן שְׁמִירְט מֶען אוֹיס אַפְּפַאנֶע מִיט (אַשְׁקָאוָארָאדֶע) מִיט פּוּטְטֶער, מֶען גִיסְט אַרוֹיף 3 לֶעפֶּעל שְׁמֶעטֶענֶע אוּנ מֶען לֵייגְט דַאהִין דִיא גֶעפִילְט וַוייסְלֶעךְ, דָאס גֶעפִילְלֶעכְטְס אַרוֹיף. אוֹיבֶּען פֶערְגִיסְט מֶען מִיט דִיא אִיבְּרִיגֶע שְׁמֶעטֶענֶע, מֶען שִׁיט

אַרוֹיף

אַרוֹיף דיא גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צְוִיבַּאק אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אוֹיף אַהַאלְבּ שָׁעָה אִין אוֹיבֶען .

וֶוען מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ , לֵייגְט מֶען אוֹיס יֶעדֶעס הַאלְבּ אֵיי בֶּעהוּטְזַאם אוֹיף אַשִׁיסֶעל . דָאס גֶעפִילְלֶעכְטֶס אַרוֹיף , אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט מִיט דֶעם זַאפְט וָואס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער פְּפַאנֶע .

# פִירְטֶער אַבְשְׁנִיט.

VON BRATEN, SCHMOREN DES FLEISCHES UND GEFLUGEŁS UND VON DEN VERSCHIEDENEN EINGEMACHTEN DERSEŁBEN.

פוּן בְּרָאטֶען , טוּשֶׁען פוּן פְלֵייש אוּנ פוּן עוֹף , אוּנ אַלֶערְלֵייא גֶערִיכְטֶען דֶער פוּן .

## RINDERBRATEN MIT KARTOFFELN.

### A № 137. רִינְד בְּרַאטֶען מִיט קַארְטָאפֶּעלְן .

מֶען נֶעהמְט 5 פְּפוּנְד רִינְד פְלֵייש , 15 קַארְטָאפֶּעלְן מִיטְטֶעלֶע , 1 לֶעפֶּעל פֶּעטְט (שְׁמַאלְץ), 1 לֶעפֶּעל מֶעהל , 1 גְלָאז קְוַאס , 5 צְוִיבֶּעל , אוּנ זַאלְץ נָאךְ בֶּעלִיבֶּען .

מֶען קְלַאפְּט אוֹיס דָאס פְלֵייש פוּן אַלֶע זַייטֶען , לֵייגְט אוֹיף אַבְרָאטְפְּפַאנֶע אוּנ מֶען בֶּעזַאלְצְט ; מֶען גִיסְט אַרוֹיף דִיא קְוַאס אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אַהֵייסֶען אוֹיבֶען , אוּם עֶס זָאל גִיכֶער וֶוערֶען בְּרוֹין . מֶען גִיבְּט אָפְּט אַכְטוּנְג , בֶּעגִיסְט מִיט דֶעם זַאפְט פוּן דֶער פְּפַאנֶע אוּנ מֶען קֶעהְרְט מֶעהר מָאל אוּם . וֶוען דָאס פְלֵייש אִיז שׁוֹין גֶענוּג בְּרוֹין , נֶעהמְט מֶען אַרָאבּ דִיא פְּפַאנֶע אוּנ מֶען לֵייגְט אַרוּם דָאס פְלֵייש מִיט רוֹיעֶ גֶעשֵׁיילְטֶע אוּנ צוּ שְׁנִיטְטֶענֶע קַארְטָאפֶּעלְן , מִיט צְוִיבֶּעל , אוּנ מֶען לָאזְט 3 שְׁטוּנְדֶען זִיךְ בְּרָאטֶען נִיט אִין אַגַאנְץ הֵייסֶען אוֹיבֶען . דַאן נֶעהמְט מֶען אַרוֹיס דִיא פְּפַאנֶע אוּנ מֶען פְּרוּבִּירְט אָן דָאס פְלֵייש מִיט אַגַאבֶּל : וֶוען עֶס אִיז וֵוייךְ אוּנ עֶס גֶעהט אַרוֹיס פוּן אִיהם אַהֶעלְל רָאזֶע זַאפְט , זָא אִיז עֶס פֶערְטִיג . אוֹיבּ עֶס אִיז נָאךְ נִיט צַייט צוּ דֶער לַאנְגֶען צוּם טִישׁ , זָא לָאזְט מֶען עֶס שְׁטֶעהן אוֹיף אַוַוארְמֶען אָרְט צוּ גֶעדֶעקְטֶערְהֵייט , אוּם עֶס זָאל זִיךְ נִיט פֶערְטְרִיקְנֶען .

פַאר דֶעם עֶסֶען שְׁטֶעלְט מֶען עֶס אוֹיף אַקוּרְצֶע צַייט אִין אוֹיבֶען אָן צוּ וַוארְמֶען . דַאן גִיסְט מֶען אָבּ אִין אַבֶּעזוּנְדֶער כֵּלִי דֶעם זַאפְט פוּן דֶעם פְלֵייש אוּנ מֶען נֶעהמְט אַרָאבּ דָאס פֶּעטְט . מֶען נֶעהמְט דִיא שְׁמַאלְץ אוּנ דָאס מֶעהל , צוּ רֵייבְּט צוּ זַאמֶען אוּנ מֶען פִיהְרְט פַאנַאנְדֶער מִיט דֶעם פְלֵייש זַאפְט ; מֶען גִיסְט דָאס אַרוֹיף אוֹיף דִיא פְּפַאנֶע , שְׁטֶעלְלְט אוֹיף דִיא פְּלִיטְטֶע אוּנ מֶען מִישְׁט גוּט מִיט דֶעם לֶעפֶּעל , בִּיז דָאס מֶעהל וֶועט וֶוערְן בְּרוֹין . מֶען בֶּעגִיסְט דַאמִיט דָאס פְלֵייש אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ .

## GESCHMORTES RINDFLEISCH.

## № 138. געטושעטע רינד-פלייש מיט צוטהאט.

מען נעהמט 6 פפונד פלייש (פילע, לענדענשטיק), זאלץ אונ אינגבער נאך בעליבען, 1/2 פפונד פעטט, 1 מאהר, 1 ריבע, 1 שטיק פעטרושקע, 1 שטיק צוויבעל, 5 לארבערבלאטטער, 8 קערנער פפעפער, 3—4 שטיק נעגעלעך, 2 גלאזער קוואס.

מען רייבט דורך דאס פלייש מיט זאלץ אונ אינגבער אונ מען לייגט עס אין אקאסטרולע אדער אין אקעסעל; מען לייגט צו דאס פעטט, דעם מאהר, דיא ריבע, דיא פעטרושקע, צוויבעל, לארבערבלאטטער, פפעפער אונ נעגעלעך, מען גיסט ארויף דיא קוואס אונ מען דעקט צו דיא קאסטרולע; מען שטעללט אויף דיא פליטע אונ מען לאזט טושען דאס פלייש 1½ שטונדען. נאכדעם קעהרט מען דאס איבער; אויב עס איז ווייניג זאפט, זא דערלייגט מען בוליאן אדער קוואס, וויא פיל עס פארדערט זיך; מען לאזט עס זיך איינבראטען אויף אמיטעלן פייער, ביז עס ווערט פארטיג, דאס הייסט, ביז דיא גאפעל געהט לייכט אריין אין דאס פלייש. פאר דעם עסען נעהמט מען ארויס דאס פלייש אויף אשיסל, אונ דעם זאפט, וואס בלייבט אין קאסטרולע, צעררייבט מען גאנץ גוט נאך אפען פליטע; מען זייט דורך, בעגיסט דאס פלייש אונ מען דערלאנגט צום טיש. דער זאפט מוז זיין געדיכטלעך; דאהער רייבט מען עס דורך אזיפ.

צו דיזעם בראטען גיבט מען סאלאט, נאר בעסער איז דאצו גורקען גרינע אדער געזאלצענע.

## MARINIRTER RINDERBRATEN.

## № 139. מארינירטער רינדבראטען.

מען נעהמט 6 פפונד פלייש (פיליא, לענדענשטיק), זאלץ נאך בעליבען, 5 לארבער בלאטער, 15 קערנער פפעפער (רוסישע אונ ענגלישע), 1 קאפּל קנאבל, 1 גרויסע צוויבעל, 5 נעגעלעך, עסיג אונ קוואס אזוא פיל, אז עס זאל בעדעקען דאס פלייש, 1 לעפעל מעהל, 1 לעפעל שמאלץ.

מען צו שטעכט דאס פלייש מיט אגאבעל, לייגט עס אין אלאנגליכע טאפּף אונ מען טהוט אריין דיא לארבער-בלאטער, דיא פפעפער, דיא צושניטענע צוויבעל אונ דיא נעגעלעך; מען פערגיסט גאר דאס פלייש אריבער מיט עסיג, אויף העלפט צו מישט מיט קוואס; מען דעקט צו מיט אדעקל אונ מען האלט דאס אין קאלטען ארט 5—8 טעג. יעדען טאג קעהרט מען איבער דאס פלייש אונ מען שטעכט אן ארום מיט דעם קאפּל. — ווען מען דארף דאס פלייש צו בערייטען, נעהמט מען עס ארויס פון טאפּף, שטעקט אן מיט פעט אונ מיט קנאבל, שניידעט עס לייכט איין אין עטליכע ערטער אונ מען דריקט אריין איניוויניג דען זאפט פון 2 געהאקטע צוויבל. דאן לייגט מען אין קאסטרולע, מען גיסט צו 1½ גלאזער

פון

פוּן דֶעם עֶסִיג גֶעמִישְׁט מִיט קְוַואס , אִין וֶועלְכֶען עֶס הָאט זִיךְ גֶעוַוייקְט ; מֶען שְׁטֶעלְלט עֶס בְּרָאטֶען אוּנ מֶען גִיבְּט אַכְטוּנְג , אִינְדֶעם מֶען קֶעהְרְט עֶס מֶעהר מָאל אוּם אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט אָפְּט מִיט דֶעם אֵיינֶעגֶעם זַאפְט ; מֶען לָאזְט אַיינְבְּרָאטֶען בִּיז וֵוייךְ . עֶס דַארְף זִיךְ אֵיינֶענְטְלִיךְ בְּרָאטֶען 2—3 שְׁטוּנְדֶען .

וֶוען מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ , מַאכְט מֶען דִיזֶע צוּטְהַאט (אָדֶער צוּ גוּס) :

מֶען נֶעהְמְט אַלֶעפֶּל שְׁמַאלְץ אוּנ אַלֶעפֶּעל מֶעהל , רַייבְּט עֶס פַאנְאַנְדֶער , צוּגִיסֶענְדִיג עֶטְוָואס זַאפְּט פוּן דֶעם פְלֵייש . מֶען גִיסְט עֶס אוּיס אוּיף דִיא פְּפַאנֶע , רַייבְּט פַאנְאַנְדֶער מִיטְ'ן לֶעפֶּעל , בִּיז עֶס וֶוערְט גוּט צוּ מִישְׁט מִיט דֶעם מֶעהל . דַאן לֵייגְט מֶען אַרוּיף דָאס פְלֵייש אוּיף אַשִׁיסְל ; מֶען צוּ מִישְׁט אוּיף דֶער פְּפַאנֶע דֶעם זַאפְּט מִיט דֶער צוּטְהַאט , בֶּעגִיסְט דָאס פְלֵייש אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ .

צוּ דִיזֶעם בְּרַאטֶען גִיבְּט מֶען גְרִינֶע סַאלַאט , זוֹיעֶרֶע אוּגֶערְקֶעס אָדֶער פְּרִישֶׁעס גֶעשְׁנִיטְטֶענֶעס קְרוּיט .

## № 140. גֶעוֶואהְנְלִיכֶער רִינְדְבְּרַאטֶען . RINDERBRATEN.

מֶען נֶעהְמְט אַם בֶּעסְטֶען אַהַארְטֶעס גְרָאבֶּעס , אָבֶער זַאפְּטִיגֶעס שְׁטִיק פְלֵייש. זָאדִיג פְלֵייש (וואוּ מֶען קֶען דָאס נָאר טְרֵייבֶּערְ'ן) אִיז בֶּעסֶער דַאצוּ . וֶוען דָאס פְלֵייש אִיז נִיט פֶעטט , שְׁפִּיקְט מֶען עֶס , דָאס הֵייסְט , מֶען צִיהְט עֶס דוּרְךְ מִיט אַזוֹא אַיין אָרְט שְׁפִּיקְנַאדֶעל מִיט לַאנְגֶע פַאסֶען פוּן פֶעטט (אָדֶער מֶען שְׁטֶעקְט אַזוֹא אָן פֶעטְטֶס) . מִיט דְרַייא טֶעג פְרִיעֶר מוּז מֶען פֶּאקֶעלְן דָאס פְלֵייש , דָאס הֵייסְט , מֶען רַייבְּט עֶס גוּט אַיין מִיט זַאלְץ , וָואס אִיז פֶערְמִישְׁט מִיט צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע סֶעלִיטְרַא (סַאלְפֶּעטֶער) , מֶען דְרִיקְט עֶס פֶעסְט אַיין אִין אַפֶּעסְל , אָדֶער אִין אַשְׁטֵיינְטָאפְּף , אוּנ מֶען לֵייגְט אוּיבֶען אַרוּיף אַשְׁוֶועהֶען שְׁטֵיין . וֶוען מֶען דַארְף דֶעם בְּרַאטֶען אִין אוּיבֶען בְּרֵיינְגֶען , לֵייגְט מֶען אִין דִיא בְּרָאטְפְּפַאנֶע אַקְלֵיינֶע לֵייטֶער פוּן הַארְטֶען הָאלְץ (נִיט סַאסְנָאוו) אוּנ קָארֶע פוּן בְּרוּיט , אוּם דָאס פְלֵייש זָאל זִיךְ נִיט אָנְבְּרֶענְנֶען . דַאן לֵייגְט מֶען גֶעווּירְץ פְּפֶעפֶּער , גֶעשְׁנִיטֶענֶע צְוִויעבֶּעלְן , אַיין לָארְבֶּער בְּלַאט אוּנ אַגַאנְצֶען אִינְגְבֶּער ; דַארוּיף לֵייגְט מֶען דָאס פְלֵייש אוּנ מֶען גִיסְט אַרוּיף וַואסֶער (אָדֶער הַאלְב וַואסֶער אוּנ הַאלְב בְּרוּינְבִּיעֶר) אַזוֹא פִיל , אַז עֶס זָאל נִיט אַרִיבֶּער קָאכֶען . אִין אֵיינֶער פֶערְדֶעקְטֶע פְּפַאנֶע בְּלֵייבְּט דָאס פְלֵייש זַאפְּטִיגֶער , אוּנ אוּיב נִיט מוּז מֶען עֶס אוּיךְ אָפְּט מִיט דֶעם אֵיינֶעגֶעם יוּיךְ בֶּעגִיסֶען . וֶוער עֶס לִיבְּט , קֶען מֶען אִין דָאס פְלֵייש אַרְטֶער וַויים אָבְגֶעשֵׁיילְטֶע קְנָאבֶּעל שְׁטֶעקֶען . בַּיין דֶער לֶאנְגֶען צוּם טִישׁ , נַייט מֶען דִיא סוּים דוּרְךְ אַזוֹיפ .

## № 141. גֶעפִילְלְטֶער רִינְדְבְּרַאטֶען . GEFÜLLTER RINDERBRATEN.

דָאס פְלֵייש וֶוערְט פָארְבֶּערֵייטֶעט , וִויא אִין פָארִיגֶען נוּמֶער . דַאן מַאכְט מֶען אַגֶעפִילְלֶעכְטְס פוּן פְלֵייש אַזוֹא : מֶען צוּ הַאקְט פְלֵייש זֶעהר דִין מִיט פֶעט צוּ זַאמְטֶען , מֶען טְהוּט אַרַיין צְוֵוייא צוּ קְלַאפְּטֶע אֵייעֶר , גֶעהַאקְטֶע צְוִויבֶּעלְן , פֶּעפֶּער , זַאלְץ אוּנ 2 גֶעוֵוייקְטֶע זֶעמְמֶעל , אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס גוּט צוּ זַאמְמֶען .

דאן

דַאן שְׁנַיידֶעט מֶען דֶעם בְּרַאטֶען אִין דֶער קְוֶוער דוּרְךְ, לֵייגְט הִינְאַיין דָאס גֶעפִּילֶעכְטֶס, גִיט צוּ זַאמֶען אוּנ מֶען בְּרָאט עֶס, וְויא אוֹיבֶען אִיז גֶעזָאגְט.

## № 142. זוֹיעֶר בְּרַאטֶען. SAUERBRATEN.

מֶען נֶעהמְט הַארְטֶעס גְרָאבֶּעס פְלֵייש, מֶען צוּ קְלַאפְּט עֶס אוּנ מֶען פֶּאקֶעלְט עֶס אַיין אוֹיף אַמְעֵת לְעֵת. נָאכְדֶעם שְׁטֶעקְט מֶען עֶס אָן מִיט נֶעגֶעלֶעךְ, לֵייגְט עֶס אִין עֶסִיג מִיט עֶטְלִיכֶע לָארְבֶּערְבְּלֶאטֶער, גֶעוְויִרְצְקֶארְנֶער אוּנ פֶעפֶערְקֶארְנֶער; מֶען דֶעקְט עֶס צוּ אוּנ מֶען לֵייגְט אַרוֹיף אַשְׁטֵיין, אַז דֶער יוֹיךְ זָאל אַרִיבֶּער, אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אַזוֹא שְׁטֶעהֶען אִיבֶּער 8 טָאג. יֶעטְצְט וֶוערְט דָאס פְלֵייש אִין דִיזֶען עֶסִיג אָבְּגֶעוַואשֶׁען, אוּנ מֶען לֵייגְט עֶס אִין טָאפְּף; אוּנְטֶען אָבֶּער לֵייגְט מֶען אַבְּרֵייטֶע קָארֶע (רוּנְדֶע) פוּן בְּרוֹיט, אוּם דָאס פְלֵייש זָאל זִיךְ נִיט אָבְּרֶענֶען; דָאס מַאכְט אוֹיךְ דֶעם יוֹיךְ קְרֶאפְטִיג אוּנ גֶעדִיכְטְלֶעךְ. דַאן טְהוּט מֶען אַרַיין פְרִישֶׁע גֶעוְויִרְץ אוּנ פֶעפֶער קָארְנֶער, אֵיין לָארְבֶּער בְּלַאט, צְווִיבֶּעלְן, שוֹיבֶּען (פֶּענֶעצֶען) פוּן צוּטְרִין, אָבֶּער אָהְן דִיא זוֹימֶען אוּנ אָבְּגֶעשֵׁילְט. וֶוען דָאס פְלֵייש אִיז מָאגֶער שְׁפִּיקְט מֶען עֶס, דָאס הֵייסְט, מֶען צִיהט עֶס דוּרְךְ מִיט אַשְׁפִּיקְנָאדֶעל מִיט שְׁמָאלֶע פַאסֶען (שְׁטְרַייפֶען) פֶעט. דַאן גִיסְט מֶען אַרוֹיף צְוֵוייא טְהֵייל עֶסִיג אוּנ אַדְרִיטְל וַואסֶער (אָדֶער זִיסֶעס בְּרוֹינְבִּיער); מֶען דֶעקְט עֶס גוּט צוּ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אַרַיין אִין אוֹיבֶען אָדֶער אוֹיף קוֹילֶען. אִין צְוֵוייא שְׁטוּנְדֶען אַרוּם אִיז עֶס פֶערְטִיג. אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע פַאר דֶעם טְהוּט מֶען אַרַיין עֶטְוָואס צוּקֶער אוּנ גֶערִיבֶּענֶע לֶעקֶעךְ.

## № 143. גֶעטוּשֶׁעטֶע רִינְדְפְלֵייש. GEDÄMPFTES RINDFLEISCH.

מֶען נֶעהמְט אַשְׁטִיק וַוייכֶעס (מִירְבֶּעס), פֶעטֶעס פְלֵייש, אָהְן בֵּיינֶער; מֶען צוּקְלַאפְּט עֶס, בֶּעזַאלְצְט אוּנ מֶען לֵייגְט עֶס אִין אַלֵיימֶענֶעם טָאפְּף מִיט צְווִיבֶּעלְן, גֶעוְויִרְץ, פֶעפֶער, פֶענֶעצֶען פוּן צוּטְרִין, אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף עֶטְלִיכֶע לֶאפֶעל וַואסֶער. דַאן נֶעהמְט מֶען אַפַּאס פַּאפִּיר, בֶּעשְׁטְרַייכְט עֶס מִיט מֶעהל וַואסֶער אוּנ מֶען פַארְקְלֶעבְּט דֶער מִיט דֶעם טָאפְּף אַרוּם דֶעקְל. מֶען שְׁטֶעלְלְט עֶס אִין קוֹילֶען, אַז דִיזֶע זָאלֶען אוּיס קוּמֶען אַרוּם אוּנ אַרוּם, — אָדֶער אִין אוֹיבֶען. אִין קְנַאפֶּע דְרַייא שָׁעָה אִיז עֶס פֶערְטִיג אוּנ עֶס הָאט דִיא קְרֶאפְטִיגְסְטֶע סוֹיס.

## FRANZÖSISCHES RINDFLEISCH.
## № 144. פְרַאנְצֶאזִישֶׁעס רִינְד-פְלֵייש.

מֶען לֵייגְט אַרוּם דֶעם שְׁמָארְטָאפְּף (דֶעם טָאפְּף צוּם טוּשֶׁען) מִיט פֶעט אוּנ מִיט וואוּרְצֶעל וֶוערְק; מֶען לֵייג דַאצוּ גֶעוְויִרְץ אוּנ רָאטְהֶע וַויין, אוּנ מֶען לָאסְט דָאס פְלֵייש 12 שְׁטוּנְדֶען אוֹיף גֶעלִינְדֶער הִיטְצֶע פַארֶענֶען (טוּשֶׁען) דַאן גִיסְט מֶען אַרוֹיף אַהַאלְבֶּע פְלַאשֶׁע וַויין מִיט אַבִּיסֶל פְלֵייש יוֹיךְ; מֶען לָאזְט דָאס פְלֵייש נָאךְ אַבִּיסֶעל פַארֶען, מֶען זַייט דוּרְךְ דֶעם יוֹיךְ אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ.

## BEEFSTEAK. .145 № ביפשטעקס.

מען נעהמט רינד פלייש, וואס הייסט פיליי (פון רוקען ביז אראב בויך, לעבען דיא לענדען), מען צושניידעט עס אין שטיקער אהאלב ווערשאק דיק אונ מען צו קלאפט עס גוט מיט אהילצענעם האממער פון בידע זייטען. מען װארמט אן דיא בראטפפאנע אויף דער פליטע אונ מען צושמעלצט אין איהר שמאלץ; אז עס נעהמט קאכען, בעשיטעט מען יעדעס שטיק פלייש מיט זאלץ אונ פעפער, קייקעלט איין אין מעהל אונ מען לייגט אויף דיא פפאנגע אין דעם הייסען שמאלץ; ווען אללע שטיקקער זיינען אוועק געלייגט, לאזט מען זייא בראטען פינף מינוט אויף אשטארקען פייער; ווען איין זייט איז איינגעבראטען, קעהרט מען אים אויף דיא אנדער זייט. מען לאזט עס בראטען ביז צעהען מינוט. צו דאס פלייש איז וויך, פרובירט מען עס מיט אגאפל. ווען אללע שטיקער זיינען פארטיג, לייגט מען זייא אויף אשיסעל, אונ אין דיא פפאנגע גיסט מען אריין אהאלבע גלאז בוליאן אונ מען מישט גוט דורך מיט אלעפעל מעהל, ביז דיא גאנצע מאססע ווערט געדיכטלעך אונ פערברוינט. דאן בעגיסט מען דאמיט אללע שטיקקער פון דעם ביפסטעקס; מען שיילט אן הריין. לייגט אויף יעדעס שטיק אונ מען דער לאנגט צום טיש.

מען קען צו פרעגלען צוויבעלן, געשניטען אין פענעצען, אונ מען לייגט צו זאממען מיט דיא הריין. צו אזא ביפסטעקס דערלאנגט מען אויך געבאקטע קארטאפעלן.

דייטשע ביפשטעקס מאכט מען פון געהאקטע אדער אנגעשאבטע רינדפלייש. אין דאס געהאקטע פלייש קנעטעט מען אריין אייניגע געריבענע קארטאפפעלן.

## FLEISCH-WŪRSTCHEN. .146 № פלייש וואורסט מיט רייז.

מען נעהמט אפערטל פונד רייז, מען טושעט (מען פארעט) זייא אויס, ביז זייא ווערען וויך. מען נעהמט אנדערהאלבען פונד געבראטענעס קאלב-פלייש, צו האקט עס גאנץ דין מיט אביסל פעט, מען לייגט אויך צו עטוואס שאלעכטס פון ליטאן, זאלץ אונ אגאנצע איי ארויע, אום עס זאל זיך האלטען אונ ניט פאנאנדער פאללען. פון דיזער מאססע מאכט מען לאנג רונדע שטיקער אין פארם פון וואורסט, בעשטרייט זייא מיט צוברעקעלטע בולקע אונ מען פרעגעלט עס אין שמאלץ, פערמישט מיט אביסל מעהל אונ זאפט פון ליטאן. מען קאכט אויף דיא סויס, אונ פאר דעם עסען גיסט מען ארויף אויף דיא וואורסט.

## GEDÜNSTETE ROLLADEN.

## .147 № רונדע געפיללטע פלייששטיקקע געטושעטע.

מען נעהמט זאפטיגעס פלייש, שניידט דער פון דינע פענעצען דיק וויא אמעסער רוקקען, מען צו קלאפט אונ מען זאלצט זייא. דאן קאכט מען אב איין הירן

הירן (מארך) אין זאלצוואסער, מען ציהט פריער אראב דיא הויט ריין, צו האקט עס אונ מען לאזט עס איינטושען אין פעט מיט גרינע פעטרעשקע; מען לייגט צו צו שניטענע צוויבעל, זאלץ, פעפער אונ אהויפען (אהאנדפאלל) צו ברעקעלטע בולקע; מען גיסט ארויף אלעפעל יויך, מען לאזט עס אביסל אויפזידען אונ אויס קיהלען. דיזע מאססע בעשטרייכט מען אויף דאס פלייש, קייקעלט עס איין אונ מען בינדעט ארום מיט אפאדים. נאכדעם לייגט מען אין אקאסטרולע פעט, צוויבעל אונ מעהרען, מען לייגט היניין דיא ראללאדען (איינגעקייקעלטע פלייש) אונ מען לאזט זייא זיך טושען, ביז זייא ווערען ברוינליך. דאן נעהמט מען זייא ארויס, שיט אריין אפאר לעפעל מעהל אין דיא קאסטרולע אונ מען לאזט עס ברוין ווערען. נאכדעם גיסט מען ארויף יויך, עטוואס עסיג מיט שאלעכטס פון לימאן; מען לאזט דעם יויך גוט פערקאכען, מען זייט אב אין מען לייגט היניין דיא ראללאדען ווידער; מען גיבט אריין צווייא איגעלכעל אונ מען לאזט נאך אביסל טושען. דאן לייגט מען דאס פלייש אין אשיסל אונ מען גיסט אויבען ארויף דיא סויס.

מען לייגט עס ארום געוואהנליך מיט פרישע שוועמלעך, וואס מען האט פריער געלאזט טושען מיט צושניטענע גרינע פעטרושקע אונ מיט אפאר געלכעל.

## LUNGEN-HACHEE. № 148. געהאקטע לונגען.

דיא לונגען צו שניידט מען אין שטיקקער אונ מען קאכט זייא מיט זופפען-קרייטער (מעהרען, ריבען) אין וואסער אונ זאלץ גאר פארטיג. דעם יויך געברויך מען צו זופפע. דיא לונגען, וואס קאכט זיך געוואהנליך מיט דעם הערץ צו זאממען, צו האקט מען אין איינעם אונ מען לאזט עס דורך קאכען מיט צוויבעל, אבגעשיילטע טימיאן, מיט אביסל יויך, פעט, זאלץ אונ פעפער. צו לעטצט גיסט מען צו אביסל עסיג אונ מען לאזט עס מיט פערברוינטען מעהל איינפרעגלען.

## GESCHMORTE RINDSLEBER. № 149. געטושעטע לעבער.

דאצו איז גוט דיא לעבער פון אפעטען אקסן; אז ניט, איז זיא טרוקען. עס איז בעסער, מען זאל זיא דורך שפיקען (אנשטעקען) מיט פעט. מען צו שניידט דיא לעבער אין שייבען (פענעצען), דיא אדערן שניידט מען ארויס. דאן לייגט מען זיא אין טאפף מיט פעט (געגזעגשמאלץ איז בעסער), זאלץ, צוויבעל, געווירצקארנער, פעפער אונ נעגעלעך; מען גיסט ארויף אביסל וואסער, דעקט גוט צו אונ מען לאזט זיא טושען.

## GEBRATENE RINDSLEBER. № 150. געבראטענע לעבער.

פריער לייגט מען דיא לעבער אויף קוילען, אום עס זאל אבציהען דאס בלוט, גיסט אב מיט וואסער, מען נעהמט פון דער לעבער דיא אדערן ארויס אונ מען צו שניידט זיא אין שייבען (פענעצען). דיזע קייקעלט מען איין אין

מעהל

מֶעהל , וָואס אִיז פֶערְמִישְׁט מִיט זַאלְץ , אונ מֶען בְּרָאט זיא אִין דֶער פְּפַאנְגֶע אִין גָאנְזֶענְשְׁמַאלְץ , בִּיז זיא וָוערְט גֶעלְבּ בְּרוין .

## GEFÜLLTE MILZ. . גֶעפִילְטֶע מִילְץ № 151.

דִיא מִילְץ לֵייגְט מֶען אויף אַבְּרֶעטְט , וֶוען זִיא אִיז כָּשֵׁר גֶעמַאכְט , וִויא גֶעוֶואהְנְלִיךְ , מֶען קְרַאצְט דַארויף מִיט אַבְּלֶעכֶענֶעם לֶעפֶעל , כְּדֵי דִיא אִינְוֵוייגִיגְסְטֶע זָאל זִיךְ אַרוֹיס קְוֶועטְשֶׁען דוּרְךְ דִיא אַיינְשְׁנִיטְטֶען , וָואס דֶער שׁוֹחֵט הָאט גֶעמַאכְט כֵּיין טְרֵייפֶערְן . דָאס אַרויס גֶעקְוֶועטְשְׁטֶע מִילְצְפְלֵייש פֶער מִישְׁט מֶען מִיט קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ פֶעטְט (1/2 פוּנְד) , זַאלְץ , עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר , גֶעהַאקְטֶע צְווִיבֶּעלְן , אָבּ-גֶעשֵׁיילְטֶע טִימְיַאן אונ גֶעשְׁטויסֶענֶע פֶעפֶער . דַאן לֵייגְט מֶען דִיא מִילְץ צוּ זַאמֶען אִין צְוֵוויעֶן אונ מֶען נֵייט צוּ פוּן אֵיין זַייט וִויא אַזֶעקְל ; מֶען לֵייגְט הִינְאַיין דָאס גֶעפִילְלֶעכְטְס אונ מֶען פֶערְנֵייט אַרוּם אונ אַרוּם . מֶען שְׁטֶעכְט הִינְאַיין מִיט אַשְׁפִּיטְ-צִיגֶען גָאפֶּעל אִין עֶטְלִיכֶע עֶרְטֶער ; אַז נִיט צוּ פְּלַאצְט זִיא אִין קָאכֶען . אויבּ מֶען ווִיל הָאבֶּען דֶער פוּן זוּפֶּע , שְׁטֶעלְט מֶען זִיא צוּ אַזוֹא וִויא פְלֵייש , נָאר זִיא מוּז זִיךְ קָאכֶען לֶאנְגֶער וִויא פְלֵייש . אונ מֶען נֶעהְמְט דִיא מִילְץ אַרויס פוּן דֶעם יוֹיךְ , בְּרָאט מֶען זִיא אִין פֶעטְט בְּרוין , אָדֶער מֶען לָאזְט זִיא טוּשֶׁען מִיט אַבִּיסֶעל יוֹיךְ אִין פֶעטְט , אונ , וֶוען מֶען וִויל , אויךְ מִיט זַאלְץ אונ קְנָאבֶּעל . אויבּ מֶען ווִילְל דֶער פוּן גָאר קֵיין יוֹיךְ הָאבֶּען , שְׁטֶעלְט מֶען זִיא צוּ מִיט אַבִּיסְל וַואסֶער אונ מֶען לָאזְט זִיא אַיינְקָאכֶען אִין דֶעם אֵיינֶענֶעם יוֹיךְ אונ צוּ לֶעצְט עֶטְוָואס צוּ-בְּרָאטֶען . בְּשַׁעַת עֶס קָאכְט זִיךְ , דַארְף מֶען זִיא זֶעהְר פָארְזִיכְטִיג אָנְרִיהְרֶען , אַז נִיט צוּ פְּלַאטְצְט זִיא .

## RINDERZUNGE. . צוּנְג גֶעטוּשֶׁעטֶע № 152.

דִיא צוּנְג מוּז אונְגֶעפֶאהְר אַנַאכְט פַאר דֶעם לִיגֶען אִין וַואסֶער . מֶען שְׁטֶעלְט זִיא צוּ מִיט וַואסֶער קָאכֶען . אַז זִיא אִיז וֵוייךְ , גִיסְט מֶען אָבּ דָאס וַואסֶער . מֶען בֶּעשְׁטֶעקְט זִיא מִיט נֶעגֶעלֶעךְ , עֶנְגֶעל גֶעווִירְץ , פֶּעפֶער קֶערְנֶער , זַאלְץ אונ פֶעטְט , אונ , וָוער עֶס לִיבְּט , אויךְ קְנָאבֶּעל , — אונ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ אִין דֶעם אֵיינֶענֶעם יוֹיךְ זִיךְ טוּשֶׁען .

## RINDERZUNGE AUF ANDERE ART.

## . רִינְד צוּנְג אויף אַיין אַנְדֶער אַרְט № 153.

מֶען קָאכְט דִיא צוּנְג אִין וַואסֶער מִיט זַאלְץ , גַאנְצֶע פֶּעפֶער אונ גֶעווִירְץ גוּט אוֹיס . דַאן פְּרֶעגֶעלְט מֶען מֶעהְל אִין פֶעטְט בְּרוין , מֶען גִיבְּט אַרַיין עֶטְוָואס צוּקֶער אונ מֶען פִּיהְרְט פַאנַאנְדֶער דָאס מֶעהְל מִיט דֶעם יוֹיךְ אונ מִיט עֶטְוָואס עֶסִיג ; מֶען טְהוּט אויךְ אַרַיין רָאזִינְקֶעס מִיט גֶעשְׁנִיטְטֶענֶע מַאנְדְלֶען . דִיזֶען יוֹיךְ לָאזְט מֶען אַוַוייְלֶע אויף אַקְלֵיינֶעם פַייעֶר קָאכֶען , מֶען לָאזְט דִיא צוּנְגֶע הִינְאַיין , דֶעקְט גוּט צוּ אונ מֶען לָאזְט אַהַאלְבּ שָׁעָה זִיךְ טוּשֶׁען .

### GEFÜLLTE RINDERZUNGE. גֶעפִּילְלְטֶע צוּנְג. № 154.

מֶען קָאכְט אָב דִיא צוּנְג אִין וַואסְסֶער מִיט זַאלְץ. גַאנְצֶע פֶּעפֶּער אוּנ גֶעוִוירְץ. דָאס פְלֵייש, וָואס בַיין שְׁלוּנְד, צוּ הַאקְט מֶען אוּנ מֶען מִישְׁט אַריין צְוַוייא אֵייעֶר רוֹיעֶ. מוּשְׁקַאט בְּלִיהוּנְג, גֶערִיבֶּענֶע זֶעמְמֶעל (בּוּלְקֶע), צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ עֶטְוָואס זַאלְץ. דַאן שְׁנֵיירְט מֶען דִיא צוּנְג אִין דֶער לֶאנְג פַאנַאנְדֶער, מֶען לֵייגְט אַרוֹיף אוֹיף בֵּיידֶע הֶאלְפְט דָאס גֶעפִּילְלֶעכְטְס, בֶּעגִיסְט מִיט שִׁיטֶערֶען פֶעטְט אוּנ מֶען בְּרָאט זִיא אִין דֶער פְּפַאנֶע בְּרוֹין. אוֹיבֶּען גִיסְט מֶען אַרוֹיף דִיזֶע סוֹים (יוֹיךְ): מֶען שְׁטֶעלְלְט צוּ אַפֶען פַייעֶר פְלֵייש יוֹיךְ מִיט וַויין, מִיט צוּקֶער „ פֶּעפֶּער פוּן צוּטְרִין, אוֹיךְ קַאפֶּערְן. אִין אַפֶּערְטְל שָׁעָה אַרוּם מִישְׁט מֶען אַריין מֶעהְל, וָואס אִיז גֶעפְּרֶעגְלְט אִין פֶעטְט.

### OCHSENBRÄGEN. אָכְסֶענְמַארְךְ. № 155.

מֶען שְׁטֶעלְט צוּ צוּם פַייעֶר עֶסִיג, גֶעמִישְׁט אוֹיף הֶעלְפְט מִיט וַואסְסֶער; מֶען טְהוּט אַריין גֶעוִוירְץ, קֶערְנֶער פֶּעפֶּער, זַאלְץ, פֶעטְט, אֵיין לָארְבֶּער-בְּלַאטְט אוּנ עֶטְוָואס צְוִויבֶּעל. דֶער מִיט וֶוערְט דֶער מַארְךְ קְרֶעפְטִיג אַייגֶעקָאכְט, אוּנ מֶען בֶּעשְׁטְרֵייט אוֹיבֶּען גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע זֶעמְמֶעל.

### OCHSENBRÄGEN AUF ANDEREART.
### אֵיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט אָכְסֶענְמַארְךְ. № 156.

מֶען קָאכְט אָב דֶעם מַארְךְ אִין זַאלְצְוַואסֶער אוּנ מֶען צוּ שְׁנֵיידְט אִיהם אוֹיף עֶטְלִיכֶע שְׁטִיקֶער; מֶען קֵייקֶעלְט אַיין יֶעדֶעס שְׁטִיק אִין אַצוּקְלָאפְּטֶע אֵיי אוּנ נָאכְדֶעם אִין מֶעהְל, וָואס אִיז גֶעמִישְׁט מִיט זַאלְץ אוּנ מִיט צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע זֶעמֶעל, אוּנ מֶען בַּאקְט זַייא אִין פֶעטְט גֶעלְבְּבְרוֹין. דֶער צוּ מֵאכְט מֶען דִיזֶע סוֹים: אַלֶעפֶּעל מֶעהְל וֶוערְט פַאנַאנְדֶער גֶעפִירְט אִין הֵייסֶעס פֶעטְט, דַאן שִׁיטְטֶער גֶעמַאכְט מִיט פְלֵייש יוֹיךְ אוּנ מִיט אַדוּרְךְ גֶעשְׁנִיטְטֶענֶע צְוִויבֶּעל אוֹיפְגֶעקָאכְט. נָאךְ 15 מִינוּטֶען נֶעהְמְט מֶען דִיא צְוִויבֶּעל ווידֶער הֶערָאוֹיס, מֶען טְהוּט אַריין צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ זַאפְּט, מֶען לֵייגְט הִינְאַיין דִיא גֶעבְּרָאטֶענֶע שְׁטִיקֶער מַארְךְ אוּנ מֶען לָאזְט זַייא אַקָאךְ טָאן.

### LUNGENWÜRSTE ZU BRATEN.
### גֶעבְּרָאטֶענֶע לוּנְגֶענְוואוּרְסְטֶע. № 157.

מֶען לֵייגְט דִיא לוּנְגֶענְוואוּרְסְטֶע אוֹיף אַהִיבְּשֶׁע וַויילֶע אִין הֵייסֶעס וַואסֶער, זַייא זָאלֶען זִיךְ דוּרְךְ וַוארְמֶען; דַאן וֶוערֶען זַיי אִין פֶעטְט אָדֶער שְׁמַאלְץ גֶעבְּרָאטֶען.

### KNOBLAUCHSWURST ZU KOCHEN.
### גֶעקָאכְטֶע קְנָאבֶּעל וואוּרְסְט. № 158.

וֶוען דִיא וואוּרְסְט (קָאלְבַּאסֶע) אִיזְט שְׁטַארְק גֶערוֹיכֶערְט, קֶען מֶען זִיא עֶסֶען

רויער

הויער הייט ; זיא שמעקט אבער בעסער , ווען זיא איז געקאכט אין ברוינביער עטליבע שעה . פרישע קנאבל ווורסט לייגט מען אין הייסעס וואסער און מען לאזט זיא איינמאל אויפקאכען , דאן איז זיא גוט צום עסען . גאנזע ווארסט ווערט געגעסען רויערהייט .

## KALB-UND HAMMELFLEISCH.

## B. קאלב-פלייש און שאפסענפלייש .

### KALBSBRATEN. קאלבס בראטען . № 159.

מען נעהמט אגוטע קאלבס ברוסט . וואס זיא איז שווערער , איז זיא אלץ בעסער . אדער מען נעהמט רוקענפלייש . קאלב פלייש דארף מען ניט פעקעלן ; נאר פאר דעם צו שטעלען . ברייהט מען עס אב מיט זוד און נאכדעם וואשט מען עס אב מיט קאלטען וואסער ; מען רייבט איין מיט זאלץ און מען שטעללט עס צו מיט וואסער אדער מיט האלב וויים ביער אין אויבען . מען טהוט אריין גאנצעס געוירץ , שייבען (פענעצען) פון צוטרין , צוויבעלן און אויך קארע פון ברויט . דיא איבערסטע זייט פון דעם פלייש לייגט מען פריער נאך אונטען אויף אהעלצערנע לייטער , אום עס זאל זיך ניט אנברענגען . ווען עס לאזט זיך ווייך שטעכען , קעהרט מען עס אום ; מען בעשמירט מיט גאנזע שמאלץ , ווען דאס פלייש איז ניט זעהר פעטט ; און אויב עס איז גענוג פעטט , בעגיסט מען עס מיט דעם איינגענעם אויס געקאכטען פעטט , אין $1^1/_2$ אדער אין 2 שטונדען איז דער בראטען פערטיג . אויב דער בראטען איז ווייך און האט נאך פיל יויך , זא גיסט מען אראב אביסל , כדי ער זאל נוט ברוין ווערען . אויב מען וויל איהם האבען אויף גיך ברוין , זא בעשטרייט מען דאריבער ברעקלעך פון זעמעל , מען לאזט עס אנבראטען און מען בעגיסט עס דאן עטליכע מאל מיט פעטט . אלע בראטעניוך מוז דורך געזייט ווערען .

### № 160. איינע אנדערע ארט קאלבס בראטען .

ווען דאס פלייש איז באזר געמאכט , לייגט מען עס אין אטיפע בראטפפאנע (געוואהנליך אל ענגליבע , פירעקיגע) , בעזאלצט עס ארום און ארום , גיסט ארויף צו שמארצענע פעטט , גיסט ארויף אביסל וואסער און מען שטעלט עס בראטען אין אהייסען אויבען . מען דארף אפט אכטונג געבען און בעגיסען דאס קאלב פלייש מיט דעם זאפט פון דער פפאנע . ווען דער בראטען ווערט ברוין , נעהמט מען ארויס דיא פפאנע , גיסט ארויף אהאלבעס גלאז בוליאן און מען שטעלט עס אין אגעלינדע היטץ זיך דער בראטען . אשטיק פלייש פון 5 פפונד קען ווערען פערטיג אין אשטונדע צייט . פאר דעם דער לאנגען צום טיש , נעהמט מען ארויס דעם בראטען ; דיא סויס אין דער פפאנע לאזט מען נאך דורך קאכען , מען זייט דורך און מען בעגיסט דאמיט דעם בראטען , אינדעם מען בעשיט דארויף צווא שטויסענע סוכארעס (צוויבאק) .

צוּ קַאלְבְּס בְּרַאטֶען גִיבְּט מֶען גֶעוֶואהְנְלִיךְ סָאק (זָאפְט) פוּן יַאנְגֶדעס.

## KALBSBRUST MIT KARTOFFELN.

## № 161. קַאלְבְּס בְּרוּסְט מִיט קַארְטָאפֶּעלְן.

מֶען לֵייגְט דָאס פְלֵייש אִין אַבְּרָאט פְּפַאנְגֶע אוּנ מֶען לֵייגְט אַרוּם מִיט רוֹיעֶ אָבְּגֶעשֵׁילְטֶע קַארְטָאפֶּעלְן; מֶען בֶּעזַאלְצְט אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף צוּ שְׁמָאלְצֶענֶע פֶּעטְט, אָדֶער שְׁמַאלְץ, אִין דִיא פַאנֶע גִיסְט מֶען אַרַיין עֶטְוָואס וַואסֶער, שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען בְּרָאטֶען אוּנ מֶען קֶעהְרְט דָאס פְלֵייש אָפְט אִיבֶּער, אוּם עֶס זָאל וָוערֶען פֶערְבְּרוֹינְט פוּן אַלֶע זַייטֶען, וֶוען דָאס פְלֵייש אִיז פֶערְטִיג, גֶעהְמְט מֶען עֶס אַרוֹיס אוֹיף אַשִׁיסֶעל אוּנ מֶען לֵייגְט אַרוּם דִיא גֶעבְּרָאטֶענֶע קַארְטָאפֶּעל. דִיא סוֹיס דֶער קָאכְט מֶען נָאךְ אִין דֶער פְּפַאנֶע; בֶּעגִיסְט דַאמִיט דָאס פְלֵייש, בֶּעשִׁיט עֶס מִיט צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק (סוּכַארֶעס) אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ.

## FARCIRTE KALBSBRUST. № 162. גֶעפִילְטֶע קַאלְבְּס בְּרוּסְט.

מֶען מַאכְט צוּ רֶעכְט אֵיינֶע קַאלְבְּס-בְּרוּסְט. הֵייבְּט אוֹיף דִיא אוֹיבֶּערְסְטֶע הוֹיט אוּנ מֶען פִילְט אָן מִיט דִיזֶעם גֶעפִילְלֶעכְטְס: מֶען נֶעהְמְט אַזֶעמְמֶעל (אַבוּלְקֶע), מֶען וַוייקְט אִיהר אוֹיס אִין יוֹיךְ אוּנ מֶען דְרִיקְט זִיא גוּט אוֹיס, — אָדֶער מֶען נֶעהְמְט דְרַייא לֶעפֶל צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע סוּכַארֶעס (צְווִיבַּאק), — מֶען פֶערְמִישְׁט עֶס מִיט 1 1/2 לֶעפֶעל פֶעטְט, אָדֶער שְׁמַאלְץ, מֶען שִׁיט אַרַיין זַאלְץ, אֵיין לֶעפֶעל גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ אֵיין גֶעלְבֶּעל; פֶערְמִישְׁט דָאס אַלְץ גוּט אוּנ מֶען צֶערְרַייבְּט מִיט אַלֶעפֶל. וֶוען דָאס פְלֵייש אִיז שׁוֹין אָנְגֶעפִילְלְט, בֶּעגִיסְט מֶען עֶס מִיט פֶּעטְט, מֶען שִׁיט אַרוֹיף סוּכַארֶעס אוּנ מֶען לָאזְט עֶס בְּרָאטֶען, אִינְדֶעם מֶען גִיסְט אַרַיין עֶטְוָואס וַואסֶער.

## KALBSLEBER GEBRATEN. № 163. גֶעבְּרָאטֶענֶע קַאלְבְּלֶעבֶּער.

מֶען נֶעמְט אַרָאבּ דִי אוֹיבֶּערְסְטֶע הוֹיט פוּן דֶעם גֶעבַּאקֶענֶעם לֶעבֶּער, צוּ שְׁנַיידְט עֶס אוֹיף דִינֶע פֶּענֶעצְן אִין דֶער קְרִים אוּנ מֶען קַייקֶעלְט אַיין יֶעדֶעס שְׁטִיק אִין מֶעהל. דֶער וַוייטֶע צוּ לָאזְט מֶען אוֹיף דֶער פְּפַאנֶע שְׁמַאלְץ, מֶען לֵייגְט דַארִין אַלֶע שְׁטִיקֶער פוּן דֶער לֶעבֶּער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אוֹיף דִיא פְלִיטֶע בְּרָאטֶען, אִינְדֶעם מֶען קֶעהְרְט אָפְט אוּם יֶעדֶעס שְׁטִיק. אוּם דִיא לֶעבֶּער זָאל זִיךְ נִיט אִיבֶּער בְּרָאטֶען, פְּרוּבִּירְט יֶעדֶעס שְׁטִיק מִיטְן נָאפְּל: אוֹיבּ עֶס גֶעהְט מֶעהְר קֵיין בְּלוּט נִיט אַרוֹיס, זָא אִיז זִיא פֶערְטִיג. דַאן לֵייגְט מֶען זִייא אוֹיף אַשִׁיסְל אוּנ מֶען בֶּעזַאלְצְט. אוֹיף דֶער פְּפַאנֶע לֵייגְט מֶען צוּ אַלֶעפֶעל פֶּעטְט, אַלֶעפֶעל מֶעהל אוּנ מֶען לָאזְט עֶס צוּ פְּרֶעגְלֶען; מֶען גִיסְט נָאךְ דֶעם אַרוֹיף דֶעם יוֹיךְ פוּן אַנְדֶערֶע זוּפֶּע, מֶען מִישְׁט פַאנַאנְדֶער אוּנ מֶען גִיסְט דָאס אַרוֹיף אוֹיף דִיא לֶעבֶּער, אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ

דאס

## № 164. איינע אנדערע ארט געפיללטע קאלבס ברוסט.

דאס געפיללעכטס מאכט מען אזוא: מען צו האקט קאלבפלייש מען פער־מישט עס מיט געריבענע זעמעל (אדער צו שטויסענע סוכארעס), אייער אנגעריבענע צוטרינשאלעכטס, פעטט, מושקאט־גים, עטוואס צוקער, צוטרינזאפט אונ זאלץ; מען קען אויך אריין מישען קליינע ראזינקעס. מען הויבט אויף דיא אויבערסטע הויט פון דער קאלבס ברוסט אבער אזוא, אז ארום דיא זייטען זאל זיא בלייבען פעסט. אז מען האט שוין אונטער דער הויט אנגעפיללט מיט דעם געפיללעכטס, פערנייט מען דיא אפענע שטעלע אונ מען לאזט דאס בראטען, אין אפערדעקטער בראט פפאנע, וועלכע מען דעקט ערסט צו לעצט אויף, אום ער זאל ווערען ברויז.

## GESCHMORTE KALBSLEBER. געטושעטע קאלבס־לעבער. № 165.

ווען דיא לעבער איז כשר געמאכט, לייגט מען זיא אין אטיגעל, גיסט ארויף וואסער אדער זיסע ברוינביער; מען טהוט אריין ענגליש געווירץ, גאנצע פעפער, אצוויבעל אונ גאנצע־שמאלץ אדער אבגעשאפטעס פעטט אונ מען לאזט עס טושען (שמארען) לאנגזאם אויף קוילען. ווען מען פרובירט מיטן נאפל אונ זיא איז ווייך, בעשטרייט מען זיא מיט מעהל אונ מען לאזט זיא ווייטער טושען; דיא קוילען מוזען אבער זיין ארום געלייגט ארום טאפף. מען קען אויך דיא לעבער מיט שטרייפען פעטט דורך ציהען; דאן איז זיא זאפטיגער אונ ווייכער,

## KALBSFLEISCH (-BRUST) MIT SAGO.

## № 166. קאלב פלייש מיט סאגא (פאלמגרויפען).

מען נעהמט ארוים דיא ריפפענביינער אונ מען לאזט אקאך טאן דאס פלייש אין זודיגען וואסער. מען לייגט אין אקאסטרולע פעטט, צוויבעל, מעהרען, בלאטער ווייס (אין פענעצען) געשניטען; מען לייגט אויבען דאס פלייש אונ מען לאזט עס לאנגזאם טושען. ווען דאס פלייש איז ברוין, נעהמט מען עס ארוים, מען שטרייט אן אין קאסטרולע צוויא לעפעל מעהל אונ מען לאזט עס ברוין ווערען. מען גיסט ארויף יויך מיט איינינע לעפעל גוטען עסיג דאצו, לאזט דער מיט פערקאכען, זייט דורך אזיפ אונ מען לייגט ווידער היניין דאס פלייש (דיא ברוסט), אויך עטוואס לאנגליך געשניטענע שאלעכטס פון לימאן, פיר געלכעל פון איי, פיר לויט סאגא (דאס איז איין ארט פאלמגרויפען); דאס מוז פריער אויס־געקליבען אונ גערייניגט ווערן. מען לאזט עס אזוא לאנג טושען, ביז דער סאגא ווערט ווייך. ווען מען דער לאנגט צום טיש, לייגט מען דיא ברוסט אין מיטן שיסל אונ מען גיסט אויבען ארויף דעם יויך.

## KÄLBERNES HIRN IN DER LIMONIEN SAUCE.

## № 167. קאלבס־מארך אין סוים פון לימאן.

מען ווארמט אן אשטיק פעטט, מען שיט אריין אלעפעל מעהל אונ מען לאזט

עס

עֶס אָנְלוֹיפֶען (אַקָאךְ טָאן)· מֶען צֶערְשְׁנַיידְט אַצְוִויבְּל אוֹיף הֶעלְפְט , מֶען לֵייגְט הִינְאַיין אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף מִיט גוּטֶען יוֹיךְ · וֶוען דֶער יוֹיךְ אִיז פֶערְזָאטֶען , גֶעהמְט מֶען דִיא צְוִויבֶּעל אַרוֹיס אוּנ מֶען טְהוּט אַרַיין שָׁאלֶעכְטְס פוּן לִימָאן אוּנ דֶעם זַאפְט פוּן אַלִימָאן · פוּן דֶעם מַארךְ ווֶערְט דִיא הוֹיט אַרָאבּ גֶענוּמֶען אוּנ דַאן דֶער מַארךְ אִין זַאלְצְוַואסֶער אָבְּגֶעזָאטֶען · נָאכְדֶעם צֶערְשְׁנַיידְט מֶען עֶס אִין שְׁטִיקֶער , לֵייגְט אִין דִיא סוֹיס , לָאזְט אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען אוֹיפְקָאכֶען אוּנ מֶען טְרָאגְט אוֹיף צוּם טִישׁ ·

## № 168. אֵיינֶע אַנְדֶער אַרְט קַאלְבּ מַארְךְ ·

מֶען קָאכְט אוֹיס דֶעם מַארְךְ אִין פְלֵייש יוֹיךְ גַאנְץ פֶערְטִיג · מֶען גִיבְּט אַרַיין אָבְּגֶעשָׁאפְּטֶעס רִינְדְפֶעטְט אָדֶער שְׁמַאלְץ , עֶטְוָואס מוּסְקַאטְנִיס אוּנ גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע · וֶוען דִיזֶעס אִיז נִיט אַיינְגֶעקָאכְט , שִׁיט מֶען הִינְאַיין גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע בּוּלְקֶע , אוּם דֶער יוֹיךְ זָאל גֶעדִיכְטְלֶעךְ וֶוערֶען · וֶוען מֶען ווִילְל , דְרִיקְט מֶען אַרַיין צוּטְרִינְזַאפְט , אוּנ דַאן דַארְף מֶען נִיט דִיא פֶּעטְרוּשְׁקֶע ·

GRILLIRTES KALBFLEISCH.

## № 169· צוּ גֶעבְּרָאטֶענֶעס קַאלְבּ פְלֵייש ·

מֶען צוּ שְׁנַיידְט דָאס קַאלְבּ פְלֵייש אִין שְׁטִיקֶער אוּנ מֶען וַואשְׁט עֶס אָבּ מִיט הֵייסֶען וַואסֶער ; נָאסֶעסְרְהַייט קַייקֶעלְט מֶען עֶס אַיין אִין גֶערִיבֶּענֶע בּוּלְקֶע אוּנ מֶען בְּרָאט עֶס אִין פֶעט אָדֶער אִין גַאנְזֶענְשְׁמַאלְץ · דָאס מוּז נָאר בִּיז גֶעלְבְּרוֹין גֶעבְּרָאטֶען וֶוערֶען ·

SAUTIRTES KALBFLEISCH.

## № 170: אוֹיף גִיךְ צוּ גֶעבְּרָאטֶענֶעס קַאלְבּ פְלֵייש ·

מֶען צוּ שְׁנַיידְט גוּטֶעס קַאלְבּ פְלֵייש אִין שֵׁייבֶּען (בְּלֶאטֶער , פֶּענֶעצֶען) · דִיא אָדֶערֶען אַרוֹיס גֶענוּמֶען , צוּ קְלַאפְּט עֶס גוּט אוּנ מֶען בֶּעשְׁטְרַייט עֶס מִיט זַאלְץ אוּנ פֶּעפֶער · דַאן שְׁמִירְט מֶען אוֹיס אַבְּרָאטְפַאנֶע מִיט יוֹיךְ פֶעטְט , לֵייגְט הִינְאַיין דִיא שְׁטִיקְלֶעךְ פְלֵייש אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט זַייא פוּן אוֹיבֶּען אוֹיךְ מִיט בּוּלְיָאנֶענ-פֶעטְט , אוּנ פַאר דֶעם דֶערְלַאנְגֶען צוּם טִישׁ , לָאזְט מֶען זַייא צוּ בְּרָאטֶען אוֹיף יֶעדֶע זַייטֶע צוּ דְרַייא מִינוּטֶען ·

## KALBSFÜSSE. קַאלְבּ קְוַואסִינֶע · № 171.

אַז דִיזֶע זַיינֶען שׁוֹין כָּשֵׁר גֶעמַאכְט , אָבְּגֶעבְּרִיהט אוּנ רַיין גֶעמַאכְט , קָאכְט מֶען זַייא אָבּ אִין וַואסֶער אוּנ זַאלְץ · דַאן לָאזְט מֶען זַייא אַיינְקָאכֶען אִין דֶעם אַיינֶענֶעם יוֹיךְ מִיט גֶעוִוירְץ , פֶעפֶער , צְוִויבֶּעל אוּנ פֶעטְט ; צוּ לֶעטְצְט מַאכְט מֶען דֶעם יוֹיךְ גֶעדִיכְטְלֶעךְ מִיט אַיינְגֶעפְּרֶעגֶעלְט מֶעהל ·

אָדֶער , אַז מֶען וִויל , פַארְטְהוּט מֶען דֶעם יוֹיךְ צוּ זוּפֶּע ; מֶען לָאזְט דָא

אַבִּיסְל, לָאזְט אַרַיין אַבִּיסְל צוּקֶער זויעֶר, אָדֶער עֶסִיג, אוּנ דַאן טְהוּט מֶען וִויא פְרִיעֶר אִיז אָנְגֶעגֶעבֶּען.

## GEBRATENE KALBSFÜSSE.

## № 172. גֶעבְּרָאטֶענֶע קַאלְבְּס קְוַאסִינֶעס.

אַז דִיא קְוַאסִינֶע זַיינֶען אָבְּגֶעקָאכְט, לֵייגְט מֶען זַייא אִין אַפַּאנֶע מִיט הַייסֶען פֶעטְט, אָדֶער גֶאנְזֶעשְׁמַאלְץ. מֶען צוּקְלַאפְּט עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר מִיט אַבִּיסְל מֶעהל, וַואסְסֶער אוּנ זַאלְץ; מֶען גִיסְט דָאס אַרִיבֶּער דִיא קַאלְבְּפִיסֶע אוּנ מֶען לָאזְט בְּרָאטֶען בִּיז זַייא וֶוערֶען בְּרוֹין.

## KALBSKOPF. № 173. קַאלְבְּס קָאפְּף.

דִיזֶער וֶוערְט אַזוֹיא גֶעמַאכְט וִויא דִיא גֶעקָאכְטֶע אָדֶער גֶעבְּרָאטֶענֶע קַאלְבְּס-פִיסֶע; נָאר פְרִיעֶר מוּז מֶען דִיזֶען צוּ הַאקֶען אִין פִיר טֶהייל.

## KALBSZUNGEN. № 174. קַאלְבְּס צוּנְג.

דִיא צוּנְגֶען וֶוערֶען אִין וַואסֶער מִיט אַבִּיסְל זַאלְץ אָבְּגֶעקָאכְט; מֶען גֶעהְמְט זַייא אַרוֹיס אוּנ מֶען שֵׁיילְט אָבּ דִיא הוֹיט (אוֹיבּ עֶס לָאזְט זִיךְ נִיט שֵׁילֶען, אִיז עֶס נָאךְ נִיט פַארְטִיג). דַאן טוּשֶׁעט מֶען זַייא אַיין אִין דֶעם יוֹיךְ מִיט אַבִּיסְל גֶעוִוירְץ אוּנ אָבְּגֶעשֶׁעפְּטֶען רִינְד פֶעטְט אָדֶער גֶאנְזֶע-שְׁמַאלְץ. מֶען קֶען זַייא צוּ רֶעכְט מַאכֶען זִיס אוּנ זוֹיעֶר, מֶען טְהוּט אַרַיין קְלֵיינֶע רָאזִינְקֶעס, צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ צוּ שְׁנִיטְטֶענֶע צוּטְרִין אוּנ מֶען לָאזְט אַבִּיסְל צוּ בְּרָאטֶען.

## FRICASSÉE AUS KALBSKÖPFEN.

## № 175. קַאלְבְּס קָאפְּף מִיט צוּ טְהַאטֶען.

דִיא צוּ רֶעכְט גֶעמַאכְטֶע קַאלְבְּס קֶאפְּפֶע צוּ שְׁפַּאלְט מֶען אוֹיף הֶעלְפְט, מֶען גֶעהְמְט אַרוֹיס דִיא מַארְךְ אוּנ מֶען וַוייקְט אוֹיס. דַאן קָאכְט מֶען אָבּ דִיא קֶעפְּלֶעךְ אִין זַאלְצְוַואסֶער מִיט פֶעפֶער, לָארְבֶּער בְּלֶעטְטֶער אוּנ מִיט גֶעוִוירְץ; אוּנ דֶעם יוֹיךְ זַייט מֶען אָבּ. — יֶעטְצְט פְרֶעגֶעלְט מֶען צוּ, בֶּעזוּנְדֶער, אַבִּיסְל צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע צְוִויבֶּעל אִין אַלֶעפֶּעל פֶעטְט, לָאזְט עֶס אָבְּקִיהלֶען אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט מִיט דְרַייא אֵייעֶר רוֹיעֶ, אַבִּיסְל עֶנְגְלִישֶׁע אוּנ פְרָאסְטֶע פֶעפֶער. — דִיא צוּ שְׁנִיטֶענֶע קָאפְּפְשְׁטִיקֶע טוּנְקְט מֶען אַיין אִין דִיזֶע מַאסְסֶע, מֶען בֶּעשִׁיטְט מִיט צוּ שְׁטוֹיסֶענֶעם צְוִויבַּאק (סוּחַארֶעס), לֵייגְט זַייא אַוֶועק אוֹיף אַפַּאנֶע אַיין אוֹיס גֶעשְׁמִירְטֶע מִיט פֶעטְט, אוּנ מֶען לָאזְט דָאס בְּרוֹין בְּרָאטֶען אִין אוֹיבֶען.

פַאר דֶעם דֶערְלַאנְגֶען צוּם טִישׁ, בֶּעגִיסְט מֶען דָאס מִיט דִיזֶער סוֹיס; מֶען פְרֶעגֶעלְט אוֹיס אַלֶעפֶּעל מֶעהל אִין אַלֶעפֶּעל פֶעטְט, מֶען לֵייגְט צוּ אַבִּיסְל צוּקֶער, גִיסְט אַרַיין צְוֵוייא גְלֶאזֶער פוּן דֶעם יוֹיךְ, אוֹיךְ עֶטְוַואס בּוּלְיָאן, אוּנ מֶען קָאכְט דָאס גוּט אוֹיס אוֹיף אַלֵיינְדֶען פַייעֶר. דֶער צוּ לֵייגְט מֶען צוּ עֶטְלִיכֶע שְׁטִיקְלֶעךְ

לימאן

לִיםָאן אָהן דִיא בֵּיינְדְלֶעךְ , מֶען לָאזְט וִויעדֶער אַזיד טָאן. אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט דִיא קָאפְּפְשְׁטִיקֶע .

מֶען קֶען דָאס אוֹיךְ מַאכֶען מִיט קַאלְבְּס קְנָואסִינֶעס , נָאר דִיא בֵּיינֶער נֶעהמְט מֶען אַרוֹיס .

מֶען בְּרִיהט וִויעדֶער אָב דִיא מַארְךְ , מֶען צוּ שְׁנַיידְט , פֶּערְמִישְׁט מִיט צְוַוייא גֶעלְכְלֶעךְ רוֹיע אוּנ מִיט אַגַאנְצֶע אֵיי אַיין אָבְּגֶעקָאכְטֶע ; מֶען בֶּעשְׁטְרַייט זַאלְץ , פֶּעפֶּער אוּנ מֶען פֶּערְמִישְׁט מִיט צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע וַויים בְּרוֹיט . דֶער מִיט פִּילְלְט מֶען אָן דִיא קֶעפְּלֶעךְ , מֶען בְּרָאט אוֹיס אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ .

## SCHÖPSENFLEİSCH MİT ZWİEBL-SAUCE.

## № 176. שֶׁאפְּסֶענְפְלֵיישׁ מִיט צְווִיבֶּעל זוֹסֶּע .

דָאס שֶׁעפְּסֶענְפְלֵיישׁ לָאזְט מֶען טוּשֶׁען מִיט זֶעהר פִּיל צְווִיבֶּעל (אִים זוּמְמֶער אִיז בֶּעסֶער גְרִינֶע צְווִיבֶּעל) , קִימְמֶעל , זַאלְץ אוּנ פֶּעפֶּער אוּנ וַואסְסֶער , זֶעהר לַאנְגְזַאם . אוּם עֶס זָאל זַיין בְּרוֹין , גִיסְט מֶען אַרָאבּ דֶעם יוֹיךְ , נָאר דָאס פֶּעטְט גִיסְט מֶען אִין טָאפְּף צוּרִיק אוּנ מֶען בְּרָאט דָאס פְלֵיישׁ פוּן בֵּיידֶען זַייטֶען . פַאר דֶעם דֶערְלַאנְגֶען צוּם טִישׁ , גִיסְט מֶען דֶעם יוֹיךְ אִין דֶעם טָאפְּף אוּנ מֶען לָאזְט עֶס מִיט דֶעם פְלֵיישׁ אוֹיפְקָאכֶען .

דֶער צוּ גֶעהֶערְט אַגוּטֶע זוֹסֶּע פוּן דוּרְךְ גֶעזַייטֶע קַארְטָאפֶעלְן .

## HAMMELBRATEN MIT KARTOFFELN.

## № 177. שֶׁאפְּסֶענְבְּרָאטֶען מִיט קַארְטָאפֶּעלְן .

גוּטֶע שֶׁעפְּסֶענְפְלֵיישׁ אִיז רוֹיט מִיט אַוַייסֶען פֶּעט ; שְׁלֶעכְטֶעס אִיז רוֹיט-בְּלָא אוּנ דָאס פֶּעט אִיז גֶעלְבּ . וֶוער עֶס ווִילְל הָאבֶּען וַוייכֶעס שֶׁעפְּסֶענְפְלֵיישׁ , זָאל נֶעהמֶען אַגְרוֹיסֶעס שְׁטִיק אַיינְוִויקְלֶען אִין אַסֶערְוֶועטְקֶע , וָואס מֶען הָאט פְרִיעֶר גֶעהַאט אַיינְגֶעטוּנְקְט אִין עֶסִיג , אוּנ מֶען זָאל דָאס הַאלְטֶען אַפָּאר טֶעג פַארְגְרָאבֶּען אִין דֶער עֶרְד , אוּנ דַאן עֶרְשְׁט גֶעבְּרוֹיכֶען .

מֶען לֵייגְט דָאס שֶׁעפְּסֶענְפְלֵיישׁ אוֹיף אַבְּרָאטְפַּאנֶע , שִׁיט אַרוֹיף זַאלְץ , בֶּעגִיסְט מִיט צוּ לָאזֶענֶע שְׁמַאלְץ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט עֶס בְּרָאטֶען אִין אַהֵייסֶען אוֹיבֶען וֶוען דָאס פְלֵיישׁ וֶוערְט בְּרוֹין פוּן אֵיין זַייט , קֶעהְרְט מֶען עֶס אִיבֶּער אוֹיף דִיא אַנְדֶער זַייט אוּנ מֶען גִיסְט צוּ דְרַייא לֶעפֶעל בּוּלְיָאן אָדֶער וַואסְסֶער ; מֶען לֵייגְט אַרוּם מִיט רוֹיע גֶעשֵׁיילְטֶע קַארְטָאפֶעלְן , שְׁטֶעלְט וִוידֶער אִין אוֹיבֶען אִין אַלִינְדֶע הִיטְץ , מֶען גִיט אָפְּט אַכְטוּנְג אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט מִיט דֶעם זַאפְט פוּן דֶער פַּאנֶע . וֶוען דֶער בְּרָאטֶען וֶוערְט פֶערְטִיג , לֵייגְט מֶען אִיהם אוֹיף אַשִׁיסֶעל אוּנ מֶען לֵייגְט אַרוּם דִיא קַארְטָאפֶעלְן ; אוֹיף דִיא פַאנֶע גִיסְט מֶען אַרַיין אַהַאלְבֶּע גְלָאז בּוּלְיָאן , שִׁיט צוּ אַבִּיסִיל זַאלְץ , לָאזְט אַקָאךְ טָאן אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט דַאמִיט דֶעם בְּרָאטֶען ; אוֹיבֶען שִׁיט מֶען אַרוֹיף צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק , אָדֶער גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע , אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ .

## MARINIRTER HAMMELBRATEN.

## № 178. מַארִינִירְטֶע שָׁאפְּסֶענְבְּרַאטֶען.

6—8 פונד שֶׁעפְּסֶענְפְלֵייש, 1 צְווִיבֶּעל, 10 לָארְבֶּער בְּלֶאטְטֶער, 15 קֶערְנֶער רוּסִישֶׁע אונ עֶנְגְלִישֶׁע פֶּעפֶּער, 5 קֶעפְּלֶעך נֶעגֶעלֶעך, עֶסִיג אונ בִּיער אָדֶער קְוואס אַזוֹיא פִיל, אַז דָאס גַאנְצֶע פְלֵייש זָאל זַיין בֶּעדֶעקְט, 1/4 פונט פֶעטְט, 2 קֶעפְּלֶעך קְנָאבֶּעל, זַאלְץ נָאך בֶּעלִיבֶּען, 2 עֶסְלֶעפֶעל גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק.

מֶען צוּ קְלַאפְּט גוּט דָאס פְלֵייש פוּן אַלֶע זַייטֶען, מֶען לֵייגְט אִין אַטִיפֶע כְּלִי אָדֶער אַטָאפּ צוּ זַאמֶען מִיט דֶער צוּ שְׁנִיטֶענֶע צְווִיבֶּעל, לָארְבֶּער בְּלֶאטְטֶער, פֶּעפֶּער קֶערְנֶער אונ דִיא נֶעגֶעלֶעך. מֶען גִיסְט אוֹיבֶּען אַרוֹיף הֶעלְפְט עֶסִיג, הֶעלְפְט בִּיער אָדֶער קְוואס (אָדֶער גָאר מִיט וַואסֶער); מֶען בֶּעדֶעקְט מִיט אַדֶעקֶעל אונ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אַקַאלְטֶען אָרְט, נָאר וואו עֶס זָאל נִיט פֶערְפְרָארֶען וֶוערֶען. דָאס דַארְף מֶען אַזוֹיא הַאלְטֶען 5—7 טֶעג. אַלֶע טָאג קֶעהְרְט מֶען אוּם דָאס פְלֵייש אונ מֶען שְׁטֶעכְט אַיין מִיטִין גַאפֶּל אִין אֵיינִיגֶע עֶרְטֶער, אוּם עֶס זָאל זִיך אָנְצִיהֶען מִיט דֶעם עֶסִיג. וֶוען מֶען דַארְף נֶעהְמֶען בְּרָאטֶען, נֶעהְמְט מֶען אַרוֹיס דָאס פְלֵייש, וַואשְׁט עֶס אוֹיס מִיט קַאלְטֶען וַואסֶער, ווִישְׁט אוֹיס אונ מֶען צִיהְט דוּרך (מֶען שְׁטֶעקְט אָן) מִיט פֶעטְט, אונ וֶוער עֶס ווִיל, אוֹיך מִיט קְנָאבֶּעל; מֶען שִׁיט אַרוֹיף זַאלְץ, לֵייגְט אוֹיף דִיא בְּרָאטְפַאנֶע, גִיסְט אַריין אַהַאלְבֶּעס גְלָאז עֶסִיג, אִין וֶועלְכֶען דָאס פְלֵייש הָאט זִיך גֶעווייקְט, מֶען שְׁמִירְט אוֹיבֶּען אָן מִיט שְׁמַאלְץ אונ מֶען שְׁטֶעלְט בְּרָאטֶען אִין אַהֵייסֶען אוֹיבֶען. מֶען קֶעהְרְט דָאס פְלֵייש אָפְט אוּם, בֶּעגִיסְט עֶס מִיט דֶעם זַאפְט פוּן דֶער פַאנֶע אונ מֶען לָאזְט בְּרוֹין וֶוערֶען פוּן אַלֶע זַייטֶען. וֶוען עֶס אִיז פֶערְטִיג, בֶּעשְׁטְרֵייט מֶען עֶס מִיט צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק אָדֶער גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע. דָאס דַארְף זִיך בְּרָאטֶען אוּנְגֶעפֶאהר פוּן 1½ בִּיז 2 שְׁטוּנְדֶען.

## GEBACKENES LAMMFLISCH. № 179. גֶעבַּאקְטֶעס שֶׁעפְּסֶענְפְלֵייש.

מֶען צוּ שְׁנַיידְט דָאס פְלֵייש אִין גְלֵייכֶע שְׁטִיקֶער אונ מֶען גִיסְט אַרוֹיף זוּדִינֶע וַואסֶער. מֶען לָאזְט עֶס אָפְּקִיהלֶען אִין דֶעם וַואסֶער אונ מֶען נֶעהְמְט אַרוֹיס דָאס פְלֵייש; מֶען בֶּעזַאלְצְט עֶס, קַייקֶעלְט עֶס אַיין פְרִיעֶר אִין מֶעהל, נַאכְדֶעם אִין צוּ שְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר אונ אִין צֶערִיבֶּענֶע בּוּלְקֶע, אונ מֶען בַּאקְט עֶס אִין פֶעטְט. מֶען בֶּעפּוּצְט דָאס פְלֵייש מִיט פֶּעטְרוּשְׁקֶע אָדֶער מִיט גֶעבְּרָאטֶענֶע קְלֵיינֶע קַארְטָאפְּפֶעלֶען.

## HAMMELBRATEN. № 180. שָׁאפְּסֶענְבְּרַאטֶען.

שָׁאפְּסֶענְבְּרַאטֶען. מַאכְט מֶען אֵיינֶענְטְלִיך וִויא קַאלְבְּס בְּרָאטֶען. דִיזֶעס פְלֵייש אִיז שׁוֹין פוּן זִיך פֶעט, אַז אַנְדֶערֶעס פֶעט אִיז שׁוֹין נִיט נֵייטִיג. מֶען קֶען דָאס פְלֵייש מִיט קְנָאבֶּעל אַיינְרֵייבֶּען אָדֶער בֶּעשְׁטֶעקְקֶען; דָאס גִיבְּט צוּ אַכְרָאפְּטִינֶען

גֶעשְׁמַאק . אִין דִיא בְּרָאטְפְּפַאנֶע לֵייגְט מֶען אַבִּיסְל טִימִיאַן . בֶּעסְסֶער אָבֶּער שְׁמֶעקְט דָאס פְלֵייש , וֶוען מֶען לָאסְט עָס טוּשֶׁען (זִיךְ שְׁמָארֶען) אִין אַפֶּערְדֶעקְטֶען טָאפְּף .

## KARBONADE. № 181. צוּגֶעבְּרָאטֶענֶעס שֶׁעפְּסֶענ-אָדֶער קַאלְבּ פְלֵייש.

מֶען נֶעהמְט שֶׁעפְּסֶענְרִיפְּפֶען אָדֶער קַאלְבְּרִיפְּפֶען . דָאס פְלֵייש בַּייא יֶעדֶער רִיפְּפֶע צוּ קְלַאפְּט מֶען מִיט דֶעם רוּקְקֶען פוּן אַהַאקְמֶעסֶער , אוּם עֶס זָאל וֶוערֶען בְּרֵייט אוּנ וֵוייךְ , אָבֶּער עֶס זָאל זִיךְ הַאלְטֶען אָן דִיא בֵּיינֶער . דַאן קַייקֶעלְט מֶען עֶס אַיין אִין צוּשְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר , אוּנ נָאכְדֶעם אִין צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע בּוּלְקֶע , וָואס אִיז שׁוֹין פֶּערְמִישְׁט מִיט אַבִּיסְל זַאלְץ , אוּנ מֶען לָאזְט עֶס בְּרָאטֶען אִין פֶעט אָדֶער אִין שְׁמַאלְץ בִּיז גֶעלְבְּבְּרוֹין .

## GULLASCH. № 182. אַיין אוּנְגַארִישֶׁעס פְלֵייש גֶערִיכְט .

מֶען צֶערְשְׁנַיידְט צְווִיבֶּעלְן אַהִיבְּשֶׁע בִּיסֶעל אִין שְׁטִיקְלֶעךְ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אַיינְפְּרֶעגְלֶען אִין צְווֵייא לֶעפֶעל רִינְדְפֶעט , אִין אַצוּגֶעדֶעקְטֶען טָאפְּף . בַּאַיין טְהוּט מֶען אַרַיין רוֹיעס פְלֵייש , אִין קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ גֶעשְׁנִיטֶען , זַאלְץ אוּנ פַּאפְּרִיקַא גֶענִיגְלִיךְ . וֶוען דָאס פְלֵייש קָאכְט זִיךְ אַיין , גִיסְט מֶען אִימְמֶער אַבִּיסְל קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער דַאהִין . אַז עֶס אִיז שׁוֹין פַארְטִיג , זָא שְׁטְרֵייט מֶען דָאס אִיבֶּער אַבִּיכְל מֶעהל , טְרֵייסֶעלְט עֶס דוּרְךְ אוּנ מֶען לָאזְט נָאךְ אַמָאל דוּרְךְ קָאכֶען . מֶען בֶּעפּוּצְט גֶעוֶואהְנְלִיךְ דִיזֶעס גֶערִיכְט מִיט קַארְטָאפְּפֶעלְן . דִיזֶע נֶעהמְט מֶען קְלֵיינֶע , מֶען לָאזְט זֵייא בֶּעזוּנְדֶער אָפְּקָאכֶען אוּנ נָאכְדֶעם אִין דֶעם גוּלַאש אַיינְקָאכֶען . מֶעהל בֶּעשְׁטְרֵייט מֶען אִיבֶּער דָאס פְלֵייש , וֶוען מֶען קָאכְט עֶס אָהנֶע קַארְטָאפְּעלְן .

## FLEISCH KLOPS. № 183. פְלֵייש קְלָאפְּס .

מֶען נֶעהמְט אַהַאלְבְּפְּפוּנְד גֶעהַאקְטֶעס רִינְדְפְלֵייש , אַהַאלְבְּפְּפוּנְד גֶעהַאקְטֶעס קַאלְבְּפְלֵייש , אַהַאלְבּ פִירְטֶעל פְּפוּנְד דִין צוּהַאקְטֶע אָדֶער צוּ לָאזֶענֶעס פֶעט ; דֶער צוּ לֵייגְט מֶען צוּ פִינְף קְלֵיינֶע בּוּלְקֶעלֶעךְ (אָדֶער סוּכַארְקֶעס) צוּ רִיבֶּען אוֹיף דִין , אַדִין צוּ הַאקְטֶע צְווִיבֶּעל , פִינְף קָארְנֶער דִין צוּשְׁטוֹיסֶענֶעס גֶעוִוירְץ , פֶּעפֶער , זַאלְץ אוּנ דְרַייא גַאנְצֶע אֵייעֶר . מֶען מִישְׁט דָאס אַלְץ גוּט דוּרְךְ , מֶען מַאכְט דֶער פוּן פְלַאכֶע קְנֵיידְלֶעךְ אוּנ מֶען בְּרָאט זֵייא אִין שְׁמַאלְץ . אוֹיף דִיא גֶערִיבֶּענֶע זֶעמְמֶעל גִיסְט מֶען , נָאךְ מִיט אַשְׁטוּנְדֶע פְרִיעֶר , אַגְלָאז וַואסֶער אוּם עֶס זָאל אוֹיפְקְוֶועלֶען .

## FLEISCH WURST. № 184. פְלֵייש וואוּרְסְט .

קַאלְבּ פְלֵייש וֵוייניגֶער פַאר אַפּוּנְט , אַפֶּערְטֶעל דֶער פוּן בֵּיינֶער מַארְךְ , אוֹיסְ-גֶעוֵוייקְטֶע בּוּלְקֶע אוּנ אוֹיסְגֶעדְרִיקְטֶע , — הַאקְט מֶען דָאס אַלֶעס צוּ זַאמְמֶען זֶעהר דִין , מֶען פֶּערְמִישְׁט מִיט צְווִיבֶּעל (וָואס אִיז עֶטְוָואס אַיינְגֶעפְּרֶעגֶעלְט אִין פֶעט) , פֶּעטְרוּשְׁקֶע , שָׁאלֶעכְטֶס פוּן לִימָאן , זַאלְץ אוּנ 3—2 גֶעלְבְּלֶעךְ רוֹיעֶ דַאצוּ

דאס

דָאס מַאכְט מֶען צוּ וואוּרְסְט אוּנ מֶען בְּרָאט אִין שְׁמַאלְץ, אִינְדֶעם מֶען בֶּעגִיסְט זִייא אָפְט בִּיסְלֶעךְ וַוייס מִיט יוֹיךְ. צוּ לֶעטְצְט גִיסְט מֶען אַרוֹיף יוֹיךְ אָדֶער וַויין, אָדֶער אַנְשְׁטַאט דֶעם קִיקֶעלְט מֶען אַיין דִיא וואוּרְסְט אִין צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע בּוּלְקֶע אוּנ מֶען בְּרָאט זִייא אַיין.

## GEBACKENE FLEISCH-KLÖSSE.

## № 185. גֶעבַּאקְטֶע פְלֵיישְׁקְנֵיידְלֶעךְ.

צוּ אַפוּנְד גֶעהַאקְטֶען פְלֵייש גֶעהמְט מֶען אַקְלֵיינֶע בּוּלְקֶע, מֶען וַוייקְט אִיהר אַיין אוּנ מֶען דְרִיקְט אִיהר אוֹיס; דַאצוּ פִיל גֶעהַאקְטֶע צְווִיבֶּעל, זַאלְץ אוּנ פֶּעפֶער דָאס אַלְלֶעס קְנֶעטֶעט מֶען גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען מַאכְט דֶער פוּן פְלַאכֶע קְנֵיידְלֶעךְ. דָאס בַּאקְט מֶען אִין אַיין בְּלֶעכֶענֶער פַאנֶע אִין פֶעט אָדֶער שְׁמַאלְץ. וֶוען דִיזֶע זַיינֶען פַארְטִיג, מִישְׁט אַריין אַבִּיסְל מֶעהל אִין דֶעם פֶעט, וָואס אִין דֶער פַאנֶע, אוּנ, וִויא עֶס וֶוערְט גֶעלְבּ בְּרוֹין, מִישְׁט מֶען אַריין אַבִּיסְל וַואסֶער אוּנ זַאלְץ, אוּם עֶס זָאל וֶוערֶען אַגֶעדִיכְטְלִיכֶער יוֹיךְ, אוּנ דִיזֶען גִיסְט מֶען אַרוֹיף אוֹיף דִיא קְנֵיידְלֶעךְ.

## HACHÉE. № 186. גֶעהַאקְטֶעס פְלֵייש (הַאשֶׁע).

דֶער צוּ אִיז גוּט אַלְלֶע פְלֵיישֶׁען פַארְטִיג גֶעקָאכְטֶע, אוּנ וָואס פֶעטֶער אִיז אַלְץ בֶּעסֶער. דָאס פְלֵייש וֶוערְט צוּ הַאקְט גַאנְץ דִין, מִיט אַבִּיסֶעל צְווִיבֶּעל, זַאלְץ אוּנ פֶּעפֶּער. מֶען שְׁטֶעלְלְט עֶס צוּ אַפֶען פַייעֶר מִיט וַואסֶער אָדֶער פְלֵייש יוֹיךְ, אוּנ מֶען לָאזְט עֶס דוּרְךְ קָאכֶען. דַאן טְהוּט מֶען אַריין אַגֶעוֵוייקְטֶע בּוּלְקֶע אַקְלֵיינֶע אוּנ מֶען מִישְׁט גוּט דוּרְךְ. מֶען לָאזְט דָאס פְלֵייש אַפַּארְט צוּ בְּרָאטֶען אוּנ דֶעם יוֹיךְ שְׁטֶעלְט מֶען אוֹיף קוּילֶען אוּנ, אוּנְטֶער בֶּעשְׁטֶאנְדִיגֶען מִישֶׁען, לָאזְט מֶען עֶס גוּט דוּרְךְ קָאכֶען, בִּיז עֶס וֶוערְט אַגֶעדִיכְטֶער גְלַאטֶער בְּרַייא (קַאשְׁקֶע), אוּנ מֶען עֶסְט דָאס צוּזַאמֶּמֶען מִיט דֶעם פְלֵייש.

## SÜLZE. № 187. שְׁטוּדֶען (פּוּטְשַׁא).

אַהַאלְבֶּער אָכְסֶענְקָאפְּף אוּנ אַיין אָכְסֶענְפּוּס (קְוַואשִׁינֶע) וֶוערְן גֶעקָאכְט אִין וַואסֶער מִיט זַאלְץ אַזוֹא לַאנְג, בִּיז עֶס פַאלְלְט אַרָאבּ דָאס פְלֵייש פוּן דִיא בֵּיינֶער. מֶען נֶעהמְט אַרָאבּ דֶעם שׁוּים אוּנ מֶען טְהוּט אַריין עֶנְגֶל גֶעווִירְץ. צְווִיבֶּעל, קְנָאבְּל, עֶטְוָואס זַאלְץ, — אוּנ וֶוער עֶס לִיבְּט עֶטְוָואס זוֹיעֶרְלִיךְ, אוֹיךְ פֶּענֶעצֶען פוּן צוּטְרִין. אַז עֶס הָאט אָבּ גֶעקָאכְט צְוֵייא דְרִיטֶעל פוּן דֶעם יוֹיךְ (דָאס מוּז צוּ גֶעשְׁטֶעלְלְט וֶוערֶען אִין אַגְרוֹיסֶען טָאפְּף פוּל מִיט וַואסֶער), דַאן גִיסְט מֶען אִיהם דוּרְךְ אַזִיפּ, דִיא בֵּיינֶער נֶעהמְט מֶען אַרוֹיס, דָאס פְלֵייש צֶערְשְׁנַיידְט מֶען אִין שְׁטִיקְקְלֶעךְ, דָאס פֶעט שֶׁעפְּט מֶען אַרָאבּ פוּן דֶעם יוֹיךְ, אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט נָאךְ אַמָאל מִיט דֶעם פְלֵייש אוֹיף אַגֶעלִינְדֶעם פַייעֶר, אוּם עֶס זָאל זִיךְ נָאךְ מֶעהר אַיינְקָאכֶען. אוּם צוּ ווִיסֶען אוֹיבּ עֶס אִיז פַארְטִיג, גִיסְט מֶען אַרוֹיף אַלֶעפֶעל יוֹיךְ אוֹיף אַטֶעלְלֶער

אוּנ

אוּנ מֶען לָאזְט אָבְּקִיהלֶען : אוֹיבּ עֶס אִיז שְׁטַייף , זָא אִיז עֶס גוּט . יֶעטְצְט טוּנְקְט מֶען אַיין אַטֶעלְלֶער אִין הֵייסֶעס וַואסֶער , מֶען גִיסְט אַרַיין דֶעם יוֹיךְ מִיט דִיא פְלֵיישְׁשְׁטִיקְלֶעךְ אוּנ מֶען לָאזְט שְׁטֶעהן , בִּיז עֶס וֶוערְט קַאלְט אוּנ שְׁטַייף .

דַאן צֶערְשְׁנַיידְט מֶען עֶס אִין טְהֵיילֶען , אוּנ דָאס וֶוערְט גֶעגֶעסֶען מִיט עֶסִיג , אֵייל אוּנ פְּפֶעפֶער . דֶער צוּ שְׁמֶעקֶען גוּט קַארְטָאפְּפֶעלְן , וָואס אִיז אָבְּגֶעקָאכְט אִין זַאלְצְוַואסֶער . פוּן דִיזֶעם פּוּטְשָׁא (וֶוען עֶס אִיז נָאר קֵיין צוּטְרִינְזוֹיעֶר נִיטָא דַארִין) קֶען מֶען מַאכֶען בּוּלְיָאנְזוּפֶּע , אִינְדֶעם מֶען לֵייגְט מַאנְכֶע טְהֵיילֶע דַאפָאן אִין קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער ; מֶען לֵייגְט אוֹיךְ צוּ זוּפֶּענְגְרִינְס . מִיט דִיא אַרוֹיסְגֶענוּמֶענֶע בֵּיינֶער קֶען מֶען קָאכֶען דָאס שְׁאנְסְטֶע גֶעמִיזֶע , וַוייל זֵייא הָאבֶּען נָאךְ אִין זִיךְ גֶענוּג פֶעט אוּנ קְרַאפְט . וֶוען מֶען וִויל דֶעם פּוּטְשָׁא אוֹיף לַאנְג הַאלְטֶען , גִיבְּט מֶען אִיהם אַרַיין אִין אַטְרוּקֶענֶעם לֵיימֶענֶעם טָאפְּף , מֶען גִיסְט אוֹיבֶּען אַרוֹיף אַדֶעקְקֶע פֶעט אוּנ מֶען הַאלְט אִיהם צוּ גֶעדֶעקְטֶער הֵייט אִין אַקַאלְטֶען אָבֶּער טְרוּקֶענֶעם אָרְט .

## WARME SÜLZE. . וַוארְמֶע פּוּטְשָׁא № 188.

מֶען צוּ הַאקְט אַקְנָואשִׁינֶע אוֹיף שְׁטִיקֶער אוּנ מֶען קָאכְט אִין וַואסֶער מִיט זַאלְץ אַזוֹא לַאנְג , בִּיז עֶס פַאלְט אַרָאבּ דָאס פְלֵייש פוּן דִיא בֵּיינֶער . מֶען שַׁאמְט אָבּ דֶעם יוֹיךְ אוּנ מֶען גִיסְט דָאס אַרַיין אִין אַנוארְמֶען טֶעלְלֶער . יֶעטְצְט גִיסְט מֶען דֶעם יוֹיךְ דוּרְךְ אַזִיפּ אוּנ דָאס פֶעט שְׁאפְּפְּט מֶען אַרָאבּ .

דַאן קָאכְט מֶען אָבּ אַיין אֵיי הַארְט ; דִיא גֶעלְכֶעל פִּיהרְט מֶען פַאנְאַנְדֶער אִין עֶסִיג , דִיא וַוייסֶעל צוּ הַאקְט מֶען דִין ; דָאס טְהוּט מֶען אַלְץ אַרַיין אִין דֶעם יוֹיךְ מִיט עֶטְוָואס צוּקֶער , מֶען קָאכְט צוּ אַוַויילֶע אוּנ מֶען גִיסְט דָאס אַרוֹיף אוֹיף דָאס פְלֵייש . מֶען לָאזְט עֶס שְׁטֵיין אוֹיף אַנוארְמֶען אָרְט נָאךְ אַפֶערְטֶל שָׁעָה צוּגֶעדֶעקְטֶערְהֵייט , אוּנ דַאן קֶען מֶען עֶס עֶסֶען . דִיא בֵּיינֶער קֶען מֶען נָאכְמָאל אִין גֶעמִיזֶע קָאכֶען , וַוייל זֵייא הָאבֶּען נָאךְ פֶעט אוּנ קְרַאפְט גֶענוּג .

## ROULETTEN. . גֶעפִילְלְטֶע פְלֵיישְׁקְנֵיידְלֶעךְ № 189.

הַארְטֶעס פְלֵייש וֶוערְט רֵייעֶרְהֵייט צוּשְׁנִיטֶען אִין דִינֶע שֵׁייבֶּען (פֶּענֶעצֶען) , מֶען צוּקְלַאפְּט יֶעדֶע שְׁטִיק אוּנ מֶען מַאכְט דִיזֶעס גֶעפִילְלֶעכְטֶס : מֶען נֶעהמְט גֶעהַאקְטֶעס רִינְדְפְלֵייש , גֶערִיבֶּענֶע זֶעמֶעל (בּוּלְקֶע) , אַצוּהַאקְטֶע צְוִויבֶּעל , זַאלְץ , פֶעפֶער , אַפָּאר אֵייעֶר רוֹיעֶ אוּנ מֶען קְנֶעטֶעט דָאס אַלְלֶעס גוּט דוּרְךְ . דִיזֶעס גֶעפִילְלֶעכְטֶס לֵייגְט מֶען אִין יֶעדֶע שֵׁייבֶּע פְלֵייש , מֶען קַייקֶעלְט דָאס אַיין , אוּנ מֶען בִּינְדְט אַרוּם מִיט אַפָּאדִים ; דִיזֶע קָאכְט מֶען אַפָּאר שְׁטוּנְדֶען אִין פְלֵייש יוֹיךְ , אָדֶער אִין וַואסֶער מִיט זַאלְץ אוּנ פֶעט אוּנ אַבִּיסְל עֶנְגֶעלְגֶעוִוירְץ . אוּנ אוֹיבּ עֶס בְּלֵייבְּט נָאךְ הִיבְּשֶׁע יוֹיךְ , זָא פְרֶעגֶעלְט מֶען צוּ אַבִּיסְל מֶעהל אִין פֶעט אוּנ מֶען מִישְׁט עֶס אַרַיין , אוּם דֶער יוֹיךְ זָאל וֶוערֶען (זָאמִיג) גֶעדִיכְטֶלֶעךְ .

№ 190. פלאכע פלייש-קניידלעך. (פלייש-לאטקעס) ROULETTEN.

דאצו נעהמט נאר געקאכטעס אדער געבראטענעס פלייש. מען צו האקט עס אונ מען מישט אריין געריבענע זעממעל, געהאקטע צוויבעל, זאלץ אונ פעפער אונ עטליכע אייער. מען קנעטעט עס גוט דורך, מאכט דער פון פלאכע קניידלעך אונ מען פרעגעלט זייא אין פעט ביז ברוין.

## C עופות GEFLÜGEL.

### № 191. גאנז בראטען. GANSEBRATEN.

ווען דיא גאנז איז שוין כשר געמאכט, האקט מען דיא פליגעל אב אונ מען רייבט איין דיא גאנז מיט זאלץ פון אינוועייניג אונ פון דרויסען גאנץ גוט. אין דיא פעטקניידלעך, וואס אונטער דיא פליגעל, שטעכט מען איין עטליכע לעכער אונ מען שטעקט אריין שטיקלעך געשיילטע קנאבעל; דיא גאנז ווערט אויך מיט קנאבעל אינוועייניג אונ פון דרויסען איינגעריבען, מען פרעסט זיא איין אין אכלי אונ מען לאזט אזוא שטעהען איבער נאכט. וויא ביא יעדען בראטען, לייגט מען דא אין דיא פאנע אלייטער'ל פון דובאווע האלץ, אדער אזויא עטליכע העלצלעך, אום דאס פלייש זאל זיך ניט אנברענען. אויבען לייגט מען דיא גאנז דיא ברוסט אראב. פריער אבער קען מען דיא גאנז אנפילען מיט געריינינגטע זויערע עפעל, אונ ווער עס וויל, טהוט נאך אריין געשיילטע קאסטאניענים. מען פערנייט דעם בויכשניט אונ דיא הויט פון דער גאנץ צו שטעכט מען אומעטום מיט אגאפל. אשטיקל קארקע פון שווארצברויט, ניט זויערעם, מאכט דעם יויך קרעפטיג, געדיכטלעך אונ ברוין. מען טהוט אריין עטליכע צוויבעל, גיסט אריין וואסער ביז העלפט אונ מען שטעללט אריין אין אגוט געהייצטען אויבען. אין אשעה ארום פרובירט מען, אויב דיא ברוסט שטעכט זיך ווייך; ווען ניט, לאזט מען נאך ליגען; ווען יע אבער, קעהרט מען דיא גאנז אום. ווען דער רוקען איז איינגעבראטען, גיסט מען אראב דעם יויך, אז עס זאל נאר בלייבען דער דעק פון דער פאנע בעדעקט. מען שטעכט איין דיא הויט ווידער מיט אגאפעל אומעטום אונ מען לייגט דיא גאנז הויך, אז עס זאל ניט אנריהרען דעם יויך אונטען; אז ניט, ווערט דארטען בלייבען ניט פערברוינט. דיא גאנז בעגיסט מען ניט מיט פעט; דען פון דער געשטאבענע הויט נעהמט ארויס דאס אייגענע. ווען דיא גאנז איז ניט געפילט, לייגט מען דיא פיסלעך אין דעם בויכשניט אריין. דער בראטענ-יויך ווערט דורך געזייט אונ מען שטעללט איהם אפען טיש אין אבעזונדער כלי. ווען דיא בראטפאנע איז ליידיג, גיסט מען אריין אביסל הייסעס וואסער, שטעללט ווידער אין אויבען, לאזט אווייילע קאכען, מען מישט גוט דורך אונ דאס גיסט מען צו צו דעם בראטעניויך, ווען ער איז צו שארף; אונ אויב ניט: דאס בענוצט מען צו קארטאפעל זופע אדער צו אנדער געמיזע.

גאנז

## GANS MIT SAUERKOHL. גַאנְז מִיט זוֹיעֶרע קְרוֹיט. № 192.

מֶען טוּשֶׁעט אַיין קְרוֹיט מִיט פֶּעט, מִיט צְוִויבֶּעל. דֶער וַוייל שְׁנַיידְט מֶען דִיא גַאנְז פַאנַאנְדֶער לֶענְגְס דֶעם רוּקֶען אוּנ מֶען נֶעהמְט פוּן אִיהר אַרוֹיס דִיא בֵּיינֶער. מֶען בֶּעזַאלְצְט אִיהר עֶטְוָואס, בֶּעשִׁיט מִיט פֶּעפֶער, פִּילְלְט אָן מִיט קְרוֹיט, מֶען פֶּערְנֵייט, מֶען לֵייגְט אִיהר אַרוּם מִיט פֶּעט אוּנ מֶען לָאזְט בְּרָאטֶען אִין אוֹיבֶען. וֶוען מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ, גִיסְט מֶען אַרוֹיף אַסוֹיס גֶעמִישְׁט פוּן בּוּלְיָאן אִין דָעם יוֹיךְ פוּן דֶעם בְּרַאטֶען.

## GANS MIT MACARONEN. גַאנְז גֶעפִילְלְט מִיט לָאקְשֶׁען. № 193.

מֶען שְׁנַיידְט פַאנַאנְדֶער דִיא גַאנְז אִין דֶער לֶענְג פוּן רוּקֶען; מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא בֵּיינֶער, נָאר אִין דִיא פְלִיגֶעלֶען אוּנ דִיא פָאלְקֶעס לָאזְט מֶען זַייא. מֶען בֶּעזַאלְצְט, בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט פֶּעפֶער אוּנ מֶען מַאכְט דִיזֶעס גֶעפִילְלֶעכְטְס: מֶען קָאכְט אָב אַהַאלְב פוּנְד מַאקַארָאנֶען (לָאקְשֶׁען), מֶען מִישְׁט דוּרְךְ מִיט שְׁמַאלְץ, מֶען שְׁלָאגְט אַרַיין אַגֶעלְכְל אוּנ אַיין אָב גֶעקָאכְטֶע אֵיי אַצוּהַאקְטֶע, מֶען שִׁיט אַרַיין אַבִּיסְל צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע מוּשְׁקַאט בְּלִיהוּנְג. מֶען מִישְׁט דָאס גוּט פַאנַאנְדֶער אוּנ מִיט דִיזֶער מַאסֶע פִּילְלט מֶען אָן דִיא גַאנְז. מֶען פֶערְנֵייט אוּנ מֶען בְּרָאט אִין אַקַאסְטְרוּלֶע. מֶען בֶּעשִׁיט מִיט גֶעוִוירְץ, מֶען קֶעהרְט דִיא גַאנְז אָפְט אוּם, אוּם זִיא זָאל זִיךְ גוּט אַיינְבְּרָאטֶען. דִיא סוֹיס דַאצוּ מַאכְט מֶען פוּן שְׁטַארְקֶען בּוּלְיָאן מִיט קַאפֶּערְסֶען.

אַזוֹא מַאכְט מֶען אוֹיךְ עֶנְטֶענְבְּרַאטֶען, אוֹיב זַייא זַיינֶען גְרוֹיסֶע אוּנ פֶּעטֶע.

## SCHINDGANS. גֶעשׁוּנְדֶענֶע גֶאנְז. № 194.

אוֹיב דִיא גַאנְז אִיז זֶעהר פֶּעט, זָא נֶעהמְט מֶען אַרָאב דִיא דִיקֶע הוֹיט פוּן דֶער בְּרוּסְט, בִּיז אוּנְטֶער דִיא פְלִיגֶעל, וֶועלְכֶע מֶען שְׁנַיידְט פְרִיעֶר אָב. אוֹיב מֶען ווִילְל אִיהר בְּרָאטֶען, זָא גֵייט מֶען אַרוֹיף אוֹיף דִיא אָבְגֶעשׁוּנְדֶענֶע בְּרוּסְט מִיט צְוֵוייא גֶאנְזְהֶאלְזְלֶעךְ, אוּנ אוֹיב מֶען הָאט מֶעהר נִיט וִויא אֵיינֶע, זָא בֶּעהֶעלְפְט מֶען זִיךְ מִיט אַשְׁטִיקֶעל הוֹיט פוּן דֶעם רוּקֶען. יֶעטְצְט וֶוערְט זִיא וִויא אִימְמֶער אָבְגֶעבְּרִיהט, גֶעפּוּטְצְט אוּנ גֶעבְּרָאטֶען.

אוֹיב מֶען ווִיל דָאס פֶּעט פוּן דֶער בְּרוּסְט הוֹיט לָאזֶען אוֹיף פֵּסַח, אִיז גֵייטִיג דִיא גַאנְז צוּ רֶעכְט צוּ מַאכֶען אִין פֵּסַחדִיגֶע כֵּלִים, מֶען הֵיינְגְט אוֹיף דִיא הוֹיט וִויא אוֹיךְ דָאס אִינְוֵוייניגְסְטֶע פֶּעט (דִיא פְלָאסְטֶען) אִין אַרֵיינֶעם טוּךְ אִין דִיא לוּפְט אוּנ מֶען לָאזְט הֵיינְגֶען דְרַייא טֶעג. דַאן וַואשְׁט מֶען עֶס אִיבֶּער נָאךְ אַמָאל אוּנ מֶען פְּרֶעגְלְט עֶס אִין אַפֵּסַחדִיגֶע כְּלִי, נָאכְדֶעם מֶען הָאט דִיא הוֹיט אִין גְרוֹיסֶע שְׁטִיקֶער גֶעשְׁנִיטֶען. מֶען פְּרֶעגְלְט זַייא אָבֶּער נִיט אִין אַפַּאנֶע, וִויא אַנְדֶערֶע גְרִיבֶּענֶעס, נָאר אִין אַצִיגוּנְצִיק אָהן וַואסֶער. מֶען שְׁטֶעלְלְט צוּ צוּם פַייעֶר אָדֶער אוֹיף קוֹילֶען, אוּנ זַייא דַארְפֶען זִיךְ קָאכֶען, בִּיז

זייא

זַייא וֶוערֶען רוּנְד, בְּרוֹין אוּנ מִירְבֶּע (וַוייךְ). דָאס אִינְוַוייגִינְסְטֶע פֶּעט טְהוּט מֶען אַריין אַפֶּערְטֶעל שָׁעָה פְרִיעֶר אֵיידֶער יֶענֶע וֶוערְט פַארְטִיג, ווַיילֶע דִיזֶע צוּ גֶעהט זֶעהר גִיךְ. דִיזֶע גְרִיבֶּענֶעס שְׁמֶעקֶען גוּט וַוארֶעם אוּנ קַאלְטֶערְהֵייט, אִיבֶּערְהוֹיפְּט אוֹיף קַארְטָאפְּפֶעל קַאשֶׁע.

אוֹיב דָאס פֶּעט זָאל זִיךְ לַאנְג הַאלְטֶען, וַוארְפְט מֶען צוּ לֶעטְצְט אַריין אַגֶעשֵׁיילְטֶע צְווִיבֶּעל אוּנ מֶען לָאזְט זִיא דַרין גֶעלְבְּבְּרוֹין וֶוערֶען; נָאכְדֶעם גֶעהמְט מֶען זִיא וִוידֶער אַרוֹיס. דָאס פֶּעט לָאזְט מֶען אַבִּיסְל אָפְּקִיהלֶען, כְּדֵי עֶס זָאל זִיךְ זֶעטְצֶען, אוּנ דַאן גִיסְט מֶען עֶס לַאנְגְזַאם אָב, אוּנ דֶער אַבְּזַאטְץ, וֶועלְכֶער אִיז גִיט אַזוֹא קְלָאר, זָאל בְּלַייבֶּען אִין טָאפְּף, אוּנ מֶען קֶען אִיהם בֶּענוּטְצֶען צוּ אַנְדֶערֶע גֶערִיכְטֶען.

## GEFULLTE GÄNSEBRUST. גֶעפִילְלְטֶע גֶאנְז-בְּרוּסְט. № 195.

דִיא אָבְּגֶעשׁוּנְדֶענֶע בְּרוּסְט שְׁנַיידְט מֶען אָב פוּן דִיא רִיפְּפֶען אוּנ דָאס פְלֵיישׁ פוּן דִיא בֵּיינֶער. דִיזֶע צוּהַאקְט מֶען מִיט 3—4 לוֹיט גֶאנְזֶעפֶעט אוּנ אַצְווִיבֶּעל. דַאן מִישְׁט מֶען צוּ גֶערִיבֶּענֶע זֶעמְמֶעל (אַקְלֵיינֶע בּוּלְקֶע), צְוֵוייא אֵייעֶר רוֹיעֶ, זַאלְץ, אַבִּיסְל גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע עֶנְגֶעלְגֶעווִירְץ אוּנ פֶּעפֶּער. דָאס אַלְץ וֶוערְט אִין אֵיינֶעם דוּרְכְגֶעקְנָאטֶען. מֶען לֵייגְט עֶס וִויעדֶער אוֹיף דִיא בֵּיינֶער גְלַאט אָנְגֶעשְׁטְרִיכֶען, אוּם עֶס זָאל בֶּעקוּמֶען דִיא פְרִיעֶרִיגֶע פָארְם. מֶען צִיהט אוֹיבֶּען אַרוֹיף דִיא הוֹיט פוּן צְוֵוייא גֶאנְזֶעהַאלְזְלֶעךְ, וַוייל דִיא הוֹיט אִיז אַדִינְגֶערֶע. פְרִיעֶר לָאזְט מֶען עֶטְוָואס פְלֵיישׁ אָן דִיא בֵּיינֶער, אוּם מֶען זָאל קֶענֶען אָנְגֵייעֶן דִיא הוֹיט. עֶרְסְט גִיסְט מֶען אַרוֹיף קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער, אוּנ דִיא הוֹיט וֶוערְט גוּט גֶערֵיינִיגְט, אוֹיסְגֶעשְׁטָאפְּפֶעלְט (אַרוֹיסְגֶענוּמֶען) דִיא גֶעבְּלִיבֶּענֶע פֶּעדֶערְן, דִיא פֶּענְקֶעס, אוּנ אָבְּגֶעוַואשֶׁען. דִיא בְּרוּסְט לֵייגְט מֶען אִין אַפֶּערְדֶעקְטֶע בְּרָאטְפְּפַאנֶע, מֶען גִיסְט אָן וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט זִיא אַיינְשְׁמָארֶען (טוּשֶׁען) מִיט זַאלְץ, קְנָאבֶּער אוּנ עֶנְגֶעלְגֶעווִירְץ בִּיז עֶס וֶוערְט פֶּעט.

## GANS GEFÜLLT MIT GRÜTZBREI UND PILZ. גַאנְז גֶעפִילְלְט מִיט קַאשֶׁע אוּנ שְׁוֶועמְלֶעךְ. № 196.

מֶען צוּ שְׁנַיידְט דִיא גַאנְז אִין דֶער לֶענְג פוּן רוּקֶען, מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס פָארְזִיכְטִיג דִיא בֵּיינֶער, אוּם דָאס פְלֵיישׁ זָאל בְּלַייבֶּען אִין גַאנְצֶען מִיט דֶער הוֹיט. אוֹיף דִיא בֵּיינֶער גִיסְט מֶען אַרוֹיף וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע גֶעווִירְץ אוּנ מִיט גֶעטְרִיקֶענְטֶע שְׁוֶועמְלֶעךְ. זָא בַּאלְד דֶער יוֹיךְ אִיז פֶערְטִיג, זַייט מֶען אִיהם דוּרְךְ; מֶען צוּ שְׁנַיידְט דִיא שְׁוֶועמְלֶעךְ אוּנ מֶען גִיבְּט זַייא אַריין אִין דֶעם יוֹיךְ מִיט אַלֶעפֶעל שְׁמַאלְץ. מֶען גִיבְּט אַריין אַבִּיסְל גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אָדֶער אוּקְרָאפּ. דַאן פֶערְקָאכְט מֶען דְרִינֶען דְרַייא גְלֶאזֶער רֶעצְקֶע גְרוֹיפֶּען, פֶערְמִישְׁט מִיט אֵייעֶר, אוּנ מֶען לָאזְט דָאס אַלְץ טוּשֶׁען אִין אַצוּגֶעדֶעקְטֶע קַאסְטְרוּלֶע. מִיט דִיזֶער קַאשֶׁע פִילְלְט מֶען אָן דִיא גַאנְז, מֶען פֶערְנֵייט, לֵייגְט אַרוּם אוֹיבֶּען אוּנ

אוּנטֶען

אונטען מיט פעטט אונ מען לאזט בראטען. דאצו גיט מען שטארקע בוליאן-סויס.

## GEFÜLLTER GÄNSEHALS. געפיללטע האלזעל. № 197.

צו אגרויסע האלזעל נעהמט מען אפונט געהאקטעס רינדפלייש, פאר אפאר קאפייקען געריבענע בולקע, אגעהאקטע צוויבעל, זאלץ, פעפער, איין איי ארויע אדער צוויא. מען קנעטעט דאס דורך אונ מען פיללט דער מיט אן דיא הויט פון דער האלז; מען גייט צו זאממען אויבען אונ אונטען, בריהט עס אב מיט הייסען וואסער אונ מען פוצט עס פון דיא געבליבענע פעדערן (פון דיא פענקעס). מען שטעכט עס איין אין איינינע ערטער מיט אגאפל אונ מען לאזט עס קאכען אין דער זופפע. אדער מען לאזט עס שמארען מיט דיא פאטראכע (גאנצע קליין, איננעווייידע) פון דער גאנז.

אדער מען פיללט דיא העלזעל, אהן פלייש, מיט געריבענע זעממעל אונ עטוואס טימיאן, צוויא אייער געקאכטע אונ צו האקטע, אונ פעטט, געשניטען אין שטיקלעך.

## GÄNSELEBER. גאנזלעבער. № 198.

דיזע מאכט מען אויף פערשידענע ארט:

מען לייגט גאנזעפעטט אין איין אייזערנע (בלעבענע) פאנע. מען פערמישט ווייצענמעהל מיט אביסל זאלץ; דרינען קייקעלט מען איין דיא נאסע לעבער, אונ ווען דאס פעטט איז הייס, לייגט מען דיא לעבער הינאיין אונ מען לאזט זיא באקען ביז געלבברוין. מען קאן דין געהאקטע צוויבעל דאראן מיט בראטען.

ווען מען וויללל סויס דאצו האבען, נעהמט מען דיא לעבער ארויס, מען גיסט אריין אין דיא פאנע אביסל וואסער אדער פלייש יויך, מען דער לייגט נאך אביסל זאלץ אונ מען לאזט עס קאכען מיט דעם פעטט אין דיא צוויבעל איינינע מינוטען, אונ דאס מוז מען אימער מישען. דאן גיסט מען דיא סויס אויף דיא לעבער אונ מען דערלאנגט צום טיש.

## GÄNSELEBER MIT AEPFELN. גאנזלעבער מיט עפעל. № 199.

מען בעזאלצט עטוואס דיא לעבער. מען לייגט גאנזע פעטט אין אטיגעל אונ מען לאזט דיא לעבער דעריין איינינע מאל אויפשטויסען. דאן לייגט מען דער צו געשיילטע עפעל, אין שייבען (פענעצען) געשניטען, מען שטרייט עטוואס צוקער דארויף, — ווען דיא עפעל זיינען זויער איז מעהר צוקער, — אונ מען לאזט עס צו געדעקטערהייט טושען אויף קוילענפייער אדער אויף אהייסע פליטע, אהאלב שעה. דאן איז עס פערטיג.

## FRİCASSÉE UON GANS. געהאקטעס גאנז מיט שוועמלעך. № 200.

מען צו שניידט איונגע גאנז אויף שטיקלעך אונ מען שטעלט עס צו קאכען

מיט

מיט האָסער, פּעטרושקע, אביסל ענגלישע פעפער אונ עטליכע געטריקענטע בּאראוויקעס (שוועמלעך), אונ מען לאָזט פּאַרטיג קאָכען, דאן צו לאָזט מען אַלעפּעל פּעטט, לאָזט פערברוינען דרינען אַלעפּעל מעהל אונ מען מישט פאנאנדער מיט אפּאר גלעזער יויך. מען שלאָגט דאס אויף מיט אַלאַפּעדקע אונ מען לאָזט עס אויפזידען; מען ניט עס דורך, גיסט אַריין דיא שוועמלעך צו שניטענע מיט דיא שטיקלעך גאנז אונ מען גיסט אַרויף דיא פּאַרטיגע סוס פון דער גאנז.

איין ענטעל בעריטעט מען אויך אזוֹא צו.

## № 201. געפּרעסטע גאנז. PRESS GANS.

ווען דיא גאנז איז ריין צו רעכט געמאַכט, האַקט מען אָב דען האַלז אונ דיא פליגלען אונ מען שניידט אוים דיא ביינער פון דער גאנצע גאנז. דאן רייבט מען זיא איין פון אינוויינעג מיט זאַלץ אונ סאַליפּעטער (סעליטרע) אונ מען בעשטרייט מיט פּעפער אונ ענגעלגעווירץ. נאָכדעם לייגט מען צו זאַמען ביידע העלפט פון דער גאנז, בעשטרייט ווידער מיט זאַלץ אונ מען פּרעסט צו זאַמען מיט צוויא ברעטטלעך. דאס שטעלט מען שראַג (אין דער קרים) אין אַכלי, אום דיא זאַלצפּיכטקייט זאָל אָבלויפען. אַלע טאָג גיסט מען אָב דיא גאנז, אונ אַלע איבער טאָג קעהרט מען איהר איבער מיט דיא ברעטער צו זאַמען. אין 10 טעג אַרום נעהמט מען דיא ברעטער אַראָב, וויקעלט איין דיא גאנז אין גרויסע בויגען פּאַפּיר אונ מען הענגט איהר אויף אין ניט אַשטאַרקען רויך. אין אַכט טאָג אַרום איז זיא שוין מירבע (ווייך) אונ גוט.

## № 202 שטודען (פּיטשא) פון גאנז. GALLERT VON GÄNSEN.

דערצו געברויכט מען געשונדענע גאנז, מען צו שניידט דיא גאנז מיט דיא ביינער אין שטיקער, מען לייגט זייא אין אַטאָפּ מיט ריין געמאַכטע קאַלבס-פּיסען (קוואשינעס), אין שטיקער צו האַקטע, מיט זאַלץ, געווירץ אונ פּעפער, איניגע לאָרבער בלעטטער, אַשטיק אינגבער אונ צוויבעלן. מען גיסט אַריין 2 טהייל עסיג, 1 טהייל וואַסער, עס זאָל שטעהען גלייך מיט דעם פלייש. מען לאָזט דאס פלייש פּאַרטיג קאָכען, מען שאַמט אָב, אָבער דאס פלייש דאַרף ניט צו-פאַלען. ווען עס שטעכט זיך ווייך מיט אַגאָפּעל, נעהמט מען מיט אַשוימלעפּעל דאס פלייש אַרויס אונ מען לייגט דיא שטיקער אויף איינאַנדער אין אַליימענעם טאָפּ. דיא גרויסע ביינער, פון וועלכע דאס פלייש איז אַראָב, לייגט מען ניט דאַהין. אויב עס איז נאָך צו פיל יויך, לאָזט מען זייא נאָך איינקאָכען. דאן גיסט מען איהם אַרויף אויף דאס פלייש דורך אַטוך. דער טאָפּ בלייבט אָפען שטעהען, ביז דער יויך ווערט קאַלט. דאן נעהמט מען אַראָב פון אויבען דאס אָבגעשטעלטע פּעטט אונ מען גיסט אויבען אַרויף עטוואס ווייסעס וואַכס, אום דיא לופט זאָל ניט צו קומען דאס קען זיך האַלטען אין אַקיהלען טרוקענעם אָרט, ביז אין מיטען זומער.

## № 203. גערויכערטע (קאפּטשאנע) גאנז. SPICKGANS.

מען נעהמט אגעשטאפּטע גאנז, מען פּליקט איהר אב, אז דיא הויט זאל זיך ניט צערייסען אונ מען מאכט איהר כשר, וויא געוועהנליך. מען האקט אב דעם האלז אונ דיא פליגלען, שניידט אויס דיא ברוסט, נאר דיא ריפּען ביינער זאלען בלייבען אן רוקען. מען רייבט זיא גוט איין מיט זאלץ אונ מען לייגט זיא אין אפּאקעל פאס. אין דרייא טעג ארום נעהמט מען זיא ארויס אונ מען קייקעלט איין גוט אין ווייטצען קלייען. נאכדעם מאכט מען אלאך דורך דיא דינע הויט, ציהט דורך אדיקען פאדים אונ מען היינגט זיא אויף אין רויך. דאס מוז היינגען, אז עס זאל נאר בעקומען רויך אליין, ניט קיין היטצע. אין אכט טעג ארום היינגט מען זיא אין אלופטיגע קאמער, אבער נאר ניט אונטער זונענשיין.

ווידער אין אכט טאג ארום רייבט מען אב דיא קלייען אונ מען קען זיא עסען רויערהייט אדער געקאכט.

## № 204. וויא צוא שטאפּען גאנזע. GÄNSE ZU NUDELN.

צו ענדע הערבסט זעטצט מען איין דיא גאנז, מען פיטערט זייא פריער עטליכע וואכען מיט האבער, נאכדעם האלט מען זייא אין אשטייג, וואו זייא מוזען זיטצען ענג איינע לעבען דיא אנדערע. יעטצט מאכט מען אטייג פון גראבען מעהל אונ קלייען, מיט אהויפען זאלץ אונ אשע פון בורענהאלץ (ווען מען קען בעקומען) אונ מיט וואסער. מען מאכט דער פון קניידלעך, וויא דער קליינער פינגער לאנג אונ דיק אונ מען טריקנט זייא אויס אין אויבען. דער מיט קארמעט מען דיא גאנז פון אנפאנג 3—4 טעג, פיר מאל אטאג, אונ יעדעם מאל צוא פיר קניידלעך יעדע גאנז, אלזא אין אלעמען 16 שטיק אטאג. נאכדעם גיבט מען עטליכע טעג צו זיבען אויף אמאל, נאכדעם צו ניינען. דאן ווידער צו עלף, ביז דרייצעהען אויף אמאל, אבער שוין ניט מעהר, ביז דיא גאנז ווערט גאנץ פעט; דאס קען מען דערקענען אונטער דיא פליגלען. מען קען דיא צייט אזוא איינהאלטען: אום 7 אין דער פריה, אום 12, אום 5 פאר נאכט אונ אום 10 ביא דער נאכט. נאר אז מען פיהלט אן אונ דיא קניידלעך זיינען נאך ניט פערדייט (דאס פיהלט מען אין דער וואללע), זא גיבט מען ניט מעהר קיינע פרישע, אונ מען ווארטעט נאך אשטונדע. מען דארף זעהען איבער הויפּט, אז אין דעם מולטער, וואס שטייט נעבען דעם שטייג, זאל זיך אימער איינגעפינען וואסער; אז ניט, קרעפּירען זייא אלע. פיר וואכען ווערען זייא געשטאפּט, אונ אין דער לעטצטע וואכע בעקומען זייא ווידער ווייניגער קניידלעך צו יעדען מאל. דיא קניידלעך דארפען ניט זיין שפּיטציג; זייא מוזען זיין גלאט, אונ איידער מען גיבט, דארף מען זייא איין טונקען אין וואסער.

## HENDELN MIT GRÜNEN ERBSEN.

## № 205. הענדלעך מיט גרינע ארבעס.

מען מאכט צורעכט קליינע הענדלעך (אדער היהנדלעך), מען צושניידט

יעדע

יעדע אין פיר טהייל. מען מאכט איויך אונ מען לייגט דיא שטיקער הינאיין. דאן טוט מען איין ½ פונד גרינע ארבעס מיט גאנזע פעטרוזיליע בלעטער אונד גרינע פעטרושקע. ווען דיא ארבעס ווייך זיינען, גיבט מען זייא אריין אין דעם יויך אונ מען לאזט עס נאך אפערטעל שעה קאכען. ווען מען דערלאנגט צום טיש, לייגט מען דיא היהנדלעך אין מיטען שיסעל אונ דיא ארבעס לייגט מען ארום אום דעם ראנד, וויא אריין.

## № 206. געפיללטע הענדלעך. HENDELN FASCHIRT.

מען נעהמט שיינע פליישיגע הענדלעך. ווען זייא זיינען ריין געמאכט, לאזט מען זייא אוויילע ליגען אין ווארמען וואסער, אום זייא זאלען ווערען שיין ווייס. דאן שניידעט מען זייא פאנאנדער פון דעם רוקען אראב, נעהמט ארויס דיא ביינער, ביז דיא פאלקעס אונ דיא פליגלען. נאכדעם נעהמט מען אשטיק קאלב-פלייש. נעהמט אראב דיא הויט אונ מען צו שניידט גאנץ קליין. מען נעהמט אויך אהאלבע זעממעל אצוריבענע אונ אצווייקטע, דריקט עס גוט אויס, שלאגט אריין צווייא אייער אונ מען מישט דאס אלץ אפען פייער, ביז עס ווערט רעכט דיק. דאן צו שטויסט מען דאס פלייש מיט דעם זעמעל אין אשטויסעל גאנץ דין אונ מען טהוט אריין מושקאט בליהונג, מיט זאלץ, מען ווישט דיא הענדלעך אב מיט אטוך, פילט זייא אן מיט דעם געפילעכטס אונ מען פערנייט דיא הויט אפען רוקען ווידער צו זאמען. מען לייגט זייא מיט מעהרען אין אקאסטרולע, גיסט ארויף אפאר לעפעל רינדזופפע אונ מען לאזט זייא אהאלב שעה טושען. דער צוא מאכט מען געוועהנליך אסויס פון שוועמלעך אונ מען דער לאנגט צום טיש.

## № 207. געפרעגעלטע היהנדעל. GEBACKENE HÜHNCHEN.

מען צו שניידט דיא הינדלעך אונ מען לאזט זייא אוויילע ליגען אין וואסער. דאן קייקעלט מען זייא איין אין מעהל אונ מען טונקט איין יעדעס שטיק אין וואסער, געמישט אויף העלפט מיט אייער רויע; מען בעשטרייט זייא מיט צוריבענע זעמעל אונ מען לאזט זייא פרעגלען אין שמאלץ העללברוין, אונ מען בעפוטצט עס מיט געבאקענע פעטרושקע.

## № 208. איינע אנדער ארט געפרעגעלטע הינדעל.

מען לאזט דיא הינדעל עטליכע מאל אין וואסער אונ זאלץ אויפקאכען. דאן נעהמט מען זיא ארויס, לאזט אבקיהלען אונ מען קייקעלט זיא איין אין צווא שלאגענע אייער רויע, נאכדעם אין געבריעקעלטע זעממעל, אונ מען פרעגלט זיא אין פעטט אדער שמאלץ. זיא שמעקט זעהר גוט אויף יונגע געמיזע, צב"ש: אויף גרינע באב, ארבעס, יונגע מעהרען א. ז. וו.

## № 209. געבראטענע הינדעל. GEBRATENE HÜHNCHEN.

מען בריהט אב דיא הינדעל אונ מען גיט אכטונג דיא הויט זאל זיך ניט

צעררייסען

צֶערְרַייסֶען · מֶען רַייבְּט זִייא אַיין אִינְוֵוייניג מִיט זַאלְץ אוּנ מַאיָארַאן , מֶען שְׁטֶעקְט אָן מִיט פֶּעטְט אוּנ מֶען בְּרָאט זִיא אוֹיף אַגְרוֹיסֶען פַייעֶר אוֹיף אַבְּרָאט שְׁפִּיז ·

## № 210 גֶעזָאטֶענֶע הִינְדֶעל · HEISS-GESOTTENE HÜHNCHEN.

מֶען קְלַייבְּט אוֹיס דֶערְצוּ קְלֵיינֶע פְלֵיישִׁיגֶע הִינְדְלֶעךְ · אַז זִייא זַיינֶען רֵיין גֶעפּוּטְצְט , וֶוערֶען זִייא עֶטְוָואס בֶּעזַאלְצֶען אוּנ צוּ רֶעכְט גֶעמַאכְט · מֶען לֵייגְט זִייא אִין אַקַאסְטְרוּלֶע מִיט צְוִויבֶּעל , מֶעהְרֶען , גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע , עֶטְוָואס גַאנְצֶע פֶּעפֶּער אוּנ נֵייגֶעוְוירְץ · מֶען גִיסְט דַארוֹיף דְרַייא טְהֵייל וַואסֶער אוּנ אֵיין טְהֵייל עֶסִיג אוּנ מֶען לָאזְט אַזוֹא לַאנְג זִידֶען , בִּיז דָאס פְלֵיישׁ אִיז הַאלְב וֵוייךְ · דַאן מַאכְט מֶען וַוארֶעם אַשְׁטִיק גַאנְז פֶּעטְט , שִׁיט אַרוֹיף צְוֵוייא לֶעפֶעל מֶעהל אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אָנְלוֹיפֶען ; מֶען זַייט אַרוֹיף דֶעם יוֹיךְ אוּנ מֶען טְהוּט אַרַיין צְוֵוייא—דְרַייא גֶעלְבֶּעל · דַאן לֵייגְט מֶען דִיא הִינְדֶעל וִוידֶער דַארִין אוּנ מֶען לָאזְט זִיא גַאנְץ אוֹיס קָאכֶען ·

## HENDELN IN DER POMERANZEN SAUCE.
## № 211. הֶענְדְלֶעךְ אִין סוֹיס פוּן פָּאמֶערַאנְצֶען ·

מֶען נֶעהְמְט דְרַייא קְלֵיינֶע אָבֶּער פְלֵיישִׁיגֶע הֶענְדְלֶעךְ אָדֶער הִינְדְלֶעךְ , מֶען מַאכְט זִייא צוּ רֶעכְט אוּנ מֶען שְׁטֶעקְט זִייא אָן מִיט פֶּעטְט · מֶען בְּרָאט זִייא אַזוֹא לַאנְג , בִּיז זִייא וֶוערֶען שׁוֹין גֶעלְבּ · דַאן מַאכְט מֶען פוּן מֶעהל מִיט פֶּעטְט אַגֶעלְבֶּען אַיינְבְּרֶענְן אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף בְּרוֹינֶע זוּפֶּע ; מֶען טְהוּט אַרַיין עֶטְוָואס שָׁאלֶעכְטְס פוּן פָּאמֶערַאנְצֶען אוּנ לִימָאן , אוֹיךְ אַשְׁטִיק צוּקֶער , דֶעם זַאפְט פוּן אַפָּאמֶערַאנְצֶע אוּנ פוּן אַהַאלְבֶּען לִימָאן · מֶען לָאזְט דָאס גוּט פֶערְזִידֶען ; מֶען נֶעהְמְט אַרָאבּ גָאר דָאס פֶּעטְט פוּן דֶער סוֹיס , לֵייגְט דִיא הֶענְדְלֶעךְ דַארִין אוּנ מֶען לָאזְט זִיא נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּטֶען אוֹיפְזִידֶען · וָוען מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ , גַארְנִירְט מֶען (מֶען בֶּעפּוּצְט) דֶעם רַאנְד פוּן דֶער שִׁיסֶעל מִיט שְׁמָאל גֶעשְׁנִיטֶענֶע פָּאמֶערַאנְצֶען ·

## FRANZÖSISCHE HÜHNCHEN.
## № 212. הִינְדְלֶעךְ אוֹיף פְרַאנְצֶאזִישֶׁע אַרְט ·

מֶען מַאכְט צוּ רֶעכְט דִיא הִינְדְלֶעךְ , צוּשְׁנַיידְט זִייא יֶעדֶע אוֹיף פִיר טְהֵייל אוּנ מֶען שְׁנַיידְט אָבּ דִיא קָאפְּלֶעךְ אוּנ דִיא פִיסְלֶעךְ ; מֶען ווִישְׁט זִייא אוֹיס טְרוּקֶען אוּנ מֶען צוּ קְלַאפְּט זִייא , וִויא אוֹיף קָאטְלֶעטֶען ; דַאן נֶעהְמְט מֶען אַרוֹיס דִיא צוּ-קְלַאפְּטֶע בֵּיינֶער אוּנ מֶען בֶּעזַאלְצְט עֶטְוָואס דָאס פְלֵיישׁ · וֶוער עֶס ווִיל , בֶּעשְׁפְּרִיצְט דָאס פְלֵיישׁ מִיט פְרַאנְוַואנְס בּוֹימְאֵייל אוּנ לִימָאנְזַאפְט אוּנ מֶען לָאזְט אַזוֹא לִיגֶען עֶטְלִיכֶע שְׁטוּנְדֶען · דַאן טוּנְקְט מֶען אַיין דִיא שְׁטִיקֶער הוּהְן אִין צוּא שְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר רוֹיעֶ , בֶּעשְׁטְרֵייט גֶעדִיכְט מִיט צוּרִיבֶּענֶע צְווִיבַּאק אוּנ מֶען בְּרָאט צוּא פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען אִין פֶּעטְט · בֶּעזוּנְדֶער פְרֶעגֶעלְט מֶען אַיין דִיא גְרִינְס פוּן פֶּעטְרוּשְׁקֶע אִין פֶּעטְט אוּנ מֶען בֶּעשִׁיט דַאמִיט דִיא שְׁטִיקֶער הוּהְן ·

דיא

דיא הִינְדְלֶעךְ לֵייגְט מֶען אִין מִיטְן שִׁיסֶעל דיא פָארְדֶערְסְטֶע טְהֵיילֶען אַרוֹיף, אוּנ מֶען גַארְנִירְט מִיט גֶעטוּשֶׁעטֶע אַרְבֶּעס אָדֶער מֶען בֶּעגִיסְט מִיט אַסוֹיס.

## HUHN MIT MUSKATNUSS. הוּהן מִיט מוּסְקַאטְנוּס. № 213.

מֶען צוּ שְׁנַיידְט אַיוּנְגֶעס הוּהן אִין 4 טְהֵייל. מֶען לָאזְט צוּ גֶעהֶען אִין טָאפְּף אַלֶעפֶּעל שְׁמַאלְץ, לֵייגְט דָאס הוּהן הִינְאַיין אוּנ מֶען לָאזְט עֶס פְּרֶעגְלֶען, בִּיז עֶס וֶוערְט הֶעלְל בְּרוֹין. מֶען גִיסְט אִימֶער אֵיינִיגֶע טְרָאפְּפֶען קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער נָאךְ, בִּיז עֶס וֶוערְט וֵייךְ. מֶען מִישְׁט פַאנַאנְדֶער אַהַאלְבֶּע לֶעפֶּעל קַארְטָאפֶעל מֶעהל מִיט וַואסֶער, גִיסְט אַרוֹיף אוֹיף דָאס הוּהן, לָאזְט עֶס אוֹיפְקָאכֶען אוּנ מֶען רֵייבְּט אַרַיין אַפֶּערְטִיל מוּסְקַאטְנוּס.

## GEDÄMPFTES HUHN. גֶעטוּשֶׁעטֶע הוּהן. № 214.

מֶען צוּ שְׁנַיידְט אַרוֹיעֶס הוּהן אוּנ מֶען לָאזְט עֶס טוּשֶׁען אִין אַצוּגֶעדֶעקְטֶען טָאפְּף מִיט גַאנְץ וֵוייניג וַואסֶער אוּנ זַאלְץ. דֶער צוּ מַאכְט מֶען אַזַא סוֹיס: — —

מֶען פְּרֶעגֶעלְט אַיין אַלֶעפֶּעל מֶעהל אִין פֶּעטְט, בִּיז הֶעלְל גֶעלְבּ; מֶען טְהוּט אַרַיין אַלֶעפֶּעל גֶערִיבֶּענֶע סֶעלֶערִיֶע אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס פַאנַאנְדֶער. מֶען גִיסְט אַרוֹיף דֶעם יוֹיךְ פוּן דֶעם הוּהן מִיט אַשְׁפִּיטְצְמֶעסֶער צוּקֶער אוּנ מֶען לָאזְט דָאס אַפָּאר מִינוּטֶען דוּרךְ קָאכֶען. דַאן לֵייגְט מֶען דָאס פְלֵיישׁ וִויעדֶער אִין דִיא סוֹיס, טְהוּט אַרַיין אַבִּיסִיל פֶּעטְרוּשְׁקֶע דֶער צוּ אוּנ מֶען לָאזְט נָאךְ אַוַוילֶע שְׁטֶעהֶען אַפֶען פַייעֶר דַאן אִיז פֶערְטִיג.

אַז מֶען זָאל צוּ לֵייגֶען צוּם הוּהן בְּלוּמֶענְקָאהל אָדֶער שְׁפַּארְגֶעל (סְפַּארְזֶע) זָא גִיבְּט עֶס אַקְרֶעפְטִיגֶען גֶעשְׁמַאק.

אַזוֹיא קֶען מֶען עֶנְטֶען, גַאנְז אוּנ קַאלְבּ פְלֵיישׁ בֶּערֵייטֶען.

## HUHN MIT REIS. הוּהן מִיט רַייז. № 215.

מֶען בְּרִיהט אָבּ אַהַאלְבּ פוּנְט רַייז אוּנ מֶען לָאזְט אָנְקְוֶועלְלֶען אִין אַבִּיסִיל אַנְדֶערֶע הֵייסֶע וַואסֶער מִיט זַאלְץ, אִין אוֹיבֶען. דֶער וַוייֶלֶע נֶעהמְט מֶען אַיין אוֹיס גֶעקָאכְטֶעס פֶעטֶעס זוּפֶּפֶּענְהוּהן אוּנ מֶען לָאזְט עֶס טוּשֶׁען מִיט עֶטְוַואס וַואסֶער אִין זוּפֶּפֶּענְגֶעמִיזֶע. פוּן דֶער הוּהן יוֹיךְ גִיסְט מֶען אַלֶע וַויילֶע צוּ צוּם רַייז, בִּיז עֶר וֶוערְט וֵייךְ. וֶוען דָאס הוּהן אִיז וֵייךְ, נֶעהמְט מֶען עֶס אַרוֹיס פוּן דֶעם יוֹיךְ, אוּנ מֶען מַאכְט אִיהם גֶעדִיכְטְלִיךְ מִיט אַבִּיסִיל אִיבֶּער גֶעבְּרֶענְטֶע מֶעהל; מֶען גִיט צוּ אַזוֹיעֶרְס מִיט וַוייכֶען וַויין אוּנ צוּטְרִינְזַאפְט; מֶען טְהוּט אַרַיין דִין צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע צְווִיבֶּעל, פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ עֶטְוַואס וַוייסֶען פֶּעפֶער. דַאן נֶעהמְט מֶען אַרָאבּ דֶעם יוֹיךְ פוּן פַייעֶר אוּנ מֶען פֶערְוַוייסְט אִיהם גְלַייךְ מִיט צְוַוייא גֶעלְבְּלֶעךְ רוֹיעֶ. וֶוען דֶער רַייז אִיז פֶערְטִיג, לֵייגְט מֶען אִיהם אוֹיס אוֹיף אַפַאלוּמֶעסִיק, דָאס צוּ שְׁנִיטְטֶענֶע הוּהן פוּן אוֹיבֶען, אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט עֶס מִיט אַבִּיסִיל פוּן דֶער סוֹיס, אוּנ דִיא אִיבְּרִיגֶע סוֹיס דֶער לַאנְגְט מֶען אִין אַבֶּעזוּנְדֶער כֵּלִי צוּם טִישׁ.

## GEBRATENE ENTEN. גֶעבְּרָאטֶענֶע עֶנְטֶעל. № 216.

מֶען מַאכְט צוּ רֶעכְט דִיא עֶנְטִיל, וִויא גֶעוֶואהְנְלִיךְ. מֶען קֶען אִיהר אָנְפִילְלֶען,

זא

זָא וִויא אַגַאנְז, מִיט גֶעשֶׁעמְקֶעוֶועטֶטֶע קְרוֹיט מִים עֶפֶּעל, מִיט גְרִיטְצֶע, אוּנ זָא וַוייטֶער. מֶען בְּרָאט דִיא עֶנְטִיל, וִויא אַגַאנְז; נָאר וֵוייניגֶער צֵייט. מֶען קֶען אִיהר אוֹיךְ בְּרָאטֶען אוֹיף אַבְּרָאטְפַּאנֶע, נָאר בֶּעסֶער אִין אַקַאסְטְרוֹלֶע. אוֹיב דִיא עֶנְטִיל אִיז נִיט זֶעהר פֶּעטְט, זָא לֵייגְט מֶען צוּ פֶּעטְס אוּנ מֶען בְּרָאט אִיהר אִימְמֶער קֶעהרֶענְדִיג פוּן אֵיין זַייט אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט אָפְט מִיט דֶעם יוֹיךְ. אִין וֶועלְכֶען זִיא בְּרָאט זִיךְ.

## GEDÜNSTETE ENTEN MIT ZWIEBELN.

## № 217. גֶעטוּשֶׁעטֶע עֶנְטִיל מִיט צְוִויבֶּעל.

מֶען מַאכְט צוּ רֶעכְט דִיא עֶנְטִיל אוּנ מֶען בֶּעזַאלְצְט אִיהר. מֶען לֵייגְט אִין אַקַאסְטְרוֹלֶע עֶטְוַואס פֶּעט, צְוִויבֶּעלְן אוּנ מֶעהרֶען, אַלְלֶעס מוּז בְּלֶאטְטֶערְוַוייז גֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען. מֶען לֵייגְט אוֹיבֶּען דִיא עֶנְטִיל אוּנ מֶען לָאזְט זִיא לַאנְגְזַאם טוּשֶׁען, בִּיז זִיא וֶוערְט וַוייךְ אוּנ פוּן אַלְלֶע זַייטֶען בְּרוֹין. דַאן נֶעהמְט מֶען דִיא עֶנְטִיל אַרוֹיס, שְׁטוֹיבְּט אַרַיין אִין דֶער קַאסְטְרוֹלֶע אַלֶעפֶּעל מֶעהל אוּנ מֶען לָאזְט עֶס בְּרוֹין וֶוערֶען; מֶען גִיסְט אוֹיבֶּען אַרוֹיף עֶטְוָואס וַוייסֶען עֶסִיג, לָאזְט דִיא סוֹיס פֶערְזִידֶען אוּנ מֶען גִיסְט זִיא דוּרךְ אַזִיפּ. דַאן לֵייגְט מֶען דִיא עֶנְטִיל וִויעדֶער הִינְאַיין, אוֹיךְ עֶטְוַואס צוּטְרִין שָׁאלֶעכְטְס אוּנ מֶען לָאזְט נָאךְ אַבִּיסֶעל טוּשֶׁען. נַאכְדֶעם נֶעהמְט מֶען 30—40 צְוִויבֶּעלְן יֶעדֶע גְרוֹיס וִויא אַנוּס, מֶען שֵׁיילְט אָב דִיא עֶרְשְׁטֶע בְּלֶאטֶעל אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא עֶטְלִיכֶע אוֹיגֶענְבְּלִיק אִין וַואסֶער זִידֶען. דַאן לֵייגְט מֶען זֵייא אִין קַאלְטֶעס וַואסֶער, לָאזְט זֵייא אַוַויילֶע דְרִין לִיגֶען אוּנ מֶען שֵׁיילְט אָב דִיא אוֹיבֶּערְסְטֶע הֶעלְפְט. דֶער וַויילֶע וַוארֶעמְט מֶען אָן אַשְׁטִיק פֶּעטְס, לֵייגְט הִינְאַיין דִיא צְוִויבֶּעלְן אוּנ מֶען קֶעהרְט זֵייא אָפְט אוּם, אוּם זִיא זָאלְלֶען דוּרְכְאוֹיס בְּרוֹין וֶוערֶען. דַאן גִיסְט מֶען אַרוּף אַבִּיסִיל בְּרוֹינֶע זוּפֶּע, מֶען גִיבְּט עֶטְוַואס זַאלְץ אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא קָאכֶען, בִּיז וַוייךְ; אָבֶער זֵייא דַארְפֶען נִיט צוּ פַאלְלֶען. וֶוען מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ, לֵייגְט מֶען דִיא עֶנְטִיל אִין מִיט'ן שִׁיסֶעל אוּנ דִיא צְוִויבֶּעלְן לֵייגְט מֶען וִויא אַקְרַאנְץ אַרוּם.

## GEDÜNSTETE ENTEN. גֶעטוּשֶׁעטֶע עֶנְטְלֶעךְ. № 218.

מֶען נֶעהמְט יוּנְגֶע עֶנְטְלֶעךְ אוּנ מֶען שְׁטֶעקְט זֵייא אָן מִיט פֶּעט. אִין טָאפְּף גִיסְט מֶען הֶעלְפְט וַואסֶער אוּנ הֶעלְפְט וַויינְעסִיג, מֶען טְהוּט אַרַיין זַאלְץ, צְוִויבֶּעלְן, לָארְבֶּערְבְּלֶאטֶער (נִיט פִיל), אֵיינִיגֶע גֶעוִוירְץ, נֶעגֶעלֶעךְ אוּנ פֶּעגֶעצֶען פוּן צוּטְרִין. מֶען לֵייגְט דַארִין דִיא עֶנְטְלֶעךְ אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא צוּ גֶעדֶעקְטֶערְהֵייט טוּשֶׁען לַאנְגְזַאם. דַאן פֶערְמִישְׁט מֶען עֶטְלִיכֶע לֶעפֶעל מֶעהל אִין צוּ שְׁמָאלְצֶענֶעם פֶּעט גִיסְט אַרוֹיף עֶטְוָואס פוּן דֶעם יוֹיךְ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס צוּ זַאמְמֶען אוֹיפְקָאכֶען. נַאכְדֶעם גִיסְט מֶען דֶער צוּ דֶעם אִיבְּרִיגֶען יוֹיךְ דוּרךְ אַזִיפּ, לֵייגְט הִינְאַיין דִיא עֶנְטְלֶעךְ אוּנ מֶען לָאזְט נָאךְ לַאנְגְזַאם טוּשֶׁען. בִּיז מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ.

## № 219. דרייבע פון ענטלעך. ENTENKLEIN.

מען שטעלט צו צום פייער דיא פליגלען, העלזלעך, מאגען אונ הארץ פון איינגע יונגע ענטלעך אין קאלטען וואסער. דאס וואסער מוז נאר דאס פלייש בעדעקען. מען שאמט אב אונ מען טהוט אריין ווארצלען פון פעטרושקע, איין לארבער בלאט, פעפער, געווירץ אונ זאלץ, אונ מען לאזט לאנגזאם קאכען ביז ווייך. דאן נעהמט מען ארויס דאס פלייש אונ מען מאכט דעם יויך זאמיג (טוביג) מיט איינגעברענטען מעהל אין פעט. מען גיסט אריין עטוואס צוטרינזאפט. ווען מען ווינשט, אונ עטוואס ווייסען פעפער דער צו. מען זייט דורך דיא סויס דורך אזיפ אונ מען בעגיסט דאמיט דאס פלייש.

## ENTEN MIT NUDELN UND PILZ.
## № 220. ענטיל מיט לאקשען אונ שוואמלעך.

מען צו שניידט דיא ענטיל אין דער לענג; נעהמט ארויס דיא ביינער בעהיטזאם נאר מען לאזט דיא פיסלעך אונ דיא פליגלען; מען בעזאלצט אונ מען בעשיט מיט פעפער אונ נעגעלעך. דיא לאקשען קאכט מען אב אין וואסער אונ מען זייט דורך אסיטקע. מען שלאגט אריין צוויי געלבעל רויע מיט איין אבגעקאכטע איי, מען טהוט אריין טרוקענע בראזויקעס (שוועמלעך) אבגעקאכטע אונ צו שניטענע (צו ברעקעלטע), אביסיל פעט מיט זאלץ; מען מישט פאנאנדער אונ מען פילט דער מיט אן דיא ענטיל. מען לייגט איהר אין קאסטרולע, פערגיסט מיט דעם יויך פון דיא שוועמלעך אונ מען לאזט קאכען צו געדעקטערהייט, ביז עס ווערט פערטיג. ווען מען דערלאנגט צום טיש, שניידט מען פאנאנדער דיא ענטיל אונ מען בעגיסט מיט דער סויס, אין וועלכער עס האט זיך געקאכט.

## № 221. געפילטער אינדיק: FASCHIRTER INDIAN.

מען מאכט צו רעכט איין אינדיק אונ מען בריהט איהם אב. מען שניידט דיא הויט פון דעם רוקען פאנאנדער אין דער לענג פון אויבען אראב, אונ מען שיילט אויס דיא ביינער מיט אשארפען מעסער, ביז דיא פאלקעס אונ דיא פליגלען; מען מוז זיך אבער היטען דיא הויט ניט איין צו שניידען.

דאן נעהמט מען אהאלב פפונד קאלב פלייש, לאזט עס אקאך טאן אין זודיגען וואסער, אויך גאנזעלבער; מען צו שניידט אין קליינע שטיקלעך, וויא ארבעס, טריפפעל אונ שאנפיניאן (ביידע — ארטען פון שוועמלעך) אויך צו ברעקעלט. מען לאזט דאס אלץ טושען מיט פעט אונ עטוואס גרינע פעטרושקע, מיט צו שניטענע צוויבעלן, זאלץ אונ פעפער. מען לייגט דאס אויס אין אבלי, שלאגט אריין אגאנצע איי אונ אגעלבעל, מען מישט דאס גוט דורך אונ מען פילט דער מיט אן דעם אינדיק, אונ מען פערנייט דיא הויט אפען רוקען. דאן לייגט מען איהם אין אקאסטרולע, וועלכע דארף ניט זיין גרעסער פאר דעם אינדיק.

מען

מֶען גִיסְט אַרוֹיף דְרַייא קָאכְלֶעפֶעל יוֹיךְ, אַהאלְבֶּע גְלָאז וַויין, אוּנ מֶען לָאזְט עֶס לַאנְגְזַאם קָאכֶען. וֶוען דֶער אִינְדִיק אִיז גֶענוּג ווייךְ, נֶעהמְט מֶען אִיהם אַרוֹיס אוּנ מֶען לֵייגְט אִיהם אוֹיף אַיין אָרְט, וואוּ עֶר קֶען זִיךְ נִיט גִיךְ אָפּ קִיהלֶען. מֶען נֶעהמְט דָאס פֶעט אַרָאבּ פוּן דֶער סוֹיס, זַייט דִיא סוֹיס דוּרְךְ אַזִיפּ אוּנ מֶען לָאזְט זִיא אַזוֹיא לַאנְג קָאכֶען, בִּיז זִיא בְּלַייבְּט גַאנְץ וַויינִיג. דַאן לֵייגְט מֶען דֶעם אִינְדִיק אוֹיף אַשִׁיסֶעל, גִיסְט אַרִיבֶּער דִיא סוֹיס אוּנ מֶען לֵייגְט אַרוּם דֶעם רַאנְד מִיט קְלֵיינֶע גֶעבַּאקֶענֶע קַארְטָאפְפֶעלְן.

## № 222. אֵיינֶע אַנְדֶער אַרְט גֶעפִילְלְטֶער אִינְדִיק.

מֶען מַאכְט צוּ רֶעכְט דֶעם אִינְדִיק אוּנ מֶען ווִישְׁט אִיהם אוֹיס פוּן אִינְוַוייניג אוּנ פוּן דְרוֹיסֶען. דַאן נֶעהמְט מֶען גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע אִינְגְבֶּער און מֶען רַייבְּט אִיהם דַאמִיט נָאךְ אַמָאל אוֹיס. מֶען לֵייגְט אִיהם אוֹיף אַבְּרָאטְפַּאנֶע אָלֶאנְגְלִיכֶע פִּירְעֶקִיגֶע. מֶען בִּינְדְט צוּ זַאמֶמֶען דִיא פִּיסֶלֶעךְ אוּנ מֶען מַאכְט דִיזֶעס גֶעפִילֶעכְטְס: מֶען בְּרָאט עֶטְוַואס צוּ קַאלְבְּלֶעבֶּער אוּנ דִיא לֶעבֶּער פוּן דֶעם אִינְדִיק אוּנ מֶען צוּא הַאקְט זִיא גַאנְץ דִין. מֶען וַוייקְט אוֹיס דִיא וַוייכֶע פוּן אַזֶעמְמֶעל, דְרִיקְט אוֹיס אוּנ מֶען לֵייגְט צוּ צוּ דֶער לֶעבֶּער מִיט זַאלְץ, אַפֶערְטֶל פוּנְט פֶּעטְס, מוּשְׁקַאט-נִיס צוּ רִיבֶּענֶע, צְווייא גֶעלְכְלֶעךְ רוֹיעֶ, אַלֶעפֶעל גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע, — דָאס אַלְץ פִּיהרְט מֶען פַאנַאנְדֶער מִיט יוֹיךְ אַהאלְבֶּעסְגְלָאז. דָאס אַלְץ זָאל מֶען גוּט פַאנַאנְדֶער רַייבֶּען, פַאנַאנְדֶער מִישֶׁען, אוּם עֶס זָאל וֶוערֶען אַגֶעדִיכְטֶעס גֶעפִילֶעכְטְס. דֶער מִיט פִּילְלְט מֶען אָן דֶעם אִינְדִיק אוּנ מֶען פֶערְנֵייט. מֶען גִיסְט צוּ אוֹיף דֶער פַאנֶע אַבִּיסְל וַואסֶער, דֶעם אִינְדִיק בֶּעגִיסְט מֶען מִיט פֶעטְט אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט בְּרָאטֶען אִין אַהֵייסֶען אוֹיבֶען. מֶען קֶעהרְט אִיהם אָפְּט אוּם אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט אִיהם מִיט דָעם יוֹיךְ פוּן דֶער פַאנֶע. וֶוען דֶער אִינְדִיק אִיז גוּט בְּרוֹין אַרוּם אוּנ אַרוּם, בֶּעשִׁיט מֶען אִיהם מִיט צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק (סוּכַארֶעס), מֶען גִיסְט אַרוֹיף דֶעם יוֹיךְ פוּן דֶער פַאנֶע אוּנ מֶען לֵייגְט אִיהם אוֹיף אַפָּאלוּמִיסֶעק; מֶען צוּ שְׁנֵיידְט אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ.

דֶער צוּ דֶער לַאנְגְט מֶען אַסוֹיס אַזוֹא גֶעמַאכְט: מֶען צוּ רַייבְּט פֶּעטְט מִיט מֶעהל. מֶען צוּ לָאזְט עֶס אוֹיף דֶער פַאנֶע, אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג; מֶען גִיסְט צוּא אַבִּיסְל בּוּלְיָאן מִיט זַאלְץ אוּנ מֶען לָאזְט בְּרוֹין וֶוערֶען. מֶען טְהוּט אַרַיין פִּינְף גֶעלְבְלֶעךְ גֶעקַאכְטֶע, מֶען פִיהרְט פַאנַאנְדֶער מִיט יוֹיךְ אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט אִין אַבֶּעזוּנְדֶער כֵּלִי.

## FRANZÖSİSCHER INDİAN MİT REİS.

## № 223. אִינְדִיק מִיט רַייז אוֹיף פְרַאנְצֶאזִישֶׁע אַרְט.

מֶען מַאכְט צוּרֶעכְט דֶעם אִינְדִיק, ווִיא גֶעוֶועהנְלִיךְ. מֶען לֵייגְט אִיהם אִין אַקַאסְטְרוּלֶע, וָואס דֶער דֶעק אִיז בֶּעדֶעקְט מִיט פֶּעטְט. מֶען לֵייגְט צוּ פֶערְשִׁידֶענֶע וואוּרְצְלֶען צוּ שְׁנִיטֶענֶע (אוֹיסֶער סֶעלֶערִיֶע, וֶועלְכֶע גִיבְּט דָא אַשְׁלֶעכְטֶען גֶערוּךְ),

וואס

וואס מעהר מעהרען , אביסל ענגלישע פעפער אונ לארבערבלאטער , אונ מען לאזט עס טושען פערדעקטער הייט אויף אקליינעם פייער . מען טרייסעלט אפט דורך , אום עס זאל ניט אנברענען .

דער ווילע קאכט מען אין אבעזונדער קאסטרולע רייז אין וואסער , ביז עס ווערט האלב פארטיג , מען גיסט אב דאס וואסער , לייגט היגאיין אשטיק פעטט אונ מען לאזט טושען . ווען דער אינדיק איז פערטיג , צו שניידט מען איהם אויף שטיקער ; מען לייגט אפען דעק פון דער שיסעל דיא פליגלען דיא פיסלעך א. ז. וו. אויבען לייגט מען דיא ברוסט ארום מיט רייז , מען בעשיט אביסל צו ריבענע מושקאט גים אונ מען בעגיסט מיט דער סוים פון דעם אינדיק . פון וועלכען מען דארף פריער אראב נעהמען דאס פעטט .

## PUTENBRATEN. אינדיק בראטען . № 204.

דאס מאכט מען געוועהנליך , וויא גאנזעבראטען . דעם קראפף אבער פילט מען אן מיט אזא געפילעלעכטס : מען פיהרט פאנאנדער גאנזעשמאלץ אדער רינדפעט אדער דאס פעט פון דעם אינדיק מיט צוויא אייער רויע אונ צוויא געקלעכלעך , קליינע ראזינקעס , שאלעכטס פון צוטרין , צושניטענע זיסע מאנדלען , עטוואס צוקער , אביסל זאלץ אונ אזוא פיל ווייכע זעממעל צוריבענע , אז עס זאל ווערען אשטייפער טייג . דער מיט פיללט מען אן דעם קראפף אונ מען בינדט איהם צו צום אינדיק .

## KAPAUN. קאפהאהן . № 225.

אזוא וויא אללע געפליגעל , רייבט מען דעם קאפהאהן אין מיט זאלץ אינוועייניג אונ אויסווייניג אונ מען בראט איהם אין אויבען .

## № 226. איינע אנדערע ארט קאפהאהן .

מען מאכט צורעכט דעם קאפהאהן , מען נעהמט ארויס דיא איינגעווייידע בעהיטזאם , אום דיא גאל זאל זיך ניט צו דריקקען . מען שמאלעט איהם עטוואס ארום , וואשט איהם אויס אונ מען בינדט צו זאממען דיא פיסלעך . מען לייגט איהם אפען פאנע אדער אין אטיפע קאסטרולע אונ מען גיסט אריין אטהיילעפעלע בוליאן ; נאר אויב עס איז ניטא , איז גוט וואסער אויך מען טהוט אריין אלעפעל פעטט , זאלץ , אונ מען לאזט בראטען אויף דער פליטע צוגעדעקטער הייט . מען גיט אפט אכטונג אונ מען קעהרט אום , כדי דער בראטען זאל דורכאויס ווערען פערברוינט . מען בעגיסט איהם מיט דעם אייגענעם יויך . נאכדעם פרובירט מען איהם שטעכען מיט אגאפעל : אויב עס איז ווייך , זא איז פערטיג . דאן נעהמט מען איהם ארויס , בעשיט מיט צו שטויסענע צוויבאק , בעגיסט מיט דעם אייגענעם יויך אונ מען דערלאנגט איהם גאנצער הייט צום טיש .

צו דיזעם בראטען דערלאנגט מען רייז געקאכט אין בוליאן , וועלכען מען בעגיסט מיט דער סוים פון דעם בראטען .

אַזוֹא בֶּערֵייטֶעט מֶען אֵיוֶנְגֶעס הוּהְן .

## KAPAUN MIT TRUFFELSAUCE.

## ‏№ 227. ‏קַאפְּהָאהן מִיט סוֹיס פוּן שְׁוֶועמְלֶעךְ .

מֶען לֵייגְט אוֹיפֶּע'ן דֶעק פוּן דֶער ־קַאסְטְרוֹלֶע פֶערְשִׁידֶענֶע וואוּרְצְלֶען אִין שְׁטִיקֶער פֶעטְס ; אוֹיבֶּען לֵייגְט מֶען דֶעם צוּרֶעכְט גֶעמַאכְטֶען ־קַאפְּהָאהן , אוֹיף אִיהם ווִיעדֶער פֶעטְט , אַבִּיסְל אֵיינְגֶעלְשֶׁע פֶּעפֶער , לָארְבֶּער בְּלֶאטֶער אוּנ עֶטְלִיכֶע שְׁטִיק גֶענֶעלֶעךְ . מֶען גִיסְט אוֹיבֶּען אַרוֹיף בּוּלְיָאן אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען פֶערְדֶעקְ־טֶערְהֵייט , בִּיז עֶס וֶוערְט פַארְטִיג . דַאן שְׁנֵיידְט מֶען פַאנַאנְדֶער דֶעם ־קַאפְּהָאהן אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט מִיט דִיזֶער סוֹיס :

מֶען צוּ שְׁנֵיידְט עֶטְלִיכֶע טְרִיפֶפֶּעלְן (אֵיינֶע אַרְט שְׁוֶועמְלֶעךְ) , מֶען בֶּעגִיסְט מִיט אַגְלֶעזְל רוֹיט וַויין , מִיט אַגְלֶעזְל רָאם אוּנ פְּרַאנוַאנְס בּוֹימְאֵייל ; מֶען גִיבְּט אַרַיין אַשְׁטִיקֶעל בּוּלְיָאן , מֶען דֶערְלֵייגְט דִיא אוֹיס גֶעקָאכְטֶע סוֹיס , לָאזְט דוּרְךְ זִידֶען אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט דֶער ־מִיט דֶעם ־קַאפְּהָאהן .

## TAUBEN. ‏טוֹיבֶּען . ‏№ 228.

טוֹיבֶּען וֶוערֶען אוֹיךְ ווִיא אַלֶע עוֹפוֹת גֶעבְּרִיהְט אוּנ צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט . דֶעם קְרָאפְּף אוּנ דֶעם בּוֹיךְ קֶען מֶען פִילֶען , אִין אוֹיבֶּען בְּרָאטֶען אוּנ אָפְּט בֶּעגִיסֶען . טוֹיבֶּען זַיינֶען זֶעהְר גֶעשְׁמַאק . מֶען שְׁטֶעלְט זַייא צוּ מִיט פְלֵייש יוֹיךְ אוּנ מֶען לָאזְט זַייא דֶערִינֶען אַיינְטוּשֶׁען .

## GEDÜNSTETE TAUBEN. ‏גֶעטוּשֶׁעטֶע טוֹיבֶּען . ‏№ 229.

מֶען נֶעהְמְט 2—3 טוֹיבֶּען , מֶען מַאכְט זַייא צוּ רֶעכְט אוּנ מֶען בֶּעזַאלְצְט זַייא . מֶען לֵייגְט אִין טָאפְּף עֶטְלִיכֶע פֶּענֶעצֶען פְלֵייש פֶּעטְטֶע , צְווִיבֶּעלְן אוּנ מֶאהרֶען , אַלֶעס מוּז זַיין גֶעשְׁנִיטֶען אִין בְּלֶאטֶער (פֶּענֶעצֶען) . אוֹיבֶּען לֵייגְט מֶען דִיא טוֹיבֶּען . דֶעקְט צוּ אוּנ מֶען לָאזְט לַאנְגְזַאם טוּשֶׁען , בִּיז זַייא וֶוערֶען גֶעלְבְּבְּרוֹין . דַאן נֶעהְמְט מֶען זַייא אַרוֹיס , מֶען שְׁטוֹיבְּט אַרַיין עֶטְוָואס מֶעהל אוּנ מֶען לָאזְט עֶס בְּרוֹין וֶוערֶען . מֶען גִיסְט אַרַיין עֶטְוָואס עֶסִיג , פְלֵיישְׁיוֹיךְ , צוּטְרִין שָׁאלֶעכְטְס אוּנ גַאנְצֶע פֶּעפֶּער , אוּנ מֶען לָאזְט דָאס אַווַיילֶע אוֹיפְקָאכֶען . נָאכְדֶעם גִיסְט מֶען עֶס דוּרְךְ אַזִיפּ , מֶען טְהוּט אַרַיין ־קַאפֶּערְן , צְווַייא לֶעפֶּעל אָבְגֶעשְׁאבְּטֶע פֶּעטְט ; מֶען לֵייגְט דִיא טוֹיבֶּען ווִיעדֶער הִינְאַיין אוּנ מֶען לָאזְט נָאךְ אַווַיילֶע דַארִין לַאנְגְזַאם שְׁמָארֶען (טוּשֶׁען) . בַּיים דֶערְלַאנְגֶען צוּם טִישׁ לֵייגְט מֶען גֶעווֶאהנְלִיךְ אַרוּם קְלֵיינֶע גֶעבְּרָאטֶענֶע ־קַארְטָאפֶעלְן אָדֶער אִין פֶּעטְט גֶעבְּרָאטֶענֶע ־קַאסְטַאנְיֶענְגִים .

## GEFÜLLTE TAUBEN. ‏גֶעפִילְלְטֶע טוֹיבֶּען . ‏№ 230.

מֶען דְרִיקְט אַיין דֶעם בְּרוּסְטְבֵּיין פוּן דֶער טוֹיב אוּנ מֶען פִילְט אִיהר אָן מִיט דִיזֶעם גֶעפִילְלֶעכְטְס : מֶען דְרִיקְט אוֹיס אַיינְגֶעווַייכְטֶע זֶעמְמֶעל , מֶען פְּרֶעגֶעלְט אַיין

אין

אִין פֶּעטְט אַבִּיסְל צוּרִיבֶּענֶע זֶעמְמֶעל , דֶער צוּ גֶעהמְט מֶען אַבִּיסְל זַאלְץ , עֶטְוָואס צוּקֶער , אַבִּיסְל קְלֵיינֶע רָאזִינְקֶעס (וֶועלְכֶע מֶען הָאט פְֿרִיעֶר אָבְּגֶעבְּרִיהְט , דוּרְךְ אַזִיפּ אָבְּגֶעוַואשֶׁען אוּנ נָאכְדֶעם וִויעדֶער גֶעטְרִיקְנֶט) אוּנ אֵיין אֵיי אַיין אָבּ גֶעקָאכְטֶע אוֹיף יֶעדֶע טוֹיבּ . דָאס אַלֶעס וֶוערְט דוּרְךְ גֶעמִישְׁט מִיט אַבִּיסְל אָבְּגֶעשֶׁעפְּטֶע פֶּעטְט אָדֶער גֶאנְזֶעשְׁמַאלְץ , אוּנ דֶער מִיט פִּילְט מֶען אָן דִיא טוֹיבּ . מֶען פֶערְנֵייט אִיהר אוּנ מֶען לָאזְט זִיא שְׁמָארֶען . מֶען קֶען דִיא טוֹיבּ דָאפְּפֶעלְט פִּילֶען : דִיא בְּרוּסְט צְווִישֶׁען הוֹיט אוּנ פְֿלֵייש , אוּנ אוֹיךְ אִינְוֵויינִיג .

## TAUBEN MİT GRÜNEN ERBSEN.

## № 231. טוֹיבֶּען מִיט גְרִינֶע אַרְבֶּעס .

מֶען מַאכְט צוּרֶעכְט דִיא טוֹיבֶּען , מֶען שְׁטֶעקְט דִיא פִּיסְלֶעךְ אוּנְטֶער דֶער הוֹיט , בְּרִיהט זִייא גִיךְ אָבּ אוּנ מֶען לָאזְט זִייא אָבְּקִיהלֶען . נָאכְדֶעם לָאזְט מֶען זִייא טוּשֶׁען מִיט אַקְרֶאפְטִיגֶער זוּפֶּע ; מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס אוּנ מֶען לָאזְט וַוייטֶער אָבּ-קִיהלֶען . דִיא זוּפֶּע זַייט מֶען דוּרְךְ , נֶעהמְט אַרָאבּ דָאס פֶּעטְט אוּנ מֶען לָאזְט מִיט וַוייסֶער סוֹיס אַיינְקָאכֶען ; דַאן דְרִיקְט מֶען עֶס אוֹיס דוּרְךְ אַהָאר זִיפּ אִין אַבֶּעזוּנְדֶער כֵּלִי אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אַוֶועק אִין דֶער וַוארֶעם . דֶער וַוייְלֶע נֶעהמְט מֶען פַיינֶע פְֿרִישֶׁע אַרְבֶּעס (אוּנְגֶעפֶאהְר $^1/_2$ פּוּנְד אוֹיף פִיר טוֹיבֶּען) אוּנ מֶען לָאזְט זִייא אָבְּקָאכֶען אִין גֶעזַאלְצֶענֶעם וַואסֶער פִינְף מִינוּט . דַאן לָאזְט מֶען זִיא אָבּ טְרִיפֶּען אוֹיף אַזִיפּ . נָאכְדֶעם צוּ שְׁנַיידְט מֶען דִיא טוֹיבֶּען אוֹיף הֶעלְפְט . לֵייגְט זִייא אִין אַפְּלַאכֶע קַאסְטְרוּלֶע , דַאן דִיא אַרְבֶּעס מִיט יוֹיךְ , אוּנ מֶען לָאזְט מִיט עֶטְוַואס צוּקֶער נָאךְ אַמָאל אוֹיפְקָאכֶען , אוּנ מֶען שִׁיט צוּ זַאלְץ . וֶוען מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ , לֵייגְט מֶען דִיא טוֹיבֶּען אוֹיף אַפַּאלוּמִיסָאק אַרוּם אוּנ אַרוּם , אוּנ דִיא אַרְבֶּעס אִין מִיטֶען .

## FRİCASSÉE VON GEFLÜGEL. № 232. אַנֶגעריכְט פוּן פְֿלֵייש אוּנ עוֹף.

מֶען קָאכְט דָאס פְֿלֵייש (צוּ הִיהנֶער , צוּ טוֹיבֶּען , צוּ קַאלְבְּפְֿלֵייש) אִין וַואסֶער פַּארְטִיג . מֶען פְּרֶעגְלְט אַיין מֶעהל אִין פֶּעטְט אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף פוּן דֶעם פְֿלֵייש יוֹיךְ , אַז עֶס זָאל וֶוערֶען דֶער פוּן אַגֶעדִיכְטְלִיכֶע סוֹיס . דֶערִינֶען טְהוּט מֶען אַרַיין פֶּענֶעצֶען פוּן צוּטְרִין , קַאפֶּערְן , אַצְווִיבֶּעל , וַוייסֶע פֶּעפֶּער , צוּקֶער אוּנ וַוייס וַויין נָאךְ גֶעשְׁמַאק . פַאר דֶעם מַאכְט מֶען פְֿלֵייש קְנֵיידְלֶעךְ אוּנ מֶען קָאכְט זִייא אוֹיס אִין דֶער סוֹיס . דַאן צוּ שְׁנַיידְט מֶען דִיא עוֹף , אָדֶער דָאס פְֿלֵייש , אוּנ מֶען לֵייגְט אִין דִיא סוֹיס ; מֶען דֶעקְט גוּט צוּ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע דְרִינֶען אָנְצִיהֶען . אֵיידֶער מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ , לֵייגְט מֶען דָאס פְֿלֵייש אוֹיף אַשִׁיסְל , מֶען פֶערְ-וַוייסְט דִיא סוֹיס מִיט 3—4 גֶעלְבֶּעל רוֹיעֶ אוּנ דָאס גִיסְט מֶען אַרוֹיף אוֹיף דָאס צוּ שְׁנִיטֶענֶע פְֿלֵייש . דֶער רַאנְד פוּן דֶער שִׁיסֶעל וֶוערְט גַארְנִירְט (בֶּעפּוּצְט) מִיט דִיא פְֿלֵיישְׁקְנֵיידְלֶעךְ , אוֹיבֶּען מִיט פֶּענֶעצֶען פוּן צוּטְרִין .

# פִּינְפְטֶער אַבְשְׁנִיטְט .

## VON DEN GEMÜSEARTEN UND ERDFRÜCHTEN.

## A. פון פֶערְשִׁידֶענֶען גֶעמִיזֶען אונ עֶרְד פְרִיכְטֶען .

### KARTOFFELREİ. קַארְטָאפֶעל קַאשֶׁע . № 233:

מֶען שֵׁילְט אָב דִיא קַארְטָאפֶעלְן אוּנ מֶען צוּ שְׁנַיידְט זַייא אִין שְׁטִיקְלֶעךְ ; מֶען וַואשְׁט זַייא אֵייניגֶע מָאל אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זַייא צוּ מִיט וַואסֶער אוּנ זַאלְץ , אוּנ , אַז זַייא זַיינֶען פַארְטִיג , גִיסְט מֶען דָאס וַואסֶער אָב . דַאן גִיסְט מֶען אַרוֹיף וִויעדֶער קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער מִיט זַאלְץ אָדֶער פְלֵייש יוֹיךְ ; אוּנ אוֹיב דָאס אִיז מִילְכִיגֶע , גִיסְט מֶען אַרוֹיף הֵייסֶע מִילְךְ מִיט אַבִּיסְל זַאלְץ , אָדֶער גָאר וַואסֶער , זַאלְץ אוּנ פוּטֶער . מֶען צוּ דְרִיקְט דִיא קַארְטָאפֶעלְן אוּנ מֶען מִישְׁט פַאנַאנְדֶער , וֶוען מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ , דְרִיקְט מֶען אַיין מִיט אַלֶעפֶעל עֶטְלִיכֶע פֶערְטִיפוּנְגֶען , אוּנ דְרִינֶען לֵייגְט מֶען דָאס פֶעטְט מִיט גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע צְוִויבֶּעלְן . צוּ מִילְכִיגֶע גִיט מֶען בְּרוֹינֶע פוּטֶער מִיט צְוִויבְּל . וֶוען מֶען וִויל מַאכְט מֶען דַאצוּ אַזַא סוֹיס : אַיינְגֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע צְוִויבֶּעלְן פֶערְמִישְׁט מֶען מִיט אַיין גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע מֶעהל אִין פֶעטְט , מֶען פִיהְרְט דָאס פַאנַאנְדֶער מִיט וַואסֶער אוּנ עֶסִיג , עֶטְוָואס צוּקֶער , — אוּנ דֶער מִיט גִיט מֶען דִיא קַארְטָאפֶעל קַאשֶׁע .

### IUNGE KARTOFFELN MİT SEMMELBRÖSEL.

### № 234: יוּנְגֶע קַארְטָאפֶעלְן מִיט גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע זֶעמֶעל .

מֶען שֵׁילְט אָדֶער מֶען שָׁאבְּט אָב דִיא קַארְטָאפֶעלְן אוּנ מֶען לָאזְט זַייא לִיגֶען אַשְׁטוּנְדֶע אִין קַאלְטֶעם וַואסֶער . מֶען קָאכְט זַייא אִין זִידֶענְדֶען זַאלְצְוַואסֶער אוֹיף גִיךְ בִּיז וֵוייךְ . דַאן פְּרֶעגֶעלְט מֶען אַיין דִין גֶעשְׁנִיטֶענֶע צְוִויבֶּעל אִין גֶאנְזֶענְשְׁמַאלְץ בִּיז גֶעלְבּ ; מֶען לֵייגְט דִיא קַארְטָאפֶעלְן אוֹיף אַשִׁיסֶעל , בֶּעשְׁטְרֵייט זַייא מִיט דִין גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צְוִויבַּאק אוּנ אוֹיבֶּען גִיסְט מֶען אַרוֹיף דָאס הֵייסֶע גַאנְז-פֶעט מִיט דִיא אוֹיבֶּעלְן , אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ .

### SAUERE KARTOFFELN. זוֹיעֶרֶע קַארְטָאפֶעלְן . № 235.

וֶוען דִיא קַארְטָאפֶעלְן זַיינֶען פַארְטִיג אָבְּגֶעקָאכְט אוּנ אָבְּגֶעגָאסֶען , מַאכְט מֶען דִיזֶע סוֹיס : מֶען מִישְׁט פַאנַאנְדֶער מֶעהל אִין פֶעט (אוֹיב מִילְכִיגֶע—אִין פוּטֶער), מֶען פִיהְרְט פַאנַאנְדֶער מִיט הַאלְבּ עֶסִיג , הַאלְבּ וַואסֶער , מֶען טְהוּט אַרַיין סִירוּפּ אָדֶער צוּקֶער , אַבִּיסְל גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע עֶנְגֶעל-גֶעוִוירְץ אוּנ אַיין קָארְן גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע פֶעפֶער . מֶען לָאזְט דָאס אוֹיפְקָאכֶען אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג . דִיזֶע סוֹיס גִיסְט מֶען אִיבֶּער דִיא קַארְטָאפֶעלְן אוּנ מֶען לָאזְט דֶער מִיט דוּרְךְ קָאכֶען . אוּנְטֶערְן טָאפּ מוּז זַיין אַגֶעלִינְדֶעס פַייעֶר , אַז נִיט , בְּרֶענְט עֶס אָן . מֶען קֶען אוֹיךְ דִיא קַארְטָאפֶעלְן

צו

צו שְׁטֶעלְלֶען גְלֵייךְ מִיט וַואסֶער אוּנ עֶסִיג, מֶען בְּרֶעקֶעלְט אַריין אַצְוִויבֶּעל, אוּנ דִיזֶער יוֹיךְ קֶען דִינֶען פַּאר אַסוֹים דַאצוּ.

אוֹיף דִיזֶע אַרְט צוּ קָאכְט זִיךְ נִיט אַזוֹא גִיךְ דִיא קַארְטָאפֶּעלְן.

## GEBRATENE KARTOFFELN. גֶעבְּרָאטֶענֶע קַארְטָאפֶּעלְן. № 236.

מֶען צוּ שְׁנֵיידְט אִין שֵׁייבֶּען (פֶּענְצֶען, טֶעלֶערְלֶעךְ) דִיא גֶעשֵׁיילְטֶע אוּנ אָבְּגֶעוַואשֶׁענֶע קַארְטָאפֶּעלְן. מֶען צוּ לָאזְט פֶּעט, מֶען טְהוּט אַריין צוּ גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע צוּ הַאקְטֶע צְוִויבֶּעלְן. לֵייגְט הִינְאַיין דִיא קַארְטָאפֶּעלְן, מֶען שְׁטֶעלְלְט דָאס אִין אַצוּגֶעדֶעקְטֶע קַאסְטְרוּלֶע אוֹיף הֵייסֶע קוֹילֶען אוּנ מֶען לָאזְט בְּרָאטֶען, בִּיז דִיא קַארְטָאפֶּעלְן וֶוערְן וֵוייךְ אוּנ פֶּערבְּרוֹינְט.

גֶעבְּרָאטֶענֶע קַארְטָאפֶּעלְן גֶעבְּרוֹיכְט מֶען גֶעוֶועהנְלִיךְ צוּ בִּיפְשְׁטֶעקְס.

מֶען מַאכְט דָאס אוֹיךְ אַנְדֶערְס:

מֶען קָאכְט אָבּ דִיא קַארְטָאפֶּעלְן נִיט גֶעשֵׁיילְטֶערְהֵייט; נָאכְדֶעם שֵׁיילְט מֶען זֵייא גֶעשְׁווִינְד אָבּ וָואהרֶענְד זֵייא זֵיינֶען נָאךְ נִיט אָבְּגֶעקִיהלְט, מֶען צוּ שְׁנֵיידְט זֵייא וַוארְמֶערְהֵייט אִין פֶּענְצֶען אוּנ מֶען בְּרָאט זֵייא אִין פֶּעט.

## GEBRATENE KARTOFFELN MİT HÄRİNG.
## גֶעבְּרָאטֶענֶע קַארְטָאפֶּעלְן מִיט הֶערִינְג. № 237.

מֶען צוּ שְׁנֵיידְט דִיא אָבְּגֶעקָאכְטֶע קַארְטָאפֶּעלְן אִין דִינֶע פֶּענְצֶען. נָאכְדֶעם גֶעהמְט מֶען עֶטְלִיכֶע אוֹיסְגֶעוַוייקְטֶע הֶערִינְג, מֶען גֶעהמְט אַרָאבּ דָאס פְלֵיישׁ פוּן דִיא בֵּיינֶער אוּנ מֶען צוּ הַאקְט עֶס. מֶען בְּרָאט אַיין אִין פּוּטֶער צְוֵוייא דְרִין צוּ הַאקְטֶע צְוִויבֶּעל, שְׁמִירְט אוּם דִיא קַאסְטְרוּלֶע מִיט פּוּטֶער אוּנ מֶען לֵייגְט אִין אִיהר רֵייהֶען וַויים דִיא קַארְטָאפֶּעלְן, דִיא הֶערִינְג אוּנ דִיא צְוִויבֶּעלְן, בִּיז דִיא כְּלִי וֶוערְט פוּל. אוֹיבֶּען בֶּעשִׁיט מֶען מִיט גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע צְוִויבַּאק, מֶען בֶּעגִיסְט מִיט צוּ לָאזֶענֶע פוּטֶער מִיט צְוִויבֶּעל אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען. אַנְשְׁטַאט פּוּטֶער קֶען מֶען גֶעבְּרוֹיכֶען סְמֶעטֶענֶע.

## KARTOFFELN GEFÜLLT MİT PİLZ.
## קַארְטָאפֶּעלְן גֶעפִילְלְט מִיט שְׁוֶועמְלֶעךְ. № 238.

מֶען גֶעהמְט פְּרִישֶׁע אָדֶער גֶעטְרִיקְנֶטֶע בַּארַאוִויקֶעס (שְׁוֶועמְלֶעךְ), מֶען רֵייניגְט זֵייא, קָאכְט זֵייא אָבּ אוּנ מֶען צוּ הַאקְט זֵייא זֶעהר דִין. דַאן פְּרֶעגֶעלְט מֶען אַיין אִין אַלֶעבֶּעל פּוּטֶער צְוֵוייא דִין צוּ שְׁנִיטֶענֶע פָארֶעֶן אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט זֵייא מִיט דִיא שְׁוֶועמְלֶעךְ, מִיט אַבִּיסְל צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע זֶעמְמֶעל, צְוֵוייא גֶעלְבֶּעל רוֹיעֶ אוּנ אַגַאנְצֶע אֵיי אַיין אָבְּגֶעקָאכְטֶע. דִיא אָבְּגֶעשֵׁיילְטֶע קַארְטָאפֶּעלְן, וֶוען זֵייא זֵיינֶען נָאךְ רוֹי, הוֹילְט מֶען אוֹיס, מֶען פִילְלְט אָן מִיט דֶער מַאסְסֶע אוּנ מֶען בֶּעדֶעקְט זֵייא מִיט דִיא אָבְּגֶעשְׁנִיטֶענֶע שְׁטִיקֶער. מֶען לֵייגְט זֵייא אִין אַכַאסְטְרוּלֶע אֵיינֶע לֶעבֶּען דִיא אַנְדֶערֶע, בֶּעגִיסְט מִיט אַגְלָאז אָדֶער מֶעהר צוּ לָאזֶענֶע פוּטֶער מֶען דֶעקְט צוּ אוּנ

מען

מֶען לָאזְט זַייא זִיךְ מוּשֶׁען, בִּיז דִיא קַארְטָאפֶּעלְן וֶוערֶען ווייךְ.

### KARTOFFEL COTELETTEN. № 239. קָאטְלֶעטֶען פוּן קַארְטָאפֶּעלְן.

מֶען קָאכְט אָב אִין פַּארֶע גֶעשֵׁיילְטֶע קַארְטָאפֶּעלְן צוּ גֶעדֶעקְטֶערְהֵייט. אַז זַייא זַיינֶען פֶערְטִיג, גְעהמְט מֶען זַייא אַרוֹיס בֶּעהִיטְזַאם פוּן אוּנְטֶערְן דֶעקֶעל אוּנ מֶען צֶערְרַייבְּט זַייא גַאנְץ גוּט. אִין דֶער מַאסְסֶע שְׁלָאגְט מֶען אַרַיין עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר רוֹיעֶ, מֶען טְהוּט אַרַיין 2 טְהֵיילֶעפֶעלֶעךְ צוּקֶער, אַבִּיסְל זַאלְץ אוּנ פּוּטֶער. מֶען מִישְׁט דָאס גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען מַאכְט עֶס אִין דֶער פָארְם פוּן קָאטְלֶעטֶען; מֶען טוּנְקְט זַייא אַיין אִין צוּשְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר רוֹיֶע, מֶען בֶּעשִׁיט זַייא מִיט צוּקֶער אָדֶער מִיט גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע צְווִיבַּאק אוּנ מֶען בְּרָאט זַייא אַיין אִין פּוּטֶער.

מֶען קֶען דָאס אוֹיךְ מַאכֶען אִין דֶער פָארְם פוּן אַבַּאבְּקֶע אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט מִיט אַסוֹיס, בֶּעסֶער אִיז אַסוֹיס פוּן שְׁוֶועמְלֶעךְ.

### KARTOFFELPUREE MİT PİLZ.

### № 240. קַארְטָאפֶּעל גֶערִיכְט מִיט שְׁוֶואמְלֶעךְ.

מֶען קָאכְט אָב אִין פַּארֶע גֶעשֵׁיילְטֶע קַארְטָאפֶּעלְן אוּנ מֶען צֶערְרַייבְּט זַייא הֵייסֶערְהֵייט. מֶען שְׁלָאגְט אַרַיין אִין דֶער מַאסְסֶע דְרַייא—פִיר אֵייעֶר רוֹיעֶ, מֶען גִיסְט אַרַיין אַבִּיסְל צוּלָאזֶענֶע פּוּטֶער, צְוֵוייא לֶעפֶעל שְׁמֶעטֶענֶע, אוֹיךְ זַאלְץ, אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס אַלְץ גוּט דוּרְךְ. מֶען לֵייגְט פוּן דִיזֶער מַאסְסֶע אַרַיין אִין אַפּוּרֶעם אַצָארְלֶע, (וֶועלְכֶע מֶען שְׁמִירְט פְּרִיעֶר אוֹיס מִיט פּוּטֶער אוּנ מֶען שִׁיט אַרוּם מִיט צוּשְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק) אַקְלֵיינֶעם טְהֵייל; אוֹיבֶּען לֵייגְט מֶען אָבְּגֶעקָאכְטֶע שְׁוֶועמְלֶעךְ, דִין צוּשְׁנִיטֶענֶע אוּנ אִין פּוּטֶער אַיינְגֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע מִיט צְווִיבֶּעל. דַארוֹיף לֵייגְט מֶען וַוייטֶער דִיא קַאשֶׁע, מֶען בֶּעגִיסְט מִיט צוּלָאזֶענֶע פּוּטֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען. וֶוען מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ, בֶּעגִיסְט מֶען מִיט דֶער סוֹיס פוּן דִיא זֶעלְבֶּע שְׁוֶועמְלֶעךְ.

### SCHMORKARTOFFELN. № 241. גֶעטוּשֶׁעטֶע קַארְטָאפֶּעלְן.

דַאצוּ קֶען מֶען בֶּענוּצֶען אוֹיךְ דִיא גֶעבְּלִיבֶּענֶע קַארְטָאפֶּעלְן פוּן נֶעכְטֶען; נָאר נַאטִירְלִיךְ בֶּעסֶער אִיז פְּרִישׁ גֶעקָאכְטֶע אוּנ וַוארֶעם גֶעשֵׁיילְטֶע. מֶען צוּבְּרֶעקֶעלְט פִיל צְווִיבֶּעל, לָאזְט זִיא גוּט דוּרְךְ שְׁווִיטְצֶען אִין פֶעט, מֶען טְהוּט אַרַיין אַיין עֶסְלֶעפֶעל מֶעהל, אוּנ וֶוען דִיזֶעס אִיז גֶעוָוארֶען גֶעלְבְּבְּרוֹין, אוֹיךְ זַאלְץ אוּנ פֶּעפֶער, אוּנ דֶער צוּ אַזוֹא פִיל פְלֵיישְׁיוֹיךְ, אַז עֶס זָאל וֶוערֶען אַגֶעדִיכְטְלִיכֶע סוֹיס. אִין דִיזֶע סוֹיס לֵייגְט מֶען הִינְאַיין דִיא קַארְטָאפֶּעלְן, גֶעשְׁנִיטֶען אִין שַׁייבֶּען (פֶּענֶעצֶען); מֶען לָאזְט עֶס שְׁטֶעהֶען אִין אַוַוארְמֶען אָרְט, עֶס זָאל זִיךְ אָנְצִיהֶען פוּן דֶעם יוֹיךְ.

### KARTOFFELN-BLİNDE FİSCHE.

### № 242. פּוּסְטֶע פִישׁ פוּן קַארְטָאפֶּעלְן.

דִיא קַארְטָאפֶּעלְן בֶּערֵייטֶעט וִויא גֶעוֶואהְנְלִיךְ, נָאר מֶען צוּ שְׁנַיידְט זַייא נִיט

זעהר

זעהר קליין. מען שטעללט זייא צו מיט פליישזויך; ווען עס איז ניטא, זא איז מיט וואסער, זאלץ אונ פעט. מען שניידט אביין צוויבעלן אונ דיא וואורצל פון פעטרושקע; שפאציער צו—פיל געהאקטע דיא איבערשטע פעטרושקע אונ געשטויסענע פעפער; צולעטצט פיהרט מען פאנאנדער מעהל אין קאלטעם וואסער אונ מען גיסט אביין. אז דאס אלץ צוזאממען איז דורכגעקאכט, גיט מען אטרייסל דעם טאפף, — איננוייניג מישען דארף מען ניט. דאס מוז בלייבען אזאמיגער (אטומיגער), פעטער אונ עטוואס שארפער יויך. צו מילכיגע נעהמט מען פוטער אנשטאט דאס פעט אונ דאס מעהל פיהרט מען מיט מילך פאנאנדער. דיזעס געריכט שמעקט וויא בוטער פיש, — דער פאר הייסט דיזעס געריכט "בלינדע פיש, אדער "פוסטע פיש".

SAHNE-KARTOFFELN. קארטאפעל מיט שמעטענע. № 243.

מען קאכט אב דיא קארטאפעלן מיט דעם שאלעכטס, מען שיילט זייא אב אונ מען צושניידט זייא אין פענעצען (טעלערלעך). דער צו מאכט מען דיזע סוים: איין עסלעפעל מעהל ווערט איינגעפרעגעלט אין צוויא עסלעפעל פוטער, ביז וויים, ניט ביז ברוין. דאס פיהרט מען פאנאנדער מיט זיסען שמאנט (אדער האלב מילך, האלב שמאנט), ביז מען האט אגעדיכטליכען יויך. מען קאכט דאס דורך מיט אביסל זאלץ, מען נעהמט אראב פון פייער אונ מען פערמישט מיט דין צו-ברעקעלטע פעטרושקע.

KOHLRÜBEN (БРЮКВА). גריזינע (קרוצקע), שיטערע צימעס. № 244.

מען שיילט אב דיא גריזינע אונ מען צושניידט זייא אין בלאטער אדער אין לענגליכע שטיקער; מען וואשט זייא אב אין ווארמע וואסער אונ מען שטעללט זייא צו אין הייסען וואסער, זאלץ אונ פעט. ווען זייא זיינען האלב פערטיג, קומט צוקער, אדער סירופ, אונ עטוואס געשטויסענע פעפער דאצו. צו לעטצט מאכט מען דעם יויך זאממיג (טומיג) מיט אביסל צוגעפרעגעלטע מעהל.

פילע קאכען דאס אהן זיסקייט; דאן מוזען זייא מיט פלייש יויך צוגעשטעלט ווערען, מיט מעהר פעפער, זאלץ. אונ פעט. וויל מען דאס האבען מיט קארטאפעלן, וואס דאס שמעקט זעהר גוט, זא טהוט מען דיזע אביין, ווען דיא צימעס איז שוין האלב ווייך, אונ מען דערלייגט עטוואס זאלץ.

BRAÜN GEDÜNSTETE KOHLRÜBEN. גריזינע—צימעס. № 245.

דיא גריזינע (ברוקווע, קרוצקע) ווערען ריין געשיילט אונ אין גלייכע שטיקער געשניטען. מען לאזט פערברוינען אשטיק צוקער אין אבגעשעפטען פעט, מען גיבט הינאיין דיא געשניטענע צימעס אונ מען לאזט טושען, ביז זייא ווערען שוין ברוין. דאן שטויבט מען עטוואס מעהל דארויף אונ מען לאזט גוט איינפארען; מען גיסט ארויף יויך אונ מען לאזט דאמיט פערקאכען. ווען מען דערלאנגט צום טיש, ווערען זייא בעפוצט מיט האלבם מילץ. דאס מאכט מען

אַזוֹא: מֶען בְּרִיהט אָב דִיא קאָלְבְּס-מִילְץ, מֶען צוּשְׁנַיידֶעט יֶעדֶעס 2—3 טְהֵייל, בֶּעזַאלְצְט אוּנ מֶען טוּנְקְט זַייא אַיין אִין צוּגֶעשְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר; מֶען קַייקֶעלְט זַייא אַיין אִין צוּשְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק אוּנ מֶען פְּרֶעגְלְט זַייא רַאשׁ אִין שְׁמַאלְץ.

## WEİSSGEDÜNSTETE KOHLRÜBEN.

## № 246. וַוייסֶע צִימֶעס פוּן גְרִיזִינֶע.

מֶען שֵׁיילְט אוּנ מֶען צוּשְׁנַיידֶעט דִיא גְרִיזִינֶע (קְרוּצְקֶע, בְּרוּקְוֶוע) אִין דִינֶע בְּלֶאטֶער; מֶען שְׁטֶעכְט זַייא אוֹיס רוּנְד מִיט אַרוּנְדֶען אוֹיסְשְׁטֶעכֶער (פוּן בְּלֶעךְ גֶעמַאכְט); מֶען לָאזְט זַייא טוּשֶׁען מִיט קֵיין גֶעשְׁנִיטֶענֶע גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ אָבְּגֶעשֶׁעפֶּטֶען פֶעט. מֶען גִיסְט אָפְּט אַרוֹיף עֶטְוָואס יוֹיךְ, אוּם זַייא זָאלְלֶען וֶוערֶען וַוייךְ, אָבֶּער דָאךְ וַויים בְּלַייבֶּען. דַאן מַאכְט מֶען צוּ רֶעכְט אַהוּהן, מֶען צוּשְׁנַיידְט עֶס אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אוֹיךְ טוּשֶׁען מִיט אָבְּגֶעשֶׁעפֶּטֶען פֶעט. מֶען שְׁטוֹיבְּט אַרוֹיף עֶטְוָואס מֶעהל, אוּנ, וֶוען דָאס הוּהן אִיז אָנְגֶעקְוָואלֶען, גִיסְט מֶען אַרוֹיף יוֹיךְ, אֵיין וַויינִיג מוּשְׁקַאט בְּלִיהוּנְג, אוּנ מֶען לָאזְט אַזוֹא לַאנְג קָאכֶען, בִּיז דָאס הוּהן וֶוערְט וַוייךְ. דַאן גִיבְּט מֶען הִינַאיין דִיא צִימֶעס אוּנ אַגֶעלְבֶער דֶערְצוּ, אוּנ מֶען לָאזְט טוּשֶׁען בִּיז וַוייךְ. וֶוען מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ, לֵייגְט מֶען דִיא צִימֶעס אִין מִיטְן שִׁיסֶעל אוּנ דִיא שְׁטִיקֶער הוּהן אַרוּם בַּיין רַאנְד.

## GEFÜLLTE KOHLRÜBEN. № 247. גֶעפִילְטֶע גְרִיזִינֶע (בְּרוּקְוֶוע).

מֶען קָאכְט דִיא גְרִיזִינֶעס אִין זַאלְצְוַואסֶער, בִּיז זַייא וֶוערֶען הַאלְב וַוייךְ. דַאן שְׁנַיידְט מֶען אַרָאבּ פוּן יֶעדֶע אַשְׁטִיק אַלְס דֶעקֶעל, מֶען הוֹילְט זַייא גוּט אוֹיס אוּנ מֶען פִילְט יֶעדֶע אָן מִיט דִיזֶען גֶעפִילְלֶעכְטְס: מֶען צוּשְׁנַיידְט אַשְׁטִיק גֶעבְּרָאטֶענֶעס קַאלְבְּ-פְלֵיישׁ אוֹיף קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ, אוֹיךְ עֶטְוָואס גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ צְווִיבֶּעל; מֶען צוּ לָאזְט אַלֶעפֶּעלֶע נַאנְז-פֶעט, מִישְׁט פַאנַאנְדֶער מִיט אַלֶעפֶּעל מֶעהל אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אַפֶּען פַייעֶר אָנְלוֹיפֶען; מֶען טְהוּט אַרַיין גֶעשְׁנִיטֶענֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ צְווִיבֶּעל אוּנ מֶען לָאזְט זַייא אוֹיךְ אַבִּיסְל אָנְלוֹיפֶען (אוֹיפְשְׁוֶועלֶען). דָאס צוּ מִישְׁט מֶען גוּט מִיט דֶעם צוּשְׁנִיטֶענֶעם קַאלְבְּ-פְלֵיישׁ, מֶען גִיסְט אַרוֹיף גוּטֶען יוֹיךְ, לָאזְט עֶס גוּט אַיינְקָאכֶען אוּנ דֶער מִיט פִילְלְט מֶען אָן דִיא אוֹיסְגֶעהוֹילְטֶע (אוֹיסְגֶעדָאלְבֶּעטֶע) גְרִיזִינֶעס. דִיזֶע לֵייגְט מֶען אִין דִיא פֶערְטִיגֶע סוֹיס אוּנ מֶען לָאזְט זַייא קָאכֶען נָאךְ אַפֶערְטֶעל שְׁטוּנְדֶע, אִינְדֶעם מֶען טְרֵייסְלְט דֶעם טָאפְּף אָפְּט אַיין. וֶוען מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ, לֵייגְט מֶען דִיא צִימֶעס אִין מִיטֶען אוּנ אַרוּם— גֶעבְּרָאטֶענֶע הוּהן אָדֶער גַאנְז-לֶעבֶּער.

## KOHLRÜBEN, MOHRRÜBEN UND ANDERE RUBENARTEN MİT KARTOFFELN.

## № 248. גְרִיזִינֶע, מֶאהרֶען אוּנ אַנְדֶערֶע רִיבֶּען מִיט קַארְטָאפֶעלְן.

מֶאהרֶען וֶוערֶען גֶעשָׁאבֶּען, דִיא אַנְדֶערֶע אַרְטֶען רִיבֶּען — גֶעשֵׁיילְט. אַלְלֶע

ארטען

ארטען ריבען ווערען געקאכט וויא גריזינע , נאר אין מאהרען קומט קיין פעפער . אונ יונגע מאהרען מאכט מען דעם יויך זאממיג (טומיג) מיט צושטויסענעם צוויבאק , אדער מען פיהרט פאנאנדער אביסל מעהל אונ וואסער , גיסט ארויף אונ מען לאזט דער מיט דורך קאכען . אויך קומט קיין סירופ דאריין , נאר צוקער , גאנץ ווייניג זאלץ אונ פיל געהאקטע פעטרושקע . פון יונגע קאהלראבי רייסט מען אראב דיא קלענערע בלעטער , מען לאזט זייא אויפקאכען , גיסט דאס וואסער אב מען צו האקט זייא אונ מען טהוט זייא אריין צו דיזעלבע ריבען .

## ALTE MOHRRÜBEN MİT REİS. № 249. מאהרען מיט רייז .

דיא מאהרען ווערען געקאכט , וויא געוואהנליך . דער רייז ווערט עטליכע מאל אבגעבריהט . מען לאזט איהם אין אנדערע הייסע וואסער , זאלץ אונ פעט אויסקוועלען , אונ וויא ער איז ווייך , גיבט מען איהם אריין אין דיא מאהרען , דיזע מוזען האבען גענוג יויך , אז דער רייז זאל זיך קענען דורך קאכען , אונ דאס געריכט קען מען קורץ איינקאכען אדער מען לאזט עס איינטושען . דאס מוז זיין רעכט פעט אונ זיס .

אזוא קען מען אלטע קאהלראבי מיט רייז קאכען .

## MOHRRÜBEN MİT KOHLRÜBEN.

## № 250. אצימעס פון גריזינע מיט מאהרען .

דיא מאהרען מיט דיא גריזינע (קרוצקע) ווערען געפוטצט אונ געשניטען בלעטער ווייז ; דיא גריזינע שטעכט מען אויס רונד מיט איין אויסשטעכער (פון בלעך געמאכט) . מען ווארמט אן אלעפעל גאנז-פעט , מען גיבט אריין קליין געשניטענע גרינע פעטרושקע , וויא אויך דיא געשניטענע צימעס אונ מען לאזט דאס אזוא לאנג טושען , ביז עס ווערט ווייך ; אבער מען לאזט ניט ברוין ווערען . מען שטויבט אריין אלעפעל מעהל אונ מען לאזט נאך אוויילע טושען . מען גיסט אן מיט גוטען יויך , מיט אשטיק צוקער אונ מען לאזט עס גוט פערזידען . דאס גארנירט מען מיט מארכוואורסט , וועלכע מען מאכט אזוא : מען קאכט אב דעם מארך אין זאלצוואסער אונ מען לייגט איהם ווידער אין קאלטעס וואסער אונ מען צושניידט עס אויף קליינע שטיקלעך . דערווייל ווארמט מען אן גאנז פעט , מען גיבט אריין קליין געשניטענע פעטרושקע , אויך דעם מארך , עטוואס זאלץ , געשטויסענע פעפער , עטליכע הויפען געברעקעלטע זעממעל (אדער געשטויסענע צוויבאק) ; מען גיסט אריין אביסל יויך אונ מען לאזט דאס צוזאממען גוט פערזידען . דאן מאכט מען אבלאט לאקשען , צערשניידט עס אין ברייטע שטיקער , מען לייגט אין יעדערע אטהייל פון דער מאסע אונ מען וויקעלט עס צוזאממען לאנגליך וויא וואורסט ; מען טונקט איין יעדע אין צושלאגענע אייער , נאכדעם אין זעממעלברעקלעך געמישט מיט מעהל , אונ מען באקט עס שוין אויס אין שמאלץ .

## GRÜNE ERBSEN. № 251. גְרִינֶע אַרְבֶּעס.

מֶען לֵייגְט אַשְׁטִיק גַאנְז פֶּעט אִין אַקַאסְטְרוֹלֶע, וָואס שְׁטֵייט אַפֶען פֵייעֶר, אוֹיךְ קְלֵיין גֶעשְׁנִיטֶענֶע גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ דֶער צוּ אוֹיס גֶעקְלִיבֶּענֶע רֵיין גֶעוַאשֶׁענֶע אַרְבֶּעס. מֶען לָאזְט דָאס אִין אֵיינֶעם טוּשֶׁען לַאנְגְזַאם אוּנ מֶען מִישְׁט זַייא אָפְט דוּרְךְ, אוּם זַייא זָאלֶען נִיט אָנְבְּרֶענֶען. מֶען שְׁטוֹיבְּט אַרוֹיף אַבִּיסְל מֶעהל, אִין אַוַוייְלֶע אַרוּם גִיסְט מֶען צוּ אַבִּיסְל יוֹיךְ אוּנ אַשְׁטִיק צוּקֶער. דִיזֶעס גֶערִיכְט גַארְנִירְט מֶען מִיט ווּאוּרְסְט, ווֶעלְכֶע מֶען מַאכְט אַזוֹא: מֶען נֶעהמְט אַשְׁטִיק קַאלְבּ פְלֵיישׁ, אוֹיךְ עֶטְוָואס פוּן גֶעבְּרָאטֶענֶע עוֹף, אַהַאלְבֶּע בּוּלְקֶע גֶעוֵוייקְט אִין וַואסֶער, אַבִּיסְל צְווִיבֶּעל, גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע, — דָאס אַלְלֶעס מוּז זַיין דִין צוּהַאקְט, אוּנ זַאלְץ אוּנ צְוֵויי גֶעלְבֶער. דָאס מִישְׁט מֶען אַלְץ גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען לֵייגְט אוֹיף אַבְּרֶעט, וָואס אִיז בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט מֶעהל. מֶען מַאכְט דֶער פוּן לֶאנְגְלִיךְ רוּנְדֶע קְנֵיידְלֶעךְ וִויא ווּאוּרְסְט, מֶען טוּנְקְט זַייא אִין אָבְּגֶעשְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר, קַייקֶעלְט זַייא אַיין אִין גֶעבְּרֶעקְלְטֶע בּוּלְקֶע גֶעמִישְׁט מִיט מֶעהל, אוּנ מֶען פְּרֶעגֶעלְט זַייא אִין שְׁמַאלְץ.

אוּם דִיא גְרִינֶע אַרְבֶּעס זָאלְלֶען בְּלַייבֶּען שֵׁיין גְרִין, קָאכְט מֶען זַייא אִין אַיין אוּנְבֶּעדֶעקְטֶען טָאפְּף. ווֶען זַייא זַיינֶען אִיבֶּערְגֶעזָאטֶען, זַייט מֶען זַייא אָבּ אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף קַאלְטֶעס וַואסֶער. דִיא סוֹיס מוּז שׁוֹין זַיין גֶעמַאכְט פֶּערְטִיג וִויא דִיזֶע: מֶען וַוארְמְט אָן אַשְׁטִיק גַאנְז-פֶּעט, טְהוּט אַריין אַלֶעפֶּערְלֶע מֶעהל אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אָנְלוֹיפֶען (אַנְשְׁוֶועלֶען); מֶען גִיט צוּ קְלֵיין גֶעשְׁנִיטֶענֶע גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע, לָאזְט דָאס אַיין אוֹיגֶענְבְּלִיק אַקָאךְ טָאן, גִיסְט אַרוֹיף יוֹיךְ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס פֶּערְקָאכֶען. מֶען פֶּערְמִישְׁט דַארִין דִיא אַרְבֶּעס מִיט צְוֵוייא לֶעפֶעל גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צוּקֶער; טְרֵייסְלְט דָאס אָפְט אוֹיף; אָבֶער מֶען לָאזְט דָאס נִיט לַאנְג קָאכֶען, אוּם זַייא זָאלְלֶען נִיט פֶּערְלִירֶען זֵייעֶר קָאלִיר.

## GRÜNE ERBSEN AUF ENGLISCHE ART.
## № 252. גְרִינֶע אַרְבֶּעס אוֹיף עֶנְגְלִישֶׁע אַרְט.

דִיא אַרְבֶּעס דַארְפֶען זַיין גוּט אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען. מֶען שִׁיט זַייא אַריין אִין קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט זַייא עֶטְלִיכֶע מָאל אוֹיפְקָאכֶען. מֶען נֶעהמְט זַייא אַרוֹיס מִיט אַשׁוֹים לֶעפֶעל אוֹיף אַשִׁיסֶעל. דַאן בֶּעשְׁטְרֵייט מֶען זַייא מִיט דִין צוּ־שְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט זַייא מִיט גֶאנְזֶעפֶעט.

## MOHRRÜBEN MIT ERBSEN. № 253. מֶאהרֶען מִיט אַרְבֶּעס.

מֶען קָאכְט דִיא מֶאהרֶען הַאלְבּ פַּארְטִיג. דִיא אַרְבֶּעס קָאכְט מֶען בֶּעזוּנְדֶער אִין זַאלְצְוַואסֶער, מֶען זַייט זַייא אָבּ אוּנ מֶען לֵייגְט זַייא צוּ דִיא מֶאהרֶען, דֶער צוּ פֶּעט, מֶעהל, אוּקְרָאפּ אוּנ עֶטְוָואס צוּקֶער. דַאן גִיסְט מֶען אַרוֹיף בּוּלְיָאן אוּנ מֶען קָאכְט וִויא גֶעווֶעהנְלִיךְ. ווֶען עֶס אִיז נִיטָא קֵיין בּוּלְיָאן, גֶעבְּרוֹיכְט מֶען וַואסֶער,

אבער

אבער דאגעגען מעהר פעט (אויב מילכיגע — איז פוטער).

## ERBSEN AÜF FRANZÖSISCHE ART.

## № 254. ארבעס אויף פראנצאזישע ארט.

אהאלבע קווארט ארבעס יונגע פערמישט מען מיט אלעפעל פוטער, אהייפעל געהאקטע פעטרושקע אונ אקאפעל סאלאטע. דאס אלץ קאכט מען אויף אלינדען פייער, אימער מישענדיג. דער סאלאט גיט שוין פון זיך ארויס גענוג וואסער; נאר אויב עס איז ווייניג, דער גיסט מען וואסער אונ פעט אונ מען קאכט אזוא לאנג, ביז דער סאלאט ווערט ווייך. איידער מען דערלאנגט צום טיש, דער לייגט מען נאך פוטער, מען מישט פאנאנדער אונ מען שטעלט אנווארמען, אבער ניט אויפקאכען.

## GEDÄMPFTE ERBSEN. געטושעטע ארבעס. № 255.

דיא יונגע ארבעס ווערען אויסגעקליבען אונ אבגעוואשען אין קאלטען וואסער. מען שטעלט זייא צו אין פלייש יויך אדער אין ווארמען וואסער מיט פעט, צוקער אונ עטוואס זאלץ. ווען זייא ווערען שוין איינגעקאכט, קומט געהאקטע פעטרושקע דאצו, אונ מען לאזט זייא איינשמארען (איינטושען) ביז פעט.

אדער מען לאזט נאך עטוואס יויך דארין, מען נעהמט אויף אשפיץ מעסער מעהל, מישט פאנאנדער אין קאלטעם וואסער, גיסט דאס צו אונ מען לאזט נאך דאמיט דורכקאכען. מען קען דארויף לייגען געבראטענעם יונגעם געפליגעל (ציפלאטעס) אדער קניידלעך פון קאלב-פלייש.

## GELBE ERBSEN. געלבע ארבעס (קאשע). № 256.

דיא ווערימדיגע אונ דיא אונריינע ארבעס ווערט ארויס געקליבען. מען שטעלט זייא צו אין קאלטעם וואסער (בעסער אין טייך וואסער). ווען זייא זיינען פערטיג, ווערט דאס וואסער אבגעגאסען, אין אריינע כלי, אונ ווידער אריין געלייגט אין דיא אבגעגאסענע וואסער. דיא ארבעס ווערט דורך געדריקט דורך אדורכ-שלאג, אדער אזיפ; אדער פאר דעם אבגיסען, נעהמט מען אראב דיא אויבען שווימענדען הילזען (שאלעכטס), מען לייגט צו זאלץ אונ מען צוקוועטשט זייא אין טאפף. ווען מען דערלאנגט צום טיש, דריקט מען איין אין דיא קאשע פערטיפונגען, וועלכע מען פיללט אן מיט הייסען פעט אונ ברוינע צוויבעלן; אויבען גיבט מען אויך ווייבע זעמעל געפרעגעלטע.

ווען מען וויל, לייגט מען איינינע קארטאפעלן אונטער דיא ארבעס; דאס ווערט צו זאמען געקאכט, צוקוועטשט אונ אויס געמישט.

ווען מען וויל דאס האבען קרעפטיגער, זא גיסט מען גאר דאס וואסער אב אונ מען פיהרט פאנאנדער מיט פליישיויך.

ווען מען קאכט דאס מילכיג, זא קומט דאריבער ברוינע פוטער מיט

צוּגֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע צְוִויבֶּעלְן אָדֶער זֶעמְמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ .

## GRÜNE BOHNEN. גְרִינֶע בָּאבּ . № 257.

דִיא עֶרְסְטֶע גְרִינֶע בָּאבּ וֶוערֶען אָבְּגֶעבְּרִיהט אוּנ אָבּ גֶעשֵׁיילְט . מֶען שְׁטֶעלְט זֵייא צוּ מִיט פֶּעטֶען פְלֵיישְׁיוֹיךְ ; נָאכְדֶעם וֶוערְט אַרַיין גֶעגֶעבֶּען גֶעהַאקְטֶע פֶּעטֶערְ־בְּלֶעטֶער, אוּנ שְׁפֶּאטֶער גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע , אוֹיךְ עֶטְוָואס צוּקֶער אוּנ פֶּעפֶּער . דֶער צוּקֶער אִיז נִיט גַאנְץ נֵייטִיג .

דִיא שְׁפֶּעטִינֶע (נִיט יוּנְגֶע בָּאבּ) קָאכְט מֶען מִיט קַארְטָאפֶּעלְן , וֶועלְכֶע מֶען גִיבְּט אַרַיין , וֶוען דִיא בָּאבּ אִיז כַּאלְד פַארְטִיג .

## GRÜNE BOHNEN SOUER UND SÜSS.

## בָּאבְּ זִים אוּנ זוֹיעֶר . № 258.

דִיא בָּאבְּ וֶוערְט פְרִיעֶר אִין עֶטְוַואס וַואסֶער , פֶּעט אוּנ זַאלְץ אָבְּגֶעקָאכְט . דַאן קוּמְט עֶסִיג , צוּקֶער אָדֶער סִירוּפּ , עֶנְגְלִישֶׁעס גֶעוִוירְץ , צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ אַבִּיסִיל פֶּעפֶּער , אוּנ צוּ לֶעצְט טוּשֶׁעט מֶען עֶס אַיין , וֶוען עֶס קוּמְט קַארְטָאפְּעלְן דַארִין , זָא מוּזֶען זֵייא פֶּערְטִיג גֶעקָאכְט וֶוערֶען אֵיידֶער דֶער עֶסִיג קוּמְט דַאצוּ .

## GETROCKNETE GRÜNE BOHNEN.

## גֶעטְרִיקְנְטֶע גְרִינֶע בָּאבְּ . № 259.

דִיזֶע וֶוערֶען נָאר אִים וִוינְטֶער גֶעקָאכְט . דִיא בָּאבּ מוּז פוּן אָבֶענְד פַאר דֶעם אִין לוֹי וַוארְמֶען וַואסֶער אַיינְגֶעוַוייקְט וֶוערֶען . אוֹיף מָארְגֶען גִיסְט מֶען דָאס וַואסֶער אָבּ , מֶען וַואשְׁט דִיא בָּאבְּ אִין הֵייסֶען וַואסֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זֵייא צוּ אוֹיךְ אִין הֵייסֶען וַואסֶער . וֶוען זֵייא וֶוערֶען עֶטְלִיכֶע מָאל אוֹיפְגֶעקָאכְט , וֶוערְט דָאס וַואסֶער וִויעדֶער אָבְּגֶעגָאסֶען .

דַאן שְׁטֶעלְט מֶען זֵייא צוּ וִויעדֶער אִין הֵייסֶעם וַואסֶער , אוּנ דָא מוּזֶען זֵייא זִיךְ פַארְטִיג קָאכֶען . יֶעטְצְט נָאךְ אַמָאל אָבְּגֶעגָאסֶען אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט זֵייא מִיט אַזוֹיעֶר זִיסֶער סוֹים , וְויא צוּ זוֹיעֶרֶע קַארְטָאפֶּעלְן . (זעה אין № 235)

## WEİSSE BOHNEN MİT MOHRRÜBEN.

## וַוייסֶע בָּאבְּ מִיט מֶעהְרֶען . № 260.

דִיא בָּאבְּ וֶוערֶען אָבְּגֶעקָאכְט אוּנ דָאס וַואסֶער אָבְּגֶעגָאסֶען . דַאן טְהוּט מֶען זֵייא אַרַיין צוּ דִיא מֶאהְרֶען , וֶועלְכֶע זַיינֶען שׁוֹין אוֹיךְ אָבְּגֶעקָאכְט . דִיזֶע גֶעמִיזֶע מוּס מִיט סִירוּפּ זֶעהר זִיס אוּנ בְּרוֹין גֶעמַאכְט וֶוערֶען אוּנ מוּז אוֹיךְ זֶעהר פֶּעט זַיין . דִיא מֶאהְרֶען דַארְפֶען דַארוּם מִיט אַשְׁטִיק פֶּעטֶען פְלֵייש צוּ גֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען , דֶען אַלְטֶע מֶאהְרֶען מוּז זִיךְ לַאנְג קָאכֶען . אוֹיף קוֹילֶען אִיז דִיזֶעס גֶערִיכְט אַם בֶּעסְטֶען .

LİNSEN SÜSS UND SAHER. לינזען זיס אונ זויער. № 261.

דיא לינזען װערען אויס געקליבען אונ געװאשען אין קאלטען װאסער. מען שטעלט זייא צו אין קאלטעם װאסער אונ לאזט זייא פערטיג קאכען. דאן גיסט מען דעם יויך אב, מען בעװאלצט דיא לינזען. אונ מען גיסט ארויף עסיג, צוקער אדער סירופ, ענגעל געווירץ, צוטרינשאלעכטס אונ אביסיל פעפער, אונ אונ מען לאזט דער מיט דורך קאכען.

GRÜNE PHASOLEN. פאסאלעם (בעבלעך). № 262.

מען בריהט אב דיא בעבלעך מיט זודיגען װאסער אונ מען לאזט זייא אװיילע שטעהען. דאן מאכט מען היים צווייא לעפעל פעט, מען גיט אריין אהיבשע ביסיל גרינע פעטרושקע, אביסיל צוויבעל אונ איין קליין ווייניג קנאבל, אלץ דין געשניטען. נאכדעם גיט מען אריין דיא בעבלעך, װעלכע זיינען גוט אב געזייט, אונ מען לאזט זייא איינגעטושען וייך, אינדעם מען מישט זייא מעהר מאל דורך. נאכדעם בעשטרייט מען זייא מיט עטװאס מעהל אונ מען לאזט ווייטער דינסטען (טושען); אם לעצטען גיסט מען ארויף גוטען יויך, מען שלאגט אריין צווייא געלכלעך רויע אונ מען מישט דורך.

WEİSSE PHASOLEN. װייסע פאסאלעם (בעבלעך). № 263.

מען קאכט אב אין װאסער דיא בעבלעך אונ מען זייט זייא אב. מען צו לאזט אלעפעל פעט אונ מען פער מישט מיט אלעפעל מעהל; מען פיהרט פאנאנדער מיט בולאן, גיסט אריין עטליכע לעפעל גוטען עסיג, דער צו אויך אביסיל מעלעם צוקער אונ זאלץ, מען מישט פאנאנדער אונ מען לאזט אויפקאכען.

GRÜNE PHASOLEN MİT SCHMANT.
גרינע פאסאלעם מיט שמאנט. № 264.

מען בריהט אב דיא פאסאלעם, קאכט זייא אב אין זאלץ װאסער אונ מען זייט זייא אב. דאן פרעגעלט מען איין אלעפעל פעט מיט אלעפעל מעהל, גיבט דאס אין דיא פאסאלעם מיט זאלץ; מען פערװייסט מיט אנדערהאלבען גלאזער שמאנט אונ עטװאס צוקער. דאס קאכט מען אזויא לאנג, ביז עס װערט גערדיכטליך. אויב מען װילל עס זאל האבען אזויערליכען געשמאק, גיסט מען שמעטענע אנשטאט שמאנט.

WEİSS KOHL MİT KARTOFFELN.
װייסע קרויט מיט קארטאפעלן. № 265.

אלע ארטען קרויט מוז אין פעט געקאכט װערען. דיא אויסערליכע בלאטטער װערען אראב געפפליקט, דיא קאפלעך אין עטליכע שטיקער געשניטען

גֶעשְׁנִיטֶען ; דיא שְׁטַארְקֶע צְוַויינֶען וֶוערֶען אַרוֹיס גֶעשְׁנִיטְטֶען , אָבֶער דֶער קַאצַאן וֶוערְט נִיט אַרוֹיס גֶעוָוארְפֶען , וַוייל עֶר הָאט אַזֶען גֶעשְׁמַאק . נַאכְדֶעם וֶוערְט דָאס קְרוֹיט אִין קַאלְטֶען וַואסֶער גֶעוַואשֶׁען דַארוֹיף אָבְּגֶעבְּרִיהְט אָדֶער אַיינְגֶערִיבֶּען מִיט זַאלְץ בִּיז וֵוייךְ . דַאן קָאכְט מֶען עֶס מִיט אַבִּיסִיל פְלֵיישׁ יוֹיךְ אָדֶער מִיט וַואסֶער זַאלְץ אוּנ פֶעט . ווילְל מֶען דָאס קְרוֹיט קָאכֶען מִיט קַארְטָאפְפֶעלְן , זָא קוּמֶען דִיזֶע , וֶוען דָאס קְרוֹיט אִיז שׁוֹין אַיינְגֶעקָאכְט . עֶס מוּז שַׁארְף מִיט מֶעהר זַאלְץ אוּנ מֶעהר גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע פֶעפֶער קָאמְמֶען . וֶוער עֶס וִויל צוּקֶער אָדֶער סִירוּפּ , זָא קוּמְט דִיזֶע אַיידֶער מֶען טְהוּט אַריין דִיא קַארְטָאפְפֶעלְן . דָאס שְׁמֶעקְט זֶעהר גוּט מִיט אַשְׁטִיק פֶּעטְטֶען פְלֵיישׁ , אָבֶער דַאן דַארְף קַיין זִיסַקַייט קוּמֶען . צוּ לֶעטְצְט וֶוערְט דָאס קְרוֹיט אַיינְגֶעטוּשֶׁעט ׳

## SCHMORKOHL. גֶעטוּשֶׁעטֶע קְרוֹיט № 266.

דֶער צוּ נֶעהמְט מֶען וֵוייסֶע אָדֶער רוֹיטֶע קָאפְּלֶעךְ קְרוֹיט . מֶען רַייסְט אַרָאבּ דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע בְּלֶעטֶער אוּנ מֶען צוּ שְׁנַיידְט יֶעדֶעס אִין צְוַוייא הַאלְבֶּע מֶען טוּנְקְט זַייא אַיין אִין קַאלְטֶעס וַואסֶער אוּנ מֶען שְׁווֵיינְקְט זַייא נָאךְ אָבּ , אוּם עֶס זָאל וֶוערֶען רֵיין פוּן דֶעם זַאמְד , וָואס גֶעפִינְט זִיךְ דֶערִינֶען . יֶעטְצְט שֶׁעטְקֶעוֶועט מֶען , אָדֶער מֶען צוּ בְּרֶעקֶעלְט עֶס , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט עֶס צוּ מִיט עֶסִיג , עֶטְוָואס וַואסֶער , אוּנ פִיל פֶעט . נַאכְדֶעם טְהוּט מֶען אַריין עֶטְלִיכֶע גֶעשֵׁיילְטֶע עֶפֶּעל , צוּטְרִינְשְׁאלֶעכְטְס , גֶעשְׁטוֹיסֶענֶעס גֶעווִירְץ , נֶעגֶעלֶעךְ , קִימְמֶעל אוּנ זַאלְץ . שְׁפֶּעטֶער צוּ נָאךְ עֶטְוָואס צוּקֶער . אִיז דָאס קְרוֹיט גַאנְץ וֵוייךְ , שְׁטְרֵייט מֶען אוֹיבֶען אַבִּיסִיל מֶעהל , טְרַייסֶעלְט דוּרְךְ אוּנ מֶען לָאזְט אִיהם דֶער מִיט דוּרְךְ קָאכֶען . אַם בֶּעסְטֶען אִיז עֶס אוֹיף קוֹילֶען אָדֶער אִין אוֹיבֶען , נִיט אָפֶען פְּרִיפֶּעצִיק . וֶוען דֶער יוֹיךְ אִיז צוּ שִׁיטֶער , זָא קוּמְט עֶס מֶעהר מֶעהל .

## FASCHİRTER KOHL. גֶעפִילְלְטֶעס קְרוֹיט . № 267.

מֶען גֶעהמְט שֵׁיינֶע קָאפְּלֶעךְ קְרוֹיט יוּנְגֶע אוּנ נִיט גְרוֹיסֶע , פּוּצְט זַייא אוּנ מֶען וַואשְׁט זַייא רֵיין אוֹיס . מֶען קָאכְט זַייא אָבּ אִין זַאלְצְוַואסֶער , גִיסְט דָאס וַואסֶער אָבּ אוּנ מֶען לֵייגְט דִיא קָאפְּלֶעךְ אוֹיף אַזִיפּ , אוּם דָאס וַואסֶער זָאל גָאר אָבּ רִינֶען . דָאס גֶעפִילְלֶעכְטְס מַאכְט מֶען אַזוֹי : מֶען נֶעהמְט אַשְׁטִיק גֶעבְּרָאטֶענֶעס קַאלְבּ פְלֵיישׁ , אַהַאלְבּ גַאנְזֶעלְבֶּער וָואס אִיז שׁוֹין גֶעפְּרֶעגֶעלְט אִין שְׁמַאלְץ ; נַאכְדֶעם אַגֶעוַוייקְטֶע בוּלְקֶע , וֶועלְכֶע מֶען הָאט שׁוֹין אוֹיסְגֶעדְרִיקְט , מֶען גִיט דַאצוּ עֶטְוָואס גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ צְווִיבֶּעלְן . דָאס אַלְץ צוּ שְׁנַיידְט מֶען אָדֶער מֶען צוּ הַאקְט אִין אֵיינֶעם מִיט אַבִּיסִיל גֶעקָאכְטֶען קְרוֹיט . מֶען גִיט דָאס אִין אַקַאסְטְרוּלֶע מִיט זַאלְץ אוּנ פֶעפֶער , אַפָּאר לֶעפֶעל גוּטֶען יוֹיךְ דַאצוּ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס זִידֶען . מֶען שְׁלָאגְט אַריין צְוַוייא אֵייעֶר , מִישְׁט דוּרְךְ , בִּיז עֶס וֶוערְט אַפֶּעסְטֶע מַאסֶע , אוּנ מֶען לָאזְט אוֹיס קִיהלֶען . דַאן בִּייקֶעלְט מֶען דָאס אַיין וִויא אַוואוּרְסְט ; מֶען נֶעהמְט פַאנַאנְדֶער יֶעדֶעס קֶעפִּיל קְרוֹיט , טְהוּט דָאס אַריין אִינְוֶוענִיג אוּנ מֶען לֵייגְט

דיא

דִיא בְּלֶאטֶער וִויעדֶער צוּ זַאמֶּמֶען אִין דִיא פָאֶרם פוּן אַקְעפֶּל קְרוֹיט אוּנ מֶען בִּינְדֶעט
דָאס אַרוּם מִיט אַפָאדִים . בַּיים דֶער לַאנְגֶען צוּם טִישׁ , לֵייגְט מֶען דָאס קֶעפְּל
קְרוֹיט (אָדֶער מֶעהרֶערֶע קֶעפְּלֶעךְ קְרוֹיט) אוֹיף אַשִׁיסֶעל , גִיסְט אַרוֹיף סוֹיס אוּנ מֶען
בֶּעלֶעגְט אַרוּם מִיט גֶעבְּרָאטֶענֶע קַאלְבְּס פִּיסֶען (קְנַואשִׁינֶעס) .

## № 268. קְרוֹיט אוֹיף עֶנְגְלִישֶׁע אַרְט . KOHL AÜF ENGLÎSCHE ART.

אַשֵׁיינֶע קֶעפִּיל קְרוֹיט וֶוערְט אִין פִּיר טְהֵייל צוּ שְׁנִיטְטֶען , רֵיין אוֹיס גֶעוַואשֶׁען
אוּנ אִין קָאכֶענְדֶעס זַאלְצְוַואסֶער אִין אַקְאסְטְרוֹלֶע הִינְגֶעלֵייגְט . וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין
גֶענוּג ווייךְ , גֶעהמְט מֶען אַרוֹיס , לָאזְט אָבְּטְרִיפֶּען דָאס וַואסֶער . דַאן בֶּעשְׁטְרֵייכְט
מֶען אַפְּלַאכֶע שִׁיסֶעל מִיט פֶּעט , לֵייגְט דָאס קְרוֹיט אוֹיבֶּען , גִיסְט עֶס אִיבֶּער מִיט
אֵייעֶר , בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק אוּנ גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צוּקֶער אוּנ נָאךְ
גַאנְז פֶּעט , אוּנ דַאן לָאזְט מֶען עֶס אַיינְטוּשֶׁען .

## № 269. גֶעטוּשֶׁעטֶעס זוֹיעֶר קְרוֹיט . GEDŨNSTETES SAUERKRAUT.

מֶען גִיבְּט צְווייא לֶעפֶּעל שְׁמַאלְץ אִין אַקְאסְטְרוֹלֶע , לָאזְט עֶס הֵייס וֶוערֶען ,
דַאן דְרַייא לֶעפֶּעל צוּקֶער ; אוּנ וֶוען דִיזֶע שׁוֹין גֶעבְּרוֹינְט אִיז , לֵייגְט מֶען הִינַאיין
אַבִּיסִיל קְלֵיין גֶעשְׁנִיטֶענֶע צְווִיבֶּעל אוּנ מֶען לָאזְט דָאס אָנְלוֹיפֶען (אָנְשְׁוֶועלְלֶען);
מֶען פְּרֶעסְט אוֹיס דֶעם זוֹיעֶרִין זַאפְט פוּן דֶעם קְרוֹיט אוּנ דִיזֶעס לֵייגְט מֶען אִין דֶעם
פֶערְבְּרוֹינְטֶען צוּקֶער . מֶען לָאזְט עֶס טוּשֶׁען לַאנְגְזַאם , אִינְדֶעם מֶען מִישְׁט דָאס
אִימְמֶער דוּרְךְ מִיט אַגָאפֶּעל , בִּיז עֶס בֶּעקוּמְט אַשֵׁיינֶען בְּרוֹינֶען קָאלִיר . דַאן
שְׁטוֹיבְּט מֶען אַרוֹיף עֶטְוָואס מֶעהל אוּנ לָאזְט עֶס וִויעדֶער גוּט אַיינְטוּשֶׁען . צוּ לֶעצְט
גִיבְּט מֶען עֶטְוָואס יוּךְ דַאצוּ אוּנ מֶען לָאזְט דֶער מִיט נָאךְ אַוַוילֶע פֶּערְקָאכֶען .

## № 270. זוֹיעֶר קְרוֹיט . SAUERKOHL.

גֶעשְׁטֶעקֶעוֶועטֶע אוּנ אִין הֶערְבְּסְט גֶעשְׁטֶעלְטֶע קְרוֹיט וֶוערְט פַאר דֶעם
קָאכֶען אוֹיסְגֶעדְרִיקְט , אוּנ וֶוען עֶס אִיז זֶעהר זוֹיעֶר , וֶוערְט עֶס אִין קַאלְטֶען וַואסֶער
אָבְּגֶעוַואשֶׁען אוּנ מוּז אִין אַדוּרְכְשְׁלַאג אָבְּלוֹיפֶען . דִיזֶעס וֶוערְט צוּ גֶעשְׁטֶעלְט
מִיט פִּיל פֶּעט , עֶטְוָואס זַאלְץ , אַיין אָנְגֶערִיבֶּענֶע צְווִיבֶּעל אוּנ קִימְמֶעל , אוֹיף קוֹילֶען
אָדֶער אִין אוֹיבֶען , אָהן וַואסֶער , אוּנ נָאכְדֶעם גֶעטוּשֶׁעט . עֶפֶּעל אִיז גוּט דֶערִינֶען ,
אַנְדֶערֶע טְהוּן סִירוּפּ דֶערִין , דָאךְ אַם בֶּעסְטֶען אִיז אָהן זִיסֶעס אוּנ אָנְשְׁטַאט דֶעם
אַפֶּעטֶעס שְׁטִיק פְלֵייש דַארִין , דֶער טָאפּף מוּז זַיין פֶּעסְט צוּ גֶעדֶעקְט אוּנ מוּז
דְרַייא שְׁטוּנְדֶען קָאכֶען . עֶס אִיז גוּט עֶטְוָואס מֶעהל אַיין צוּ שְׁטְרֵייעֶן אוּנ דֶעם
טָאפּף דוּרְךְ שָׁאקְלֶען .

דֶער צוּ מַאכְט מֶען קָאשֶׁע פוּן קַארְטָאפֶעלְן , וָועלְכֶע פְרִיעֶר אִיז גֶעוֶוען
אָבְּגֶעקָאכְט אִין זַאלְץ וַואסֶער .

## № 271. בְּרוֹין גֶעטוּשֶׁעטֶעס קְרוֹיט . BRAUN KOHL.

וֶוען דֶער פְרָאסְט הָאט עֶטְוָואס וְוַיאלֶע גֶעמַאכְט דָאס קְרוֹיט גֶעהמְט מֶען

אראב

אראב דיא אויבערסטע בלעטער, שווינקט זייא אונ קאכט זייא אין קאכענדען וואסער. ווען עס איז געווארען ווייך, לייגט מען עס אויף אזיפ, גיסט ארויף קאלטעס וואסער, דריקט אויס אונ מען צו האקט עס דין. דאן רייבט מען אויף אטארטקע צווייא מעהרען אונ איין בוריק, צו האקט דין אצוויבל, מען מישט דאס דורך אונ מען לייגט אין צו שמאלצענע פעט. מען פרעגעלט עס צו, אימער מישענדיג; מען גיט דארויף דאס קרויט, בעגיסט מיט בוליאן אונ מען שטעלט אויף הייסע קוילען אדער אין אויבען טושען צו געדעקטערהייט.

דיזעס קרויט בעפוצט מען מיט געבראטענע וואורסט אדער צונג.

## SÜSSER KOHL GEFÜLLT MIT PİLZ.

## № 272. קרויט געפיללט מיט שוועמלעך.

מען רייניגט עטליכע קעפלעך קרויט, צו שניידט זייא אויף פיר טהייל, לאזט זייא האלב אבקאכען אין זאלצוואסער אונ מען דריקט זייא אויס. דערווייליע קאכט מען אב געטריקנטע באראוויקעס (שוועמלעך), צו האקט זייא אונ פרעגלט זייא אין פעטט; מען שיט אריין זאלץ, פעפער אונ מען צו מישט זייא אויף העלפט מיט אבגעקאכטען רייז; מען שלאגט אריין צווייא אייער, מען מישט גוט דורך אונ דער מיט פילט מען אן דאס קרויט צווישען דיא בלעטער. דאן בינדט מען ארום מיט אפאדים אונ מען לייגט זיא געדיכט אין קאסטרולע; מען גיסט ארויף סוים געמאכט פון מעהל, פעטט, הייסען וואסער אונ דעם יויך פון דיא שוועמלעך. מען דעקט גוט צו אונ מען לאזט קאכען. ווען מען דער לאנגט צום טיש, בעשטרייט מען מיט צו שטויסענעם צוויבאק.

## WEİSSKOHL AU͂F FRANZÖ͂SİSCHE ART.

## № 273. ווייס קרויט אויף פראנצאזישע ארט.

מען רייסט אב פון דיא קעפלעך קרויט דיא אויסערליכע בלעטער, צו שניידט יעדע אויף העלפט, מען ברוהט אב מיט הייסען וואסער אונ מען לאזט דאס וואסער אבלויפען. נאכדעם צו האקט מען אשטיק קאלבס בראטען, אפערטל פונט פעטט, אביסל מארך, אשטיק געווייקטע בולקע; מען שלאגט אריין צווייא רויע געלכעל, אנאנצע איי איין אבגעקאכטע; מען פיהרט פאנאנדער זעקס געלכלעך פון אב געקאכטע אייער מיט הייסען וואסער אונ מען פארמישט דאס אלץ אין איינעם גאנץ גוט. נאכדעם דארבעט (הוילט) מען אויס אפערטיפונג אין דיא אבגעקיהלטע שטיקער קרויט אונ מען פילט יעדעס דער מיט אן; מען פערבינדט מיט אפאדים, לייגט אין אקאסטרולע אויף פיל פעט אונ מען לייגט אויבען פעט. דאס שטעלט מען אויף הייסע קוילען אונ מען לאזט טושען צו געדעקטער הייט.

## WEİSSKOHL MİT AEPFELN. ווייס קרויט מיט עפעל. № 274.

מען צובערעקלט דאס קרויט, ברוהט עס אב אונ דריקט עס אויס. דאן לייגט

מען

מֶען עֶס אִין אַקַאסְטְרוּלֶע , גִיסְט אַרוֹיף הֵייסֶעס וַואסֶער אָדֶער בּוּלְיָאן , מֶען גִיבְּט צוּ זַאלְץ , פֶּעפֶּער אוּנ פֶעט. מֶען שֵׁיילְט אָבּ עֶטְלִיכֶע גַאנְץ זוֹיעֶרֶע עֶפֶּעל , צוּ-שְׁנַיידְט , לֵייגְט זֵייא אַזוֹא פִּיל אִין דָאס קְרוֹיט , אַז עֶס זָאל זַיין זוֹיעֶר , אוּנ מֶען קָאכְט עֶס אוּנְטֶער אַדֶעקֶעל מִיט לֶעבְּלֶעךְ .

SAUERKOHL MİT PİLZ UND SAHNE.

№ 275. זוֹיעֶר קְרוֹיט מִיט שְׁוֶועמְלֶעךְ אוּנ שְׁמַאנְט .

מֶען מַאכְט אַיוֹיךְ פוּן שְׁוֶועמְלֶעךְ אוּנ דָאס גִיסְט מֶען אַרוֹיף אוֹיף דָאס זוֹיעֶרְקְרוֹיט , וָואס מֶען הָאט שׁוֹין פְּרִיעֶר גֶעהַאט אָבְּגֶעבְּרִיהט מִיט הֵייסֶען וַואסֶער . מֶען נִיבְּט צוּ דִיא אָבְּגֶעקָאכְטֶע בַּארַאווִיקֶעס צוּ שְׁנִיטֶענֶע , אוֹיךְ זַאלְץ , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ קָאכֶען . מֶען גִיסְט אַריין עֶטְלִיכֶע לֶעפֶעל שְׁמֶעטֶענֶע . מֶען פְּרֶעגֶעלְט אַיין מֶעהל אִין פּוּטֶער . דָאס מִישְׁט מֶען אַלְץ צוּ זַאמֶען אוּנ מֶען קָאכְט בִּיז עֶס וֶוערְט וֵוייךְ .

№ 276. אֵיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט מִילְכִיגֶעס קְרוֹיט .

מֶען שְׁנַיידְט אָן וַוייסֶעס קְרוֹיט . מֶען בְּרִיהט עֶס אָבּ , דְרִיקְט אוֹיס , לֵייגְט אִין טָאפְּף אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף בּוּרִיקֶעס רָאסֶעל . מֶען גִיט צוּ זַאלְץ אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען בִּיז וֵוייךְ . מֶען פֶּערְזוּכְט עֶס , אוּנ אוֹיבּ עֶס אִיז נָאךְ זוֹיעֶר , גִיסְט מֶען צוּ הֵייסֶעס וַואסֶער . וֶוען עֶס אִיז אַייְנגֶעקָאכְט , גִיבְּט מֶען צוּ אַלֶעפֶעל פּוּטֶער , אַגְלָאז שְׁמֶעטֶענֶע , אַגְלָאז גֶעשְׁטוּיסֶענֶע טְרוּקֶענֶע שְׁוֶועמְלֶעךְ , אַגְלָאז וַוייצֶענְמֶעהל אוּנ אַפָּאר שְׁטִיקְלֶעךְ צוּקֶער . מֶען מִישְׁט דָאס גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען אַפָּאר שְׁטוּנְדֶען אוֹיף קוֹילֶען , אִינְדֶעם מֶען טְרֵייסְלְט אָפְּט דוּרְךְ , אַז עֶס זָאל נִיט אָנְבְּרֶענֶען . וֶוען מֶען דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ , שִׁיט מֶען אַרוֹיף גֶעשְׁטוּיסֶענֶע פֶּעפֶּער .

SCHMORKOHL MİT PİLZ.

№ 277. גֶעטוּשֶׁעטֶע קְרוֹיט מִיט שְׁוֶועמְלֶעךְ .

מֶען פְּרֶעגֶעלְט אַיין 3—4 צְוִויבֶּעל אִין פֶעט (אָדֶער פּוּטֶער) , מֶען לֵייגְט דַארוֹיף פִיר גְלֶאזֶער זוֹיעֶר קְרוֹיט אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ קָאכֶען אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג מִיט אַלֶעפֶעל . וֶוען דָאס קְרוֹיט אִיז וֵוייךְ , גִיבְּט מֶען צוּ זֶעכְּס גֶעטְרִיקְנְטֶע שְׁוֶועמְלֶעךְ . גִיסְט אַרוֹיף הֵייסֶעס וַואסֶער מִיט זַאלְץ אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען בִּיז פַארְטִיג . דַאן פְּרֶעגְלְט מֶען אַיין אַהַאלְבֶּע לֶעפְל מֶעהל אוּנ צְווייא לֶעפֶעל פֶעט , גִיבְּט דָאס אִין דָאס קְרוֹיט אוּנ מֶען לָאזְט נָאךְ קָאכֶען פֶערְדֶעקְטֶער הֵייט . צוּ דִיזֶעס קְרוֹיט גִיבְּט מֶען גֶעוֹוֶאהְנְלִיךְ גֶעפְּרֶעגֶלְטֶע אָדֶער גֶעבַּאקֶענֶע קַארְטָאפֶעל , אוּנ מֶען לֵייגְט אַרוּם גֶעפְּרֶעגְלְטֶע פִישׁ .

ROTHE RÜBEN. בּוּרִיקֶעס № 278.

מֶען בַּאקְט אָבּ אָדֶער מֶען קָאכְט אָבּ בּוּרִיקֶעס , שֵׁיילְט זֵייא אָבּ אוּנ מֶען צוּ

בַּאקְט זַייא אָדֶער מֶען בַּייבְּט זַייא דוּרְךְ אַטַארְטֶקֶע . מֶען פְּרֶעגֶלְט אַיין צְווִיבֶּעל אִין פֶּעט , לַייגְט צוּ אַלֶעפֶּעל מֶעהל , אַפָּאר גֶעקָאכְטֶע גֶערִיבֶּענֶע פַּאנַאנְדֶער גֶעפִּיהְרְט אִין וַואסֶער , פֶּעפֶּער , זַאלְץ , עֶטְלִיכֶע לֶעפְל בּוּלְיָאן , שְׁטַארְקֶען עֶסִיג , אוּנ דָאס קָאכְט מֶען אַלְץ מִיט דִיא בּוּרִיקֶעס .

דֶער צוּ גֶעהְט גֶעפְּרֶעגֶלְט ווּאוּרְסְט , קַאלְבְּס בְּרַאטֶען ; אוֹיךְ שֶׁעפְּסֶענְבְּרוּסְט , וָואס מֶען הָאט פְּרִיעֶר אָבּ גֶעקָאכְט אִין שְׁטִיקֶער , אַיינְגֶעטוּנְקְט אִין אַיי , אַיינְגֶע-קַייקֶעלְט אִין גֶעשְׁטוֹיסֶענֶעם צְווִיבַּאק אוּנ גֶעפְּרֶעגֶלְט אִין פֶּעטְט .

## № 279. אַיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט בּוּרִיקֶעס :

מֶען צוּ הַאקְט דִיא בּוּרִיקֶעס , וִויא פְּרִיעֶר אִיז גֶעזָאגְט . מֶען פְּרֶעגֶלְט אַיין אִין פֶּעט , אַבִּיסְל צוּ הַאקְטֶע צְווִיבֶּעל , אוּנ מֶען פֶּערְמִישְׁט עֶס מִיט דִיא בּוּרִיקֶעס . מֶען גִיט אַרַיין אַהַייפֶּעל אוֹיסְגֶעוַואשֶׁענֶע ,קְלֵיינֶע רָאזִינְקֶעס , אַבִּיסְל עֶסִיג , צוּקֶער אוּנ זַאלְץ ; מֶען לָאזְט קָאכֶען אִימֶער מִישֶׁענְדִיג , אוּם עֶס זָאל נִיט אָנְבְּרֶענֶען . דָאס דֶערְלַאנְגְט מֶען מִיט גֶעבְּרָאטֶענֶע פִישׁ אָדֶער מִיט גֶעקָאכְטֶע שְׁוֶועמְלֶעךְ , וָועלְכֶע וַוארֶען פְּרִיעֶר בֶּעשְׁטְרַייט מִיט מֶעהל אוּנ גֶעפְּרֶעגֶעלְט אוֹיף פֶּעט .

## № 280. שְׁצַאוֶועל . SAUERAMPFER.

מֶען מַאכְט צוּ זַאמֶען שְׁצַאוֶועל אוֹיף הֶעלְפְט מִיט סַאלַאט . שְׁוַויינְקְט אוֹיס אוּנ מֶען דְרִיקְט אוֹיס ; מֶען צוּ הַאקְט אוּנ מֶען פְּרֶעגֶלְט אַיין אִין פּוּטֶער . וֶוען עֶס אִיז פֶּערְטִיג , גִיבְּט מֶען אַרַיין עֶטְלִיכֶע לֶעפֶעל שְׁמֶעטֶענֶע , עֶטְוָואס צוּקֶער אוּנ מֶען קָאכְט נָאךְ צוּ .

## № 281. אַיינֶע אַנְדֶער אַרְט שְׁצַאוֶועל . SAUERAMPFER.

מֶען שְׁוַויינְקְט אוֹיס עֶטְלִיכֶע מָאל דִיא שְׁצַאוֶועל , דְרִיקְט אוֹיס אוּנ מֶען צוּ-הַאקְט עֶס גַאנְץ דִין . מֶען צוּ לָאזְט אַלֶעפֶּעל פּוּטֶער , אוּנ מֶען פְּרֶעגֶעלְט אַיין דַארִין דִיא שְׁצַאוֶועל ; מֶען גִיבְּט אַרַיין גוּטֶע מִילְךְ , צְוַוייא לֶעפֶעל שְׁמֶעטֶענֶע , מֶען קְלַאפְּט אוֹיף מִיט עֶטְלִיכֶע גֶעלְבְּלֶעךְ אוּנ מֶען לָאזְט גוּט אַיינְוַוארְמֶען .

אנמערקונג . אַנְדֶערֶע גֶעמִיזֶע אַרְטֶען , וֶועלְכֶע אַלְס זוּפֶּען — פָּארְשְׁפַּייזֶען דִינֶען , (וִויא : קְרוֹיטֶען , בּוּרִיקֶעס , שְׁצַאוֶועל , בָּאטְצְווִינֶע) , זֶעה אִין דִיא עֶרְסְטֶע נוּמֶערְן פוּן אַלֶע אַרְטֶען זוּפֶּען : פוּן 3 בִּיז 12 .

## № 282. פַּאסְטֶערְנַאק . PASTİNAKE.

מֶען שַׁיילְט אָבּ , אָדֶער מֶען שָׁאבְּט אָבּ , דִיא פַּאסְטֶערְנַאק ; מֶען וַואשְׁט זַיא דוּרְךְ אוּנ מֶען צוּ שְׁנַיידְט זַיא אִין גְרוֹיסֶע שְׁטִיקֶער . מֶען גִיבְּט עֶס אַרַיין אִין קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער , אוּנ , וֶוען עֶס קָאכְט אוֹיף עֶטְלִיכֶע מָאל , גִיסְט מֶען דָאס וַואסֶער אָבּ . מֶען גִיסְט אַרוֹיף בּוּלְיָאן מִיט זַאלְץ אוּנ מִיט עֶטְלִיכֶע קֶערְנֶער עֶנְגְלִישֶׁע פֶּעפֶּער . מֶען פְּרֶעגְט אַיין אַלֶעפֶּעל מֶעהל אִין פֶּעט , פִּיהְרְט פַּאנַאנְדֶער

מיט

מִיט בּוּלְיָאן , אוּנ דָאס אַלֶץ גִיבְּט מֶען אַרַיין אִין דִיא פַּאסְטֶערְנַאק , וֶועלְכֶע מוּז זִיךְ קָאכֶען בִּיז עֶס וֶוערְט וַוייךְ .

## SPİNAT. שְׁפִּינַאט . № 283.

פוּן דֶעם שְׁפִּינַאט וֶוערְט נָאר דֶער אוֹיסֶערְסְטֶע שְׁטִיל אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען אוּנ פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע בְּלֶאטֶער דִיא שְׁטְרוּנְקֶע דִיא גְרָאבֶּע אָדֶערְן אוֹיס גֶעשְׁנִיטֶען . דַאן מוּז עֶר פִּיר מָאל גֶעוַואשֶׁען וֶוערֶען אוּנ יֶעדֶעס מָאל מוּז דָאס וַואסֶער אִין אַדוּרְכְשְׁלַאג אָדֶער זִיפּ אָבְּלוֹיפֶען . נָאכְדֶעם קָאכְט מֶען אִיהם אָבּ אִין וַואסֶער אוּנ מֶען לַייגְט אִיהם אִיבֶּער אִין אַדוּרְכְשְׁלַאג , פוּן וֶועלְכֶען דָאס וַואסֶער מוּז אַבְּלוֹיפֶען אִין אַרַיינֶע בְּלֵי , וַוייל מֶען וֶועט נָאךְ שְׁפֶּעטֶער דֶער פוּן צוּם שְׁפִּינַאט דַארְפֶען הָאבֶּען . דַאן צוּ הַאקְט מֶען דֶעם שְׁפִּינַאט זֶעהְר דִין אוּנ מֶען טְהוּט אִיהם ווִיעדֶער אִין טָאפְּ אַרַיין מִיט זַאלְץ , פֶעט , צוּקֶער אוּנ אַבִּיסְל פוּן דֶעם פְּרִיעֶרְדִיגֶען אָבְּגֶעגָאסֶענֶעם יוֹיךְ . יֶעצְט לָאזְט מֶען אִיהם עֶטְוָואס אַיינְטוּשֶׁען . וֶוען עֶר הָאט וַוייניג יוֹיךְ , גִיט מֶען אַרַיין הֶעם נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּענֶען שְׁפִּינַאט יוֹיךְ פֶערְמִישְׁט מִיט אַבִּיסְל מֶעהל . וֶוען עֶר אִיז זִים אוּנ פֶעט גֶענוּג , אִיז עֶר פֶערְטִיג . אַיין צוּ הַאקְטֶע צְווִיבֶּעל מַאכְט אִיהם קְרֶאפְּטִיג . דֶער צוּ גֶעהֶערֶען הַארְט גֶעקָאכְטֶע אַייֶער אִין פֶענֶעצֶען גֶעשְׁנִיטֶען , אָדֶער זֶעמְמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ אִין פֶעטְט גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע , אָדֶער בְּרוֹין גֶעבְּרָאטֶענֶע קַארְטָאפֶעלְן .

## GESCHMORTE GURKEN. גֶעטוּשֶׁעטֶע אוּגֶערְקֶעס . № 284

רוֹיֶע גְרוֹיסֶע אוּגֶערְקֶעס וֶוערֶען גֶעשֵׁיילְט . אִין דֶער לֶאנְג גֶעשְׁנִיטֶען אוּנ דִיא קֶערְנֶער (זוֹימֶען) אַרוֹיס גֶעשָׁאבְּט . מֶען שְׁטֶעלְט זַייא צוּ מִיט פְלֵיישׁ-יוֹיךְ , עֶסִיג , פֶעט , צוּקֶער אוּנ זַאלְץ , אוּנ מֶען לָאזְט זַייא טוּשֶׁען בִּיז וַוייךְ , נָאכְדֶעם גִיבְּט מֶען זֶעמְמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ דַאצוּ , מֶען טְרֵייסְלְט דוּרְךְ אוּנ מֶען לָאזְט זַייא אוֹיפְקָאכֶען . זַייא שְׁמֶעקֶען צוּם פְלֵיישׁ זֶעהר גוּט .

וֶוען מֶען ווִיל זַייא צוּ מִילְכְשְׁפַּייזֶען נֶעהמֶען , זִיא גֶעהט אָנְשְׁטָאט דֶעם יוֹיךְ — פְּרָאסְט וַואסֶער , אוּנ אָנְשְׁטָאט דָאס פֶעט — פּוּטֶער .

## HOSPOT. הָאסְפָּאט , אֵיינֶע אַרְט צִימְמֶעס . № 285.

מֶען נֶעהמְט יוּנְגֶע גְרִיזִינֶע (קְרוּצְקֶע) אוּנ מֶאהרֶען , אוּנ נָאכְדֶעם וֶוערֶען זַייא גֶעפּוּצְט אוּנ גֶעוַואשֶׁען , שְׁטֶעכְט מֶען פוּן זַייא אוֹיס מִיט אַיין אוֹיסְשְׁטֶעכֶער (פוּן בְּלֶעךְ גֶעמַאכְט) קְלֵיינֶע רוּנְדֶע קַיְקֶעלֶעךְ . אוּנְגֶעפֶאהר אַזוֹא פִיל גְרִינֶע אַרְבֶּעס וֶוערֶען אִין זַאלְצְוַואסֶער עֶטְלִיכֶע מִינוּט גֶעקָאכְט אוּנ אָבּ גֶעזַייט . נָאכְדֶעם וַוארְמְט מֶען אָן אַבִּיסֶעל פֶעטְט , גִיבְּט דַאצוּ אַקָאכְלֶעפֶעל מֶעהל אוּנ לָאזְט עֶס אֵיינִיגֶע אוֹיגֶענְבְּלִיק אָנְלוֹיפֶען . מֶען גִיסְט אַרוֹיף גוּטֶען יוֹיךְ , לָאזְט עֶס פֶערְקָאכֶען אוּנ מֶען גִיבְּט הִינַאיין דִיא קַיְקֶעלֶעךְ פוּן דִיא גְרִיזִינֶע אוּנ מֶאהרֶען , הֶערְצוּ אַשְׁטִיקְל צוּקֶער , אוּנ מֶען לָאזְט דָאס אַיינְטוּשֶׁען , אִינְדֶעם מֶען טְרֵייסְלְט דֶעם טָאפְּ אוֹיף

עטליכע

עטליכע מאל . נאכדעם גיבט מען דיא ארבעס אויף דאצו אונ מען לאזט דיא סויס גאנץ וויניג , נאר מען דארף אכטונג געבען . אז דאס געריכט זאל בלייבען שיין געלב אונ ניט ברוין ;

דאן צו טהיילט מען שיינעס בלומענקרויט אין קליינע שטיקער , קאכט עס אין גוטער רינדזופפע וויך , אבער מען מוז אכטונג געבען , עס זאל ניט צו קראכען ווערען . ווען מען דערלאנגט צום טיש , לייגט מען דאס געמיזע אין מיטן שיסעל , וויא אבארג שפיציג , אונ מיט דעם בלומענקרויט בעלעגט מען דעם ראנד פון דער שיסעל . דערצו ווערט נעגעבען געבראטענע היהנער אדער קאלב קאטלעטען .

## № 286. שפארגעל אין סויס פון פוטער. SPARGEL IN BUTTERSAUCE.

ווען דער שפארגעל איז ריין געפוצט , קאכט מען איהם אין זאלצוואסער , אבער ניט צו וויך . דאן גיבט מען איהם אין אסויס פון פוטער , אדער מען לייגט איהם אין אשיסעל מיט דיא קאפלעך אראב , גיסט ארויף שמאנט , בעשטרייט איהם מיט דינע זעממעל ברעקלעך , לעגט אויבען עטליכע שטיקלעך פוטער אונ מען לאזט איהם אזוא איינזידען . מען קען איהם אזוא אבגעזאטענערהייט . לעגען אויף אשיסעל בעשטרייען מיט זעממעל ברעקלעך אונ לאזען איבערברענגען מיט הייסען פוטער .

## № 287. קירבים . KÜRBIS.

מען שיילט דעם קירבים אב , צושניידט איהם אונ מען קאכט איהם אב אין זאלצוואסער . ווען ער איז וייך , נעהמט מען איהם ארויס אונ מען לייגט איהם אויף אזיפ , אום דאס וואסער זאל אבטריפען . דאן גיסט מען אין אפלאכע שיסעל גוטען שמאנט אונ מען לייגט דארין דיא שטיקער קירבים ; אויבען בעגיסט מען ווידער שמאנט , בעשטרייט מיט עטוואס צוקער אונ ברעקלעך פון זעמעל זעהר דין צוריבענע ; מען לייגט אויבען וויעדער שטיקלעך פוטער אונ מען שטעלט עס אויף אפערטעל שטונדע אין בראט אויבען צום באקען .

## B. געריכטען פון בוימפרוכטען . GERICHTE VON OBSTARTEN.

## № 288. עפעל מיט קארטאפעלן . AEPFEL MIT KARTOFFELN.

דיא קארטאפעלן ווערען געשיילט , גוט געוואשען , צום לעצטען מאל מיט הייסען וואסער . דאן שטעלט מען זייא צו מיט וואסער , זאלץ אונ פעט . ווען דינע זיינען פערטיג , זא גיבט מען דארויף עפעל , געשיילטע אונ געשניטענע , עטוואס ציממרינג , צוקער אונ ענגלישעס געשטויסענעס געווירץ . ווען אלעס איז פארטיג , מישט מען עס דורך אונ מען דערלאנגט צום טיש .

## № 289. עפעל מיט רייז . AEPFEL MIT REIS.

דער רייז ווערט געבריהט , אונ מען לאזט איהם אין וואסער מיט פעט אונ זאלץ

זאלץ אוים קוועלען. דיא עפעל ווערען געשיילט, אין פירען געשניטען אונ דיא זוימען ארויס גענומען. מען גיבט זייא אין אטאפף מיט וואסער, אדער העלפט וויין העלפט וואסער; דער צו צימרונג, צוקער, צוטרינשאלעכטס, פעטט אונ ראזינקעס. ווען דיא עפעל זיינען זעהר זים, קומט צוטרין פענעצען דארין. דעם אוים געקוואלענעם רייז גיבט מען דארויף אונ מען לאזט דאס צו זאמען קאכען אויף אלאנגזאמען פייער, אז ניט, ברענט מען עס אן. ווען עס איז פארטיג, מישט מען עס דורך. ווען מען דערלאנגט צום טיש, בעשטרייט מען מיט צוקער אונ צימרינג. דיזעס געריכט מוז זיין זים אונ רעכט פעט, אונ גאנץ אהן יויך.

## № 290. בארנעס מיט קארטאפעלן. BİRNEN MİT KARTOFFELN.

בארנעס צום קאכען מוזען זיין וואס הארטער, גרינער אונ וואס גרעסער. זייא ווערען געשיילט אונ אין פירען געשניטען. מען שטעלט זייא צו מיט וואסער, פעט, צוקער אונ ענגלישען געווירץ. ווען דיא בארנעס זיינען באלד פארטיג, גיבט מען דיא אויסגעקאכטע קארטאפעלן דארויף, אונ עטוואס זאלץ געשטרייט. ווען זייא זיינען פערטיג, לאזט מען זייא צו טושען. דער יויך דאצו מוז זיין זאמיג (טומיג) געמאכט.

## № 291. בארנעס מיט רייז. BIRNEN MIT REIS.

דיזעס ווערט געמאכט וויא עפעל מיט רייז. נאר דיא בארנעס מוזען פריער פארטיג זיין, איידער דער רייז קומט דארויף, אונ דיזע דארף מען ניט מישען, נאר דעם טאפף איינטרייסלען.

## № 292. בארנעס מיט קניידלעך. BİRNEN MİT KLOSSCHEN.

דיא בארנעס ווערען צו געשטעלט מיט מעהר וואסער. ווען זייא זיינען פארטיג, מוז נאך דער יויך אריבער געהען, אום דיא קניידלעך זאלען זיך דערינען קענען קאכען. דיזע ווערען אזוא געמאכט: אלטע זעממעל ווערט געווייקט, וויעדער אויסגעדריקט אונ אין עטוואס פעט אין אפאנע געפרעגלט. דאן שיטעט מען זייא אוים אויף אשיסעלע, וואו זייא זאלען זיך אבקיהלען; מען גיבט צו עטוואס צוקער, צוטרינשאלעכטס, געשטויסענע צימרינג אונ ענגעל-געווירץ, עטליכע ביטערע מאנדעלן, איין וועניג זאלץ אונ צווייא אייער רויע דאצו. דאס ווערט אלעס דורך געמישט מיט מעהל, ביז עס ווערט אשוואבער טייג. דעם לעפעל טונקט מען אין דעם יויך פון דיא בארנעס אונ מען נעהמט דער מיט שטיקלעך וויים פון דעם טייג. מען לייגט זייא געבען איינאנדער אויף דיא בארנעס. עטוואס סירופ ווערט דאריבער געגאסען אונ מען לאזט דעם יויך זייא אריבער קאכען. אין אהאלבע שטונדע זיינען דיא קניידלעך פערטיג אונ הויך אויפגעלאפען. ביין דערלאנגען צום טיש, מוז מען זייא בעהיטזאם מיט אלעפעל ארויס נעהמען; אויבען קומען דיא בארנעס מיט דעם יויך.

געטריקנטע

### GETROCKNETE BİRNEN MİT PFLAUMEN UND KLÖSSCHEN.

### № 293. געטריקנטע בארנעס מיט פפלוימען אונ קניידלעך.

דיזעס ווערט בערייטעט. וויא דאס פארינע; נאר דיזע פרוכט ווערט פריער מיט הייסען וואסער נאכדעם מיט קאלטען אבגעוואשען. דיא קניידלעך, וויא אין פארינען נוממער.

### PFLAUMEN MİT REİS. № 294. פפלוימען מיט רייז.

טרוקענע פפלוימען ווערען פריער אבגעגאסען מיט הייסען, נאכדעם מיט קאלטעם וואסער. פרישע פלוימען שטעללט מען געוועהנליך צו מיט ווייניג וואסער אונ מען נעהמט פריער דיא שטיינע (יאדרעס) ארויס. מיט וויין צו געשטעללט שמעקען זייא בעסער. דיא פפלוימען גיבט מען אויף דעם אויסגעקוואלענעם רייז, ווען זייא זיינען נאך רוי; דער צו קומט צוקער, צוטרינשאלעכטס, צימרינג אונ פעט, — אונ מען לאזט עס צוזאממען טושען. דיא טרוקענע פלוימען אבער ווערען פריער אבגעקאכט, דאן קומט דער רייז דארויף אונ מען לאזט איהם אין דעם יויך דורך קאכען אונ עטוואס איינטושען.

### GERİCHTE VON PİLZEN. C. געריכטען פון שוואמלעך.

אנמערקונג. ביים אבקאכען פון אללע סארטען שוועמלעך, מוז מען אריין ווארפען אגעשיילטע צוויבעל. אויב דיזע ווערט שווארץ, זא איז פארגען גיפט דערינען, אונ מען מוז דיא שוועמלעך ארויס ווארפען, בלייבט אבער דיא צוויבעל וויים, זא קען מען דיא שוועמלעך זיכער עסען.

### MURCHELN. № 295. מורכעלשוואממלעך.

דיזע שוואמלעך מוז מען אויסקלייבען אונ דיא אונריינע ארויס ווארפען, דיא זאמדיגע שטילע (וואורצלען) אראב נעהמען אונ ניט ווייניגער וויא פיר מאל וואשען, אונ יעדעס מאל לאזען אין אזיפ דאס וואסער אב לויפען. ווען זייא זיינען ריין פון דעם זאמד, בריהט מען זייא אב מיט הייסען וואסער אונ מען לאזט זייא איין מאל אויפקאכען. מען גיסט דאס וואסער אב אונ מען קאכט זייא דאן אין פליישיויך פערטיג. עס קומט דארין זאלץ, אביסל פעפער אונ איינע דין צוהאקטע צוויבעל. צו לעטצט לאזט מען זייא איינטושען. האלב פלייש שמעקט דאצו אם בעסטען.

### STEİNPİLZE. № 296. בארוויקעס-שוואמלעך.

דיא שטילע (דיא ווארצלען) ווערען אבגעשאבען אונ דיא אונטערסטע הארטע אראב געשניטען; אויך דער אונטערסטע טהייל פון דיא שוועמלעך ווערט עטוואס ארום געשאבען. מען צושניידט זייא אין שטיקער, אום דיא ווערמדיגע

ארוים

ארוים צו שניידען. מען וואשט זייא גוט אויס, בריהט זייא אב אונ מען קאכט זייא אין וואססער מיט זאלץ. דאס וואסער ווערט נאך דעם אבגעגאססען, אונ מען ווארפט זייא אין פוטטער, אין וועלכער אצוויבעל איז שוין געפרעגעלט; דאצו קומט זאלץ אונ פעפער, אונ מען לאזט זייא צו געדעקטערהייט עטליכע מאל אויפקאכען. אין דער פוטטער קען מען אויך מעהל מיט דער צוויבעל איינפרעגלען, מען פיהרט דאס פאנאנדער מיט מילך, אדער וואסער, גיבט צו נאך זאלץ אונ פעפער אונ מען לאזט דער מיט דיא פארטיגע שוועמלעך אויפקאכען.

## GESCHMORTER BOROWİK. . געטושעטע באראוויקעס № 297.

מען צו שניידט יונגע באראוויקעס, בריהט זייא אב מיט קאכענדעם וואסער, לאזט דאס וואסער אברינען אונ מען לייגט זייא אין דיא קאסטרולע. מען פרעגעלט איין אין פוטער דין צו האקטע צוויבעל, מען צו מישט מיט דיא שוועמלעך, גיבט צו זאלץ אונ פעפער אונ מען לאזט זייא טושען. נאכדעם גיבט מען צו עטליכע לעפעל שמעטענע, מישט דורך אונ מען קאכט דאמיט אזויא דיא שוועמלעך, אז דיא שמעטענע ווערט וויא אפוטטער.

## GEBRATENER BRÄTLİNG. געבראטענע ריזיקעס-שוועמלעך № 298.

מען ריינגט דיא ריזיקעס פון דעם זאמד אונ מען בעזאלצט זייא. מען צו לאזט אלעפעל פוטטער אויף אפאנע, לייגט אויס דערינגען דיא שוועמלעך אונ מען לאזט זייא פרעגלען. ווען זייא לאזען ארויס פון זיך דעם זאפט אונ אין שניט זיינען זייא ניט רויט, קען מען זייא דערלאנגען צום טיש.

## GEBRATENER BUTTERPİLZ.
## . געבראטענע פוטטער שוואממלעך № 299.

מען ריינגט אב דיא שוואמלעך, בריהט זייא אב מיט זודיגעם וואסער, לאזט דאס וואסער אברינען אונ מען צו שניידט זייא אין לאנגליכע שטיקלעך; מען בעזאלצט זייא אונ מען לאזט זייא בראטען אויף אלייכטען פייער, ביז עס וועט זיך האבען אויסגעקאכט דער זאפט, וואס געהט פון זייא זעהר פיל. דאן פרעגעלט מען איין אביסיל געהאקטע צוויבעל אונ פעטרושקע אין אלעפעל פוטער, מען גיבט דאס אין דיא שוואממלעך, בעשטרייט מיט פעפער אונ מען בראט איין.

## PILZ-COTLETTEN. . קאטלעטען פון שוואממלעך № 300.

מען קאכט אב אפערטעל פונד ווייסע געטריקענטע שוואמלעך אונ מען צו האקט זייא זעהר דין. דער ווייכע קאכט מען אב בעזונדער אין זאלצוואססער בייז מיט דיא גרינס פון פעטרושקע אונ מען גיבט זייא אויף אזיפ; מען פערמישט מיט דיא שוואממלעך מיט אפאר צו קלאפטע אייער גיבט צו פעפער מיט איין

צוויבעל

צְוִויבֶּעל , וָואס אִיז שׁוֹין גֶעפְּרֶעגֶעלְט אִין פּוּטְטֶער . מֶען מַאכְט דֶער פוּן קָאטְלֶעטֶען , בֶּעשְׁטְרֵייט זֵייא מִיט גֶעשְׁטוֹיסֶענֶעם צְוִויבַּאק אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא בְּרָאטֶען . דָאס דֶער לַאנְגְט מֶען צוּם טִישׁ מִיט גְרִינֶע אַרְבֶּעס אָדֶער מִיט אַיין זוֹיעֶרְלִיכֶער סוֹיס .

## CHAMPİGNONS. פֶּעלְדְשְׁוָואמְמְלֶעךְ . № 301.

מֶען וַואשְׁט דִיא שְׁוָואמְמְלֶעךְ גוּט אוֹיס אִין אַדוּרְכְשְׁלַאג , אוּם דָאס וַואסֶער זָאל אָבְּלוֹיפֶען . דַאן לֵייגְט מֶען זֵייא אִין אַטָאפְּף אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זֵייא צוּ אוֹיף אַלִינֶדעס קוֹילֶענְפֵייעֶר צוּ גֶעדֶעקְטֶערְהֵייט . דַאן גִיבֶּען זֵייא אַיוֹיךְ , וֶועלְכֶען מֶען דְרִיקְט אָבּ (צְוִוישֶׁען צְוֵייא הֶעלְצֶערְנֶע טֶעלְלֶער אִיז אַם בֶּעסְטֶען) . יֶעטְצְט לֵייגְט מֶען פּוּטֶער אִין אַטָאפְּף , אוּנ וִויא זִיא וֶוערְט צוּ שְׁמָאלְצֶען , וַוארְפְט מֶען אַרַיין דִיא שְׁוָואמְלֶעךְ אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא דַארִין קָאכֶען , דַאן קוּמְט עֶטְוָואס זַאלְץ , עֶטְלִיכֶע לֶעפֶּעל זִיסֶער שְׁמַאנְט , גֶערִיבֶּענֶע מוּסְקַאטְנוּס אוּנ צוּ לֶעטְצְט גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע . פַאר פְלֵיישִׁיגֶע קוּמְט נַאטִירְלִיךְ קַיין שְׁמַאנְט , אוּנ אָנְשְׁטָאט פּוּטֶער קוּמְט פֶּעטְס .

## MURCHELN-HACHEE. גֶעהַאקְטֶע שְׁוָואמְמְלֶעךְ . № 302.

וֶוען דִיא שְׁוָואמְמְלֶעךְ זַיינֶען אוֹיס גֶעקְלִיבֶּען אוּנ גֶעוַואשֶׁען , קָאכְט מֶען זֵייא אִין וַואסֶער וֵוייךְ , גִיסְט זֵייא אוֹיף אַדוּרְכְשְׁלַאג , אוּם דָאס וַואסֶער זָאל אָבְּלוֹיפֶען ; דַאן וַואשְׁט מֶען זֵייא נָאךְ אַמָאל אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא וִויעדֶער אָבְּלוֹיפֶען . יֶעצְט צוּ הַאקְט מֶען זֵייא מִיט אַצְוִויבֶּעל גַאנְץ דִין . וֶוען מֶען וִוילְל זֵייא הָאבֶּען פְלֵיישִׁיגֶע , שְׁטֶעלְט מֶען זֵייא צוּ מִיט זֶעהר פֶּעטֶען פְלֵיישׁ יוֹיךְ , זַאלְץ , גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע פֶּעפֶּער אוּנ עֶטְוַואס מוּשְׁקַאט בְּלוּמֶען , אוּנ מֶען לָאזְט דָאס צוּ זַאמֶמֶען קָאכֶען . צוּ לֶעצְט טוּשֶׁעט מֶען זֵייא אַיין , אוּם דֶער יוֹיךְ זָאל זַיין גַאנְץ קוּרְץ אוּנ זֶאמְמִיג (טוּמִיג) : וִוילְל מֶען זֵייא הָאבֶּען מִילְכִיגֶע , זָא קוּמְט אָנְשְׁטָאט דֶעם פְלֵיישׁ יוֹיךְ וַואסֶער , זַאלְץ אוּנ פּוּטֶער , אוּנ אָנְשְׁטָאט אַיין צוּ טוּשֶׁען פֶּערְמִישְׁט מֶען עֶטְלִיכֶע אֵייגֶעלְכְלֶעךְ . מֶען נֶעהמְט אַרָאבּ פוּן פַייעֶר אוּנ מֶען מִישְׁט נָאךְ פָּארְט אִין הֵייסֶען טָאפְּף .

## GERİCHTE VON GEGRÄUPE. גֶערִיכְטֶען פוּן גְרוֹיפֶּענְס . D.

## SLİRSBREI. הִירְזְקַאשֶׁע . № 303.

דִיא הִירְז וֶוערְט דְרַייא מָאל מִיט הֵייסֶען וַואסֶער אָבְּגֶעבְּרִיהט אוּנ יֶעדֶעס מָאל מִיט אַהֶעלְצֶערְנֶע לֶעפֶּעל דוּרְךְ גֶערִיבֶּען . נַאכְדֶעם מִיט קַאלְטֶעם וַואסֶער אָבְּגֶעוַואשֶׁען . מֶען שְׁטֶעלְט זֵייא צוּ מִיט פְלֵיישׁ יוֹיךְ , מֶען מִישְׁט אָפְט , בִּיז זִיא קְוֶועלְט אוֹיס צוּ אַשְׁטַייפֶע קַאשֶׁע . וֶוען מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ , גִיבְּט מֶען פֶּעט דַארוֹיף אוּנ בְּרוֹין גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע צְוִויבֶּעל , אָדֶער צוּקֶער מִיט צִימְרִינְג . מִילְכִיגֶע הִירְז שְׁטֶעלְט מֶען צוּ מִיט הַאלְבּ וַואסֶער , הַאלְבּ מִילְךְ אָדֶער נָאר אִין מִילךְ

מילך, עטוואס פוטער אונ זאלץ, אונ צו לעצט גיבט מען ברוינע פוטער מיט צוויבעל אדער צוקער אונ צימרינג דאריבער.

## № 304. גריעזקאשע (גריץ-קאססע) GRİESBREI.

דיזעס שמעקט אם בעסטען גאנץ אין מילך געקאכט, אשטיקעל פוטער אונ עטוואס זאלץ דארין. דיא מילך ווערט צו געשטעלט, אונ, ווען עס האלט אין קאכען, שיט מען דעם גריעז אריין לאנגזאם, אימער מישענדיג מיט אלעפעל, אדער מען פיהרט איהם פריער פאנאנדער מיט קאלטעם וואססער אונ מען גיבט איהם נאכדעם אריין אין דיא מילך אימער מישענדיג.

## № 305. רעצקע. GRÜTZE.

דיא רעצקע ווערט מיט קאלטעם וואסער פאנאנדער געפיהרט אונ נאכדעם אין קאכענדעם וואסער אוים געמישט. זיא מוז איין קאכען מיט זאלץ גערדיכט אונ ווייך; נאר זיא מוז אפט געמישט ווערען, אום זיא זאל ניט אנברענגען. אויבען קאמט צוויבעלן געפרעגעלט אין פעט אדער פוטטער. ווען עס קומט פוטטער, זא קען מען דיא גריטצע האלב אין מילך קאכען.

## № 306. רייזקאשע. DİCKER REİS

דער רייז ווערט גוט אבגעבריהט אונ אין קאלטעם וואסער אבגעוואשען; מען לאזט איהם אויסקוועללען אין הייסען וואסער מיט פיל פעט אונ זאלץ אדער אין פלייש יויך. ווען ער איז ווייך אונ געדיכט, דערלאנגט מען איהם צום טיש בעשטרייט מיט צוקער אונ צימרינג. נאר אלס מילכשפייזע, שטעלט מען איהם צו מיט מילך (אדער האלב מילך האלב וואסער), מיט עטוואס פוטטער אונ זאלץ, מען לאזט איהם דיק אויס קוועללען, אונ דא גיבט מען אויך צוקער אונ צימרינג פון אויבען. אויב מען וויל עס דעליקאטער האבען, זא צו לאזט מען פוטטער אונ מען בעגיסט דאמיט דעם רייז, אונ דאן קומט ערשט צוקער אונ צימרינג דאצו.
אשטיקעל וואנילע איינגעקאכט מאכט איהם זעהר שמאקהאפט.

## № 307. גרויפענקאשע. DİCKE GRAUPE.

רעכט שטארקע גרויפען שטעלט מען צו מיט פלייש יויך אדער מיט וואסער אונ פעט (אונ ווען מילכיגע — מיט האלב מילך, האלב וואסער, עטוואס זאלץ אונ פוטטער). מען לאזט זייא וויינינגסטען צווייא שטונדען קאכען, אינדעם מען מישט זיא אפט דורך מיט אהאלצערנע לעפעל, אונ עס דארף ניט שטעהען צו נאענט ביין פייער, אום עס זאל ניט אנברענען אונ איבער קאכען. איז דיא גרויפען גוט אויסגעקוואללען אונ גאנץ ווייך, זא איז זיא פארטיג אונ מען מאכט דער צו געפרעגעלטע צוויבעל דאריבער (צו פליישיגע — אין שמאלץ, (צו מילכיגע — אין פוטטער געפרעגעלט).

### GRAUPEN, ERBSEN UND BOHNEN MIT WURST.

### גְרוֹיפֶּען, אַרְבֶּעס אוּנ בָּאבְּ מִיט וואוּרְסְט. № 308.

מֶען גִיבְּט אִין טָאפְּף 1/4 פְּפוּנְט גְרוֹיפֶּען, 1/4 אַרְבֶּעס אוּנ בָּאב אָבְּגֶעשֵׁיילְטֶע, אַשְׁטִיק פֶּעטֶעס פֶּאקֶעלְפְלֵיישׁ אוּנ וואוּרְסְט, וֶועלְכֶע מֶען שְׁנַיידְט אַיין אַפָּאר מָאל. מֶען גִיסְט אַרוּף קָאלְטֶעס וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט עֶס קָאכֶען אוֹיף אַלִינְדֶען פַייעֶר בִּיז ווייךְ. דֶעם טָאפְּף מוּז מֶען אָפְט שָׁאקְלֶען, וַוייל עֶס זֶעטְצְט זִיךְ לַייכְט אָן אָן דֶעק. הָאט מֶען פְלֵיישׁ יוֹיךְ אָדֶער סוּיס צוּם אִיבֶּערְגִיסֶען, זָא גִיבְּט עֶס אַקְרֶעפְטִיגֶען גֶעשְׁמאק. וֶוען דָאס פָּאקֶעל-פְלֵיישׁ אִיז אַיינְגֶעקָאכְט, זָא מוּז מַאן פֶּערְזוּכֶען, וִויא פִיל זַאלְץ צוּ שִׁיטְעֶן.

## זֶעבְּסְטֶער אַבְּשְׁנִיטְט.

### VON DEN MEHLSPEİSEN. פוּן מֶעהל שְׁפַּייזֶען.

### MÜRBEN TEİG ZU MACHEN. מִירְבֶּען טֵייג צוּ מַאכֶען. № 309.

מֶען נֶעהְמְט אַהַאלְבּ פְּפוּנְד מֶעהל, זַאלְצְט עֶס אַיין וַויינִיג, גִיבְּט אַהַאלְבּ פְּפוּנְד גַאנְז פֶעט דַארִין. דִיזֶעס וֶוערְט מִיט דֶעם מֶעהל מִיט אַהָאלְצֶערְנֶען לֶעפֶּעל גַאנְץ גוּט הֶערְמִישְׁט אוּנ נִיט מִיט דֶער הַאנְד בֶּערִיהְרְט. מֶען גִיבְּט הִינְאַיין פִיר אַייעֶר גֶעלְבֶּלֶעךְ מִיט אַלֶעפֶּעל וַויין; דָאס מִישְׁט מֶען ווידֶער גוּט דוּרְךְ. דֶער טֵייג דַארְף נִיט פֶעסְט זַיין. מֶען וֶועלְגֶערְט אִיהם דְרַייא מָאל אוּיס זָא דִין, וִויא מֶעגְלִיךְ; בַּייא יֶעדֶעם מָאל וֶועלְגֶערְן לַייגְט מֶען אִיהם אִין פִיר טְהֵייל צוּ זַאמֶען, שְׁטוֹיבְּט גִיט אָן מֶעהר מֶעהל, וִויא פִיל הֶעכְסְט נֵייטִיג אִיז. דִיזֶען טֵייג קֶען מֶען בֶּענוּצֶען צוּ וָואס מֶען וִויל.

### MACARONİ. אִיטַאלְיַאנִישֶׁע לָאקְשֶׁען (אַטֵייגֶעבְּטְס). № 310.

דִיא מַאקַארָאנֶען קוֹיפְט מֶען פַארְטִיגֶע, אָדֶער מֶען מַאכְט לָאקְשֶׁען וִויא גֶעוֶועהְנְלִיךְ. מֶען קָאכְט זִייא אָבּ אִין זַאלְצְוַואסֶער אוּנ מֶען גִיסְט דֶעם יוֹיךְ אָבּ, דַאן בֶּעשְׁטְרֵייט מֶען אִין אַשִׁיסֶעל גֶערִיבֶּענֶע קֶאז, לֶעגְט דַארוֹיף אַלַאנֶע לָאקְשֶׁען אוּנ מֶען גִיסְט הֵייסֶען פוּטְטֶער דַארִיבֶּער; דַאן קוּמְט ווידֶער קֶאזֶע אוּנ אוֹיבֶּען לָאקְשֶׁען אוּנ פוּטְטֶער. דָאס טְהוּט מֶען אַזוֹיא לַאנְג, בִּיז דִיא בֶּלִי אִיז פוּל, אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען.

### MACARONİ MİT DİCKER SAHNE.

### לָאקְשֶׁען מִיט שְׁמַאנְט (אַטֵייגֶעבְּטְס). № 311.

מֶען קָאכְט אָבּ אִין הֵייסֶען וַואסֶער אַפוּנְט מַאקַארָאנֶען (אָדֶער לָאקְשֶׁען) אוּנ מֶען לָאזְט אָבְּרִינֶען דָאס וַואסֶער. מֶען פֶערְמִישְׁט מִיט 3—4 גְלֶאזֶער זוֹיעֶרֶע שְׁמֶעטֶענֶע, מֶען וַוארְפְט זִייא אִין אַשִׁיסִיל, וָואס אִיז אוּיס גֶעשְׁמִירְט מִיט פוּטְטֶער אוּנ בֶּעשְׁטְרֵייט

מִיט

מיט געשטויסענע צוויבאק; אויבען בעשטרייט מען מיט געברעקעלטען קאז אונ מען לאזט איינבאקען.

### № 312. לאקשען מיט פלייש (אטייגעכטס) MACARONI MIT FLEISCH.

מען קאכט אב אין קאכענדען וואסער אפונט מאקאראנען (אדער לאקשען) אונ מען גיסט אב דאס וואסער. מען שניידט אין קליינע שטיקלעך אפונט געקאכטעס פלייש, מען פערמישט עס מיט פעט, שמירט אויס דיא שיסעל מיט שמאלץ אונ אויבען לייגט מען אפאך (אלאגע) לאקשען אונ דארויף דיא שטיקלעך פלייש מיט צוברעקעלטע אייער געקאכטע, אויבען ווידער אפאך לאקשען אונ דארויף ווידער דאס פלייש מיט דיא אייער, ביז צו לעצט. אונ דאן שטעללט מען אין אויבען.

### № 313. לאקשענטייגעכטס מיט שוואמלעך. MACARONI MIT PILZ.

דיא אבגעקאכטע מאקאראנען (אדער לאקשען) גיסט מען אב מיט קאלטעס וואסער. מען קאכט ווידער אב 1 1/2 צעהענדליג בעראוויקעס אונ מען צו שניידט זייא. דאן פרעגעלט מען איין אלעפעל מעהל אין פוטער, פיהרט פאנאנדער מיט דעם יויך פון דיא שוואמלעך אונ מיט שמעטענע, גיבט זאלץ, טהוט אריין דיא געשניטענע שוואמלעך אונ מען לאזט אויפזידען. ווען דיא סוס איז געדיכטלעך אונ קלייקע, שלאגט מען אריין 2—3 געלבלעך רויע, פערמישט מיט דיא לאקשען. אונ מען לייגט זייא אויף אמעטאלענע שיסעל, וואס איז אויס געשמירט מיט פוטער, אונ מען שטעלט דאס אויף אפערטיל שעה אין אויבען.

### № 314. איינע אנדערע ארט לאקשענטייגעכטס.

מען מאכט לאקשען וויא געוואהנליך, מען קאכט זייא אב אין הייסען וואסער, פערגיסט מיט קאלטעם וואסער אונ מען ווארפט זייא אב אין אזיפ. דאן ווארעמט מען אן אלעפעל פוטער, פערמישט מיט דיא לאקשען, שיט אריין עטוואס צוקער, גענגעלעך, אויס געטריקנטע ראזינקעס אונ עטוואס זאלץ. דאס אלץ מישט מען גוט דורך אונ מען לייגט אין אצארלע, וואס איז אויס געשמירט מיט פוטער, אונ מען שטעלט אין אהייסען אויבען אויף אשטונדע צייט. ווען מען וויל, שלאגט מען אריין אין דיא לאקשען עטליכע אייער, אונ אויך עטליכע צו שניטענע וויינינע עפעל.

### № 315. אלאקשענטייגעכטס אויף מילך.

מען קאכט אויף זעכס גלאזער מילך מיט אלעפעל צוקער אונ אלעפעל פוטער, מען גיבט הינאיין דיא לאקשען אונ מען קאכט זייא אב שיטטער. דאן נעהמט מען עס אראב פון פייער, לאזט אבקיהלען, שלאגט אריין אכט געלבלעך, גיבט אריין עטליכע אויס געוואשענע טרוקענע ראזינקעס, אויך נעגעלעך אונ ווייסעל צו שלאגענע אין שוים. מען מישט דאס אלץ בעהיטזאם דורך, לייגט אין

אפורעם

אַפוּרֶעם (אַצָארְלֶע), וָואס אִיז אוּיס גֶעשְׁמִירְט מִיט פּוּטְטֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוּיבֶען אוּיף אַשְׁטוּנְדֶע צַייט׃

### BREİTE NUDELN. בְּרֵייטֶע לָאקְשֶׁען. № 316.

מֶען וֶועלְגֶערְט אוּיס דָאס בְּלַאט לָאקְשֶׁען דִין, צוּ שְׁנַיידְט עֶס אִין בְּרֵייטֶע שְׁטְרֵייפֶען. דַאן שְׁטֶעלְט מֶען צוּ וַואסֶער אוּנ וִויא דִיזֶעס נֶעהמְט קָאכֶען, וַוארְפְט מֶען דִיא לָאקְשֶׁען הִינְאַיין אוּנ לָאזְט זֵייא אוּיפְקָאכֶען, בִּיז זֵייא קוּמֶען אַרוּיף פוּן אוּיבֶען. נַאכְדֶעם נֶעהמְט מֶען זֵייא אַרוּיס אוּיף גִיךְ אוּיף אַדוּרְכְשְׁלַאג אוּנ מֶען גִיסְט זֵייא אָב מִיט קַאלְטֶעם וַואסֶער יֶעצְט קָאכְט מֶען זֵייא אוּיס אָדֶער אִין פְּלֵייש יוּיךְ אָדֶער אִין מִילְךְ, בֶּעשְׁטְרֵייט זֵייא מִיט צוּקֶער אוּנ צִימְרִינְג, אָדֶער מֶען גִיבְט אוּיבֶען פֶעט מִיט גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע צְווִיבֶּעלְן, אָדֶער פּוּטֶער, — עֶס וֶוענְדֶעט זִיךְ אוּיבּ דָאס אִיז מִילְכִיג אָדֶער פְּלֵיישִׁיג.

אנמערקונג. דִיא אַלֶּע אוּיבֶען גֶעזָאגְטֶע טֵייגֶעכְטְסֶען וֶוערֶען גֶעוֶואהְנְלִיךְ גֶעמַאכְט פוּן בְּרֵייטֶע לָאקְשֶׁען, אוּיךְ פוּן פַארְפֶעל. פַארְפֶעל וֶוערְט גֶעמַאכְט פוּן אַטֵייג אוּיף אֵייעֶר אָבֶּער הַארְטֶער וִויא אוּיף לָאקְשֶׁען.

### QUARKKRÄPPEL. קֶאז קְרֶעפְּלֶעךְ. № 317.

מֶען וֶועלְגֶערְט אוּיס אַבְּלַאט לָאקְשֶׁען וִויא גֶעוֶואהְנְלִיךְ צוּ שְׁנַיידְט עֶס אִין אִין פִירְעֶקִיגֶע שְׁטִיקֶער. דֶער צוּ מַאכְט מֶען אַנְגֶעפִילְלֶעכְטְס פוּן פְרִישֶׁען קֶאז, אָדֶער צְוָוארַאךְ (טְוַוארָאג), מִיט עֶטְוָואס זַאלְץ, קְלֵיינֶע רָאזִינְקֶעס, גֶעשְׁטוֹסֶענֶע זִיסֶע מַאנְדְלֶען, אוּיךְ בּוּטְטֶער, עֶטְוָואס צוּקֶער אָנְגֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִינֶענְשָׁאלֶעכְטְס גֶעשְׁטוֹסֶענֶע צִימְרִינְג אוּנ אֵייעֶר גֶעקָאכְטֶע. דֶער פוּן לֵייגְט מֶען אוּיף יֶעדֶעם שְׁטִיק פוּן דֶעם לָאקְשֶׁענְבְּלַאט, מֶען לֵייגְט יֶעדֶעס צוּ זַאמֶען דְרֵייא עֶקִיג אוּנ מֶען דְרִיקְט אוּיף דִיא רַאנְדֶען צוּ. יֶעצְט וֶוערֶען זֵייא אָבְּגֶעקָאכְט אִין זַאלְץ וַואסֶער, דָאס וַואסֶער נַאכְדֶעם אָבְּגֶעגָאסֶען אוּנ מֶען גִיבְט דַארוּיף בְּרוֹינֶע פּוּטֶער.

פְלֵיישִׁיגֶע קְרֶאפְּלֶעךְ וֶוערֶען אָנְגֶעפִילְט מִיט גֶעהַאקְטֶעם פְלֵייש מִיט צְווִיבֶּעל, פֶּעפֶער, גֶעוֵוייקְטֶע זֶעמֶעל אוּיס גֶעדְרִיקְטֶע אוּנ אֵיי וַוייסֶעל.

### NUDELPEİSE MİT WANİLLE. לָאקְשֶׁענְטֵייגֶעכְטְס מִיט וַואנִילֶע. № 318.

מֶען קָאכְט דִיא לָאקְשֶׁען אִין שְׁמַאנְט מִיט צוּקֶער אוּנ וַואנִילְלֶע גֶעדִיכְט. וֶוען זֵייא זַיינֶען אָב גֶעקִיהלְט, פִיהְרְט מֶען זֵייא פַאנַאנְדֶער מִיט פּוּטֶער, פִינְף גֶעלְכְלֶעךְ רוֹיעֶ אוּנ מִיט דֶעם שְׁנֵיי פוּן דְרֵייא אֵיי וַוייסְלֶעךְ. דִיא פוּרֶעם (צָארְלֶע) לֵייגְט מֶען אוּיס מִיט אַבְּלַאט פוּן מִירְבֶּען טֵייג אָדֶער מֶען שְׁטְרֵייט זֵייא אַזוֹי אוּיס מִיט צוּקֶער, מֶען גִיבְּט דַארוּיף דִיא מַאסְסֶע לָאקְשֶׁען אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוּיבֶען.

### ZWİEBACKSPEİSE. אַנְגֶערִיכְט פוּן סוּכַארֶעס. № 319.

מֶען שְׁמִירְט אוּיס אַפוּרֶעם (אַצָארְלֶע) דִיק מִיט פּוּטֶער, לֵייגְט אַפַּאךְ גַאנְצֶע

צוויבאק

צוויבאק הינאיין, אויבען שטיקער פוטער, עטוואס צוקער אונ ציםרינג, אויך אנגעריבענע צוטרינשאלעכטס אונ קארינטהען; יעצט קומט ווידער אפאך מיט צוויבאק אונ אויבען ווידער דיא פוטער, צוקער אונ ציםרינג; אונ אזוי ווייטער ביז דיא צארלע איז פול. יעצט שלאגט מען אריין עטליכע אייער אונ מען גיבט צו מילך אזו פיל, אז דיא צוויבאקע זאלען זיך פיל אנטרינקען, אונ מען שטעלט אין אויבען.

הייסערהייט ווערט עס נאך בעשטרייט מיט צוקער אונ ציםרינג, אויך מיט ראזענוואסער בעשפריצט.

## № 320. אהלה טייגעכטס. SEMELSPEISE.

דיא זעממלען (בולקעס) ווערען אין וואסער געווייקט אונ פעסט אויס געדריקט. דערראונטער שלאגט מען אריין זעכס אייער (אויף פינף קאפייקען בולקע). מען גיבט צו קארינטהען, עטליכע געשטויסענע מאנדלען, צוקער, ציםרינג, צוטרינשאלעכטס אונ זאפט. דאס אללעס ווערט גוט פערמישט אונ מען גיבט אין אפורעם (אצארלע), וואס איז אויס געשמירט מיט פעט אדער פוטער. מאכט מען עס מילכיג, זא ווייקט זיך דיא בולקע אין מילך. דאצו גיבט מען אנוואניליענסוים פון מילך, אונ צו אפליישיגען אייגע פרוכטסוים (זעה אין סוסען). פין № 68—91

## № 321. אגעריכט פון שווארצברויט SCHWARZBROD-MEHLSPEISE.

אהאלב פפונד שווארצברויט ווערט אין אהאלבע קווארט שמאנט אדער מילך געווייקט אונ אויפען פייער פערמישט, אונ מען גיסט ארויף אפערטיל פונד צו לאזענע פוטער. ווען דיזע ברויט קאשע ווערט אין אשיסעל עטוואס אבגעקיהלט, גיבט מען צו אכט אייגעלכעל רויע, צוקער, אביסיל צוטרינשאלעכטס, ציםרינג, נעגעלעך אונ זאלץ. דאן שלאגט מען אויף אשוים פון אכט איי ווייסעל אונ מען גיבט הינאיין. דיא מאססע ווערט געגעבען אין אפורעם (אצארלע), וואס איז אויס געשמירט מיט פוטער אונ בעשטרייט מיט זעממעל, אונ מען לאזט עס קאכען 1½ שטונדען אין אטאפף וואסער.

## № 322. איינע אנדערע ארט ברויט געריכט.

מען צו רייבט אין אטאפף צוויא גלאזער געברעקעלטע שיטנע ברויט מיט אהאלבע גלאז צו לאזענע פוטער. דער צו גיבט מען אריין 7—8 אייגעלכלעך רויע, 2 לעפעל צוקער, עטוואס לימאנזאפט, אדער אפעלסינזאפט. אז דאס אלץ ווערט צו ריבען ביז וויים, גיסט מען אריין אין דער מאסע 4 גלאזער שמעטענע. דער ווייזע שלאגט מען אן אשוים פון איי ווייסעל, מישט דאס פאנאנדער לאנגזאם מיט דער מאסע אונ מען גיבט דאס אלץ אריין אין אצארלע, וואס איז אויס געשמירט מיט פוטער אונ צו שטויסענע צוויבאק, אונ מען שטעלט עס אין אויבען.

איינע

**ZWIEBACKSPEISE. אֵיינֶע אַנְדֶער גֶערִיכְט פוּן סוּכַארֶעס. № 323.**

מֶען צוּ שְׁלָאגְט 10 גֶעלְכְלֶעךְ מִיט 2 לֶעפֶעל צוּקֶער; דַאצוּ גֶעהמְט מֶען $1\frac{1}{2}$ גְלָאזֶער צוּ בְּרֶעקְעלְטֶע צְוִויבַּאק, 8 לֶעפֶעל שְׁמֶעטֶענֶע אוּנ 20 קֶערְנֶער צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע בִּיטֶערֶע מַאנְדְלֶען. דָאס מִישְׁט מֶען גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען לָאזְט דִיא מַאסֶע זִיךְ אוֹיפְקְוֶועלֶען. דַאן צוּ שְׁלָאגְט מֶען אִין שׁוּים דִיא גֶעבְּלִיבֶּענֶע וַוייסֶער פוּן דִיא אֵייֶער, מֶען פֶערְמִישְׁט מִיט דֶער מַאסֶע, גִיבְּט אִין דִיא פוֹרֶעם (צָארְלֶע) אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען.

**MEHLSPEISE MIT SCHMANT. מֶעהלְשְׁפַּייזֶע מִיט שְׁמַאנְט. № 324.**

מֶען לָאזְט אוֹיפְקָאכֶען $1\frac{1}{2}$ גְלָאזֶער וַואסֶער מִיט אַגְלָאז פוּטֶער, שִׁיט אַרַיין אִין דָאס וַואסֶער $1\frac{1}{2}$ גְלָאזֶער מֶעהל, גִיסְט צוּ $\frac{1}{2}$ גְלָאז שְׁמַאנְט אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס דוּרְךְ. מֶען שְׁטֶעלְט דָאס אָבְּקִיהלֶען. נַאכְדֶעם גִיבְּט מֶען אַרַיין דַאהִין זִיבֶּען גֶעלְכְלֶעךְ רוֹיֶע, אֵיינְצִיגְוַוייס, אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס אַלֶעס דוּרְךְ לַאנְגְזַאם מִיט דִיא וַוייסֶעל, וָואס מֶען הָאט צוּ שְׁלָאגֶען אִין שׁוּים. מֶען גִיבְּט דָאס אִין אַקָאסְטְרוּלֶע, וָואס אִיז גֶעשְׁמִירְט מִיט פוּטֶער, בֶּעשְׁטְרַייט מִיט זֶעמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ, אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען.

**MEHLSPEISE MIT SAUEREM SCHMANT.**

**מֶעהלְשְׁפַּייזֶע מִיט שְׁמֶעטֶענֶע. № 325.**

מֶען גִיסְט בִּיסְלֶעךְ וַוייס שְׁמֶעטֶענֶע אוֹיף צְוַוייא לֶעפֶעל קְרוּפְּצַאטְקֶע מֶעהל, אִינְדֶעם מֶען רַייבְּט דָאס אִימְמֶער, אוּם עֶס זָאל קֵיין קָאמֶעס נִיט זַיין, נַאכְדֶעם גִיסְט מֶען אַרוֹיף דִיא אִיבְּרִיגֶע שְׁמֶעטֶענֶע, בִּיז פִיר גְלָאזֶער, מֶען שִׁיט צוּ צְוַוייא לֶעפֶעל צוּקֶער, אֵיין לֶעפֶעל אַגְרֶעסֶענְסָאק, אָדֶער לִימָאנְזַאפְט, אוֹיךְ צוּ בְּרֶעקְעלְטֶע שָׁאלֶעכְטֶס פוּן לִימָאן, — אוּנ דָאס מִישְׁט מֶען אַלֶץ דוּרְךְ. דַאן צוּ שְׁלָאגְט מֶען אִין אַבֶּעזוּנְדֶער בֵּלִי 10 אֵייעֶר, שְׁמִירְט אוּיס דִיא קָאסְטְרוּלֶע מִיט פוּטֶער אוּנ מֶען שִׁיט דַארִין צוּ בְּרֶעקְעלְטֶע וַוייס בְּרוֹיט. מֶען גִיסְט אַרַיין בִּיסְלֶעךְ וַוייס דִיא צוּ שְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר אִין דִיא שְׁמֶעטֶענֶע, מִישְׁט גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען גִיבְּט דָאס אַלֶץ אִין דִיא קָאסְטְרוּלֶע, פֶערְמִישְׁט מִיט דִיא זֶעמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען.

## B. קְנֵיידְלֶעךְ.

**KARTOFFELKLÖSSE. קְנֵיידְלֶעךְ פוּן קַארְטָאפֶעלְן. № 326.**

אַטָאג פַאר דֶעם וֶוערֶען דִיא קַארְטָאפֶעלְן אָבְּגֶעקָאכְט. וֶוען מֶען מַאכְט דִיא קְנֵיידְלֶעךְ, שֵׁיילְט מֶען זֵייא אָב, צֶערְרַייבְּט זֵייא, מֶען בְּרָאט אַיין בְּרֶעקְלֶעךְ זֶעמְמֶעל אִין פוּטֶער צוּ אִין שְׁמַאלְץ (עֶס וֶוענְדְט זִיךְ, אוֹיב דָאס אִיז אִין מִילְכִיגֶען אָדֶער אִין פְלֵיישִׁיגֶען), מֶען מִישְׁט עֶס אַרַיין מִיט אַבִּיסְל זַאלְץ אוּנ אֵייעֶר רוֹיֶע אוּנ מֶען

קנעטעט

קְנֶעטֶעט דָאס אַיין מִיט מֶעהל אַזוֹא פִיל , אַז דֶער טֵייג זָאל זִיךְ נִיט קְלֶעפֶּען אוּנ מֶען מַאכְט דֶער פוּן קְנֵיידְלֶעךְ . דֶער וַויילֶע שְׁטֶעלְלְט מֶען צוּ אַקאסְטְרוֹלֶע מִיט וַואסֶער אוּנ עֶטְוָואס זַאלְץ , אוּנ וִויא דָאס וַואסֶער נֶעהמְט קָאכֶען , טְהוּט מֶען אַרַיין דִיא קְנֵיידְלֶעךְ נִיט זֶעהר גֶעדִיכְט . וִויא זַייא קוּמֶען אַרוֹיף פוּן אוֹיבֶען , זָא נֶעהמְט מֶען אֵיינֶע אַרוֹיס , רַייסְט זִיא אוֹיף מִיט אַגָאפֶּעל אוּנ אוֹיבּ זִיא אִיז אִינְוֵויינִיג טְרוּקֶען , זָא אִיז זִיא פֶערְטִיג . דַארוֹיף קֶען מֶען גֶעבֶּען פֶּעטְ'ס (אָדֶער פּוּטֶער) מִיט גֶעפְרֶעגֶלְטֶע צְוִויבֶּעלְן .

## GEBACKENE KARTOFFELKLÖSSE.

## № 327. גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע קְנֵיידְלֶעךְ פוּן קַארְטָאפֶּעלְן .

אוֹיף אַטֶעלְלֶער גֶערִיבֶּענֶע קַארְטָאפֶּעלְן נֶעהמְט מֶען צְוֵוייא עֶסְלֶעפֶּעל מֶעהל , צְוֵוייא אֵייֶער רוֹיעֶ , זַאלְץ , אַיין וֵוייניג וַואסֶער . מֶען מִישְׁט דָאס אַלְץ דוּרְךְ , מַאכְט דֶער פוּן קְלֵיינֶע קְנֵיידְלֶעךְ אוּנ מֶען פְּרֶעגֶלְט זַייא אִין קָאכֶענְדֶעם פֶּעט בִּיז גֶעלְבְּבְּרוֹין .

## BÄRMEKLÖSSE. קְנֵיידְלֶעךְ אוֹיף הֵייבֶען . № 328.

מֶען מַאכְט אַוֵוייכֶען טֵייג פוּן מֶעהל , וַואסֶער , עֶטְוָואס זַאלְץ אוּנ הֵייבֶען ; מֶען מַאכְט דֶער פוּן רוּנְדֶע קְנֵיידְלֶעךְ אוּנ מֶען לֵייגְט זַייא אוֹיף אַבְּרֶעט , וָואס אִיז בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט מֶעהל ; זַייא מוּזֶען בְּלַייבֶען לִיגֶען , בִּיז זַייא וֶוערֶען אוֹיף גֶענַאנְגֶען . דַאן וֶוערֶען זַייא גֶעקָאכְט , וִויא דִיא קַארְטָאפֶעל קְנֵיידְלֶעךְ . וֶוען זַייא זַיינֶען פֶערְטִיג , נֶעהמְט מֶען יֶעדֶע קְנֵיידֶעל פוּן וַואסֶער אַרוֹיס , רַייסְט פַאנַאנְדֶער מִיט צְוֵוייא גָאפֶּלֶען אוּנ מֶען גִיסְט אַרַיין בְּרוֹין גֶעמַאכְטֶע פּוּטֶער . וֶוען זַייא זַיינֶען אַלֶע אַזוֹא צוּ גֶערִיכְטֶעט , גִיסְט מֶען אוֹיבֶען אַרוֹיף דִיא גֶעבְּלִיבֶּענֶע פּוּטֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט אִין אוֹיבֶען צוּ פְּרֶעגְלֶען .

## SEMMELKLÖSSE. קְנֵיידְלֶעךְ פוּן זֶעמְמֶעל . № 329.

פִיר קְלֵיינֶע בּוּלְקֶעס וֶוערֶען אִין וַואסֶער גֶעוֵוייכְט אוּנ טְרוּקֶען אוֹיס גֶעדְרִיקְט ; דֶער צוּ קוּמְט אוֹיךְ פִיר בּוּלְקֶעס צוּרִיבֶּענֶע . מֶען מִישְׁט זַייא דוּרְךְ אִין אַשִׁיסֶעל מִיט פִיר גַאנְצֶע אֵייֶער , אַיין עֶסְלֶעפֶּעל פּוּטֶער , זִיבֶּען זִיסֶע מַאנְדְלֶען , צוּקֶער אוּנ אַבִּיסְל אָנְגֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִין . וֶוען דִיא מַאסְסֶע אִיז גוּט דוּרְךְ גֶעמִישְׁט , מַאכְט מֶען דֶער פוּן קְנֵיידְלֶעךְ , וֶועלְכֶע מֶען קָאכְט אִין שְׁוַואכֶען זַאלְצְוַואסֶער .

## MEHLKLÖSSE. מֶעהל קְנֵיידְלֶעךְ . № 330.

מֶען פֶערְמִישְׁט מֶעהל מִיט פִיל פֶּעט , גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע זֶעמְמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ , עֶטְוָואס זַאלְץ , עֶטְלִיכֶע אֵייֶער רוֹיעֶ , אוּנ וַואסֶער אַזוֹא פִיל , אַז עֶס זָאל זִיךְ לָאזֶען לַייכְט אָבְּשְׁטֶעכֶען מִיטְן לֶעפֶּעל . דַאן וֶוערֶען זַייא וִויא אַלֶע קְנֵיידְלֶעךְ אִין וַואסֶער אָבְּגֶעקָאכְט אוּנ מֶען גִיבְּט דַארוֹיף אַיינְגֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע צְוִויבֶּעלְן .

## № 331. גְרויסֶע זויעֶרֶע קְנֵיידְלֶעךְ. GROSSE SAUERE KLÖSSE.

מֶען צֶערְשְׁנַיידְט זֶעמְמֶל אִין שְׁטִיקְלֶעךְ, פְרֶעגֶלְט זֵייא אִין פּוּטֶער אָדֶער אִין פֶעט בְּרוין, שִׁיטֶעט זֵייא אִין אַשִׁיסֶעל, גִיסְט אַרוֹיף יוֹיךְ (פְלֵיישִׁיגֶע אָדֶער מִילְכִיגֶע), גִיבְט צוּ גֶערִיבֶּענֶע זֶעמְמֶעל, אֵייעֶר רוֹיעֶ אוּנ זַאלְץ (אוֹיף 2 אֵייעֶר — 2 קָאפֶּייקֶען בּוּלְקֶע) אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס אַלְץ דוּרְךְ מִיט מֶעהל, אַז מֶען זָאל קֶענֶען מַאכֶען דֶער פוּן קְנֵיידְלֶעךְ. דַאן וֶוערֶען זֵייא אִין וַויים בִּיער אָדֶער אִין שְׁוַואכֶען עֶסִיג פֶערְטִיג גֶעקָאכְט.

## № 332. זִיסֶע קְנֵיידְלֶעךְ. SÜSSE KLÖSSE.

דִיזֶע וֶוערֶען גֶעמַאכְט אַזוֹא וִויא אִין פָארִיגֶען נוּמְמֶער; נָאר צוּ דִיזֶע וֶוערְט אַרַיין גֶעטָאן עֶטְוָואס צֶערְרִיבֶּענֶע טְהִימְיָאן אוּנ צוּקְקֶער, אוּנ זֵייא וֶוערֶען גֶעקָאכְט אִין פְלֵייש יוֹיךְ.

## № 333. קְנֵיידְלֶעךְ פוּן קְרוֹיט. KOELKLÖSSE.

מֶען רַייסְט אַרָאבּ דִיא קְרוֹיטְבְּלֶאטֶער פוּן דִיא קַאצַאנֶעס, וַואשְׁט זֵייא, צוּ הַאקְט זֵייא, אוּנ מֶען פְּרֶעגֶלְט זֵייא אִין פּוּטֶער אָדֶער אִין פֶעט (מִילְכִיגֶע אָדֶער פְלֵיישִׁיג), — אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא טוּשֶׁען בִּיז וֵייךְ. בְּשַׁעַת דִיזֶעס קִיהלְט זִיךְ אָבּ, פֶערְמִישְׁט מֶען עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר רוֹיעֶ מִיט פּוּטֶער אָדֶער פֶעט, זֶעמְמֶער בְּרֶעקְלֶעךְ, עֶטְוָואס מֶעהל, מוּשְׁקַאט בְּלוּמֶען, צוּקֶער אוּנ אַיין וֵיינִיג זַאלְץ. דַאן גִיבְּט מֶען אַרַיין דִיא קְרוֹיט אוּנ מֶען מַאכְט דֶער פוּן קְנֵיידְלֶעךְ, וֶועלְכֶע מֶען קָאכְט אִין פְלֵייש־יוֹיךְ אָדֶער אִין וַואסֶער מִיט זַאלְץ. אוֹיבּ זֵייא זַיינֶען אִין פְלֵיישִׁיגֶען, מַאכְט מֶען דֶערְצוּ אַסוֹיס פוּן פְלֵיישְׁיוֹיךְ, אִין וֶועלְכֶען עֶס קוּמְט אַרַיין אַבִּיסְל מוּסְקַאטְבְּלוּמֶען, אַיין וֶוענִיג צוּקֶער אוּנ אַבִּיסְל זֶעמְמֶעלְבְּרֶעקְלֶעךְ, אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען מִיט אַיין אֵייגֶעלְכֶעל. צוּ מִילְכִיגֶע גִיסְט מֶען אַרוֹיף בְּרוין גֶעמַאכְטֶע פּוּטֶער.

## № 334. קְנֵיידְלֶעךְ פוּן לֶעבֶּער. LEBERKLÖSSE.

אוֹיף אַפוּנְד אָנְגֶערִיבֶּענֶע קַאלְבְּסְלֶעבֶּער נֶעהמְט מֶען $^3/_4$ פְּפוּנְד רוֹיעֶס פֶעט, וֶועלְכֶעס וֶוערְט גֶעשְׁנִיטֶען, אוֹיסְגֶעבְּרָאטֶען אוּנ צוּקְלַאפְּפְּט, בִּיז עֶס וֶוערְט פְלוּימִיג. יֶעטְצְט פֶערְמִישְׁט מֶען לֶעבֶּער אִין פֶעט מִיט 12 לוֹיט גֶעוֵוייקְטֶע אוּנ אוֹיס גֶעדְרִיקְטֶע וַוייסְבְּרוֹיט, 3 גַאנְצֶע אֵייעֶר רוֹיעֶ אוּנ 3 גֶעלְכְלֶעךְ גֶעקָאכְטֶע, צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע צְוִויבֶּעלְן, גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע, עֶטְוָואס מַאיָארַאן אוּנ זַאלְץ; מֶען קְנֶעטֶעט אַרַיין אַזוֹא פִיל מֶעהל, בִּיז עֶס לָאזְט זִיךְ מַאכֶען דֶער פוּן וֵייכֶע קְנֵיידְלֶעךְ, וֶועלְכֶע מֶען קָאכְט אִין גֶעזַאלְצֶענֶעם וַואסֶער. נָאכְדֶעם נֶעהמְט מֶען זֵייא אַרוֹיס אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט זֵייא מִיט פֶעט אוּנ בְּרוין גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע צְוִויבֶּעלְן.

## № 335. קְנֵיידְלֶעךְ פוּן צְוָוארֶעךְ. KÄSEKLÖSSE.

מֶען מִישְׁט דוּרְךְ צְוָוארֶעךְ מִיט פּוּטֶער, עֶטְוָואס זַאלְץ, עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר

רויע

רוֹיֶע , צוּקֶער , קְלֵיינֶע רָאזִינְקֶעס , גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע זֶעמְמֶעל אָדֶער מֶעהל ; מֶען מַאכְט דֶער פוּן אַלֵייזֶען טֵייג אוּנ דֶער פוּן מַאכְט מֶען קְנֵיידְלֶעךְ . דִיזֶע וֶוערֶען אִין עֶטְוָואס גֶעזַאלְצֶענֶעם וַואסֶער גֶעקָאכְט , אוּנ מֶען גִיסְט דַארוֹיף אַיוֹיךְ פוּן פוּטֶער אָדֶער אַזוֹא צוּ לָאזֶענֶע פוּטֶער .

אוֹיף 5 קָאפֶּיקֶען צְוָואַרַאךְ קוּמְט אוּנְגֶעפֶאהר 1 אֵיי , 1 לוֹיט פוּטֶער , 1 לוֹיט צוּקֶער .

## № 336. קְנֵיידְלֶעךְ פוּן עֶפֶּעל . APFELKLÖSSE.

אַ פֶערְטֶעל שְׁטָאף עֶפְּל שֵׁילְט מֶען אוּנ מֶען צוּשְׁנַיידְט אִין קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ . מֶען פֶערְמִישְׁט עֶס מִיט אַטַאסְסֶע מִילְךְ (אוֹיב עֶס אִיז אִין מִילְכִיגֶען) אָדֶער וַויין , 1 לוֹיט גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע זִיסֶע מַאנְדְלֶען (דַארְאוּנְטֶער 2 שְׁטִיק בִּיטֶער) , 4 אֵייֶער רוֹיֶע , עֶטְלִיכֶע שְׁטִיקְלֶעךְ צוּטְרִין , עֶטְוָואס זַאלְץ , $1/8$ פוּנְד צוּקֶער אוּנ $1/4$ שְׁטָאף מֶעהל . מֶען מַאכְט דֶער פוּן אַטֵייג , שְׁטֶעכְט דֶער פוּן אָב מִיט אַנַאסֶען לֶעפְל קְנֵיידְלֶעךְ אוּנ מֶען גִיבְט זֵייא אִין קָאכֶענְדֶעם וַואסֶער , וואוּ זֵייא דַארְפֶען זִיךְ קָאכֶען , בִּיז זֵייא וֶוערֶען אִינְוֵויינִיג טְרוּקֶען ; דָאס זֶעהט מֶען אוֹיפְבְּרֵייסֶענְדִיג אֵיינֶע מִיט אַגָאפֶּעל . דִיא קְנֵיידְלֶעךְ זַיינֶען דַאן פֶערְטִיג , וֶוען זֵייא שְׁווִימֶען אַרוֹיף פוּן אוֹיבֶען אוּנ הָאבֶען זִיךְ אַקֵייקֶעל גֶעטָאן אִין דֶעם יוֹיךְ .

## C. גֶעמִישְׁטֶע מֶעהל שְׁפַּייזֶען .

## № 337. אַיין עֶפְּל טֵייגֶעכְטְס . MEHLSPEİS MİT AEPFELN.

מֶען נֶעהמְט 15 קְלֵיינֶע אָדֶער 8 גְרוֹיסֶע , הַארְטֶע , גִיט זִיסֶע עֶפֶּעל , שֵׁילְט זֵייא אָב אוּנ צוּשְׁנַיידְט זֵייא זֶעהר דִין , אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא מִיט צוּקֶער עֶטְוָואס טוּשֶׁען , אַז זֵייא זָאלֶען וֶוערֶען עֶטְוָואס וַוייךְ . דַאן צוּ שְׁטוֹיסְט מֶען אוּנ מֶען לָאזְט אִין הֵייסֶען וַואסֶער אוֹיפְשְׁוָועלְלֶען אֵיין $1/8$ פוּנְד מַאנְדְלֶען אוּנ אַפֶערְטְל פוּנְד צוּקֶער ; אֵיין $1/8$ פוּנְד צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס וֶוערְט קְלֵיין צוּשְׁנִיטֶען , אוֹיךְ אַהַאלְבֶּע זֶעמְמֶעל אִין בְּרֶעקְלֶעךְ צֶערְרִיבֶּען . דָאס מִישְׁט מֶען אַלֶּעס דוּרְךְ מִיט אֵייעֶרְגֶעלְבֶּעל , מֶען שְׁלָאגְט אוֹיף פוּן פִיר אֵייעֶר אַפֶּעסְטֶען שְׁנֵייא אוּנ מִישְׁט עֶס אַרַיין . דַאן שְׁמִירְט מֶען אוֹיס אַקַאסְטְרוֹלֶע מִיט פֶעט , בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט דִינֶע זֶעמְמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ , גִיבְּט אַרַיין דִיא דוּרְכְגֶעמִישְׁטֶע מַאסֶע , שְׁטֶעלְלְט אִין אוֹיבֶען אוֹיף דְרַייא פֶערְטְל שָׁעָה . נָאכְדֶעם גִיבְּט מֶען עֶס אִין אַשִׁיסֶעל צוּם טִישׁ בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּקֶער .

## № 338. לָאקְשֶׁען פוּן קַארְטָאפֶעלְן . KARTOFFELNUDELN.

מֶען קָאכְט אָב גֶעשֵׁיילְטֶע קַארְטָאפֶעלְן אוּנ מֶען רַייבְּט זֵייא דוּרְךְ אַזִיפּ בִּיז $1\,1/2$ שְׁטָאף ; מֶען מִישְׁט עֶס דוּרְךְ מִיט $4/5$ שְׁטָאף מֶעהל אוּנ מֶען קְנֶעטֶעט דֶער פוּן אַטֵייג מִיט צְוֵוייא אֵייעֶר אוּנ עֶטְוָואס זַאלְץ . פוּן דֶעם טֵייג מַאכְט מֶען אַבְּלַאט לָאקְשֶׁען אוּנ מֶען צוּבְּרֶעקֶעלְט עֶס . דִיזֶע קָאכְט מֶען אָב אִין קָאכֶענְדֶעם זַאלְצְ-

וואסער, אינדעם מען טוקט זייא אפט ארונטער, ווען זייא שווימען ארויף. דאן זייט מען זייא אב אונ מען ווארפט זייא אריין אין פרישעס וואסער; מען זייט זייא גלייך ווידער אב אונ מען ווארפט זייא אריין אין געפרעגעלטע זעממעל־ברעקלעך אונ מען לאזט זייא אוויילע טושען.

## № 339. לאקשען מיט מאהן. MOHNNUDELN.

מען וועלגערט אויס אבלאט לאקשען, לאזט עטוואס טריקענען אונ מען צוברעקעלט עס. מען קאכט זייא אב אין זאלצוואסער אונ מען זייט זייא אב. דער ווייל'ע גיבט מען אין אקאסטרולע אביסל פעט, האניג מיט צו שטויסענע מאהן, עטוואס לימאנשאלעכטס אונ צימרינג. מען לאזט דאס גוט אויפקאכען, גיבט אריין די לאקשען, מישט גוט דורך אונ מען דערלאנגט עס אין אשיסעל.

## № 340. לאקשען מיט ניס. NÜSS NÜDELN.

דיזע ווערט בערייט וויא אין פאריגען נומער; נאר אנשטאט די מאהן גיבט מען דין צו שטויסענע יאדרעס פון ניס.

## NUSS MEHLSPEİS MİT AEPFELN.
## № 341. אמייגעכטס פון ניס אונ עפעל.

מען ווארמט גוט אן אשטיק פעטט גרויס וויא איין איי, גיבט אריין צוויא לעפעל מעהל, אונ מען מישט עס גוט דורך. נאכדעם פיהרט מען עס פאנאנדער, אימער מישענדיג, מיט ½ שטאף זודענדעס וואסער, לאזט עס גוט פערקאכען, דאן לאזט אויס קיהלען. נאכדעם גיבט מען אריין פיר עפעל, ניט זיסע, געשיילט אונ צו שניטען, צוואנציג ניס גראבליך צו שטויסען, צוקער נאך בעליבען; דאן שלאגט מען אריין ניין אייער געלכעל איינע נאך דיא אנדערע, אימער מישענדיג, — אונ מען מישט עס גוט דורך, ביז עס ווערט גענוג פלוימיג. צולעצט שלאגט מען אויף פון פינף ווייסלעך אפעסטען שנייא אונ מען מישט אריין דרינען. מען גיבט דיא מאסע אין אמאדעל (צארלע, מאקעטער), וואס איז גוט אויס געשמירט מיט פעטט, אונ מען שטעלט עס אויף אשטונדע אין פארע (דונסט).

## № 342. אריזענטייגעכטס; REİSSPEİSE.

מען קאכט אויף 8 גלאזער מילך אונ מען גיבט אריין אלעפעל פוטער. ווען דיא פוטער איז צו גאנגען, שיטעט מען אריין אפונד רייז אבגעבריהטע, מישט פאנאנדער אונ מען שטעלט אפען פייער, ביז עס ווערט געדיכט. מען שטעללט נאכדעם אבקיהלען אונ מען שלאגט אריין זיבען געלכלעך איינציג וויס אימער מישענדיג. מען שיט אריין עטוואס צוקער, נעגעלעך אונ ביטערן מאנדעלן; מען גיבט צו דעם שוים, וואס איז אויפגעשלאגען פון אייווייסעל, מישט עס פאנאנדער בעהיטזאם אונ מען לייגט דיא גאנצע מאסע אין אקאסטרולע, וואס איז אויס

געשמירט

גֶעשְׁמִירְט מִיט פּוּטֶער אוּנ בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּ בְּרֶעקְעלְכֶע צְוִויבַּאק, — אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען. — (פַאר 12 פֶּערְזָאנֶען).

## SPEÏSE VON GRÜTZE. אַרֶעצְקֶעטֵיינֶעכְטְס. № 343.

אִין 8 גְלָאזֶער אוֹיפְגֶעקָאכְטֶע מִילְךְ שִׁיט מֶען אַרֵיין פִּיר גְלָאזֶער רֶעצְקֶע גְרוֹיפֶען, אִימֶער מִישֶׁענְדִיג, אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען, בִּיז עֶס וֶוערְט גֶעדִיכְט. דַאן פִּיהְרְט מֶען פַאנַאנְדֶער אִין שְׁמֶעטֶענֶע אַהַאלְבּ פּוּנְד צוּ שְׁמַאלְצֶענֶע פּוּטֶער אוּנ מֶען שְׁלָאגְט אַרֵיין 8 גֶעלְבְּלֶעךְ אֵיינְצִיג וַוייס, אִימֶער מִישֶׁענְדִיג. דְרִינֶען גִיבְּט מֶען אַרֵיין לֶעפֶּעל וַוייס פוּן דִיא אָבְּגֶעקִיהֶלְטֶע קָאשֶׁע, גִיבְּט צוּ דְרַייא לֶעפֶּעל מֶעלֶעס צוּקֶער אוּנ אָנְדֶערְהַאלְבֶּען צֶעהֶענְדְלִיג גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע מַאנְדְלֶען. וֶוען אַלֶעס אִיז גוּט דוּרְךְ גֶעמִישְׁט, גִיבְּט מֶען אַרֵיין דֶעם שׁוּם פוּן אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶענֶע וַוייסְלֶעךְ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אוֹיף אַשָׁעָה אִין אוֹיבֶען.

אַזוֹא מַאכְט מֶען אַטֵיינֶעכְטְס פוּן מַאנֶעגְרוֹיפֶּען; נָאר דִיזֶע מוּז מֶען פַאנַאנְדֶער קָאכֶען אִין אַשִׁיטֶערֶער קָאשֶׁע, וַוייל דִיזֶע שְׁוֶועלְט שְׁטַארְק אוֹיף. — (פַאר 12 פֶּערְזָאנֶען).

## BÄRME-MEHLSPEÏS. אַטֵיינֶעכְטְס אוֹיף הֵייבֶען. № 344.

מֶען שְׁלָאגְט אוֹיף בִּיז וַוייס אַפֶערְטֶל פּוּנְט פּוּטֶער, פֶערְמִישְׁט מִיט אַכְט גֶעלְבְּלֶעךְ, דְרַייא לֶעפֶּעל מֶעלֶעס צוּקֶער, צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע לִימָאנְשָׁאלֶעכְטְס, אַהַאלְבֶּע פּוּנְט קַארְטָאפֶּעל מֶעהְל אוּנ צְוֵוייא לֶעפֶּעל גוּטֶע הֵייבֶען. אַז עֶס וֶוערְט אַלְץ דוּרְךְ גֶעמִישְׁט אִין אֵיין מַאסֶע, גִיבְּט מֶען אַרֵיין דֶעם שׁוּם פוּן אֵיי וַוייס, אוּנ דָאס מְהוּט מֶען אַרֵיין אִין אֵיין אָנְגֶעוַוארְמְטֶע פוֹרְם, אָבֶּער נִיט פוּל, דֶען דִיא מַאסֶע שְׁוֶועלְט אוֹיף. וֶוען דִיזֶע הָאט זִיךְ אִין דֶער פוֹרְם אוֹיפְגֶעהֵייבֶען, שְׁטֶעלְט מֶען עֶס אִין אוֹיבֶען נִיט אַגַאנְץ הֵייסֶער, אוּם עֶס זָאל נִיסְט אָנְבְּרֶענֶען, אִין אוֹיבֶען הַאלְט מֶען עֶס נִיט לַאנְג. — (דָאס אִיז פַאר 10 פֶּערְזָאנֶען).

## MEHLSPEÏS VON KÜRBÉS. אַטֵיינֶעכְטְס פוּן קִירְבִּיס. № 345.

מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא זוֹימֶען אוּנ דִיא פַאזֶערְן (דָאס פֶּעדִימְדִיגֶע) פוּן אַצוּשְׁנִיטֶענֶעם קִירְבִּיס, צוּ שְׁנֵיידְט אִיהם אִין שְׁטִיקֶער, קָאכְט אִיהם אָבּ אִין וַואסֶער אוּנ מֶען גִיסְט דָאס וַואסֶער אָבּ.

נָאכְדֶעם שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף פּוּטֶער אִין שְׁמֶעטֶענֶע, מִישְׁט אַרֵיין אַכְט גַאנְצֶע אֵייעֶר רוֹיעֶ, אוֹיס גֶעוֵוייקְטֶע וַוייבֶע פוּן בּוּלְקֶע אוּנ אוֹיס גֶעדְרִיקְטֶע, אַהַאלְבּ פּוּנְט פוּן דִיא קִירְבִּיס, וֶועלְכֶע מֶען רַייבְּט פְּרִיעֶר דוּרְךְ אַזִיפּ, דְרַייא לֶעפֶּעל צוּקֶער, עֶטְוָואס זַאלְץ, אַבִּיסֶל צִימְרִינְג, אוּנ מוּסְקַאטְנִיס אָדֶער בִּיטֶערֶע מַאנְדְלֶען. דָאס אַלְץ צוּ רֵייבְּט מֶען אִין אֵיין מַאסֶע, גִיבְּט אִין אַפוֹרְם אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען אוֹיף 1½ שָׁעָה.

## MEHLSPEÏS VONERBSEN. אַטֵיינֶעכְטְס פוּן אַרְבֶּעס. № 346.

מֶען צוּ שְׁלָאגְט אִין שְׁמֶעטֶענֶע אַלֶעפֶּעל פְּרִישֶׁע פּוּטֶער, צוּ מִישְׁט עֶס מִיט

אכט

אַכְט גֶעלְבְלֶעךְ, וֶועלְכֶע מֶען שְׁלָאגְט אַריין אֵיינְצִיג ווייס, — דְרַייא לֶעפֶעל מֶעלֶעס צוּקֶער, צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס, עֶטְוָואס זַאלְץ אוּנ אַהאַלְבּ פוּנְד אָבְּגֶעקָאכְטֶע אַרְבֶּעס, וֶועלְכֶע מֶען הָאט דוּרְךְ גֶערִיבֶּען דוּרְךְ אַזִיפּ. דָאס מִישְׁט מֶען אַלְץ דוּרְךְ אִין אֵיין מַאסְסֶע; נָאכְדֶעם פֶערְמִישְׁט מֶען עֶס מִיט דֶעם אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶענֶעם שׁוֹים פוּן אַכְט וַוייסְלֶעךְ, גִיבְּט אִין אַפוֹרְם אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען. — (דָאס אִיז פַאר אַכְט פֶערְזָאנֶען).

## № 347. שָׁאקָאלַאדֶענְשְׁפַּייזֶע. CHOKOLADEN-SPEİSE.

מֶען נֶעהמְט 8 אֵייעֶר, 10 לוֹיט צוּקֶער, 6 לוֹיט שָׁאקָאלַאדֶע, 1 לוֹיט מֶעהל אוּנ עֶטְוָואס וַואנִילְלֶע. דִיא צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע וַואנִילְלֶע וֶוערְט מִיט אַטָאג פַאר דֶעם אִין אֵייגֶעלְכֶעל פַאנַאנְדֶער גֶעפִּיהרְט, אוּם עֶס זָאל דְרִינֶען אוֹיסְצִיהֶען. נָאכְדֶעם וֶוערְט דִיזֶעס מִיט דִיא אִיבְּרִינֶע גֶעלְכְלֶעךְ אִין דִיא צוּשְׁטוֹיסֶענֶע צוּקֶער דוּרְךְ גֶעמִישְׁט. דַאן גִיבְּט מֶען צוּ אִימֶער מִישֶׁענְדִיג: דִיא גֶערִיבֶּענֶע שָׁאקַאלַאדֶע, דִיא הֶעלְפְט פוּן דֶעם מֶעהל אוּנ דִיא הֶעלְפְט פוּן דֶעם אֵייוַוייס, וֶועלְכֶע מֶען הָאט אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶען אִין שְׁנֵיישׁוֹים. דָאס וֶוערְט גֶעמִישְׁט 10 מִינוּטֶען לַאנְג אִימֶער צוּ אֵיין זַייט; דַאן קוּמְט דִיא אַנְדֶערֶע הֶעלְפְט פוּן דֶעם מֶעהל אוּנ צוּלֶעצְט דֶער רֶעסְט פוּן דֶעם שְׁנֵיישׁוֹים אוּנ ווִידֶער דוּרְךְ גֶעמִישְׁט. דַאן גִיבְּט מֶען דִיא מַאסְסֶע אִין אַפוֹרֶעם, וָואס אִיז אוֹיס גֶעשְׁטְרִיכֶען מִיט פַיינֶעם אֵייל אָדֶער קַאקַאאָ פוּטֶער, אוּנ מֶען לָאזְט זִיא בַּייא אַמִיטֶעלֶע הִיצֶע בַּאקֶען.

## № 348. נוּסְשְׁפַּייזֶע. NUSS-SPEİSE.

מֶען נֶעהמְט 1 פוּנְד וֶועלִישֶׁע נִיס, 20 לוֹיט צוּקֶער, 10 אֵייעֶר, דִיא שָׁאלֶעכְטְס אוּנ דֶעם זַאפְט פוּן אַצוּטְרִין, אוּנ עֶטְוָואס זַאלְץ אוּנ 1 עֶסְלֶעפֶעל גֶערִיבֶּענֶע זֶעמֶעל אָדֶער צְווִיבַּאק. דִיא יַאדְרֶעס פוּן דִיא נִיס וֶוערֶען צוּ שְׁטוֹיסֶען אָדֶער גֶערִיבֶּען, דֶער צוּקֶער דִין צוּ שְׁטוֹיסֶען אוּנ גֶעזִיפְּט, דָאס אֵיי ווייס וֶוערְט צוּשְׁנֵיי אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶען, דִיא גֶעלְכְלֶעךְ מִיט דִיא צוּקֶער אַייְנְגֶערִיבֶּען; דַאן קוּמְט דִיא אָנְגֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אִין דֶער צוּטְרִינְזַאפְּט דֶערְצוּ, יֶעצְט וֶוערְט צוּ גֶעמִישְׁט לֶעפֶעל ווייס דִיא צוּשְׁטוֹיסֶענֶע נִיס, נָאכְדֶעם דִיא זֶעמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ מִיט דִיא זַאלְץ, אוּנ צוּ לֶעצְט דֶער שְׁנֵייא פוּן דִיא אֵיי וַוייסְלֶעךְ. דִיא מַאסֶע וֶוערְט גֶעבַּאקֶען אִין אַפוֹרֶעם, וָואס אִיז אוֹיס גֶעשְׁמִירְט מִיט פַיינֶעם אֵייל אָדֶער קַאקַאאָ פוּטֶער, בַּייא מֶאסִיגֶער הִיטְצֶע.

## № 349. זֶעמְמֶעל שְׁפַּייזֶע; ASCH.

אַלֵיימֶענֶע בְּרָאט פְּפַאנֶע (אָדֶער אַצָארְלֶע, אַמַאקֶעטֶער) וֶוערְט דִיק מִיט פוּטֶער אוֹיסְגֶעשְׁמִירְט אוּנ מֶען לֵייגְט אוֹיס אַרֵייהֶע (אַפַאךְ) פוּן דִינֶע פֶּענֶעצֶען זֶעמֶעל, דַארוֹיף לַייגְט מֶען שְׁטִיקְלֶעךְ ווייס פוּטֶער, שְׁטְרַייט עֶטְוָואס צוּקֶער אוּנ צִימְרִינְג דַארְאִיבֶּער; מֶען צוּשְׁלָאגְט אֵייעֶר, ווִיא צוּ אַפַאנֶעקָאכֶען, אוּנ מֶען גִיסְט

דאס

דָאס אַריין . דאן וַוארְפְט מֶען אַריין שְׁטִיקֶער פְּרוֹבְט (אָבְּסט) , לַייגְט וַוייטֶער אַפָּאךְ זֶעמֶעל פֶּעגְעצֶען מִיט פּוּטֶער , צוּקֶער אוּנ צִימְרִינְג , ווִיא פְרִיעֶר . יֶעצְט צוּ שְׁלָאגְט מֶען (עֶס וֶוערְדְט זִיךְ נָאךְ דֶער גְרוֹיס פוּן דֶער פַאנֶע) 2 אָדֶער 4 אֵייעֶר אִין אַהַאלְבֶּען אָדֶער אַגַאנְצֶען שְׁטָאף מִילְךְ מִיט עֶטְלִיכֶע לֶעפֶעל מֶעהל , אוֹיךְ שְׁמַאנְט ; מֶען גִיסְט אַריין אִין דִיא פַאנֶע אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט עֶס אִין אוֹיבֶען אוֹיף אַפָּאר שְׁטוּנְדֶען .

## KARTOFFELSPEİSE. אַקַארְטָאפֶעל טֵייגֶעכְטְס . № 350.

אַטָאג פַאר דֶעם , קָאכְט מֶען אָב מֶעהְלִיגֶע קַארְטָאפֶעלְן , שֵׁיילְט זַייא אוּנ מֶען רַייבְּט זַייא דוּרְךְ אַזִיפּ . אוֹיף אַפוּנְד גֶערִיבֶּענֶע קַארְטָאפֶעלְן גֶעהמְט מֶען אוּנְגֶעפֶעהר אַהַאלְב פוּנְד צוּקֶער , צֶעהֶען אֵייעֶר , אָנְגֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ אַבִּיסֶל זַאלְץ . דִיא גֶעלְכְלֶעךְ וֶוערֶען פַאנַאנְדֶער גֶעמִישְׁט אוּנ מֶען גִיבְּט דַאצוּ דִיא צוּשְׁטוֹיסֶענֶע צוּקֶער אוּנ דִיא צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס ; נָאכְדֶעם גִיבְּט מֶען צוּ לֶעפֶעל וַויים , אִימֶער מִישֶׁענְדִיג , פוּן דִיא גֶערִיבֶּענֶע קַארְטָאפֶעלְן , בִּיז צוּ עֶנְדֶע . יֶעצְט שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף דָאס אֵיי וַויים צוּ אַשְׁטַייפֶען שְׁנֵייא . אוּנ מֶען מִישְׁט עֶס אַריין אִין דֶער מַאסֶע . דִיזֶע לֵייגְט מֶען אִין אַפוֹרֶעם , וָואס אִיז אוֹיס גֶעשְׁמִירְט מִיט פֶעטְט (אָדֶער פּוּטֶער) אוּנ אוֹיס גֶעשְׁטְרֵייט מִיט זֶעמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען בַּאקֶען .

אוֹיב מֶען ווִיל ווִיסֶען , צוּ עֶס אִיז פֶערְטִיג , שְׁטֶעקְט מֶען אַריין אַדִינֶעס שְׁטִיק הָאלְץ , אוּנ אַז עֶס קוּמְט טְרוּקֶען אַרוֹיס , זָא אִיז עֶס פֶערְטִיג .

דִיזֶע שְׁפַּייזֶע קֶען מֶען עֶסֶען וַוארְמֶערְהֵייט , אוֹיךְ קַאלְטֶערְהֵייט .

## SEMMELSPEİSE MİT AEPFELN. זֶעמֶעל שְׁפַּייז מִיט עֶפֶּעל. № 351.

דִיא זֶעמֶעלְן וֶוערֶען גֶעווֵייקְט , אוֹיס גֶעדְרִיקְט אוּנ דוּרְכְגֶעמִישְׁט מִיט זוֹיעֶרְלִיכֶע עֶפֶּעל צוּ שְׁנִיטֶענֶע . דַאצוּ קוּמְט עֶטְלִיכֶע גֶעלְכְלֶעךְ אַיינְגֶערִיבֶּען מִיט צוּקֶער , קְלֵיינֶע רָאזִינְקֶעס , צִימְרִינְג , פִיל אָנְגֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס , עֶטְוָואס רָאם ; דִיא ווַייסֶעל וֶוערְט אוֹיף גֶעשְׁלָאגֶען אִין שׁוֹים אוּנ צוּלֶעצְט אַריין גֶעמִישְׁט , — אוּנ מֶען לָאזְט עֶס בַּאקֶען אִין אַפוֹרֶעם , וָואס אִיז אוֹיס גֶעשְׁמִירְט מִיט פֶעט .

## AEPFELSPEİSE. עֶפֶּעל שְׁפַּייז . № 352.

דִיא עֶפֶּעל וֶוערֶען גֶעשֵׁיילְט , גֶערִיבֶּען אוּנ גֶעמִישְׁט מִיט צוּקֶער , צִימְרִינְג אוּנ צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס . אוֹיף פִיר שְׁטָאף עֶפֶּעל נֶעהמְט מֶען אוּנְגֶעפֶעהר אַכְט אֵייעֶר ; דִיא גֶעלְכְלֶעךְ דֶער פוּן מִיט צוּרִיבֶּענֶע צְווִיבַּאק אָדֶער עֶטְלִיכֶע לֶעפֶעל קְרַאפְט מֶעהל וֶוערֶען אַריין גֶעמִישְׁט אִין דִיא צוּרִיבֶּענֶע עֶפֶּעל ; דִיא ווַייסְלֶעךְ וֶוערֶען צוּ שְׁנֵייא אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶען אוּנ אוֹיךְ דַאהִין אַריין גֶעמִישְׁט . דִיא מַאסֶע גִיבְּט מֶען אַריין אִין אַפוֹרֶעם , וָואס אִיז אוֹיס גֶעשְׁמִירְט מִיט פֶעטְט (אָדֶער פּוּטֶער) אוּנ בֶּעשְׁטְרֵייט אַפֶּען דֶעק מִיט גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק אָדֶער מִיט גֶעשְׁנִיטֶענֶע מַאנְדְלֶען זִיסֶע . עֶס וֶוערְט אוֹיבֶּען בֶּעדֶעקְט מִיט אַפַּאפִּיר , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט עֶס אִין אוֹיבֶען בַּאקֶען .

מען

**GEFÜLLTE AEPFEL.** געפיללטע עפעל. № 353.

מען נעהמט גוטע עפעל, שיילט זייא אונ מען שניידט אב פון יעדען בייא דעם שטיל אקליינע פלאטע; האהלט יעדען אויס אונ פיללט איניווייניג אן מיט איינגעקאכטע פאזימקעס, אדער ווייןפערלעך (פארעצקעס) אדער אגרעשען, אונ מען דעקט וויעדער צו מיט דער אבגעשניטענע פלאטע. דאן שמירט מען אויס אפורעם מיט אונגעזאלצענע פוטער, אונ דעם דעק בעשטרייט מען מיט געריבענע זעמעל פערמישט מיט צוקער אונ צימרינג. דארויף זעצט מען דיא עפעל אפען דעק פון דעם פורעם געבען איינאנדער. פאר דעם דארף מען אין אטאפף אריין שלאגען אכט ווייסלעך, דיזע מיט 5 לויט צוקער צו אשוים אויפגעשלאגען אונ אלעפעל מעהל פערמישט. דיזע מאססע גיבט מען אויף דיא עפעל אונ מען לאזט עס אין אויבען לאנגזאם באקען. מען לייגט אונטער דעם פורם אשטיין אונ פון אויבען אדיקען בויגען פאפיר, אום דיא שפייז זאל ניט ווערען צו ברוין.

## D פודדינגס.

**MEHLPUDDING.** מעהל פודדינג. № 354.

מען נעהמט 9 לויט מעהל, 9 לויט צוקער, 9 לויט פוטער, 9 אייער, ½ שטאף מילך. מען שטעלט צו אין אקאסטרולע דיא מילך מיט דיא פוטער אונ מיט אהעלפט פון דיא צוקער. דער ווייסע פיהרט מען פאנאנדער דאס מעהל מיט קאלטע מילך אונ דיזע גיסט מען אריין אין דיא קאכענדע מילך ביסלעך ווייס אים זער מישענדיג, ביז עס ווערט אשיטערע קאשע. יעצט לאזט מען עס אב קיהלען, אונ נאכדעם מישט מען עס צו זאממען מיט דער אנדער העלפט צוקער אונ דיא געלבלעך. דאס איי ווייס ווערט אויפגעשלאגען צו אשנייא אונ מען מישט עס אריין, ביז עס זאל זיך ניט מעהר זעהען פון דעם שנייא. נאכדעם ווערט דיא גאנצע מאססע איינגעבונדען אין אסערוויעטקע, וועלכע איז פריער געלעגען אשטונדע צייט אין קאלטען וואסער, אונ מען לאזט עס אזויא קאכען אשטונדע צייט אין געזאלצענעם הייסען וואסער. דער צו מאכט מען אסויס נאך בעליבען.

דיא סערוויעטקע דארף אויבען ניט זיין פעסט פערבונדען, אום דיא מאססע זאל האבען פלאטץ אויפצוקוועלען. דיא עקען פון דער סערוויעטקע דארפען זיין אנגעבונדען אן אפאלעצקע, אדער אדראט, וואס ליגט אפען פורעם, אום דער פודינג זאל זיך קאכען שווימענדיג אין וואסער.

עס איז לייכטער צו מאכען אפודינג אין אפורעם, וועלכע איז געמאכט פון קופער אדער בלעך מיט אראהר אין מיטען. דיא פורעם שמירט מען אויס מיט פעט, שטרייט אן צו שטויסענע צוויבאק, פילט איהר אן מיט דער מאססע, דעקט גוט צו אונ מען שטעלט דיא פורעם אין אקליינע קאסטרולע מיט העלפט וואסער, ווען דאס וואסער קאכט אב, דער גיסט מען מיט נאך הייסען וואסער.

## SEMMEL-PUDDING. פודינג פון בולקע. № 355.

מען שניידט אב דיא הארטע פון 2 אלטע זעממעל; בעגיסט עס מיט 1½ גלאזער מילך, דעקט צו אונ מען לאזט שטעהען אהאלבע שטונדע. דאן צערייבט מען זייא, גיבט צו 2 לעפעל פוטער, 4 צו שלאגענע געלבלעך מיט 3 לעפעל צוקער, איין ווייסעל, געשטויסענע ביטערע מאנדלען אונ אהאלב פונד קארינטהע. דאס אללעס קנעט מען גוט דורך וויא אטייג. דאן שמירט מען אויס אריינע סערוויעטקע אין מיטין מיט אלעפעל פוטער אקרייז, וויא פיל עס פערנעהמט אמיטעלע שיסעל. דארויף לייגט מען דיא מאסע, נעהמט צו זאמען דיא עקען פון דער סערוויעטקע, פערבינדט מיט אשנירל אונ מען לאזט אונטען לייז. דאס גיבט מען אריין אין זידענדעם זאלצוואסער אונ מען לאזט עס הייגען אויף אפאלעצקע, וואס ליגט אויף דעם ראנד פון דער קאסטרולע.

דאס קאכט זיך אשטונדע צייט, נאכדעם נעהמט מען איהם ארויס אונ מען לייגט איהם בעהיטזאם אויף אזיפ, אום דאס וואסער זאל אבלויפען. מען בינדעט אב דיא סערוויעטקע אונ מען לייגט דעם פודינג אויף אשיסעל, בעגיסט מיט שאקאלאדענסויס אונ מען דערלאנגט צום טיש.

## ENGLİSCHR PUDDİNG. ענגלישער פודדינג. № 356.

זעממעל ווערט געווייקט אונ פעסט אויס געדריקט. דאן טהוט מען צו רינדער מארך (½ פונד אויף 8 קאפייקען זעממעל) קליינע אונ גרויסע ראזינקעס, 3—4 לויט געשטויסענע זיסע אונ עטליכע ביטערע מאנדלען, צוטרינשאלעכטס, עטוואס זאלץ, 6—8 אייער, ½ פונד צוקער אונ מוסקאט-בלומען. דאס אלץ מישט מען גוט דורך, שמירט אויס דיא פורם מיט אבגעשעפטען פעט, שטרייט אריין געריבענע זעממעל, גיבט דיא מאססע הינאיין אונ לאזט עס באקען.

## EİN ANDERER ENGLİSCHER PUDDİNG. נאך איין ענגלישער פודדינג. № 357.

מען מאכט אווייכען טייג פון מעהל, פעט (אדער פוטער), צוקער, וואסער אונ עטוואס זאלץ. מען וועלגערט עס אויס, בעשטרייכט גוט מיט פעט (אדער פוטער), לייגט צו זאממען אונ מען וועלגערט וויעדער אויס, — אזוא טהוט מען 4—5 מאל. יעצט ווערט געמאכט דאצו אגעפיללעכטס אזויא: דין צו שניטענע עפעל (אהן דיא זוימען), צו ברעקעלטע ראזינקעס, צוקער, צוטרינשאלעכטס אונ צו שטויסענע בליהונג פון צימרינג, — דאס מישט מען גוט דורך אונ מען שטרייט אן אויף דעם טייג בלאט, קייקעלט זייא איין אונ מען לאזט עס באקען אין אבלעכפאנע, וואס איז מיט פעט אויס געשמירט.

## ENGLİSCHER PLUME-PUDDİNG. נאך איין ענגלישער פודינג № 358.

אפונד געברעקעלטע זעממעל, אפונד צו האקטע רינדער פעט, אפונד

מעלעס

מעלעס צוקער, אפונד קליינע ראזינקעס, אפונד גרויסע אהן דיא ביינדלעך, אביסיל געשטויסענע מוסקאטנים, אבט גאנצע אייער, אהאלב פונד לימאנשאלעכטס אונ אפעלסינשאלעכטס, גוט צו ברעקעלט אונ אין פעט געפרעגעלט, אהאלב פונד זיסע מאנדלען, 20—30 שטיק ביטערע גוט צו שטויסענע, אגלאז קאניאק אדער ראם. דאס מאכט מען אלץ צו איין מאססע אונ מען לייגט עס אין אסערוויעטקע, וואס האט זיך פריער געווייקט אין וואסער אונ מען האט אויס געדריקט; פערבינדט דיא עקען פון אויבען אונ מען לאזט הייגען אויף אהאלצעל אין קאכענדען וואסער, ווערלכעס מען גיבט אפט צו אונ מען לאזט קאכען 6—7 שטונדען.

וואהרענד עס קאכט זיך, דארף מען אכטונג געבען, אז דער פודינג זאל זיין ארום מיט וואסער. (דאס איז פאר 15 פערזאנען).

## BROD-PUDDİNG. אפודינג פון שווארצברויט. № 359.

מען רייבט אן אלטעס טרוקנעס שווארצברויט צוויא גלאזער, בעגיסט עס מיט דרייא לעפעל צו שמאלצענע פוטער אונ מען רייבט עס דורך זעהר לאנג. דאן גיבט מען צו דרייא לעפעל שמעטענע אונ מען מישט פאנאנדער, מען רייבט איין פינף געלכלעך מיט צוויא לעפעל מעלעס, גיבט צו אטהיילעפעל צימרינג אדער צעדרע; דאס אלעס מישט מען גוט דורך. צו לעצט שלאגט מען אויף אשוים פון פינף ווייסלעך מיט צוויא לעפעל מעלעס, גיבט עס אריין אין דיא מאססע, מישט פאנאנדער אונ מען לייגט עס אין אפורעם, וואס איז אויס געשמירט מיט פוטער אונ אנגעשאטען מיט געברעקעלטע צוויבאק, — אונ מען דעקט פעסט צו מען שטעלט דיא פורם אין קאכענדעס וואסער. לאזט קאכען אויף פארע אשטונדע צייט, אונ וואס דאס וואסער פאלט אב, דער גיסט מען מיט אנדערע, אום דיא פורעם זאל אימער זיין אין וואסער.

ווען דער פודינג איז פערטיג, נעהמט מען איהם ארויס בעהיטזאם פון פורם אונ מען בעגיסט איהם מיט פרישע שמעטענע אדער מיט פוטער, — אונ מען דערלאנגט צום טיש.

## REİS-PUDDİNG. אפודינג פון רייז. № 360.

(פאר 6 פערזאן). מען קאכט אב איין 1/2 פונד רייז אין 4 גלאזער מילך, גיבט 2 לעפעל פוטער אונ מען מישט דורך. דאן גיבט מען צו 10 געשטויסענע ביטערע מאנדלען, 1/2 פונד ראזינקעס, 2 לעפעל צוקער אונ צו לעצט 3—4 אויפגעשלאגענע געלכלעך. מען בעשיט מיט צימרינג אונ מען מישט דורך. נאכדעם שמירט מען דיא פורם אויס מיט פוטער, בעשטרייט מיט צוריבענעם צוויבאק, גיבט היניין דיא מאססע, בעשטרייט אויבען מיט צוויבאק, גיבט אויבען אשטיקל פוטער אונ מען שטעלט אין אויבען. מען שטעלט דיא פורעם

אפפט

אָפְּט איִבֶער, אוּם עֶס זָאל זיךְ אוּמֶעטוּם גוּט פֶערְבַּאקֶען. אִין אַשְׁטוּנְדֶע אִיז דֶער פּוּדִינְג פֶערְטִיג.

דֶער צוּ גִיבְּט מַאן גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צוּקֶער מִיט צִימְרִינְג אוּנ שְׁמַאנְט.

## № 361. אַפּוּדְדִיג פוּן סוּכַארֶעס. ZWIEBACK-PUDDING.

(פַאר 6 פֶּערְזָאנֶען). מֶען קָאכְט אוֹיף 2 גְלֶאזֶער מִילְךְ, לָאזְט עֶטְוָואס אָבְּקִיהלֶען. דַאן שִׁיט מֶען אַריין ¼ 1 גְלֶאזֶער דִין צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע סוּכַארֶעס, גִיבְּט 3 לֶעפֶעל פוּטֶער, 10 שְׁטִיק גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע בִּיטֶערֶע מַאנְדְלֶען, אַבִּיסְל צִימְרִינְג, אוּנ מֶען מִישְׁט גוּט דוּרְךְ. מֶען רַייבְּט אַיין בִּיז וַויים 5 גֶעלְכְלֶעךְ מִיט 2 לֶעפֶעל צוּקֶער אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס אַריין אִין דִיא מַאסֶע. דַאן גִיבְּט מֶען צוּ 4 מִיטֶעלֶע עֶפֶּעל גֶעבַּאקֶענֶע אוּנ דוּרְךְ גֶערִיבֶּענֶע דוּרְךְ אַזִיפּ; צוּ לֶעטְצְט שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף 5 וַוייסְלֶעךְ צוּ אַשוּים מִיט נָאךְ 2 לֶעפֶעל צוּקֶער, גִיסְט דָאס אַריין אִין דִיא מַאסֶע אוּנ מֶען מִישְׁט דוּרְךְ. מֶען לֵייגְט דָאס אִין אַפוּרְם, וָואס אִיז אוֹיסְגֶעשְׁמִירְט מִיט פוּטֶער אוּנ בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּבְּרֶעקֶעלְטֶען צְווִיבַּאק, אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אוֹיף אַשְׁטוּנְדֶע אִין אוֹיבֶען.

דֶער צוּ גִיבְּט מֶען גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צוּקֶער מִיט צִימְרִינְג אוּנ שְׁמַאנְט.

## № 362. אַבִּיסְקְוִויפּוּדְדִינְג. EIN BISQUITPUDDING.

מֶען שְׁטֶעלְט צוּ אַיין ⅛ שְׁטָאף מִילְךְ מִיט 6 לוֹיט פוּטֶער. וִויא עֶס גֶעהמְט קָאכֶען, גִיבְּט מֶען אַריין 6 לוֹיט מֶעהל וָואס מֶען פִיהְרְט פְרִיעֶר אִין וַואסֶער פַאנְאַנְדֶער; לָאזְט עֶס פֶארְטִיג וֶוערֶען, בִּיז עֶס שְׁטֶעהט אָבּ פוּן דֶער קַאסְטְרוּלֶע. דִיזֶען טֵייג לָאזְט מֶען אָבְּקִיהלֶען. דַאן שְׁלָאגְט מֶען אַריין 6 אַיינְגֶעלְכְלֶעךְ, גִיבְּט צוּ 6 לוֹיט גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צוּקֶער אוּנ אָנְגֶערִיבֶּענֶע שָׁאלֶעכְטֶס פוּן צוּטְרִין. דֶער מִיט מִישְׁט מֶען דוּרְךְ דֶעם טֵייג גַאנְץ גְלַאט, אַז עֶס זָאל קֵיין קָאם נִיט זַיין. נָאכְדֶעם שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף אֵיי וַויים צוּ אַשְׁנֵייא אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט אִין דֶער מַאסֶע. דִיזֶע גִיבְּט מֶען אִין אַפוּרְם, וָואס אִיז אוֹיס גֶעשְׁמִירְט מִיט פוּטֶער, דִיא פוּרְם וִויעדֶער שְׁטֶעלְט מֶען אִין אַטָאפּ מִיט קָאכֶענְדֶען וַואסֶער, וֶועלְכֶעס, וֶוען עֶס קָאכְט, מוּז גְרֵייכֶען בִּיז דֶעם דֶעקְל.

דֶער צוּ גִיבְּט מֶען פְרוּכְט סוֹים. (זעה אין סייסען פון № 68—91)

## № 363. אַפּוּדִינְג פוּן עֶפֶּעל. AEPFEL-PUDDING.

מֶען שֵׁיילְט אָבּ 10 עֶפֶּעל זוֹיעֶרֶע, שְׁנַיידְט אוֹיס דָאס אִינְוֵויינִיגְסְטֶע אוּנ מֶען צוּ שְׁנַיידְט זֵייא אִין פֶענֶעצְען. דַאן שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף בִּיז וַויים 6 גֶעלְכְלֶעךְ מִיט אַלֶעפֶעל צוּ לָאזֶענֶע פוּטֶער אוּנ 2 לֶעפֶעל צוּקֶער; מֶען פִיהְרְט דָאס פַאנְאַנְדֶער מִיט 2 לֶעפֶעל שְׁמַאנְט אוּנ מֶען מִישְׁט גוּט דוּרְךְ. דֶער וַוייסֶע שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף 6 וַוייסְלֶעךְ צוּ אַדִיקֶען שׁוּים אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס אַריין אִין דִיא מַאסֶע. דַאן שְׁמִירְט מֶען אוֹיס אַפוּרְם מִיט פוּטֶער, בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּשְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק אוּנ מֶען לֵייגְט

אריינע (אפאך) עפעל אונ אויבען בעגיסט מען מיט דיא אויפגעשלאגענע אייער; נאכדעם קומט ווידער אפאך עפעל, וועלכער ווערט ווידער בעגאסען מיט דיא אויפגעשלאגענע אייער, — אונ אזוא ביז צו ענדע. מען שטעללט דיא פורם אין אויבען אויף איין שטונדע. דאן נעהמט מען ארויס, פיהרט ארום מיט אמעסער, אום עס זאל לייכט אבשטעהען פון דער פורם, — לייגט עס אויס אין אשיסל אונ בעגיסט עס מיט וואַרעניעס (זאפט).

## № 364. אפודינג פון שאקאלאדע. SCHOKOLADEN-PUDDING.

מען נעהמט 4 לעפעל קארטאפעל מעהל, 4 לעפעל קרופצאטקע מעהל, 4 לעפעל צושטויסענע צוריבענע שאקאלאדע. דאס מישט מען גוט דורך מיט אלעפעל פוטער אונ מען פיהרט פאנאנדער מיט 3 גלאזער מילך. מען שטעלט דאס אויף אהייסע פליטע אונ מען מישט נאך אנאנד, ביז עס ווערט געדיכט. דער וויילע שלאגט מען אויף 6 געלכלעך בעזונדער, אונ 6 ווייסלעך צו שוים ווידער בעזונדער. דאן נעהמט מען אראב דיא מאסע פון דער פליטע, גיבט אריין אין איהר דיא אויפגעשלאגענע געלכלעך אונ מען מישט גוט דורך; נאכדעם גיבט מען אריין דעם שוים פון דיא ווייסלעך אונ מען מישט ווידער דורך. דאן לייגט מען דיא מאססע אין איין אויסגעשמירטע פורם אונ מען שטעללט אין ניט אגאנץ הייסען אויבען אויף 20 מינוט. ווען דער פודדינג ווערט פערברוינט אונ אויפגעבלאזען, זא נעהמט מען איהם ארויס בעהיטזאם פון אויבען אונ מען דערלאנגט איהם אין דער פורם צום טיש, וואהרענד ער איז נאך ניט איינגעפאללען. דער צו גיבט מען שמאנט.

## № 365. אפודינג מיט וואניללע. WANILLEN-PUDDING.

מען שניידט ארום דיא רונדע (קארע) פון אהאלב פונד מילכיגע זעממעל. דיזע ווערען צושניטען אין פענעצען אונ איבערגעגאסען מיט אהאלבשטאף מילך, וויך געמאכט אונ פאנאנדער געפיהרט צו אשיטערע קאשקע (ברייא). דער וויילע פיהרט מען פאנאנדער אין אשיסעל 8 לויט פוטער, שלאגט אריין 7 געלכלעך איינציגווייס, אימער מישענדיג, אדריטל פונד צוקער, אדריטל פונד געשיילטע אונ צושטויסענע זיסע מאנדלען. דאס אללעס פערמישט מען מיט דעם זעממעל-ברייא. צו לעטצט גיבט מען צו אהאלבען פעקל וואניללע מיט דעם שוים פון אויפגעשלאגענע פינף ווייסלעך, — אונ דאס לאזט מען קאכען אין איין אויסגעשמירטען פורם צוויא שטונדען.

## № 366. אהעכט-פודינג. HECHT-PUDDING.

מען נעהמט אגרויסען העכט, אדער עטליכע מיטעלע, שאבט אונ וואשט זיא גוט אב. מען נעהמט ארוים דיא ביינער. צו האקט עס מיט אצוויבל, גיבט צו אשטיק פוטער, שלאגט אריין 8 אייער אונ נאך 8 געלכלעך, גיבט צו גרויסע

אונ

און קליינע ראזינקעס, צוטרינשאלעכטס, זאפט און עטוואס צוקער; דאן גערייבענע זעממעל, עטוואס זאלץ, איין וועניג פעפער, מוסקאטבליהונג און גוטע מילך דאצו, אדער שמאנט, אזוא פיל, אז דיא מאססע זאל זיך צוזאממען האלטען. מען גיבט עס אין אסערוועטקע, וואס איז בעשטריכען מיט פוטער, מען בינדט איין און מען באקט איהם וויא געוואהנליך.

## MANDEL-PUDDING. אמאנדעל--פודינג. № 367.

מען גיסט אב מיט קאכענדעם וואסער אפערטעל פונד זיסע מאנדלען און 10 שטיק ביטערע; מען צושטויסט זייא, אינדעם מען בעשפריצט מיט וואסער, אום עס זאל זיך ניט ווייזען מאנדעל איל. מען רייבט אן אפאר זעממעל אויף אטארטקע און דיא הארטע ווארפט מען אוועק. דיזע ברעקלעך ווייקט מען אין מילך, דריקט אויס און מען גיבט זייא אין טאפף צוזאממען מיט דיא מאנדלען. דריגען שלאגט מען אריין זעכס געלכלעך איינציגווייס, אימער מישענדיג, 2 לעפעל צוקער און אגלאז שמעטענע. מען מאכט אשוים פון דיא געבליבענע ווייסלעך, מישט לאנגזאם דורך אין דער מאסע, לייגט אין אפורם איין אויסגעשמירטען און מען שטעללט אין אויבען אויף אשעה צייט. — (פאר 6 פערזאנען).

## KÄSEPUDDING. אפודדינג פון צוואריך. № 368.

פיר גלאזער פרישע צווארעך דריקט מען גוט אויס פון סיוואַרטקע, רייבט צם פאנאנדער אין אטאפף, שלאגט אריין 8 אייער, איינציג ווייס אימער מישענדיג. מען גיבט צו צווייא לעפעל שמעטענע, אלעפעל פוטער, און מען מישט אימער דורך. אויב עס איז שיטערלעך, שיט מען אריין נאך מעהל, צוקער, קליינע ראזינקעס, מישט גוט פאנאנדער, גיבט אין אפורעם איין אויס געשמירטען מיט פוטטער, — און מען שטעללט אין אויבען.
(פאר 10 פערזאנען).

## PUDDING VON KALBSLEBER.
## אפודדינג פון קאלבסלעבער. № 369.

מען בריהט אב איין אבגעבאקטע לעבער און מען רייבט זיא דורך אטארטקע. מען צוברעקעלט צווייא צווויבעלן, פרעגעלט איין אין פעט, לאזט אבקיהלען, מישט גוט דורך מיט 6 גאנצע אייער און 4 געלכלעך, גיבט צו ¾ פונד זעממעל געווייקטע, ¼ פונד ראזינקעס, עטוואס זאלץ, מוסקאט ניס און דיא צערריבענע זעממעל. דאס אללעס רייבט מען גוט דורך אין טאפף צו אגעדיכטע מאססע, גיבט אין אסערוויעטקע, וואס איז אויסגעשמירט מיט פעט, — און מען שטעללט צו קאכען אהאלב שעה.
דאס דערלאנגט מען מיט אסוים. (זעה אין סויס׳ן № 68—91)

אפודדינג

### № 370. אפודדינג פון קרויט. KOHL-PUDDİNG.

מען צושניידט אין פירען צוויא קעפלעך קרויט, ברִיהט זייא אב מיט קאכענדעם וואסער, דריקט אויס, שניידט אויס דיא קאצאנעס אונ מען צוהאקט זייא זעהר דין. מען פיהרט פאנאנדער אהאלב פפונד פוטער אין שמעטענע, שלאגט אריין 3 געלכלעך איינציג וויס אימער מישענדיג, גיבט צו אגלאז געבריעקעלטע זעממעל, גיסט אריין אגלאז מילך אין דיא צו האקטע קרויט. דאס מישט מען אללעס גוט דורך, מאכט אשוים פון דיא געבליבענע 8 ווייסלעך אונ מען מישט עס לאנגזאם הינאיין. גיבט דיא מאסע אין אפורעם אונ מען שטעלט אין אויבען אויף אשעה צייט. ווען מען דערלאנגט צום טיש, בעגיסט מען מיט צו לאזענע פוטער אדער מיט אפוטער סוים. — (פאר 10 פערזאנען).

## זיבעטער אבשניט.

### אייערשפייזען אונ געפרעגעלטעס.

### № 371. ווייכע אייער. WEİCHE EİER. (ЯIIЦА ВЕМЯТКУ).

מען לייגט עטליכע אייער אין אנעטץ (סעטקע) אונ גלייך וויא דאס וואסער אין קעסעל נעהמט קאכען, לאזט מען עס אראב איננוויינינג, דאס נעטץ האלט מען פון אויבען צו אונ מען ציילט ביז הונדערט לאנגזאם אונ מען ציהט עס ווידער ארויס. אדער מען פאסט אויף, ביז דאס וואסער נעהמט ווידער קאכען, דאן נעהמט מען דעם קעסעל פון פייער אראב אונ מען לאזט נאך דיא אייער איינינגע מינוטען דערינען ליגען. דאן זיינען דיא אייער פלוימענווייך. וויל מען זייא האבען הארט, זא מוזען זייא לענגער אויף דעם פייער בלייבען.

### BÜHREİER (ЯИЧНИЦА ВЕМЯТКУ).
### № 372. אפאנקוכען פון געמישטע אייער.

מען שלאגט אריין דיא אייער אין טאפף, שיט צו זאלץ אונ מען צו קלאפט עס. יעטצט שטעלט מען צו פוטער אין אפאנע (סקאווארדע) אונ גלייך וויא זיא צו לויפט, גיסט מען דיא אייער הינאיין אונ מען מישט עס שטענדיג אין דיא פוטער, ביז עס ווערט אשיטערער בריא (קאשקע). מען דער לאנגט עס אויף אנווארמע שיסעל אונ מען שטרייט אויבען געשטויסענע פעפער.

### № 373. אפאנקוכען מיט שוועמלעך. BÜHREİ MİT MURCHELN.

מען נעהמט אשטאף פרישע מורכעלן (שוועמלעך) — פון טרוקענע איין אכטעל פונד — מען שטעללט זייא אויף אנווארמען ארט אונ מען גיסט ארויף פרישעס האלטעס וואסער, ביז זייא ווערען גאנץ ריין. נאכדעם לייגט מען זייא אויס

אוים אויף אזיפ, אום דאס וואסער זאל אברינען. דאן ווערען זייא צו האקט. יעטצט פיהרט מען פאנאנדער אויף אלינדען פייער איין לעפעל מעהל מיט צוויא לעפעל פוטער, גיבט צו וואסער, זאלץ, געריבענע מוסקאטנוס, געפרעגעלטע צוויבעל (אדער פארייא); טהוט אריין דיא שוועמלעך אונ מען לאזט זייא שמארען (טושען) אויף אלינדען פייער. פאר דעם דערלאנגען צום טיש, מאכט אפאנענ־קוכען פון זיבען אייער, לייגט עס אין מיטען פון אשיסעל אונ מען לייגט דיא שוועמלעך ארום אזוא וויא אקראנץ.

## VERLORENE EİER (ВЫПУСКНАЯ ЯИЧНИЦА).

## פאנאנקוכען פון גאנצע אייער. № 374.

מען צו לאזט אלעפעל פוטער אויף אפאנע (סקאווארדע), לאזט אריין אין איהר דיא צושלאגענע אייער איינציג וויים פארזיכטיג, אום זייא זאללען זיך ניט צו באלטייען; שיט זאלץ אונ מען לאזט זייא פרעגלען ביז דיא ווייסלעך ווערען שטייף.

ווען מען וויל, צו לאזט מען דיא פוטער מיט וואסער, גיסט צו צוויא לעפעל עסיג מיט עטוואס זאלץ. ווען דאס געהמט זידען, לאזט מען אריין דיא צושלאגענע אייער בעהיטזאם, זייא זאלען זיך ניט צובאלטייען.

## BÜHREİ MİT HÄRİNG. אפאננקוכען מיט הערינג. № 375.

מען וואשט, שיילט אונ מען נעהמט ארוים דיא ביינער פון הערינג אדער פון סארדעללען, צו האקט זייא גאנץ דין, צו מישט זייא מיט צושלאגענע אייער אונ מען פרעגעלט זייא אין פוטער, ביז זייא ווערען געדיכטלעך.

## BÜHREI MİT FİSCH. אפאננקוכען מיט פיש. № 376.

מען צוקלאפט אגעטריקנטען העכט אדער לעשך, צערדייסט איהם אויף שטיקלעך, צו מישט מיט צושלאגענע אייער אונ מען בראט איהם אין פוטער. דיא אייער פערוייבען דעם הארטען פיש, ציהען זיך אן מיט זיין זאלץ אונ בעקומען דאדורך אגוטען געשמאק.

## EİER ÜBER SEMMELSCHNITTE.

## אפאננקוכען מיט זעממעל. № 377.

מען לייגט דינע פענעצען בולקע (וואס איז מעהר וויא אטאג אלט) אין אפאנע (סקאווארדע) מיט צו לאזענע פוטער. מען צוקלאפט אייער מיט אביסל זאלץ אונ מען גיסט דער פון איבער דיא זעממעל. ווען דיזע ווערען פעסט, קעהרט מען זייא אום אונ מען בעגיסט זייא ווידער מיט דיא צושלאגענע אייער, נאכדעם מיט דיא קאכענדע פוטער, — אונ מען דרעהט זייא ווידער אום.

## BİLLİGERE BÜHREİER. בילליגע פאננקוכען. № 378.

מען פיהרט פאנאנדער צו שלאגענע אייער מיט אביסל מילך אונ פיינעם

מעהל

מֶעהל, גִיבְּט עֶטְוָואס זַאלְץ דַאצוּ. מֶען שְׁטֶעלְלְט צוּ פּוּטֶער אִין אַפַּאנֶע אוּנ ווִיא זִיא וָוערְט צוּ לָאזֶען, גִיסְט מֶען אַריין דִיא צוּשְׁלָאגֶענֶע אֵייֶער מִיט דִיא מִילְךְ אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס אִימְמֶער, בִּיז עֶס וֶוערְט אַשִׁיטֶערֶע קַאשֶׁע. מֶען דֶערְלַאנְגְט אִין אַוַואַרְמֶע שִׁיסֶעל.

## OMELETTE AUF CONFITURES.

## № 379. אַפְרַאנְצֶאזִישֶׁער פַּאנְנְקוּכֶען מִיט זַאפְט.

מֶען צוּ קְלַאפְּט (צוּ בַּאלְטֵייעֶט) דְרַייא גֶעלְבְּלֶעךְ, שְׁלָאגְט אוֹיף דְרַייא וַוייסְלֶעךְ צוּ אַשׁוּים, פֶערְמִישְׁט עֶס מִיט עֶטְוָואס זַאלְץ אוּנ מִיט דִיא גֶעלְבְּלֶעךְ. דֶער וַוייטֶע מַאכְט מֶען אִין אַגְרוֹיסֶע פַּאנֶע (שְׁקָאוָוארָאדֶע) אַהִיבְּשֶׁע בִּיסְל פּוּטֶער הֶעלְל בְּרוֹין, גִיבְּט דִיא שׁוֹימִיגֶע מַאסֶע דַארוֹיף אוּנ מֶען הַאלְט דָאס אוֹיף אַלִינְדֶען פֵייעֶר דְרַייא—פִיר מִינוּט, בִּיז עֶס וֶוערְט פוּן אֵיין זַייט בְּרוֹין. מֶען מוּז דִיא פַּאנֶע נָאךְ אַנַאנְד לֵייזֶע שָׁאקְלֶען אוּנ אָפְּט אוֹיךְ מִיט אַבְּרֵייטֶען מֶעסֶער דִיא אָמְלֶעטֶע עֶטְוָואס הֵייבֶּען, אוֹיךְ עֶטְוָואס רוֹיעֶ פּוּטֶער צוּלֵייגֶען. אַז דִיא אָמְלֶעטֶע אִיז פֶערְטִיג, לָאזְט מֶען אִיהר אַריין אִין אַשִׁיסֶעל, בֶּעדֶעקְט דִיא שׁוֹימִיגֶע זַייט מִיט מַארִינֶעס זַאפְט, לֵייגְט אַרִיבֶּער דִיא אַנְדֶערֶע הֶעלְפְט אוּנ בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע צוּקֶער.

## EINE ANDERE OMELETTE.

## № 380. אַיין אַנְדֶערֶער פְרַאנְצֶאזִישֶׁער פַּאנְנְקוּכֶען.

מֶען צוּ קְלַאפְּט גוּט אָנְדֶערְהַאלְבֶּען צְוֶעהֶענְדְלִיג אֵייעֶר, שִׁיט אַריין אַבִּיסֶעל צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ זַאלְץ. מֶען צוּ לָאזְט אוֹיף אַגְרוֹיסֶע פַּאנֶע אַלֶעפֶעל פּוּטֶער, טְהוּט הִינְאַיין דִיא צוּ שְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען. וֶוען זִייא וֶוערֶען בְּרוֹין, לֵייגְט מֶען זִייא אוֹיף אַשִׁיסֶעל. דֶער וַוייטֶע נֶעהְמְט מֶען אַלֶעפֶל צוּ שְׁמָאלְצֶענֶע פּוּטֶער, אַלֶעפֶעל צוּקֶער אוּנ מֶעהל, דְרַייא גְלָאזֶער שְׁמֶעטֶענֶע אוּנ פִינְף גֶעלְבְּלֶעךְ. דָאס לָאזְט מֶען קָאכֶען אִימֶער מִישֶׁענְדִיג, בִּיז עֶס וֶוערְט גֶעדִיכְט. דֶער מִיט בֶּעגִיסְט מֶען דֶעם פַּאנֶעקוּכֶען, בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּקֶער אוּנ צִימְרִינְג, אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען אוֹיף אַפֶערְטֶעל שָׁעָה.

## GEBACKENE GÃNSEEİER. № 381. גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע גֶאנְזֶע אֵייעֶר.

מֶען קָאכְט אָב אַצְוֶעהֶנְדְלִינג גֶאנְזֶעאֵייעֶר הַארְט. צוּשְׁנַיידְט זִייא אוֹיף הֶעלְפְט, נֶעהְמְט אַרוֹיס דִיא גֶעלְבְּלֶעךְ אוּנ דִיא וַוייסְלֶעךְ אוּנ מֶען צוּ בְּרֶעקֶעלְט זִייא. דַאן צוּ לָאזְט מֶען אַלֶעפֶעל פּוּטֶער, גִיסְט הִינְאַיין אַהַייפֶעל צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אָדֶער אוּקְרָאפּ, עֶטְוָואס פֶּעפֶער אוּנ אַלֶעפֶעל צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע וַוייסְבְּרוֹיט. דָאס מִישְׁט מֶען דוּרְךְ מִיט דִיא צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע אֵייעֶר, שְׁלָאגְט אַריין דְרַייא הִיהֶנֶערְשֶׁע אֵייעֶר, מִישְׁט גוּט דוּרְךְ אוּנ דֶערְמִיט פִילְט מֶען אָן דִיא שָׁאלֶעכְטְס פוּן דִיא גֶאנְזֶענְאֵייעֶר, — אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען אוֹיף צְוֶעהֶען מִינוּט.

מען

## COTELETTE VON EİERN. אַיין אֵייעֶר קָאטְלֶעט. № 382.

מֶען קָאכְט אָבּ אַצֶעהֶנְדְלִיג אֵייעֶר הַארְט, שֵׁיילְט זַייא אָבּ אוּנ מֶען צוּבְּרֶעקֶעלְט זַייא. מֶען צוּ לָאזְט אַלֶעפֶּעל פּוּטֶער, גִיבְּט הִינְאַיין דִיא צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע אֵייעֶר, שִׁיט אַרַיין צְוַוייא לֶעפֶּעל גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע זֶעמֶעל, אֵיין צוּ הַאקְטֶע אוּנ אַיינְגֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע צְווִיבֶּל, אַבִּיסְל זַאלְץ, פֶּעפֶּער, שְׁלָאגְט אַרַיין צְוַוייא רוֹיעֶ גֶעלְכְלֶעךְ אוּנ דְרַייא גַאנְצֶע אֵייעֶר. דָאס מִישְׁט מֶען אַלְץ גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען מַאכְט קָאטְלֶעטֶען. דַאן צוּלָאזְט מֶען אַלֶעפֶּעל פּוּטֶער, טוּנְקְט אַיין יֶעדֶע קָאטְלֶעטֶע אִין אַיין צוּשְׁלָאגֶענֶע אֵיי, בֶּעשִׁיט מִיט זֶעמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ אַלְטֶע, — אוּנ פְּרֶעגֶעלְט אִין דִיא פּוּטֶער. דָאס עֶסְט מֶען גֶעוֶואהנְלִיךְ מִיט אַסוֹיס אַמִילְכִיגֶע.

## EİERKUCHEN. בְּלִינֶעס. № 383.

מֶען שְׁלָאגְט אוֹיף פִינְף אֵייעֶר מִיט אַלֶעפֶּעל צוּלָאזֶענֶע פּוּטֶער אוּנ עֶטְוָואס זַאלְץ; מֶען שִׁיט צוּ אַבִּיסְל מֶעהל, פִירְט פַאנַאנְדֶער אַטֵייג אוּנ מֶען גִיסְט צוּ מִילְךְ, אַז עֶס זָאל קֵיין קָאמֶעס נִיט זַיין. מֶען שִׁיט ווִיעדֶער צוּ מֶעהל, מִישְׁט דוּרְךְ, — אוּנ אַזוֹא טְהוּט מֶען, בִּיז עֶס וֶוערֶען פֶערְבְּרוֹיכְט פִיר גְלֶעזֶער מִילְךְ, אוּנ מֶען דַארְף זֶעהֶען דֶער טֵייג זָאל וֶוערֶען אַשִׁיטֶערֶער (אַגְלֶארֶע). דַאן וַוארְמְט מֶען אָן אַפַּאנֶע (אַשְׁקָאוָוארָאדֶע) אַפֶּען פַייעֶר, שְׁמִירְט אִיהר אוֹיס מִיט פּוּטֶער גִיסְט אַרוֹיף אַלֶעפֶּעל פוּן דֶעם שִׁיטֶערְן טֵייג (גְלֶארֶע) אוּנ לָאזְט עֶס פַאנַאנְדֶער לוֹיפֶען אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶע פַאנֶע. וֶוען דָאס בַּאקְט זִיךְ אַיין, קֶעהרְט מֶען עֶס אוּם אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זַייט, — אוּנ וֶוען דִיזֶע וֶוערְט אַיינְגֶעבַּאקֶען, וַוארְפְט מֶען זִיא אַרוֹיס אוֹיף אַפְּלַאכֶע שִׁיסֶעל. אַזוֹא בַּאקְט מֶען אוֹיס דִיא גַאנְצֶע מַאסְסֶע אוּנ מֶען מוּז צוּ יֶעדֶען מָאל אוֹיס שְׁמִירֶען דִיא פַאנֶע מִיט פּוּטֶער.

דִיא פַארְטִיגֶע בְּלִינֶעס בֶּעדֶעקְט מֶען מִיט וַוארֶעמֶעס. לֵייגְט זַייא צוּזַאמֶען אוּנ מֶען פְּרֶעגֶעלְט זַייא צוּ אוֹיף דֶער פַאנֶע אִין פּוּטֶער.

צוּ לַאטְקֶעס אָדֶער פַּאמְפּוּשְׁקֶעס מַאכְט מֶען אַגֶעדִיכְטֶערֶעם טֵייג (גְלֶארֶע) מִיט אַבִּיסְל הֵייוֶען אוּנ מֶען בַּאקְט זַייא קְלֶענֶער אוּנ דִיקֶער.

## EİERKUCHEN GEFÜLLT MİT FLEİSCH.
## בְּלִינְצֶעס מִיט פְלֵייש. № 384.

מֶען מַאכְט דִיא בְּלִינֶעס בְּלֶאטֶער, ווִיא אִין פָארִיגֶען נוּמֶער נָאר אוֹיף אַיין זַייט, אוּנ דֶער צוּ מַאכְט מֶען דִיזֶעס גֶעפִילֶעכְטֶס: מֶען צוּ הַאקְט גֶעקָאכְטֶע פְלֵייש, שִׁיט צוּ זַאלְץ, פֶּעפֶּער, גִיבְּט צוּ צְוַוייא גֶעלְכְלֶעךְ אוּנ אֵיין גַאנְצֶעס אֵיי; מֶען פְּרֶעגֶעלְט צוּ אַבִּיסְל צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע צְווִיבֶּעל אִין אַלֶעפֶּעל פֶעט. דָאס מִישְׁט מֶען אַלְץ דוּרְךְ, גִיבְּט צוּ עֶטְוָואס מוּסְקַאט נוּס. דִיזֶעס גֶעפִילֶעכְטֶס לֵייגְט מֶען אוֹיף דִיא בְּלִינֶעס. מֶען לֵייגְט זַייא אֵיינֶע אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע אוּנ מֶען קְלֶעפְּט זַייא אַם רַאנְדֶע צוּזַאמֶען; אָדֶער מֶען לֵייגְט יֶעדֶע אַפַּארְט צוּזַאמֶען דְרַייא עֶקִיג אָדֶער פִיר עֶקִיג,

אדער

אדער מען קיקעלט וויא איין יעדע וויא אטרובקע אונ צו שנידט וויא שראג ;
מען טונקט יעדע בלינצע , אדער יעדעס שטיק , אין צו שלאגענע אייער , בעשיט
וויא מיט צו שטויסענע צוויבאק (סובארעס) אונ מען פרעגלט וויא איין פעט .

## EIERKUCHEN GEFÜLLT MIT MANDELN.

## בלינצעס מיט מאנדלען . № 385.

אנעפילעכטס פון מאנדלען צו בלינצעס מאכט מען אזוא : אפערטל פונד זיסע מאנדלען אונ עטליכע שטיק ביטערע צושטויסט מען אונ מען צו מישט מיט דרייא לעפעל מעלעס צוקער אונ פיר געלכלעך רויע . מען גיבט צו דעם שוים , וואס מען שלאגט אויף פון דיא געבליבענע ווייסלעך , מען מישט אויס לאנגזאם , פילט דאמיט יעדע בלינע אונ מען פרעגעלט צו ביז ברוין .

## EIERKUCHEN MIT REIS. בלינצעס מיט רייז . № 386.

מען קאכט אויף פיר גלאזער מילך , גיבט הינאיין אהאלבע לעפעל פוטער , נאכדעם אהאלב פונד אבגעבריהטען רייז , צווייא לעפעל מעלעס צוקער , — אונ דאס קאכט מען אויס אגעדיכטע קאשע . מען פערמישט דערינען דרייא געלכלעך , אויך דעם שוים פון דיא ווייסלעך , עטוואס צימרינג ; מישט דאס לאנגזאם דורך אונ מען פילט דער מיט אן דיא בלינעס , ליינט זייא אין אפאנע , וואס איז אויסגעשמירט מיט פוטער אונ אויס געשטרייט מיט צוויבאק ברעקלעך .

אנעפילעכטס צו בלינצעס מיט צוואראך :

מען דריקט אויס פיר גלאזער פרישען ניט זויערן צוואראך , מען רייבט גוט דורך מיט דרייא אייער אונ צווייא לעפעל שמעטענע , גיבט הינאיין צווייא לעפעל מעלעס צוקער , אביסל קליינע ראזינקעס . דאס רייבט מען אלץ דורך אין איין מאסע אונ מען פילט דאמיט דיא בלינצעס .

## APFELEIERKUCHEN. עפעל בלינעס . № 387.

דיא גלארע (דער שיטערער טייג) וויא אויבען איז אנגעגעבען . דיא עפעל ווערען געשיילט . אונ אין פענעצען געשניטען , אין הייסע פוטער געלייגט אונ מיט צוקער אונ צימרינג בעשטרייט . מען לאזט זיא עטליכע מינוט טושען צוגעדעק-טערהייט אונ דאן גיסט מען דאראיבער פון דער גלארע אונ מען שטעכט דיא עפעל איין , אום זיא זאל הינאונטער לויפען . דאס דער לאנגט מען מיט צוקער אונ צימרינג בעשטרייט .

## CITRONEN-EIERKUCHEN. צוטרינבלינעס . № 388.

מען פערמישט זעכס אייער מיט 1½ לעפעל מעהל , דעם זאפט פון צווייא צוטרינען , אנגעריבענע שאלעכטס פון אצוטרין , צוקער אונ אביסל זאלץ . דאס מישט מען אונ מען קלאפט גוט דורך , נאכדעם גיבט מען צו דעם שנייא פון דיא

אויפגעשלאגענע

אויפְגֶעשְׁלָאגֶענֶע זֶנְבֵּס וַוייסְלֶעךְ אוּנ מֶען בַּאקְט דיא מַאסֶסֶע אִין דֶער פַּאנֶע (שְׁקָאוֶועדָאדֶע) נָאר אויף אֵיין זַייט .

## REİS KUCHEN. . רַייז בְּלִינֶעס № 389.

מֶען קָאכְט אוּיס אַהַאלְבּ פוּנְד רַייז אִין אַשְׁטָאף מִילְךְ , גִיבְּט הִינְאַיין עֶטְוָואס זַאלְץ , אָנְגֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס , אַפָּאר לֶעפֶּעל וַוייצֶענְמֶעהל אוּנ פִּיר אֵייעֶר . מֶען צוּ לָאזְט אִין דֶער פַּאנֶע פּוּטֶער אוּנ מֶען גִיסְט דַארוֹיף אַפְּלַאכֶע בְּלִינֶע פוּן דֶער רַייז מַאסֶסֶע . וֶוען דִיזֶע וֶוערְט אַיינְגֶעבַּאקֶען אוּנ פֶּערְבְּרוֹינְט , קֶעהְרְט מֶען זִיא אוּם אוּנ מֶען לָאזְט זַייא בַּאקֶען הֶעלְל בְּרוֹין , אוּנ אַזוֹא וַוייטֶער דִיא אִיבְּרִיגֶע . בַּיין דֶערְלַאנְגֶען צוּם טִישׁ וֶוערֶען זַייא מִיט צוּקֶער בֶּעשְׁטְרַייט .

## KARTOFFEL-KUCHEN. . (בְּלִינֶעס) קַארְטָאפֶּעל קוּכֶען № 390.

דִיא קַארְטָאפֶּעלְן , וָואס וֶוערֶען אָבְּגֶעקָאכְט מִיט אַטָאג פְרִיעֶר , שֵׁיילְט מֶען אָבּ אוּנ מֶען צֶערְרַייבְּט זַייא . מֶען גִיבְּט הִינְצוּ עֶטְלִיכֶע לֶעפֶּעל וַוייצֶענְמֶעהל , עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר , זַאלְץ אוּנ דִין צֶערְרִיבֶּענֶע בִּיטֶערֶע מַאנְדְלֶען . דָאס מִישְׁט מֶען גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען מַאכְט אַטֵייג . דֶער פוּן מַאכְט מֶען קְלֵיינֶע קוּכֶען , אָדֶער מֶען מַאכְט דֶעם טֵייג שִׁיטֶער מִיט מִילְךְ אוּנ מֶען מַאכְט דֶער פוּן בְּלִינֶעס . אוֹיף דִיא סְקָאוָוארָאדֶע (פְּפַאנֶע) , — אוּנ מֶען פְּרֶעגְלְט זַייא אִין פּוּטֶער . מֶען דֶערְלַאנְגְט זַייא צוּם טִישׁ מִיט צוּקֶער בֶּעשְׁטְרַייט .

## RUSSİSCHE BLINI. . רוּסִישֶׁע בְּלִינֶעס № 391.

מֶען פֶּערְמִישְׁט מִיט אַטָאג פְרִיעֶר אַשְׁוַואכֶען טֵייג פוּן מֶעהל מִילְךְ אוּנ הֵייבֶען . אוֹיף מָארְגֶען צְוַוייא שְׁטוּנְדֶען פַאר דֶעם בַּאקֶען גִיבְּט מֶען צוּ רֶעצְקֶע מֶעהל , פִיהְרְט פַאנַאנְדֶער מִיט וַוארְמֶער מִילְךְ אוּנ מֶען לָאזְט דֶעם טֵייג אוֹיפְגֶעהֶען . דִיזֶער טֵייג דַארְף זַיין עֶטְוָואס גֶעדִיכְטֶער , וִויא אוֹיף בְּלִינְצֶעס , נָאר עֶר זָאל זִיךְ קֶענֶען גִיסֶען מִיט אַלֶעפֶּעל . פַאר דֶעם גִיסֶען דִיא בְּלִינֶעס . פֶּערְמִישְׁט מֶען אִין דֶעם טֵייג דֶעם שׁוֹים , וָואס מֶען הָאט אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶען פוּן עֶטְלִיכֶע אֵייוַוייסְלֶעךְ . דַאן בְּרֶענְט מֶען אָן דִיא שְׁקָאוָוארָאדֶע (פַאנֶע) הֵייס ; מֶען נֶעהְמְט אַשְׁטִיקֶל וַואטֶע אוּנ מֶען וִויקֶעלְט אַיין אִין אַלַיינְוַואנְד . דָאס טוּנְקְט מֶען אַיין אִין דִיא פּוּטֶער אוּנ שְׁמִירְט דַאמִיט אוּיס דִיא שְׁקָאוָוארָאדֶע . מֶען גִיסְט אַרוֹיף דֶעם שִׁיטֶערְן טֵייג , עֶר זָאל זִיךְ אַוֶועק לוֹיפֶען אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע פַאנֶע אוּנ מֶען בַּאקְט אִין אַהֵייסֶען אוֹיבֶען אוֹיף גְלִיהֶענְדֶע קוֹילֶען . דִיא בְּלִינֶעס דַארְף מֶען נִיט אוּמְקֶעהְרֶען ; מֶען נֶעהְמְט זַייא אַרָאבּ , וֶוען זַייא הֵייבֶּען זִיךְ אוֹיף אוּנ וֶוערֶען אוֹיבֶען פֶּערְבְּרוֹינְט . מֶען בַּאקְט בְּלִינֶעס אוֹיךְ אוֹיף אַפְּלִיטֶע , אָבֶּער אִין דִיזֶען פַאלְל , וֶוען זַייא זַיינֶען גוּט אַיינְגֶע־בַּאקֶען פוּן אֵיין זַייט , מוּז מֶען זַייא אוּמְקֶעהְרֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶער זַייט , בִּיז דִיזֶע וֶוערְט פֶּערְבְּרוֹינְט . וֶוער עֶס וִויל בַּאקֶען פִיל , בַּאקְט זַייא אוֹיף דְרַייא פַאנֶען אוֹיף אַמָאל . דִיא פַארְטִיגֶע בְּלִינֶעס דַארְף מֶען הַאלְטֶען אִין אוֹיבֶען . מֶען דֶערְלַאנְגְט

דיא בלינעס צום טיש צו געדעקט מיט אסערוועטקע, מיט צו שמאלצענע פוטער אדער שמעטענע.

BLÎNÎ VON BUCHWEÎZEN MEHL.

№ 392. בלינעס פון רעצקע מעהל מיט אייער.

מען מישט צו זאמען 12 גלאזער רעצקע מעהל מיט 4 גלאזער ווייצענ-מעהל, פיר גלאזער פון דיזער פערמישונג בעגיסט מען מיט ווארמען וואסער, מישט דורך אונ מען לאזט שטעהען. דאן שלאגט מען אריין אין דיזע מאססע 9 גאנצע אייער, גיסט אריין 4 לעפעל צולאזענע פוטער אונ אגלאז הייבען. מען דער לייגט דאס איבריגע מעהל, פיהרט עס פאנאנדער מיט ווארמען וואסער אונ מען מאכט אטייג עטוואס געדיכטער, וויא אויף בלינצעס, מען לאזט אויפגעהען אונ מען באקט דיא בלינעס, וויא געזאגט.

BLÎNÎ VON WEIZEN MEHL. בלינעס פון ווייצענמעהל. № 393.

מען מישט גוט דורך דרייא גלאזער ווארמע מילך מיט אגלאז צו לאזענע פוטער, זעכס אייער, מעהל, וויא פיל עס פארדערט זיך, אונ מיט צווייא לעפעל הייבען. מען לאזט דעם טייג אויף געהען אונ מען באקט דיא בלינעס אויף קליינע פאנען.

BLÎNÎ-NUDELN. בלינצעס לאקשען. № 394.

מען צו שניידט דיא אפגענאסענע בלינעס בלאטער אין ברייטע לאקשען, גיבט זייא אין צו שמאלצענע פוטער אפאר גלאזער אונ מען לאזט זייא פרעגלען, ביז זייא ווערען ברוין. נאכדעם ווארפט מען זייא אויף אזיפ, לאזט דיא פוטער אבלויפען, ווארפט דיא לאקשען אין אקאסטרולע, בעשטרייט זייא מיט צוקער אונ מיט צימרינג אונ מען שטעלט זייא אין אווארמען אויבען.

דער צו מאכט מען דיזע סוס: מען שלאגט אויף זעכס געלכלעך מיט פיר לעפעל מעלעס צוקער, פיהרט דאס פאנאנדער מיט צווייא גלאזער טיש וויין אונ מען לאזט עס אננווארמען אויף אלייכטען פייער, אימער מישענדיג מיט אבעזימל. ווען עס געהט אויף אשוים, בעגיסט מיט דיזער סוס דיא בלינצעס לאקשען אויפען שיסעל אונ מען דערלאנגט צום טיש.

ENGLÎSCHE EÎERKUCHEN. ענגלישע בלינעס. № 395.

מען מישט גוט דורך אגלאז מעהל מיט אגלאז געלכלעך, אונ אזוא פיל שמעטענע, פוטער אונ צוקער. גיבט צו אנגעריבענע צוטרינשאלעכטס אונ פאר דעם פרעגלען אויך דעם שוים פון דיא אויפגעשלאגענע געבליבענע ווייסלעך. מאכט דער פון אשיטערן טייג אונ מען באקט דער פון בלינעס אויף אפאנע, ווען מען דארף נאר איין מאל אויס שמירען מיט פוטער, אונ דער נאך באקט מען טרוקענערהייט אונ

און נאר אויף איין זייט; מען האלט דיא פאנע פאר דעם פייער, אום זיא זאלען זיך אויבען אויך איינבאקען. דיא פארטיגע בלינעס לייגט מען אויף אשיסעל איינע אויף דיא אנדערע און מען בעשמירט יעדע מיט פוטער און מען דערלאנגט מיט דיזער כיים.

מען דריקט אוים דעם זאפט פון צוויא ליטאנען, פערמישט מיט אהאלבע גלאז הייסען ווין און צוויא לעפעל צוקער.

אנדערע בעשמירען דיא בלינעס מיט דעם שוים פון אויפגעשלאגענע געלכלעך מיט צוקער, לאזט צו באקען און מען דער לאנגט מיט וואראניעס.

## GEBACKENE KRÄPPEL. געפרעגעלטע קרעפלעך. № 396.

מען מאכט אטייג וויא צו לאקשען, וועלגערט אוים און מען שניידט דער פון פירעקיגע שטיקקע. דער צו מאכט מען אגעפילעכטס פון פרוכטען אזוא: מען פערמישט געהאקטע עפעל מיט גרויסע ראזינקעס צו האקטע, זיסע מאנדלען געשיילטע און צו שטויסענע, געריבענע צוטרינשאלעכטס, צוקער און צימרינג. דאס לייגט מען אויף יעדען שטיק פון דעם בלאט לאקשען, לייגט עס צו זאמען דרייעקיג און מען קלאפט צו. דיזע ווערען געפרעגעלט אין פוטער, צו אין שמאלץ און נאכהער איינגעקייקעלט אין צוקער און אין צימרינג.

## GEBACKENE GEFÜLLTE KLÖSSE.
## געפרעגעלטע קניידלעך געפיללטע. № 397.

מען מאכט אטייג פון געווייקטע זעמעל און אוים געדריקט מיט עטליכע אייער, צוקער, עטוואס זאלץ און פעט אדער פוטער. (אויף 5 קאפייקען זעמעל 7 אייער). דער טייג דארף זיין ווייך. דאס געפילעכטס מאכט מען, וויא אין פאריגען נומער. דאן געהמט מען פון דעם טייג, וויא פיל צו אקניידעל גייטיג איז דריקט עס צו אויף דער האנד בראט, לייגט אויבען דאס געפילעכטס און דריקט דעם טייג פון אלע זייטען ארויף צו זאמען זא, אז עס קומט דער פון ארוים אקניידעל רונד אדער אוואל (לענגליך). יעצט טונקט מען איין דיא האנד אין קאלטעס וואסער, שטרייכט דיא קניידעל דאמיט גלאט און מען באקט זיא אין פעט אדער פוטער.

## GEBACKENE SEMMEL. (ГРѢНКИ). געפרעגעלטע בולקע. № 398.

מען שלאגט אויף עטליכע אייער מיט מילך. מען שניידט ארום דיא הארטע (קארע) פון זעממעל, צו שניידט זיא אין דינע פענעצען, טונקט יעדע איין אין צו שלאגענע אייער, בעשטרייט מיט געברעקעלטע צוויבאק און מען פרעגעלט זיא אין הייסע פוטער. ווען מען דער לאנגט צום טיש, בעשטרייט מען מיט צוקער און צימרינג.

### № 399. דָאס זָעלְבֶּע מִיט וַוארֶענֶיְעס אָדֶער מַארְמֶעלַאד.

דִיא פֶּענֶעצֶען בּוּלְקֶע בֶּעשְׁמִירְט מֶען פוּן אַיין זַייט מִיט וַוארֶענְיֶעס אָדֶער מַארְמֶעלַאד, דֶעקְט יֶעדֶע צוּ מִיט נָאךְ אַפֶּענֶעצֶע וֶעמְמֶעל נִיט אַבֶּעשְׁמִירְטֶע, טוּנְקְט אַיין אִין מִילְךְ, וֶועלְכֶע מֶען הָאט אַרַיין גֶעשְׁלָאגֶען עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר; בֶּעשְׁטְרַייט מִיט צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע צְווִיבַּאק אוּנ מֶען פְּרֶעגֶעלְט זַייא אַיין אִין הֵייסֶע פוּטֶער, בִּיז זַייא וֶוערֶען הֶעלְל בְּרוֹין. וֶוען מֶען דֶערְלַאנְגְט זַייא, בֶּעשְׁטְרַייט מֶען מִיט צוּקֶער.

### № 400. דָאס זֶעלְבֶּע מִיט מַאנְדְלֶען.

מֶען בְּרִיהט אָבּ אַפֶּערְטְל פוּנְד זִיסֶע אוּנ עֶטְלִיכֶע שְׁטִיק בִּיטֶערֶע מַאנְדְלֶען, צוּ שְׁטוֹיסְט זַייא, נָאר נִיט גַאנְץ דִין אוּנ בֶּעשְׁפְּרִיצְט זַייא מִיט וַואסֶער. דַאן טְרִיקֶענְט מֶען זַייא אוֹיס אוֹיף אַפַּאנֶע, אוֹיף הֵייסֶע קוֹילֶען, אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג. מֶען צוּ לָאזְט אַלֶעפֶּעל פוּטֶער, גִיבְּט הִינְאַיין צְוַוייא גֶעלְכְלֶעךְ אוּנ צְוַוייא גַאנְצֶע אֵייעֶר, דִין צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע מַאנְדְלֶען, דְרַייא לֶעפֶּעל מֶעלֶעס צוּקֶער אוּנ אַלֶעפֶּעל צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק. דָאס אַלְץ מִישְׁט מֶען גוּט דוּרְךְ, טְהוּט אַרַיין דֶעם שׁוֹים פוּן אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶענֶע צְוַוייא וַוייסְלֶעךְ, אוּנ מִיט דֶער מַאסֶע בֶּעשְׁטְרַייכְט מֶען דִיא פֶּענֶעצֶען בּוּלְקֶע, לֵייגְט זַייא פָּאר וַוייס אוּנ מֶען פְּרֶעגֶעלְט זַייא אִין פוּטֶער, פְרִיעֶר אַיינְטוּנְקֶענְדִיג אִין צוּ שְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר מִיט מִילְךְ.

### RUSSİSCHE KRÄPPEL (ПИРОЖКИ). פִּירָאזְקֶעס. № 401.

מֶען נֶעהמְט אוֹיף אַפוּנְד מֶעהל אַלֶעפֶּעל גֶעדִיכְטֶע הֵייוֶוען אָדֶער אַהַאלְבּ לוֹיט טְרוּקֶענֶע אוּנ אַלֶעפֶּעל פֶּעטְס צוּ לָאזֶענֶע (אָדֶער שְׁמַאלְץ). פִּיהְרְט דָאס פַאנַאנְדֶער מִיט וַואסֶער, קְנֶעט גוּט אוֹיס, גִיבְּט צוּ דְרַייא אֵייעֶר, קְנֶעט גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אוֹיפְגֶעהֶען.

מֶען צוּ הַאקְט ³/₄ פוּנְד פְלֵייש מִיט אַפֶּערְטִיל פוּנְד פֶּעטְס אוּנ צְוַוייא צְווִיבֶּעלְן; מִישְׁט עֶס גוּט דוּרְךְ, גִיבְּט אִין אַקַאסְטְרוּלֶע, גִיסְט צוּ צְוַוייא לֶעפֶּעל בּוּלְיָאן אוּנ לָאזְט עֶס טוּשֶׁען. נַאכְדֶעם וַוארְפְט מֶען דִיא מַאסֶע אוֹיף אַבְּרֶעט, שִׁיט צוּ זַאלְץ, פֶּעפֶּער, צוּ הַאקְט אוּנ מִישְׁט דוּרְךְ נָאךְ אַמָאל. דַאן נֶעהמְט מֶען אַשְׁטִיק פוּן דֶעם טֵייג, מַאכְט עֶס פְּלַאךְ, לֵייגְט אוֹיבֶּען אַשְׁטִיקֶעל פוּן דֶעם גֶעפִילְלֶעכְטֶס, נֶעהמְט צוּ זַאמְמֶען דֶעם רַאנְד פוּן דֶעם שְׁטִיקֶיל טֵייג, אַז עֶס זָאל אוֹיס קוּמֶען רוּנְד, אוּנ מֶען לֵייגְט עֶס אַפֶּען טִישׁ. אַזוֹיא מַאכְט מֶען מִיט דִיא אִיבְּרִיגֶע. וֶוען אַלֶע פִּירָאזְקֶעס זַיינֶען פֶּערְטִיג אוּנ אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, לָאזְט מֶען זַייא אַרַיין אֵיינְצִיגְוַוייס אִין צוּ שְׁמָאלְצֶענֶעס פֶּעט אוּנ מֶען פְּרֶעגֶעלְט זַייא. מֶען דֶער לַאנְגְט זַייא צוּם טִישׁ הֵייסֶערְהֵייט.

### FRANZÖSİSHE KRÄPPEL. פְרַאנְצֶאזִישֶׁע פִּירָאזְקֶעס. № 402.

מֶען צוּ בְּרֶעקֶעלְט רֵיינֶעס רִינְדֶער פֶּעט אוּנ צוּ שְׁטוֹיסְט עֶס אִין אַשְׁטוּפֶּקֶע אַיין אָנְגֶעוַוארֶעמְטֶע. מֶען צוּ הַאקְט אַהַאלְבּ פוּנְד רוֹיעֶס קַאלְבְּס פְלֵייש, גִיבְּט צוּ

אוים

אוים גֶעווַייקְטֶע אונ אוים גֶעדְרִיקְטֶע זֶעמְמֶעל, אַבִּיסיר גֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע צְווִיבֶּעל, עֶטְוָואס פֶּעפֶּער, זַאלְץ, אֵיין אֵיי אונ פֶּעטְרוּשְׁקֶע, דָאס אַלְץ צו מִישְׁט מֶען מִיט דֶעם פֶעט. מֶען וֶועלְגֶערְט אוים אַטֵייג דִיק, שְׁנַיידְט אוים מִיט אַגְלָאז רוּנְדֶע שְׁטִיקֶער, בֶּעשְׁטְרַייכְט אַהֶעלְפְט פוּן דִיזֶע רוּנְדֶע שְׁטִיקֶער טֵייג מִיט צוּ שְׁלָאגֶענֶע אֵיי, לֵייגְט אוֹיף יֶעדֶע אַשְׁטִיקְל פוּן דֶעם גֶעפִילְלֶעכְטְס, דֶעקְט אוֹיבֶּען צו מִיט אֵיין אַנְדֶער שְׁטִיק נִיט אַבֶּעשְׁטְרַייכְטֶע, קְנַייפְּט דֶעם רַאנְד צו זַאמְמֶען אונ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען אוֹיף אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע.

## № 403. פִּירָאזֶקְעס מִיט פִּישׁ.

מֶען צוּ שְׁנַיידְט דִיא פִּישׁ אִין שְׁטִיקְלֶעךְ אונ מֶען בֶּעזַאלְצְט; מֶען בְּרָאט צוּ אָנְגֶעבְּרֶעקְעלְטֶע צְווִיבֶּעל אונ דִיא פִּישׁ אִין פּוּטֶער, בֶּעשִׁיט מִיט פֶּעפֶּער; מֶען צוּ הַאקְט עֶס אונ מֶען פֶערְמִישְׁט דְרִינֶען 2—3 אֵייעֶר הַארְטֶע צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע,— אונ מֶען לֵייגְט דֶער פוּן אַפֶּען טֵייג אונ מֶען פֶערְקְלֶעפְּט וִויא קְרֶעפְּלֶעךְ אונ מֶען פְּרֶעגֶעלְט.

דֶער צוּ מַאכְט מֶען אַזַא טֵייג: מֶען פֶערְקְנֶעט אַפוּנְט גוּטֶעס מֶעהל מִיט אַהַאלְבּ פוּנְד אוים גֶעוַואשֶׁענֶע פּוּטֶער, קַאלְטֶע צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע. מֶען שְׁלָאגְט אוֹיף 3—4 אֵייעֶר מִיט אַבִּיסִיל וַויין, אָדֶער קַאלְטֶען וַואסֶער. פֶערְקְנֶעט דֶער מִיט דֶעם טֵייג בִּיז עֶס וֶוערְט שְׁטֵייף. דָאס וֶועלְגֶערְט מֶען אוים וִויא אַבְּלַאט לָאקְשֶׁען, לֵייגְט צוּ זַאמְמֶען אִין פִירֶען אונ וֶועלְגֶערְט וַוייטֶער פַאנַאנְדֶער, לֵייגְט ווִידֶער צוּ זַאמְמֶען אונ לָאזְט עֶס אַזוֹיא לִיגֶען עֶטְלִיכֶע מִינוּט; וֶועלְגֶערְט ווִידֶער פַאנַאנְדֶער אונ דַאן שְׁנַיידְט מֶען עֶס אִין שְׁטִיקֶער מִיט אַגְלָאז אונ מֶען פִילְלְט אָן מִיט דֶעם גֶעפִילְלֶעכְטְס דִיא פִּירָאזֶקְעס.

## № 404. פִּירָאזֶקְעס מִיט שְׁוֶועמְלֶעךְ.

מֶען פְּרֶעגֶעלְט אֵיין צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע צְווִיבֶּעל אִין פּוּטֶער אונ אַלֶעפֶּעל מֶעהל, אונ מֶען פֶערְמִישְׁט מִיט שְׁוֶועמְלֶעךְ אוֹיסְגֶעקַאכְטֶע אונ צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע; גִיבְּט צוּ אַלֶעפֶּעל שְׁמֶעטֶענֶע, מִישְׁט עֶס גוּט דוּרְךְ אַפֶּען פַייעֶר, לָאזְט דַאן אָפְּקִיהלֶען. דֶער צוּ מַאכְט מֶען אַטֵייג וִויא אִין פָארִינֶען נוּמֶער. פִילְט מִיט דִיזֶער מַאסֶע אָן דִיא פִּירָאזֶקְעס אונ מֶען פְּרֶעגֶעלְט זֵייא אִין פּוּטֶער.

מֶען קֶען אִין דֶעם גֶעפִילְלֶעכְטְס גֶעבֶּען הַארְט גֶעקָאכְטֶע אֵייעֶר צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע; אַנְשְׁטָאט דָאס מֶעהל קֶען מֶען גֶעהמֶען צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע צְווִיבַּאק.

## № 405. פִּירָאזֶקְעס פוּן קַארְטָאפֶּעלְן.

מֶען רַייבְּט דוּרְךְ אַזִיפּ אָבְּגֶעקָאכְטֶע אונ אָבְּגֶעשֵׁיילְטֶע קַארְטָאפֶּעלְן; מֶען פְּרֶעגֶעלְט אֵיין אִין פּוּטֶער צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע צְווִיבֶּעל, פֶערְמִישְׁט מִיט דִיא קַארְטָאפֶּעלְן, גִיבְּט צוּ גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע זֶעמְמֶעל, עֶטְלִיכֶע גֶעלֶבְּלֶעךְ, — אונ מֶען רַייבְּט דָאס דוּרְךְ אֵיין-אֵיין מַאסֶע. מֶען בֶּעשְׁטְרֵייט דָאס קוּכֶענְבְּרֶעט מִיט מֶעהל אונ מֶען לֵייגְט

דארויה

דַארוֹיף דִיא קְלֵיינֶע בְּלִינֶקעס, וָואס אִיז גֶעמַאכְט פוּן דֶעם טֵייג; מֶען בֶּעשְׁטְרַייכְט זַייא מִיט צוּ שְׁמָאלְצֶענֶע פוּטֶער, קַייקֶעלְט זַייא אַיין, וִויא טְרוּבְּעצְקֶעס, טוּנְקְט זַייא אַיין אִין צוּ שְׁלָאגֶענֶע אֵייא, בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט סוּכַארֶעס אוּנ מֶען פְּרֶעגֶעלְט זַייא אִין הֵייסֶע פוּטֶער.

## № 406. פִּירָאזֶקעס מִיט צְוָואַראךְ.

מֶען מִישְׁט גוּט דוּרְךְ זֶעקְס גֶעלְבְּלֶעךְ מִיט אַדְרִיטְל פוּנְד צוּ לָאזֶענֶע פוּטֶער אוּנ עֶטְוָואס צוּקֶער. דָאס וַוארְמְט מֶען דוּרְךְ אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף אוֹיף זֶעקְס גְלֶאזֶער מֶעהל. מֶען קְנֶעט דָאס דוּרְךְ, גִיסְט אַרַיין אַגְלֶעזֶעל הֵיוֶוען אוּנ שְׁטֶעלְט דֶעם טֵייג אוֹיפְגֶעהֶען אוֹיף אַוַוארֶעמֶען אָרְט. דַאן קְנֶעט מֶען ווִידֶער פַאנַאנְדֶער דֶעם טֵייג, צוּ טְהֵיילְט אִיהם אוֹיף אַכְט טְהֵייל, שְׁמִירְט אוֹיס פֶערְטְלֶען פַּאפִּיר מִיט פוּטֶער אוּנ מֶען לֵייגְט אוֹיף יֶעדֶערֶע דִיא פְּלַאכֶע שְׁטִיקֶער טֵייג, אוּנ דֶערוֹיף לֵייגְט מֶען דָאס גֶעפִּילְלֶעכְטְס פוּן צְוָואַראךְ, וֶועלְכֶער וֶוערְט פֶערְמִישְׁט מִיט צוּקֶער, גֶעלְבְּלֶעךְ פוּן אֵייעֶר, קְלֵיינֶע רָאזִינֶקעס. מֶען לֵייגְט יֶעדֶע שְׁטִיק צוּ זַאמְמֶען אוּנ מֶען זֶעצְט זַייא אוֹיף פַּאפִּיר אִין אוֹיבֶען. וֶוען זַייא וֶוערֶען פַארְטִיג, נֶעהמְט מֶען אַרָאב דָאס אָנְגֶעבְּרֶענְטֶע פַּאפִּיר אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט דִיא פִּירָאזֶקעס מִיט צוּלָאזֶענֶע פוּטֶער אָדֶער שְׁמֶעטֶענֶע; יֶעדֶע מוּז זַיין בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּקֶער אוּנ צִימְרִינְג.

## KRÄPPEL GEFULLT MİT PİLZ. (ВАРЕНИКИ)

## № 407. קְרֶעפְּלֶעךְ מִיט שְׁוֶועמְלֶעךְ.

מֶען וַואשְׁט אִיבֶּער דִיא שְׁוֶועמְלֶעךְ, קָאכְט זַייא אָב וֵוייךְ אוּנ מֶען צוּ הַאקְט זַייא. דַאן פְּרֶעגֶעלְט מֶען אַיין אִין אַלֶעפֶּעל פוּטֶער אַצוּהַאקְטֶע צְוִויבֶּעל, פֶערְמִישְׁט עֶס מִיט דִיא שְׁוֶועמְלֶעךְ, אַפָּאר אֵייעֶר הַארְט גֶעקָאכְטֶע, זַאלְץ אוּנ פֶעפֶער. מֶען וֶועלְגֶערְט אוֹיס אַטֵייג, וָואס אִיז פֶערְקְנָאטֶען פוּן אֵייעֶר, וַואסֶער אוּנ מֶעהל, — אַזוֹיא וִויא אַבְּלַאט לָאקְשֶׁען; מֶען צוּ שְׁנֵיידְט עֶס אִין פִּירְעֶקִיגֶע אָדֶער, מִיט אַגְלָאז, רוּנְדֶע שְׁטִיקֶער, פִּילְט זַייא אָן מִיט דֶעם גֶעפִּילְלֶעכְטְס אוּנ מֶען קְלֶעפְּט צוּ זַאמְמֶען דִיא בְּרֶעגֶעס אוּנ לָאזְט זַייא אַרַיין אִין קָאכֶענְדֶען מִילְכִיגֶען יוֹיךְ אָדֶער אַזוֹיא אִין קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער. וֶוען זַייא שְׁווִימֶען אַרוֹיף, נֶעהמְט מֶען זַייא אַרוֹיס מִיט אַזַיילֶעפֶּעל אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט זַייא צוּם טִישׁ מִיט צוּ לָאזֶענֶער פוּטֶער.

צוּ אַפְלֵיישׁ גֶעפִּילְלֶעכְטְס: צוּ הַאקְט מֶען פְלֵיישׁ מִיט שְׁמַאלְץ (אָדֶער פֶעט) אוּנ צְווִיבֶּעלְן, זַאלְץ, פֶעפֶּער; פִּילְט אָן דֶער מִיט דִיא פִּירְעֶקִיגֶע שְׁטִיקֶער פוּן דֶעם בְּלַאט לָאקְשֶׁען, לֵייגְט אוּנ קְלֶעפְּט צוּ זַאמְמֶען דִיא בְּרֶעגֶעס אוּנ לָאזְט זַייא אַרַיין אִין אַקָאכֶענְדֶען פְלֵיישִׁיגֶען יוֹיךְ. וֶוען מֶען ווִיל, נֶעהמְט מֶען זַייא אַרוֹיס מִיט אַזַיילֶעפֶּעל אוּנ מֶען פְּרֶעגֶעלְט זַייא אַיין אִין פֶעט.

# אַבְטֶער אַבְשְׁנִיט.

## A. קוּכֶען אוּנ גֶעבֶּאקְק.

### № 408. קִיטְקֶעס , שְׁטְרִיצֶעל BARCHES.

דיזֶע וֶוערֶען גֶעמַאכְט פוּן פַיינֶעם וַייצֶענְמֶעהל , הֵייוֶוען , זַאלְץ אוּנ אֵיין וֵוייניג צוּקֶער , אוּם זַייא זָאלְלֶען בַּאקֶען בְּרוֹין . צוּ עֶרְשְׁט פִיהְרְט מֶען פַאנַאנְדֶער דִיא הֵייוֶוען אוּנ דָאס מֶעהל , דַאן וַוארְמֶעס וַואסֶער , נִיט הֵייסֶעס , אוּם עֶס זָאל וֶוערֶען אַוֵויכֶער גְלַאטֶער טֵייג אוּנ זָאל זִיךְ נִיט קְלֶעפֶּען , נַאכְדֶעם שְׁטֶעלְט מֶען דֶעם טֵייג פֶערְדֶעקְטֶערְהֵייט אוֹיף אַוַוארְמֶען אָרְט . אַז דֶער טֵייג אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ אַמָאל אַזוֹיא גְרוֹיס וִויא עֶר אִיז גֶעוֶוען , זָא מַאכְט מֶען דִיא קִיטְקֶעס אַזוֹיא : דֶער טֵייג וֶוערְט צוּ טֵהיילְט אוֹיף הֶעלְפְט ; פוּן יֶעדֶער הֶעלְפְט וֶוערֶען גֶעמַאכְט דְרַייא גְרֶעסֶערֶע אוּנ דְרַייא קְלֶענֶערֶע טֵהיילֶען . יֶעדֶעס שְׁטִיק וֶוערְט אִין דֶער הַאנְד דוּרְךְ גֶעקְנָאטֶען אוּנ דַאן קַייקֶעלְט מֶען אוֹיס יֶעדֶעס שְׁטִיק אִין לַאנְגֶע רוּנְדֶע שְׁטְרֵייפֶען אִין מִיטֶען דִיקֶער . דִיא דְרַייא גְרוֹיסֶע וֶוערֶען וִויא אַצָאפְּף גֶעפְלָאכְטֶען אוּנ אַזוֹיא דִיא דְרַייא קְלֶענֶערֶע ; דֶער קְלֶענֶערֶער צָאפְּף וֶוערְט גֶעלֵייגְט אוֹיף דֶעם גְרֶעסֶערֶען אוּנ בֵּייא בֵּיידֶע עֶנְדֶען מִיט דִיא פִינְגֶער צוּ זַאמֶען גֶעדְרִיקְט . אוֹיבֶען בֶּעשְׁטְרֵייט מֶען גֶעוֶואהְנְלִיךְ מִיט וַוייסֶע מָאהְן . אוּנ מֶען זֶעצְט אִין אוֹיבֶען .

### № 409. מִילְכִיגֶע קִיטְקֶעס . BUTTERBARCHES.

עֶס וֶוערְט גֶעמַאכְט דֶער זֶעלְבֶּע טֵייג , וִויא פְרִיעֶר , נָאר פֶערְמִישְׁט מִיט מִילְךְ . דַאצוּ קוּמְט $1\frac{1}{2}$ שְׁטָאף מֶעהל , $\frac{1}{4}$ פוּנְד צוּקֶער , $\frac{1}{4}$ פוּנְד פוּטֶער , אָנְגֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ מַאנְכֶע פַיינֶע גֶעוִוירְצֶען . דֶער טֵייג וֶוערְט דַאצוּ עֶטְוָואס וֵוייכֶער גֶעמַאכְט . דָאס אִיבְּרִיגֶע מַאכְט מֶען , וִויא אִין פָארִיגֶען נוּמֶער , מֶען גִיבְּט צוּ אַפָּאר אֵייעֶר , אוֹיךְ רָאזִינְקֶעס .

### № 410. שְׁמַאקְהַאפְטֶע בּוּלְקֶע . SCHMACKHAFTE SEMMEL.

מֶען גֶעהמְט קְרוּפְּצַאטְקֶע מֶעהל 3 פוּנְד , מִילְךְ $1\frac{1}{2}$ גְלֶאזֶער , הֵייוֶוען 2 לֶעפֶעל , גֶעלְבְּלֶעךְ 6 , צוּקֶער $\frac{1}{2}$ גְלָאז , קַארְדַאמָאן גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע $\frac{1}{2}$ זַאלַאטְנִיק פוּטֶער $\frac{1}{2}$ פוּנְט . — מֶען נֶעהמְט אַהֶעלְפְט פוּן דִיא מֶעהל , פִיהְרְט פַאנַאנְדֶער מִיט אַגְלָאז וַוארְמֶע מִילְךְ אִין דִיא 2 לֶעפֶעל הֵייוֶוען ; (נָאר אוֹיבּ דָאס אִיז טְרוּקֶענֶע הֵייוֶוען , זָא אִיז פַאר 2—3 קָאפֵּייקֶען) . מֶען שְׁטֶעלְט דָאס אוֹיף אַוַוארֶעמֶען אָרְט , דֶעקְט צוּ מִיט אַסֶערְוֶוועטְקֶע אוּנ לָאזְט דֶעם טֵייג אוֹיפְגֶעהֶען .

דֶער וַוייִלֶע רֵייבְּט מֶען אֵיין בִּיז וַוייס 6 גֶעלְבְּלֶעךְ מִיט $\frac{1}{2}$ גְלָאז מֶעלֶעס צוּקֶער אוּנ גִיבְּט צוּ $\frac{1}{2}$ זַאלַאטְנִיק גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע קַארְדַאמָאן . וֶוען דֶער טֵייג אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען , גִיבְּט מֶען אִין אִיהם אַרַיין דִיא אַיינְגֶערִיבֶּענֶע גֶעלְבְּלֶעךְ , גִיסְט אוֹיךְ אַרַיין דֶעם הַאלְבּ פוּנְט צוּ לָאזֶענֶע פוּטֶער (וַוארֶעמֶע , נִיט הֵייסֶע) . שִׁיט

צו

צו דאס איבריגע מעהל אונ גיסט צו דיא איבריגע מילך. מען מישט עס פאנאנדער אונ שלאגט אויף דעם טייג מיט אלאפעטקע ביא אהאלב שעה צייט, דאס הייסט, ביז ער וועט זיך נעהמען בלאזלען. דאן שטעלט מען איהם ווידער אויף אנווארעמען ארט אונ מען לאזט איהם נאך אויפגעהען, אז דער טייג איז צום צווייטען מאל אויפגעגאנגען, מאכט מען רונדע פורמס פון פאפיר, שמירט זייא אוים מיט פוטער אונ מען שטעלט זייא אוים אויף איין אייזערנע בלעך, וואס איז עטוואס אוים געשמירט מיט פוטער. מען פיהלט אן יעדע פורם מיט דעם טייג ביז האלב, אונ לאזט זייא שטעהען אפען טיש, ביז דער טייג וועט זיך אין דיא פורמס אויפהייבען. דאן שטעלט מען זייא אין אהייסען אויבען מיט דעם בלעך.

## GEWÖHNLİCHE SEMMEL. גֶעוֶואהנְלִיכֶע בוּלְקֶע. № 411.

3 פונד מעהל, 2 גלאזער ווארמע וואסער, 1/2 גלאזעל הייוון (אדער 1 1/2 לויט טרוקענע), 5 אייער אונ אביסל זאלץ. — מען מאכט אשיטערען טייג פון 1 1/2 פונד מעהל מיט דיא 2 גלאזער וואסער, גיבט דיא הייוון הינאיין, מישט גוט דורך, דעקט צו מיט אסערוועטקע אונ מען שטעלט אויף איין ווארמען ארט, עס זאל אויפגעהען. אין פיר שטונדען ארום איז דער טייג אויפגעגאנגען. דאן שיט מען צו דאס איבריגע מעהל, שלאגט אריין דיא 5 געלכלעך, מישט גוט דורך, שיט צו זאלץ, קלאפט דורך מיט אלאפעטקע, גיסט אריין דעם אויפ-געשלאגענעם שוים פון דיא ווייסלעך, קנעט דורך אונ מען שטעללט אויף אנווארמען ארט, עס זאל ווידער אויפגעהען. דאן לייגט מען דעם טייג אפען טיש, וואס איז בעשטרייט מיט מעהל, קייקעלט איהם איין אונ מען מאכט דער פון איינע אדער צווייא בולקעס. מען לייגט זייא אויף אבלאט פאפיר אדער אבלעך, וואס איז בעשטרייט מיט מעהל, אונ מען זעטצט אין אויבען. אין אהאלבע שטונדע ארום, אויב דער אויבען איז גענוג הייס, זיינען דיא בולקעס פערטיג.

## MİLCHİGER KUCHEN. מִילְכִיגֶער קוּכֶען. № 412.

3 פונד מעהל, 1 1/2 גלאזער מילך, 5 אייער, 3 לעפעל הייוון (אדער 2 לויט טרוקענע, 1/2 פונד פוטער צולאזענע, עטוואס זאלץ, 1/2 גלאז מעלעס צוקער, א 1/2 זאלאטניק וואנליע אדער קארדאמאן. — מען קאכט אויף דיא 1 1/2 גלאזער מילך, לאזט זייא אבקיהלען, ביז זיא ווערט לעפלעך; שלאגט אריין דיא 5 אייער, גיבט הינאיין אהעלפט פון דעם מעהל אונ דיא 3 לעפעל הייוון. מען מישט גוט דורך, שטעללט אויף אנווארמען ארט אונ מען דעקט צו מיט אסערוויעטקע, עס זאל אויפגעהען. ווען עס איז אויפגעגאנגען, מאכט מען עס נאך אמאל, דאס הייסט: מען גיבט צו דאס איבריגע מעהל, גיבט הינאיין דיא צוקער, דיא צו שמאלצענע פוטער, זאלץ, געשטויסענע קארדאמאן, (אדער 5 טראפפען פון איין בוימאייל, וואס האט אגוטען ריח) אונ מען שלאגט גוט אויף דעם טייג, ביז ער קלעפט ניט אן דיא הענד אונ אן טאפף. דאן שטעללט

מען

מֶען אִיהם ווידער אויף אַיין וואַרְמען אָרְט, עֶר זָאל ווידֶער אויפְגֶעהֶען. וֶוען עֶר אִיז אויפְגֶעגאנְגֶען, לֵייגְט מֶען אִיהם אַפֶּען טִישׁ, וָואס אִיז בֶּעשְׁטְרַייט מִיט מֶעהל. מַאן מַאכְט דֶעם קוּכֶען לֵייגְט אִיהם אוֹיף אַבְלֶעך, וָואס אִיז בֶּעשְׁטְרַייט מִיט מֶעהל, אוּנ מֶען לָאזְט אִיהם אויפְגֶעהֶען. דַאן בֶּעשְׁמִירְט מֶען דֶעם אוֹיבֶען פוּן דֶעם קוּכֶען מִיט אַיין אֵיי, וָואס אִיז פֶערְמִישְׁט מִיט אַהַאלְבֶּע לֶעפֶּעל וַואסֶער, אוּנ מֶען זֶעטְצְט אִין אַהֵייסֶען אוֹיבֶען. אַזַא קוּכֶען וֶוערְט אוֹיסְגֶעבַּאקְען אִין אַהַאלְבּ שָׁעָה אָדֶער 40 מִינוּטֶען; עֶס וֶוענְדְט זִיך ווִיא הֵייס דֶער אוֹיבֶען אִיז.

אנמערקונג. וֶוען דִיא בּוּלְקֶע לוֹיפְט פַאנְאַנְדֶער אִין אוֹיבֶען, זָא הֵייסְט עֶס: דָאס מֶעהל אִיז נִיט גֶענוּג טְרוּקֶען אוּנ דִיא בּוּלְקֶע קוּמְט אַרוֹיס פְּלַאך, — דֶערוּם אִיז בֶּעסֶער צוּ מַאכֶען דֶעם טֵייג גֶעדִיכְטֶער אוּנ אִיהם לָאזֶען גוּט אוֹיפְגֶעהֶען. ווידֶער אַ צוּ גֶעדִיכְטֶער טֵייג אִיז אוֹיך נִיט גוּט: דִיא בּוּלְקֶע וֶועט זַיין שְׁוֶוער, נִיט גֶעשְׁמַאק אוּנ וֶוערְט גִיך אַלְט. קוּרְץ, דֶער טֵייג דַארְף זַיין אוֹיף אַזוֹיא פִּיל גֶעדִיכְט, אַז עֶר זָאל זִיך לַייכְט שְׁנַיידֶען מִיט אַמֶעסֶער אוּנ זָאל זִיך נִיט נָאך צִיהֶען נָאך אִיהם. בַּיים מַאכֶען דִיא בּוּלְקֶעס דַארְף מֶען זֶעהֶען, וָואס וֶועניגֶער צוּ צוּ שִׁיטֶען מֶעהל, אוּנ בֶּעסֶער דִיא הֶענְד אַיין שְׁמִירֶען אִין פֶעט, אוּם דֶער טֵייג זָאל נִיט קְלֶעפֶּען. וָואס מֶעהר מֶען קְנֶעטְ דֶעם טֵייג, יֶע בֶּעסֶער אִיז עֶר.

## № 413. קִימְמֶעל קוּכֶען. KÜMMEL-KUCHEN.

סֶען מַאכְט אַהֵייוֶוענְטֵייג ווִיא גֶעוֶואהְנְליך. וֶוען עֶר גֶעהט אוֹיף דֶעם עֶרְסְטֶען מָאל, מִישְׁט מֶען אִיהם דוּרְך אוּנ מֶען שִׁיט אַרַיין דָאס אִיבְּרִיגֶע מֶעהל. מֶען רַייבְּט אַיין 5 גֶעלְבְּלֶעך מִיט צוּקֶער אוּנ מֶען גִיסְט זֵייא אַרַיין אִין דֶעם טֵייג; מֶען גִיסְט אוֹיך אַרַיין 1/2 פוּנְט צוּ לָאזֶענֶע פּוּטֶער אוּנ מֶען גֶעהמְט אִיהם אוֹיפְקְלַאפֶּען בַּייא אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע צַייט, בִּיז עֶר קְלֶעפְּט נִיט מֶעהר אָן דִיא הֶענְד אוּנ אָן טָאפְּף. דַאן שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף אַגֶעדִיכְטֶען שׁוּים פוּן דִיא וַוייסְלֶעך, גִיסְט עֶס אַרַיין אִין דֶעם טֵייג, מִישְׁט דוּרְך נָאך אַמָאל אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט ווידֶער אוֹיף אַוַוארְמֶען אָרְט, עֶס זָאל ווידֶער אוֹיפְגֶעהֶען. נָאכְדֶעם לֵייגְט מֶען דֶעם טֵייג אַפֶּען טִישׁ אוּנ מֶען שְׁנַיידְט אִיהם פַאנְאַנְדֶער אוֹיף שְׁטִיקֶער. מֶען בֶּעשְׁמִירְט אַיין אַייזֶערְנֶעס בְּלֶעך מִיט פּוּטֶער, בֶּעשְׁטְרַייט עֶטְוָואס מִיט מֶעהל אוּנ מֶען לֵייגְט דַארוֹיף דִיא שְׁטִיקֶער טֵייג; מַאכְט פוּן יֶעדֶער אַקוּכֶען אוּנ לָאזְט אוֹיפְגֶעהֶען. נָאכְדֶעם דְרִיקְט מֶען אַיין מִיט דֶעם פִינְגֶער אִין יֶעדֶען קוּכֶען אַפֶּערְטִיפוּנְג, לֵייגְט הִינְאַיין צוּשְׁטִיקֶלְטֶע פּוּטֶער, בֶּעשְׁטְרַייכְט זֵייא מִיט אֵיי, בֶּעשְׁטְרַייט זֵייא מִיט קִימְמֶעל אוּנ מֶען זֶעטְצְט זֵייא אִין אַהֵייסֶען אוֹיבֶען. אִין וֵוייניגֶער ווִיא אִין אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע זַיינֶען זֵייא פֶערְטִיג.

## № 414. אַקוּלִיטְשׁ. KULİTSCH (OSTERBROT).

5 פוּנְד קְרוּפְּצַאטְקֶע מֶעהל, 1 קְוָוארְט מִילְך, 1/2 גְלָאז שִׁיטֶערֶע הֵייוֶוען (טְרוּקֶענֶע 4 לוֹיט), זַאלְץ נָאך בֶּעלִיבֶּען, 5 אֵייעֶר, 1 פוּנְד פּוּטֶער, 1 גְלָאז מֶעלֶעס צוּקֶער, 1/2 פוּנְד רָאזִינְקֶעס (אָהן יָאדְרֶעס) אוּנ קָארִינְטְהֶע 20 שְׁטִיק בִּיטֶערֶע

מאנדלען , 1/4 זאלאטניק זאפראן , 1 טאסע ראם אדער ווייין , 1 איי צום בעשמירען 1/8 פונד זיסע מאנדלען .

פריער בערייטעט מען דעם זאפראן. מען קויפט אונגעפאהר פאר 8 קאפייקען זאפראן אונ גיבט איהם אין אגלאז . מען קאכט אויף ראם אדער איין אנדער וויין אשטארקען אונ מען גיסט עס ארויף הייסערהייט אויף דעם זאפראן , דעקט גוט צו אונ לאזט שטעהען פיר שטונדען אויף אווארמען ארט .

מען שיט אריין 2 1/2 פונד פון דעם מעהל , גיסט פריער אריין אביסל מילך , וואס וואר אויפגעבריהט אונ געלאזט אבקיהלען , אונ מען מישט פאנאנדער דעם טייג , ער זאל ניט זיין ניט צוגעדיכט גיט צו שיטער ; מען גיסט אריין דיא הייוען , שיט צו זאלץ אונ מישט גוט דורך ; מען שיט פון אויבען אביסל מעהל , דעקט צו אונ מען לאזט שטעהען אויף אווארמען ארט אהאלבע שטונדע . ווען דער טייג איז אויפגעגאנגען , מישט מען איהם דורך , גיבט אריין דיא געלבלעך , וועלכע מען האט איינגעריבען מיט צוקער , אפונד צו לאזענע פוטער אין דיא צושטויסענע ביטערע מאנדלען ; מען שיט אריין דאס איבריגע מעהל אונ מען נעהמט אויפקלאפען מיט אלאפעטקע דעם טייג , ביז ער וועט ניט מעהר קלעפען אן דיא הענד אונ אן טאפף . דאן טהוט מען אריין דיא ראזינקעס , דיא קארינטהע אונ דעם שוים פון דיא אויפגעשלאגענע ווייסלעך ; מישט גוט דורך , אונ צו לעצט גיסט מען אריין נאר דעם זאפראן , מישט דורך אונ מען שטעללט אויף אווארמען ארט ; דעקט צו מיט אסערוויעטקע אונ מען לאזט אויפגעהען . נאכדעם לייגט מען דעם טייג אפען טיש , קנעט איהם איין אונ מען לייגט איהם אויף איין אייזערנעם בלעך , וואס איז עטוואס בעשמירט מיט פוטער . מען מאכט דעם קוליטש רונד , אינדעם מען מאכט פון אויבען פיגורען פון ראזינקעס , אונ מען לאזט איהם נאך אויף דעם בלעך ליגען , ביז ער געהט גוט אויף . דאן בעשמירט מען איהם מיט אפעדער מיט איי . וואס איז פערמישט מיט 1/2 לעפעל וואסער ; בעשטרייט מיט צוהאקטע זיסע מאנדלען אונ מען זעטצט איהם אין אויבען . אין 1 1/2 שטונדען איז ער פערטיג .

## № 415. איין אנדער ארט קוליטש .

אויף 4 1/2 פונד מעהל געברויכט מען 5 גלאזער ווארמע מילך , פאר 5 קאפ' הייוען , 1 1/2 גלאזער צולאזענע פוטער אונ 1 1/2 גלאזער מעלעס צוקער . נאכדעם טהוט מען אריין אביסל קארדאמאן , ראזינקעס אונ צוברעקעלטע זיסע מאנדלען , 6 געלבלעך אונ דעם שוים פון 3 ווייסלעך . דאס אלעס קלאפט מען אויף אשעה צייט , אונ דאן שטעללט מען דעם טייג אין אווארמען ארט . ווען ער איז אויפגעגאנגען , לייגט מען איהם אפען טיש , מאכט דעם קוליטש אונ מען זעטצט איהם אין אויבען . ער דארף זיך באקען אשעה צייט .

## № 416. אפאסכא . OSTERKUCHEN.

10 פונד צוואראך , 1 פונד שמעטענע . אהאלב פונד פוטער , 4 לעפעל מעלעס צוהער

צוּקֶער אוּנ זַאלְץ. צוּם צוּטְהַאט: 6 גֶעלְכְלֶעךְ, 6 לֶעפֶּער מֶעלֶעס, אַהַאלְבֶּע קְוָוארְט שְׁמַאנְט, אַהַאלְבֶּע שְׁטֶאנְגֶעל וַואנִילְלֶע.

מֶען דְרִיקְט אוּיס דוּרְךְ אַשִׁיטֶערְן לַיינְוַואנְד דֶעם צְוָוארָאךְ אָדֶער מֶען לֵייגְט אִיהם פוּן נֶעכְטֶען אוּנְטֶער אַשְׁוֶוערֶען שְׁטֵיין. מֶען נֶעהמְט אַטִיפֶע כֵּלִי, גִיבְּט חִינַאיין דֶעם צְוָוארָאךְ, פִיהְרְט אִיהם פַאנְאַנְדֶער, גִיסְט אַרוּיף דִיא שְׁמֶעטֶענֶע, דִיא צוּלָאזֶענֶע פּוּטֶער; גִיבְּט הִינַאיין דִיא צוּקֶער אוּנ דָאס זַאלְץ. דָאס אַלְץ מִישְׁט מֶען גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען מַאכְט וִויא אַטֵייג.

דֶער וַוייל גִיבְּט מֶען אִין אַבֶּעזוּנְדֶער קַאסְטְרוּלֶע 6 גֶעלְכְלֶעךְ, רַייבְּט זַייא גוּט אַיין מִיט מֶעלֶעס צוּקֶער, בִּיז וַוייס, שִׁיט אַרַיין דִיא צוּשְׁטוּיסֶענֶע וַואנִילְלֶע אוּנ מֶען פִיהְרְט דָאס פַאנְאַנְדֶער מִיט ½ בּוּטֶעל שְׁמַאנְט; מֶען שְׁטֶעלְלְט אַפֶּען פְּלִיטֶע אוּיפְקָאכֶען אוּנ מֶען מִישְׁט אִימְמֶער, בִּיז דִיא גֶעלְכְלֶעךְ מִיט דֶעם שְׁמַאנְט וֶועלֶען וֶוערֶען גֶעדִיכְט; נָאר מֶען דַארְף עֶס נִיט לָאזֶען שְׁטַארְק קָאכֶען. יֶעטְצְט וַוארְמְט מֶען אָן אִין אַיין אַנְדֶער קַאסְטְרוּלֶע דֶעם צְוָוארָךְ; מֶען מִישְׁט עֶס אָפְּט, אוּם עֶר זָאל נִיט אָנְבְּרֶענֶען. דַאן שְׁטֶעלְלְט מֶען עֶס אוּיךְ אוּיף דִיא פְּלִיטֶע, וואוּ עֶס אִיז נִיט זֶעהר הֵייס. וֶוען דִיא גֶעלְכְלֶעךְ מִיט דֶעם שְׁמַאנְט זַיינֶען פֶערְטִיג, גִיסְט מֶען עֶס בִּיסְלֶעךְ וַוייס אִין דֶעם וַוארְמֶען צְוָוארֶעךְ אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג. דַאן לֵייגְט מֶען דִיא נַאנְצֶע מַאסֶע אִין אֵיינֶע אָדֶער צְוַוייא הִילְצֶערְנֶע פוּרְמֶס, וָואס זַיינֶען אוּיסְגֶעבֶּעט מִיט אַדִינֶע סֶערְוֶויֶעטְקֶע; דֶעקְט צוּ, לֵייגְט אוּיבֶען אַבְּרֶעטְל אוּנ דַארוּיף אַפְּרֶעסְ, — אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אוּיף 6 שְׁטוּנְדֶען אִין אַקַאלְטֶען אָרְט. נָאכְדֶעם לֵייגְט עֶס אוּיס אוּיף אַשִׁיסְל אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ.

## № 417. דִיא זֶעלְבֶּע אוּיף אַיין אַנְדֶער אַרְט.

6 פוּנְד צְוָוארָאךְ, אַהַאלְבּ פוּנְד שְׁמֶעטֶענֶע, ¾ פוּנְד פּוּטֶער, זַארְץ נִיט פִיל, 1 פוּנְד צוּקֶער מֶעלֶעס, ½ שְׁטֶענְגֶל וַואנִילְיֶע, 5 אֵייֶער.

מֶען דְרִיקְט אוּיס דֶעם צְוָוארָאךְ, לֵייגְט אִין אַסֶערְוֶויֶעטְקֶע אוּנ מֶען לֵייגְט אִיבֶּער נַאכְט אוּנְטֶער אַפְּרֶעסְ. דֶעם מָארְגֶענְס רַייבְּט מֶען גָאר דֶעם צְוָוארָאךְ דוּרְךְ אַזִיפּ מִיט אַהִילְצֶערְנֶע לֶעפֶעל. מֶען גִיסְט אִין דֶעם צְוָוארָאךְ דֶעם ½ פוּנְט שְׁמֶעטֶענֶע, דִיא ¾ פוּנְד פּוּטֶער צוּ לָאזֶענֶע, מֶען מִישְׁט גוּט דוּרְךְ, גִיבְּט עֶטְוָואס זַאלְץ, דִיא צוּקֶער אוּנ דִיא וַואנִילְיֶע צוּשְׁטוּיסֶענֶע. מֶען מִישְׁט וִויעדֶער דוּרְךְ, שְׁלָאגְט אַרַיין דִיא אֵייֶער אֵיינֶע נָאךְ דִיא אַנְדֶערֶע אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג. דָאס אַלְץ גִיבְּט מֶען אִין אַפוּרֶעם, וָואס אִיז אוּיס גֶעבֶּעט מִיט אַסֶערְוֶויֶעטְקֶע, אוּנ מֶען דֶעקְט צוּ. מֶען לֵייגְט אוּיבֶען אַבְּרֶעטְל אוּנ דַארוּיף אַפְּרֶעסְ, — אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט אוּיף 6 שָׁעָה אִין אַקַאלְטֶען אָרְט.

## № 418. אַבַּאבְּקֶע. BABA (БАБА).

8 אֵייֶער, ½ פוּנְד צוּקֶער, ½ לִימָאן, 1 גְלָאז קְרוּפְּצַאטְקֶע מֶעהל, ½ לֶעפֶּער פּוּטֶער. — מֶען שְׁלָאגְט אַרַיין אִין צְוַוייא בֶּעזוּנְדֶערֶע כֵּלִים דִיא אֵייֶער,

דיא גֶעלְבְּלֶעךְ בֶּעזוּנְדֶער אוּנ דיא וַוייסְלֶעךְ בֶּעזוּנְדֶער. מֶען רַייבְּט אַיין דִיא גֶעלְבְּלֶעךְ (בִּיז וַויים) מִיט דִיא צוּקֶער, שִׁיט אַריין אָנְגֶערִיבֶּענֶע שָׁאלֶעכְטְס פוּן לִימָאן אוּנ דֶעם זַאפְט דַאפָאן; נָאכְדֶעם שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף אַשׁוּם פוּן דִיא 8 וַוייסְלֶעךְ, גִיבְּט עֶס אַריין אִין דִיא גֶעלְבְּלֶעךְ, מִישְׁט דוּרְךְ, אוּנ מֶען שִׁיט צוּ בִּיסְלֶעךְ וַויים דָאס מֶעהל. דֶער וַוייטֶע שְׁמִירְט מֶען אוֹיס אַפוֹרֶעם מִיט פוּטֶער שְׁטְרַייט אוֹיס מִיט מֶעלֶעס צוּקֶער, גִיבְּט הִינְאַיין דֶעם טֵייג בִּיז ¾ הוֹיךְ, — אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט עֶס אִין אַיין אָפֶענֶעם אוֹיבֶען אַהֵייסֶען. אִין אַשָׁעָה אִיז עֶס פֶערְטִיג.

## № 419. דִיא זֶעלְבֶּע פוּן שָׁאקָאלַאדֶע.

15 אֵייעֶר, ½ פוּנְד אָנְגֶערִיבֶּענֶע שָׁאקָאלַאדֶע, ½ שְׁטֶאנְגֶער וַואנִילְיֶע, 1 גְלָאז מֶעלֶעס צוּקֶער, ½ גְלָאז צוּשְׁטוֹיסֶענֶע סוּכַארֶעס, ½ גְלָאז קַארְטָאפֶעל־מֶעהל, 1 לֶעפֶעל פוּטֶער.

מֶען שְׁלָאגְט אַריין אִין בֶּעזוּנְדֶערֶע כֵּלִים דִיא אֵייעֶר, דִיא גֶעלְבְּלֶעךְ בֶּעזוּנְדֶער אוּנ דִיא וַוייסְלֶעךְ בֶּעזוּנְדֶער. מֶען רַייבְּט אַיין דִיא גֶעלְבְּלֶעךְ (בִּיז וַויים) מִיט דִיא צוּקֶער, שִׁיט אַריין דִיא צוּשְׁטוֹיסֶענֶע וַואנִילְיֶע, דִיא שָׁאקָאלַאדֶע, — אוּנ מֶען מִישְׁט עֶס גוּט דוּרְךְ. דַאן שְׁטוֹיסְט מֶען אָן אַהַאלְבֶּע גְלָאז סוּכַארֶעס (פוּן שְׁוַוארְצְבְּרוֹיט), זִיפְּט דוּרְךְ אוּנ מֶען שִׁיט אַריין אִין דִיא מַאסֶע בִּיסְלֶעךְ וַויים אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג, בִּיז אַלֶעס וֶוערְט גוּט גֶעדִיכְט. נָאכְדֶעם שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף אַשׁוּם פוּן דִיא 15 וַוייסְלֶעךְ, גִיבְּט עֶס הִינְאַיין; שִׁיט צוּ בִּיסְלֶעךְ וַויים דָאס קַארְטָאפֶעל־מֶעהל אַלִץ מִישֶׁענְדִיג, — אוּנ מֶען גִיבְּט עֶס אִין אַפוֹרְם, וָואס אִיז אוֹיסְגֶעשְׁמִירְט מִיט פוּטֶער, בִּיז ¾ הוֹיךְ. מֶען שְׁטֶעלְט עֶס נִיט אִין אַגַאנְץ הֵייסֶען אוֹיבֶען, אוּנ אִין אַשָׁעָה צֵייט אִיז זִיא פֶערְטִיג.

## B פִּירָאגֶען.

## PIROGE (GEFÜLLTER KUCHEN).

## № 420. אַפִּירָאג פוּן בְּלֶעטְרִיגֶעם טֵייג.

מֶען נֶעהמְט 1 פוּנְד קְרוּפְּצַאטְקֶע מֶעהל, 1 גְלָאז וַואסֶער, ½ פוּנְד פוּטֶער (אוּנ אוֹיב פְלֵיישִׁיגֶע — שְׁמַאלְץ), 1 גֶעלְבְּעל, 2 צְוִויבַּאק צוּם בֶּעשְׁטְרֵייעֶן, 1 אֵיי צוּם בֶּעשְׁמִירֶען. — מֶען נֶעהמְט 2 גְלֶאזֶער פוּן דֶעם מֶעהל אוּנ שִׁיט אַריין אִין אַמוּלְטֶער. מֶען נֶעהמְט אַגְלָאז וַואסֶער, פִיהרְט פַאנַאנְדֶער מִיט דֶעם גֶעלְבְּעל, אוּנ פוּן דֶעם וַואסֶער גִיסְט מֶען בִּיסְלֶעךְ וַויים אִין דָאס מֶעהל אוּנ מֶען מִישְׁט צוּ אַטֵייג, אוּנ, אוּם דֶער טֵייג זָאל נִיט קְלֶעפֶּען אָן מוּלְטֶער, שִׁיט מֶען צוּ בִּיסְלֶעךְ וַויים מֶעהל. וֶוען דֶער טֵייג אִיז פֶערְטִיג, לָאזְט מֶען אִיהם אַבִּיסְל לִיגֶען. דֶער וַוייל וַואשְׁט מֶען דוּרְךְ דִיא פוּטֶער אִין קַאלְטֶען וַואסֶער. מֶען וָועלְגֶערְט אוֹיס דֶעם טֵייג אַפִינְגֶער דִיק, לֵייגְט אוֹיבֶען פַאנַאנְדֶער דִיא פוּטֶער שְׁטִיקְלֶעךְ וַויים. מֶען לֵייגְט צוּזַאמְמֶען דֶעם טֵייג, אַז גָאר דִיא פוּטֶער בְּלֵייבְּט פֶערְדֶעקְט; מֶען וָועלְגֶערְט ווִידֶער אוֹיס,

לֵייגְט

לֵייגְט פּוּטְטֶער אוּנ מֶען לֵייגְט ווִיעדֶער צוּזַאמְמֶען אִין דְרַייעֶן ; מֶען וֶועלְגֶערְט ווִיעדֶער פַּאנְאַנְדֶער , לֵייגְט פּוּטֶער . אַזוֹא טְהוּט מֶען נָאךְ אַפָּאר מָאל אוּנ מֶען טְרָאגְט דֶעם טֵייג אַרוֹיס אוֹיף אַקַאלְטֶען אָרְט אוֹיף אַשָׁעָה אָדֶער צְוֵייא , אוּם דִיא פּוּטְטֶער זָאל נִיט צוּ גֶעהֶען . דַאן וֶועלְגֶערְט מֶען אוֹיס דֶעם טֵייג אַהַאלְבֶּען פִּינְגֶער דִיק , לֵייגְט אִיהם אוֹיף אַבְּלֶעךְ , גִיבְּט אוֹיבֶּען דָאס גֶעפִּילְלֶעכְטְס נֶעהמְט צוּזַאמְמֶען דֶעם בְּרֶעג פוּן דֶעם טֵייג אוּנ קְלֶעפְּט אַיין מִיט דִיא פִּינְגֶער . בֶּעשְׁמִירְט דֶעם פִּירָאג מִיט אֵיי אוּנ בְּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּשְׁטוֹיסֶענֶעם צְווִיבַּאק , שְׁטֶעלְט אִין אַיין אָפֶּענֶעם אוֹיבֶען אוּנ מֶען גִיבְּט אַכְטוּנְג : ווֶען עֶס ווֶערְט פֶּערְבְּרוֹינְט פוּן אֵיין זַייט , קֶעהְרְט מֶען צוּ דִיא אַנְדֶערְע זַייט , אוּם עֶס זָאל זִיךְ אוּמֶעטוּם גְלַייךְ אַיינְבַּאקֶען .

אַבְּלֶאטְטְרִינֶער פִּירָאג וֶוערְט אִין אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע פֶערְטִיג .

צוּ אַפְלֵיישִׁינֶען פִּירָאג מַאכְט מֶען אַזוֹא מִיט שְׁמַאלְץ אָדֶער מִיט נָארְצִיצֶנֶע בַּאסְלֶע (זֶענְפְ-אֵייל) .

## FÜLLSEL VON KOHL , EIERN U, FISCH.

### № 421. אַגֶעפִּילְלֶעכְטְס צוּ אַפִּירָאג פוּן קְרוֹיט , אֵייעֶר אוּנ פִּישׁ .

1 קֶעפְּל קְרוֹיט . 5 אֵייעֶר , 1 צְווִיבֶּעל , 1/2 פוּנְד פּוּטֶער 1 סִיג (זֶעעֶפָּארֶעלֶע) אַמִיטֶעלֶע , אָדֶער אַיין אַנְדֶער פִּישׁ , אוּנ זַאלְץ .

מֶען רַייסְט אַרָאבּ דִיא אוֹיבֶּערְסְטֶע בְּלֶאטֶער פוּן דֶעם קֶעפְּל קְרוֹיט , שְׁנַיידְט אוֹיס דֶעם קַאצַאן , צוּהַאקְט עֶס דִין , לֵייגְט אִין אַבְּלִי , פֶּערְגִיסְט עֶס מִיט קָאכֶענְדֶעם וַואסֶער אוּנ לָאזְט שְׁטֶעהֶען 10—15 מִינוּט . דַאן דְרִיקְט מֶען אוֹיס דָאס וַואסֶער אוּנ מֶען שִׁיט צוּ זַאלְץ . דֶער וַוייְלֶע לֵייגְט מֶען אִין אַקַאסְטְרוֹלֶע אַלֶעפְּל פּוּטֶער אוּנ אַצוּ בְּרֶעקְלְטֶע צְווִיבְּל , — אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אוֹיף דִיא פְּלִיטֶע . ווֶען דִיא פּוּטֶער אִיז צוּגַאנְגֶען , גִיבְּט מֶען אִין דִיא קַאסְטְרוֹלֶע דָאס אוֹיס גֶעדְרִיקְטֶע קְרוֹיט אִין דִיא אִיבְּרִיגֶע פּוּטֶער ; מֶען מִישְׁט אָפְּט , אַז דִיא צְווִיבְּל אוּנ דָאס קְרוֹיט זָאלְלֶען נִיט אָנְבְּרֶענֶען אוּנ נִיט פֶּערְבְּרוֹינֶען , נָאר עֶס זָאל וַוייךְ ווֶערֶען . דַאן לֵייגְט מֶען עֶס אוֹיף אַשִׁיסְל אוּנ לָאזְט אָבְּקִיהלֶען . דֶער וַויילֶע קָאכְט מֶען אָבּ 5 אֵייעֶר הַארְט צוּ הַאקְט זֵייא אוּנ פֶּערְמִישְׁט זֵייא מִיט דֶעם קְרוֹיט . דֶעם פִּישׁ מַאכְט מֶען צוּרֶעכְט , נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא בֵּיינֶער , שְׁווֵיינְקְט אָבּ אוּנ ווִישְׁט אִיהם אוֹיס מִיט אַהַאנְדטוּךְ ; רֵייבְּט אִיהם דוּרְךְ פוּן אִינְוֵוייניג אוּנ פוּן דְרוֹיסֶען מִיט דִינֶעם זַאלְץ אוּנ מֶען שְׁנַיידְט אִיהם פַּאנַאנְדֶער אִין דֶער לֶאנְג . דַאן לֵייגְט מֶען אוֹיס דָאס גֶעפִּילֶעכְטְס אוֹיף דֶעם פַּארְטִיגֶען טֵייג , לֵייגְט אוֹיבֶּען דֶעם צוּ שְׁפָּאלְטֶענֶעם פִּישׁ אוּנ דַארוֹיף ווִיעדֶער דָאס גֶעפִּילֶעכְטְס פוּן דֶעם קְרוֹיט , בֶּעדֶעקְט מִיט דֶעם בְּרֶעג פוּן דֶעם טֵייג אוּנ קְלֶעפְּט אַיין מִיט דִיא פִינְגֶער ; בֶּעשְׁמִירְט אוֹיבֶען מִיט אַיין אֵיי , בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּ שְׁטוֹיסֶענֶעם צְווִיבַּאק אוּנ מֶען זֶעצְט אִין אוֹיבֶען . (עֶס אִיז בֶּעסֶער , אַז מֶען מַאכְט דֶעם פִּירָאג אִין צְוֵייא לֶעפְּיָאשְׁקֶעס (פְּלָאדֶעם) : אוֹיף אֵיינֶע לֵייגְט מֶען דָאס גֶעפִּילֶעכְטְס , מִיט דֶער אַנְדֶערֶער דֶעקְט מֶען צוּ אוּנ דֶעם בְּרֶעג אַרוּם דְרִיקְט מֶען צוּ זַאמֶען ; אִין מִיטֶען מַאכְט מֶען אַפֶּערְטִיפוּנְג , אִין וֶועלְכֶע מֶען גִיסְט אַרַיין בּוּליאָן

בוליאן , אום דאס געפילעכטס זאל זיין זאפטיג) .

## FÜLLSEL VON GESCHLİNGE.

## № 422. אגעפילעכטס צו אפיראג פון לונגען אונ הוהן .

מען געהמט קאלבסלונגען , 6 אייער , ½ פונד פעט , 2 צוויבעל גרויסע , פעפער אונ זאלץ , איונגע הינדעל , 1 לעפעל געהאקטע אוקראפ .

מען קאכט אב דיא קאלבסלונגען , לאזט אבקיהלען , צו האקט דין אונ מען שיט צו זאלץ . מען צו האקט דיא הארט געקאכטע אייער , פערמישט מיט דיא לונגען אונ מען שיט צו פעפער . דאן פרעגלט מען איין דיא צו האקטע צוויבעל אין אלעפל פעט אין אקאסטרולע , גיבט דאהין דיא צו האקטע לונגען אונ דאס איבריגע פעט אונ מען גיסט צו 2 לעפעל בוליאן . דאס מישט מען גוט דורך אונ מען לאזט זיך איינפרעגלען , אימער מישענדיג , אום עס זאל ניט אנברענען . דאס לייגט מען אויף אשיסעל אונ מען לאזט אבקיהלען . אהעלפט פון דיזעם געפילעכטס לייגט מען אויס אויף דעם אויסגעוועלגערטען טייג , בעשטרייט מיט פעפער אונ מיט צו האקטען אוקראפ ; אויבען לייגט מען שטיקלעך פון אצוישניטענע היהנדעל איין אויס געקאכטע ; דארויף ווידער דאס געפילעכטס , מען בעדעקט מיט דעם ברעג פון דעם טייג אונ מען קלעפט איין ; מען בעשמירט מיט איי אונ מיט צו-ברעקלטע צוויבאק , — אונ מען זעצט אין אויבען .

## FÜLLSEL VON FLEİSCH.

## № 423. אגעפילעכטס צו אפיראג פון פלייש .

דאס געבליבענע פלייש נאר וועלכע , געקאכטע צו געבראטענע , אפאר פונט , צו האקט מען מיט אצוויבעל , שיט צו זאלץ , פעפער , גיסט צו עטוואס בוליאן , אום דאס פלייש זאל זיין פייכט . דאן צו לאזט מען פעט אדער שמאלץ אין אקאסטרולע , אפערטל פונד ; גיבט הינאיין דאס צו האקטע פלייש , לאזט עס איינפרעגלען אונ מען מישט גוט דורך ; מען נעהמט ארויס אונ מען לאזט אב-קיהלען . דאן צו האקט מען פינף הארט געקאכטע אייער , פערמישט אין דער מאסע אונ מען פילט דער מיט דעם פיראג .

## FÜLLSEL VON REİS U, EİERN.

## № 424. אגעפילעכטס פון רייז אונ אייער .

אקליינעס גלאז רייז , אהאלבע בוטל וואסער , 6 אייער , ½ פונד פוטער , 2 גרינע צוויבלען אונ זאלץ . — מען גיסט אין דיא קאסטרולע דאס וואסער , גיבט הינאיין זאלץ . דיא רייז וואשט מען דורך אונ מען שיט אריין אין דיזעם זאלצוואסער ; שטעלט צו קאכען , אימער מישענדיג , אום עס זאל ניט אנברענען ; אונ מען דארף אכטונג געבען , עס זאל זיך ניט איבערקאכען : דיא קערנער זאלען זיין בעזונדער אונ הארט . דאן ווארפט מען אב דעם רייז אויף אזיפ , דאס וואסער זאל אב רינען ;

לייגט

לייגט אין אבעזונדער כלי , גיבט הינאיין דיא פוטער , מישט דורך אונ מען לאזט אבקיהלען . נאכדעם קאכט מען דיא אייער הארט אונ מען צו האקט זייא מיט דיא גרינע צוויבעלן , — אונ ווען מען לייגט דאס געפילעכטס , בעשטרייט מען אויף דעם רייז דיא צו האקטע אייער מיט דיא צוויבעלן .

דיזעס געפילעכטס מאכט מען מיט פיש אדער מיט הוהן ; נאר אין דיזעם פאלל , קומט אנשטאט דיא פוטער — שמאלץ .

## PİROGE VON BUTTERTEİG (СДОБНОЕ ТѢСТО).

### № 425. אפיראג פון פוטער טייג .

1 פונד מעהל , אהאלבע פונד פוטער, אהאלבע גלאז וואסער, 2 געלבלעך , 2 סוכארעס צום בעשטרייען , 1 איי צו בעשמירען , אונ זאלץ . — מען שיט אריין דאס מעהל אין אמולטער , מאכט אין מיטען אפערטיפונג , שלאגט אריין דיא 2 געלבלעך אונ מען נעהמט קנעטען דעם טייג , צו גיסענדיג ביסלעך וויים וואסער . ווען דער טייג איז גלאטט , קנעט מען אריין דיא פוטער, שיט צו זאלץ אונ מען וועלגערט איהם אויס אהאלב פינגער דיק . דער ווייל בעשמירט מען אבלעך מיט פוטער, לייגט אויף איהם אויס דעם טייג, אויבען דאס געפילעכטס, דעם געפילעכטס מאכט מען וויא מען וויל, צו פון אייער , צו פון צווארעך אדער שוועמלעך , קרויט .

## C. פאשטעטען .

### PASTETE VON FLEİSCH. אפאשטעטע פון פלייש . № 426.

מען מאכט אמירבען טייג פון מעהל , עטליכע אייער , שמאלץ אונ זאלץ ; ווען עס האלט ניט , גיבט מען צו נאך איין איי אדער נאך פעטט . פון דיזעם טייג וועלגערט מען אויס אבלאט , לייגט עס אין אפאנע , וואס איז אויס געשמירט מיט שמאלץ אונ בעשטרייט מיט ברעקלעך זעמעל . דער טייג מוז אריבער הייגען דעם ראנד פון דער פאנע . מען בעשטרייט דעם טייג אויבען מיט שמאלץ , לייגט אויבען אפאך דינע פענעצען פון קאלבסבראטען , דארויף ווידער דיזעם געפילעכטס : געהאקטעס קאלבפלייש פערמישט מיט צוהאקטע צוויבעלן , עטוואס מושקאט נוס , איין ווייניג צוקער , זאלץ , קליינע גוט געוואשענע ראזינקעס , עטוואס צוטרינאפט , קאפערן , אבגעקאכטע מורעלן (שוועמלעך) דין צו האקטע, עטליכע אייער , זעמעל געווייקטע אין פליישיויך , דער צו נאך געריבענע זעמעל . ווען דיזעם געפילעכטס איז אוועק געלייגט , לייגט מען אויבען ווידער אפאך פון פלייש פענעצען ; דארויף ווידער פעט אונ נאך דאס געפילעכטס . נאר אויבען קומט אדעקעל פון דעם טייג , וועלבעס מען בעשטרייכט מיט אייגעלבעל . אויף דעם דעקעל קומט דער ראנד פון דעם אונטערסטען טייג , אונ ארום קומט אשטרייפען (פאסקעס) פון טייג געלייגט .

צו פלייש פאשטעטען קען מען אלערלייא פיינע פלייש געברויכען .

### FİSCHPASTETE. אפיש פאשטעטע . № 427.

מען מאכט אבלאטערטייג (זעה — „פארינגען") אונ מען טהוט דאמיט וויא

צו

צוּ פְלֵיישְׁפַּאשְׁטֶעטֶען. דָאס גֶעפִילֶעכְטְס וֶוערְט גֶעמַאכְט פוּן גֶעהַאקְטֶען הֶעכְט אָדֶער אַנְדֶערֶע פִישׁ אָוֶעלְכֶע, מִיט גֶעהַאקְטֶע צְוִויבֶּעלְן, גֶעוֵוייקְטֶע זֶעמֶעל אוּנ אוֹיךְ גֶערִיבֶּענֶע (דָאס פֶעט, דִיא לֶעבֶּער אוּנ דִיא מִילְךְ פוּן דֶעם הֶעכְט וֶוערֶען דַאצוּ גֶעהַאקְט), אָנְגֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ דֶעם זַאפְט דֶער פוּן, זַאלְץ, פְּעפֶּער, אֵייעֶר אוּנ פוּטֶער. — דָאס אַלֶעס מוּז דוּרְךְ גֶעמִישְׁט וֶוערֶען. דִיא שְׁטִיקֶער הֶעכְט נֶעהְמְט מֶען אִיבֶּער הוֹיפְּט פוּן דֶעם רוּקֶען (נֶעהְמְט אַרוֹיס דִיא בֵּיינֶער) אוּנ זֵייא וֶוערֶען אִין שַׁארְפֶען זַאלְצְוַואסֶער אֵיין מָאל אַקָאךְ גֶעטָאן אוּנ מֶען לֵייגְט זֵייא אוֹיף אַזִיפּ, אוּם דָאס וַואסֶער זָאל אָבּ רִינֶען. דֶער מִיט וֶוערְט דִיא פַּאשְׁטֶעטֶע אָנְגֶעפִילְט. אַזוֹא וִויא דִיא פְלֵיישְׁפַּאשְׁטֶעטֶע; נָאר אָנְשְׁטָאט שְׁמַאלְץ קוּמְט דָא פוּטֶער. דֶער צוּ קוּמְט אַפּוּטֶערְיוֹיךְ מִיט גְרִינֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע.

## REÏSPASTETE. אַרֵייז פַּאשְׁטֶעטֶע. № 428.

מֶען קָאכְט אָבּ 3—4 פוּנְד פֶעטֶעס שֶׁעפְּסֶענְפְלֵיישׁ מִיט אַפָּאר פוּנְד פְלֵיישׁ פוּן עוֹף מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע וואוּרְצְלֶען, מֶען נֶעהְמְט אַרוֹיס בֵּיידֶע פְלֵיישֶׁען אוּנ מֶען לָאזְט אָבְּרִינֶען דֶעם יוֹיךְ. דֶער וַויילֶע צוּ לָאזְט מֶען אַפָּאר לֶעפֶעל פֶעטְטְס אָדֶער שְׁמַאלְץ, שִׁיט אַרֵיין אַהִין אַפוּנְד אָבְּגֶעבְּרִיהֶטֶען רֵייז, מִישְׁט גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס טוּשֶׁען צוּ גֶעדֶעקְטֶערְהֵייט, בִּיז דֶער רֵייז וֶוערְט לָאקֶער, דָאס הֵייסְט: הַארְט אוּנ יֶעדֶער קֶערְן בֶּעזוּנְדֶער. דַאן נֶעהְמְט מֶען אַשִׁיסֶעל אַמֶעטַאלֶענֶע, אוּנ מֶען שְׁמִירְט אִיהר אוּם מִיט פֶעטְט. מֶען וֶועלְגֶערְט אוֹיס פוּן אַטֵייג אַדִיקֶעס בְּלַאט אַרוּנְדֶעס אוּנ מֶען לֵייגְט דַאמִיט אוֹיס דִיא שִׁיסֶעל, אָבֶּער דֶער רַאנְד פוּן דֶעם טֵייג לָאזְט מֶען אַרִיבֶּער הֵיינְגֶען. דָאס עוֹף-פְלֵיישׁ צוּשְׁנֵיידְט מֶען אִין שְׁטִיקְלֶעךְ אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט מִיט דֶעם רֵייז אוּנ מִיט אַבִּיסְל מוּסְקַאט בְּלִיהוּנְג. פוּן דִיזֶער מַאסֶע לֵייגְט מֶען אוֹיס אַפַּאךְ אוּנְטֶען אַפֶען טֵייג; אוֹיבֶּען לֵייגְט מֶען דָאס שֶׁעפְּסֶענֶע אַפַּאךְ; דַארוֹיף ווִידֶער אַפַּאךְ רֵייז, אוּנ אוֹיבֶּען בֶּעדֶעקְט מֶען מִיט דֶעם בְּרֶעג פוּן דֶעם טֵייג. אוּנ מֶען מַאכְט עֶס גְלַאט, בֶּעשְׁמִירְט מִיט אַיין אֵיי, בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּשְׁטוֹיסֶענֶע סוּכַארֶעס אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען. וֶוען עֶר אִיז פֶערְטִיג דֶערְלַאנְגְט מֶען אִיהם אַפֶּען טִישׁ הֵייסֶערְהֵייט.

אַנְדֶערֶע מַאכֶען פַּאשְׁטֶעטֶען נִיט אוֹיס לֵיינֶענְדִיג דִיא שִׁיסֶעל מִיט דֶעם טֵייג, נָאר מֶען לֵייגְט דָאס גֶעפִילֶעכְטְס גְלַייךְ אִין שִׁיסֶעל, גִיסְט אַרוֹיף אַבּוּלְיָאן; אוֹיבֶען לֵייגְט מֶען אַדֶעקֶעל פוּן אַטֵייגְבְּלַאט אוּנ מֶען קְלֶעפְּט גוּט צוּ בַּיין בְּרֶעג פוּן דֶער שִׁיסֶעל, אוּנ אִין מִיטֶען מַאכְט מֶען אַפֶערְטִיפוּנְג, אִין וֶועלְכֶע מֶען גִיסְט אַרֵיין אַבִּיסְל בּוּלְיָאן.

## QÜARKUCHEN (ВОТРУШКА). אַצְוָוארָאךְ-בּוּלְקֶע. № 429.

מֶען נֶעהְמְט צוּם טֵייג: 1 פוּנְד מֶעהל, ½ פוּנְד פוּטֶער, 1 גֶעלְבֶעל, 1 גְלָאז וַואסֶער. צוּם גֶעפִילֶעכְטְס: 1½ פוּנְד צְוָוארַאךְ, 1 לֶעפֶעל פוּטֶער, 1 לֶעפֶעל שְׁמֶעטֶענֶע, 1 לֶעפֶעל מֶעלֶעס צוּקֶער. 2 אֵייעֶר אוּנ זַאלְץ.

מען

מען מאכט אבלאטער טייג אזוא: מען נעהמט 2 גלאזער פון דעם מעהל, שיט עס אריין אין אמולטער אונ מען גיסט צו ביסלעך וויים פון דעם וואסער, וואס איז צו מישט מיט איין איי. מען מאכט דער פון אטייג ארונדען אונ מען דעקט צו מיט אסערוויעטקע. דער ווילע וואשט מען אוים דיא פוטער אין קאלטעם וואסער אונ מען דריקט אוים אין אהאנדטוך. דאן וועלגערט מען אוים דעם טייג אפינגער דיק, לייגט אויף איהם פאנאנדער שטיקלעך פוטער, פערבינט דעם ברעג וויא אקאנווערט אונ מען פערדעקט דאמיט דיא פוטער; מען וועלגערט וויעדער אוים דעם טייג, לייגט שטיקלעך פוטער אונ מען פערבייגט וויעדער אין דרייא זייטען; מען קלאפט 2—3 מאל אפען טייג, לייגט איהם אויף אטעלער אונ מען טראגט איהם ארוים אויף אקאלטען ארט אויף 15 מינוט. דאן וועלגערט מען אוים דעם טייג אהאלבען פינגער דיק, מאכט דער פון רונדע בלעטלעך, לייגט אויבען דעם צוואראך אונ מען פערבייגט דיא ברעגעס ארויף.

דאס געפילעכטס פון צוואראך מאכט מען אזוא: מען דריקט איהם גוט אוים, שיט אריין דיא מעלעס צוקער, גיסט אריין אלעפעל צולאזענע פוטער, אלעפעל שמעטענע, שלאגט אריין איין איי אונ מען שיט צו זאלץ. דאס אלץ רייבט מען גוט דורך אונ מען לייגט דער פון צו לעפעל אויף יעדעס שטיק טייג, פערבייגט דיא ברעגעס ארויף אונ בעשמירט מיט דיא ווייסעל; נאכדעם צושלאגט מען איין איי, דיא געלכל מיט דיא ווייסעל צוזאמען, אונ מען בעשמירט דאמיט מיט אפעדער דיא צוואבאך פון יעדער וואטרושקע. דאן זעצט מען זייא אוים אויף אטרוקענעם בלעך אונ מען זעצט זייא אין אויבען. מען גיט אכטונג: ווען זייא ווערען פערברוינט, זיינען זייא פערטיג. מען דער לאנגט זייא הייסער הייט צום טיש.

פון דעם זעלבען טייג מאכט מען וואטרושקעס אויף אייער, ווארעניעס אדער אויף געבאקענע עפעל.

## D. שטרודלען.

### № 430. איין עפיל שטרודעל. AEPFEL-STRUDEL.

מען מאכט אטייג פון מעהל, איי, עטוואס פעט אין לעבליכען וואסער; מען וועלגערט איהם אוים וויא אבלאט אונ מען בעגיסט איהם מיט עטוואס פעטט. פריער ווערען פיר גרויסע זויערליכע עפיל געשיילט אונ אין פענעצען (בלעטער) געשניטען, 7 לויט מאנדלען אבגעבריהט מיט הייסען וואסער אונ צו שטויסען אונ מיט 7 לויט צוקער פערמישט, 1/4 פונד ראזינקעס ווערען אבגעוואשען אונ אב געווישט. יעצט לייגט מען אוים אויף דעם טייג בלאט, וואס איז בעשמירט מיט פעט, פריער דיא עפעל, נאכדעם בעשטרייט מען אוים דיא מאנדלען מיט דיא צוקער, אונ צו לעצט דיא ראזינקעס. מען קייקעלט איין דאס טייג בלאט לייז, בעשטרייכט אויבען מיט פעט, לייגט עס אין אפלאכע קאסטרולע, וואס איז אוים געשמירט מיט פעט, אונ לאזט עס באקען.

**№ 431. אַשָׁאָקאָלאַדֶע-שְׁטְרוּדֶעל. CHOCOLADE-STRUDEL.**

מֶען מַאכְט אַטֵייג וִויא אִין פָארִיגֶען נוּמֶער, וָועלְגֶערְט אוֹיס אַדִינֶעס בְּלַאט אוּנ לָאזְט עֶס אָבְּטְרִיקְנֶען. דַאן צוּרַייבְּט מֶען דְרַייא שְׁטִיקְלֶעךְ שָׁאָקאָלאַדֶע, צוּבְּרֶעקֶעלְט אַפֶערְטֶל פוּנְד מַאנְדְלֶען גֶעשְׁוֶועלְטֶע (אָבְּגֶעבְּרִיהטֶע) אוּנ פֶערְמִישְׁט מִיט 6 לוֹיט צוּקֶער. מֶען בֶּעגִיסְט דֶעם טֵייג מִיט עֶטְלִיכֶע לֶעפֶעל פֶעט, בֶּעשְׁטְרַייט אִיהם מִיט דִיא שָׁאָקאָלאַדֶע אוּנ דִיא מַאנְדְלֶען, בֶּעגִיסְט אִיהם מִיט 3 אֵייעֶר, קַייקֶעלְט אִיהם אַיין, אוּנ מֶען גִיבְּט נָאךְ צוּ עֶטְלִיכֶע גֶערִיבֶּענֶע עֶפֶּעל בַּיים לֶעצְטֶען אַיינְקִיהלֶען. אוּנ מֶען גִיבְּט עֶס אִין אַפְּלַאכֶע קַאסְטְרוּלֶע.

**№ 432. אַקַארְטָאפֶעל-שְׁטְרוּדֶעל. KARTOFFEL-STRUDEL.**

מֶען צוּ רַייבְּט אַהַאלְבּ פוּנְד מֶעהלִיגֶע קַארְטָאפֶעלְן, וָואס מֶען הָאט פְרִיעֶר אָבְּגֶעקָאכְט אוּנ אוֹיס גֶעקִיהלְט. מֶען צוּ שְׁמֶעלְצְט אַפֶערְטֶל פוּנְד פֶעט. גִיבְּט דַארִין דִיא קַארְטָאפֶעלְן, פֶערְמִישְׁט מִיט 6 גֶעלְבְּלֶעךְ, 6 לוֹיט צוּשְׁטוֹיסֶענֶע מַאנְדְלֶען 6 לוֹיט צוּקֶער, צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטֶס, אוּנ צוּ לֶעצְט מִיט דֶעם שְׁנֵייא פוּן 3 אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶענֶע אֵייוַוייסְלֶעךְ, דָאס אַלְץ מִישְׁט מֶען צוּזַאמֶען אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע צַייט. דַאן מַאכְט מֶען אַטֵייג, וִויא צוּ דִיא פָארִיגֶען, וָועלְגֶערְט אוֹיס אוּנ לֵייגְט אוֹיבֶּען דָאס גֶעפִילֶעכְטֶס, שְׁטְרַייכְט עֶס אָן דִין, קַייקֶעלְט דָאס בְּלַאט לַייז צוּזַאמֶען, בֶּעשְׁטְרַייכְט מִיט פֶעט אוּנ מֶען בַּאקְט דִיא שְׁטְרוּדֶעל אִין דֶער קַאסְטְרוּלֶע.

דִיזֶע שְׁטְרוּדֶעל מוּז גְלַייךְ פוּן אוֹיבֶען דֶער לַאנְגְט וֶוערֶען צוּם טִישׁ, אוּם עֶס זָאל נִיט פַאנַאנְדֶער פַאלֶען.

**№ 433. אַקְרוֹיט שְׁטְרוּדֶעל. KOHL-STRUDEL.**

מֶען שְׁנַייְדְט אוֹיס פוּן אַקֶעפֶּל קְרוֹיט דֶעם קַאצַאן, צוּ בְּרֶעקֶעלְט דִיא בְּלֶעטֶער זֶעהר דִין. מֶען פְּרֶעגְלְט אַיין אִין אַקַאסְטְרוּלֶע צוּבְּרֶעקֶלְטֶע צְווִיבֶּעלְן מִיט עֶטְוָואס צוּקֶער אִין שְׁמַאלְץ; מֶען גִיבְּט הִינַאיין דָאס צוּבְּרֶעקֶלְטֶע קְרוֹיט מִיט זַאלְץ אוּנ מִיט פֶעפֶער, אוּנ מֶען לָאזְט עֶס טוּשֶׁען, — אוּנ נָאכְדֶעם אָבְּקִיהלֶען. מֶען לָאזְט דָאס טֵייגְבְּלַאט עֶטְוָואס טְרִיקְנֶען, בֶּעשְׁטְרַייט דַאן מִיט דֶעם קְרוֹיט, קַייקֶעלְט עֶס אַיין אוּנ מֶען לָאזְט דִיא שְׁטְרוּדֶעל בַּאקֶען.

**№ 434. אַצְווִיבֶּעל-שְׁטְרוּדֶעל. ZWIEBEL-STRUDEL.**

מֶען צוּ שְׁנַייְדְט 6—8 צְווִיבֶּעל אִין זֶעהר דִינֶע בְּלֶעטְטֶער, גִיבְּט זֵייא אִין אַבְּרָאט פַאנֶע מִיט ½ פוּנְד פֶעטט, אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא טוּשֶׁען אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג. דַאן לֵייגְט מֶען זֵייא אוֹיף אַשִׁיסֶל אוֹיס קִיהלֶען. נַאכְדֶעם לֵייגְט מֶען זֵייא אוֹיף אַטֵייג בְּלַאטט, שְׁטְרֵייט דַארוֹיף זַאלְץ אוּנ פֶעפֶער אוּנ מֶען קַייקֶעלְט עֶס אַיין. דָאס אַיינְגֶעקַייקֶעלְטֶס בְּלַאטְט צוּ שְׁנַייְדְט מֶען אִין שְׁטִיקֶער, דְרִיקְט דִיא עֶנְדֶען פֶעסְט צוּ, גִיבְּט זֵייא אוֹיף אַזִיפּ, זֵייא זָאלֶען זִיךְ עֶטְוָואס טְרִיקְנֶען. דַאן קָאכְט מען

מֶען זִייא אָב אִין זַאלְצְוַואסֶער אוּנ מֶען דֶער לַאנְגְט זִייא צוּם טִישׁ אִין אַשִׁיסֶעל, בֶּעשְׁטְרַייט מִיט זֶעמְמֶעל בְּרֶעקְלֶעך אַיינְגֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע אִין שְׁמַאלְץ.

## № 435. אַרייז-שְׁטְרוּדֶעל. REİS-STRUDEL.

מֶען קָאכְט אָב ½ פוּנְד רַייז אִין אַשְׁטָאף מִילְךְ. מֶען צוּ לָאזְט 5 לוֹיט פוּטֶער, פֶּערְמִישְׁט דְרִינֶען 5 גֶעלְכְלֶעך אוּנ דֶעם שׁוּים פוּן דְרַייא אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶענֶע וַוייסְלֶעך; גִיבְּט צוּ מֶעלֶעם צוּקֶער, עֶטְוָואס וַואנִילְלֶע. דֶער מִיט לֵיינְט מֶען אוּיס דָאס טֵייג בְּלַאטְט, קַייקֶעלְט עֶס צוּ זַאמְמֶען אוּנ גִיבְּט אִין אַפַאנֶע, וָואס אִיז אוּיס גֶעשְׁמְרִיבֶען מִיט פוּטֶער, אוּנ מֶען לָאזְט זִייא בַּאקֶען.

## E. אַנְדֶערֶע גֶעבֶּאק.

## № 436. זַאמְד פְּלֶאטְצֶל. SAND-PLÄTZCHEN.

מֶען צוּ שְׁמֶעלְצְט אַפוּנְד פוּטְטֶער אוּנ מֶען פֶּערְמִישְׁט מִיט 1½ פוּנְד וַוייצֶען מֶעהל; מֶען צוּ שְׁלָאגְט 12 גַאנְצֶע אֵייעֶר אוּנ מֶען פֶּערְמִישְׁט מִיט אַפוּנְד צוּקֶער (יֶעדֶעס אֵיי מִיט אַבִּיסִיל מֶעלֶעם צוּקֶער אַיינְגֶערִיבֶען אַפַארְט). דַאן פֶּערְמִישְׁט מֶען עֶס מִיט דֶעם מֶעהל אוּנ פוּטֶער. אוֹיף אַקִיכֶענְבְּלֶעך וֶוערֶען אוּיס גֶעלֵייגְט קְלֵיינֶע קוּכֶען פוּן דֶעם טֵייג אוּנ אִין אוֹיבֶען גֶעבַּאקֶען.

## № 437. מַאקַארָאנֶען. MAKRONEN.

מֶען צוּ שְׁטוֹיסְט אַפוּנְד אָנְגֶעבְּרִיהְטֶע, גֶעשֵׁיילְטֶע, זִיסֶע מַאנְדְלֶען; פֶּערְ-מִישְׁט עֶס מִיט אַפוּנְד מֶעלֶעם צוּקֶער אוּנ מִיט דֶעם שְׁנֵייא פוּן 8 אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶענֶע וַוייסְלֶעך. מֶען בֶּעשְׁטְרַייט אַקוּכֶענְבְּלֶעך מִיט מֶעהל, אָדֶער בֶּעט אוּיס מִיט וַוייסֶען פַּאפִּיר, אוּנ מֶען לֵייגְט דַארוֹיף מִיט אַטֵיילֶעפֶעלֶע קְלֵיינֶע הַייפֶעלֶעך פוּן דֶער מַאסֶע, נִיט צוּ גֶעדִיכְט גֶעבֶען אַיינַאנְדֶער, אוּנ מֶען בַּאקְט זִייא בַּייא מֶאסִינֶער הִיטְצֶע אִין אוֹיבֶען גֶעלְבְּבְּרוֹין.

## № 438. מִירְבֶּע קוּכֶען. MÜRBEKUCHEN.

מֶען פִיהְרְט פַאנַאנְדֶער אַפוּנְד פוּטֶער וִויא אַשְׁמַאנְד; פֶּערְמִישְׁט דִינֶע מִיט 10 לוֹיט צוּקֶער, 4 גַאנְצֶע אֵייעֶר, 2 גֶעלְכְלֶעך, 8 עֶסְלֶעפֶעל מִילְךְ, עֶטְוָואס וַואנִילְלֶע אִין 1¾ פוּנְד קְרוּפְּצַאטְקֶע מֶעהל. מֶען וֶועלְגֶערְט אוּיס דֶעם טֵייג שְׁטִיכְט פוּן אִיהם אוּיס מִיט אַשְׁטֶעכֶער בֶּעזוּנְדֶערֶע שְׁטִיקֶער אִין שְׁטֶעכֶען פָארְם; בֶּעשְׁטְרַייכְט מִיט אֵיי, בֶּעשְׁטְרַייט זִייא מִיט צוּקֶער אוּנ שְׁטִיקְלֶעך מַאנְדְלֶען, — אוּנ מֶען בַּאקְט זִייא אוֹיף אַקוּכֶענְבְּלֶעך בַּייא מֶאסִיגֶע הִיטְצֶע אִין אוֹיבֶען.

## № 439. אַצְוִויבֶּעל קוּכֶען. ZWİEBELKUCHEN.

מֶען וֶועלְגֶערְט אוּיס אַשְׁטִיק טֵייג, לֵייגְט עֶס אוֹיף אַבְּלֶעך, וָואס אִיז בֶּעשְׁמִירְט מִיט פוּטֶער; לֵייגְט דַארוֹיף צוּבְּרֶעקֶעלְטֶע רוֹיעֶ צְוִויבֶּעלְן, גִיסְט דַארוֹיף

צוּ

צו לאזענע פוטער אדער פייגעס אייל, — אונ מען זעצט עם אין אויבען. בעסער איז, אז מען ברוהט פריער דיא צוויבעקן אב אונ מען לאזט דאס וואסער אבלויפען.

## BARANCHEN, KRINGEL (БАРАНКИ). אייער בייגעל. № 440.

מען נעהמט 1½ פונד מעהל, 5 אייער, 1 לעפעל צושמאלצענע פוטער, ½ גלאז וואסער אונ קימעל. מען מאכט דער פון אטייג, רייבט דורך מיט אהאלצערנעם שטויסעל (אטוקאטש) אונ מען קנעט גוט דורך מיט דיא האנד. דאן מאכט מען בייגעל, לייגט זייא אין קאכענדעם וואסער; ווען זייא שווימען ארויף, זיין זייא פערטיג. יעמאלט לייגט מען זייא אויף אבלעך, בעשמרייט מיט קימעל אונ מען זעצט זייא אין אויבען בייא מאסיגער היטצע.

## KRINGEL (КРЕНДЕЛИ). איינע אנדער ארט אייער בייגעל. № 441.

מען נעהמט 3 לעפעל פוטער, 6 געלכלעך, אטהייטאסע מעלעס צוקער, אגלאז שמעטענע, ½ פונד קרופצאטקע מעהל. מען צו לאזט דיא פוטער, גיסט זייא אין אבעזונדער כלי, שטעלט עם אין קאלטעם וואסער, אדער אויף אייז; מען דרייט מיט אלעפעל אימער אין איין זייט, ביז דיא פוטער ווערט געדיכט אונ בעקומט אווייסען קאליר, דאן שלאגט מען אריין דיא 6 געלכלעך, דיא מעלעס צוקער אונ דיא שמעטענע; מען קלאפט עס מיט אלעפעל, אינדעם מען שיט צו ביסלעך ווייס מעהל, ביז עס ווערט אשטייפער טייג. דאן מאכט מען דער פון בייגעל. מען לייגט זייא אויף אבלעך, וואס איז בעשמרייט מיט מעהל, אונ מען זעצט זייא אין ניט אגאנץ הייסען אויבען.

## ZWIEBACK (СУХАРИ). סוכארעס. № 442.

מען נעהמט ½ גארנעטץ מילך, 4 גלאזער אייער, 2 גארנעטץ טרוקענעס מעהל 4 גלאזער פוטער, ½ פונד צוקער, ½ לעפעל זאלץ, אגלאז געדיכטע, ווייסע, אבגעשטאנענע הייבען (אדער ¼ פונד טרוקענע. מען פערמישט מיט אטייג פון 4 גלאזער לעפליבע אויפגעקאכטע מילך מיט מעהל אונ מיט דעם גלאז הייבען. ווען דער טייג איז אויפגעגאנגען, גיסט מען אריין דיא איבריגע מילך אונ דיא 4 גלאזער אייער, גיבט צו דעם האלב פונד צוקער אונ אביסל זאלץ; קלאפט אויף אונ קנעט איין, אז דער טייג זאל ניט קלעפען אן דיא הענד. דאן שיט מען צו נאך מעהל, גיסט צו ביסלעך ווייס דיא אבגעקיהלטע, פריער צו לאזענע פוטער, לאזט דעם טייג אויפגעהען, מאכט בולקעס אונ זעצט זייא אין אויבען אויף אבלעך. ווען דיזע זיינען פערטיג, צו שניידט מען זייא, נאך הייסערהייט, אין פענעצען, מיט אשארפען מעסער; טונקט איין יעדע פענעצע אין שמאנט. בעשטרייט מיט צוקער אונ צימרינג אונ לאזט זייא טריקנען אין דעם זעלבען אויבען.

אין

### FRANZÖSISCHER ZWIEBACK. . פראנצאזישע סוכארעס № 443.

אין 6 גלאזער װארמע מילך שיט מען אריין 18 גלאזער טרוקנעס מעהל אונ מען גיסט אריין אגלאז היפען. דאס אלץ מישט מען דורך, בעשטרייט מיט מעהל אונ מען לאזט אויפגעהען. דאן גיבט מען צו 16 אייער, גיסט צו דרייא גלאזער צו לאזענע פוטער, שלאגט אויף, לאזט אויפגעהען, גיבט דעם טייג אפען טיש אונ קנעט איהם גוט דורך, אז ער זאל ניט קלעפען אין דיא הענד. מען מאכט דער פון בולקעס, לאזט זייא אויפגעהען אונ מען זעצט זייא אין אויבען. װען דיזע זיינען פערטיג, צו שניידט מען זייא אין פענעצען, בעשטרייט מיט צוקער אונ מען לאזט זייא טריקנען אין אויבען.

### WIENER ZWIEBACK. . װיענער סוכארעס № 444.

מען נעהמט פיר גלאזער מעהל, איין איי, אגלאז שמאנט, אלעפעל פוטער, אהאלבעס גלאז צוקער אונ אנדערהאלבען גלאזער היװען. מען פערקנעט אהעלפט מעהל מיט דיא װארמע שמאנט, פערמישט מיט דיא פוטער אונ מען לאזט דעם טייג אויפגעהען. דאן שיט מען צו דאס געבליבענע מעהל אונ דיא צוקער, קנעט װייטער דורך אונ מען לאזט װידער אויפגעהען. נאכדעם װעלגערט מען אויס דעם טייג בעשמירט מיט צו לאזענע פוטער, לייגט צו זאממען אונ מען מאכט בולקלעך אין דער פארם פון סוכארעס; מען לאזט װידער אויפגעהען, בעשמירט זייא מיט איי אונ מען זעצט זייא אין אויבען. דיא פארטיגע סוכארעס ברעכט מען איבער, אדער מען צו שניידט זייא, אונ מען לאזט זייא טריקענען אין אויבען.

## ניינטער אבשניטט.

### פון צוקקער בעקערייען.

### MANDELTORTE. . אמאנדעל טארט № 445.

מען קאכט אויף אין אקאסטרולע 3/4 פונד צוקער מיט אגלאז װאסער, גיבט הינאיין אפונד געשיילטע אונ צו ברעקעלטע אדער געשטויסענע מאנדלען, פרעגעלט צו אויף קוילען אונ מען שטעלט עס אבקיהלען. מען גיבט צו דעם זאפט פון אלימאן, אלוים צימרינג, 10 געלכלעך אונ 5 װייסלעך, װאס איז אויפגעשלאגען אין אשוים. דאס מישט מען אלץ צו איין זייט אשעה צייט. דאן שמירט מען אויס מיט פוטער דעם טארטענפורעם, בעט אויס מיט איין אבלאטקע פון טייג, לייגט אויבען אהעלפט פון דעם מאנדעל טייג, דארויף װיעדער טרוקענע װארעניעס, אדער איינגעפרעגעלטע ברעקלעך פאמעראנצען; אויבען לייגט מען װיעדער דיא אנדערע העלפט פון דעם מאנדעלטייג, זעצט אין איין ניט גאנץ הייסען אויבען באקען. װען עס איז פערטיג. מאכט מען אגלאזור פון װייסעל מיט צוקער אונ מען לאזט צוטריקנען.

מען

### № 446. אַיין אַנְדֶערֶ מַאנְדֶעל טָארְט.

מֶען צו שְׁטוֹיסְט אַפוּנְד גֶעשֶׁיילְטֶע מַאנְדְלֶען, בֶּעשְׁפְּרִיצְט מִיט וַואסֶער, אום ניט אַרויס צו דְרִיקֶען דָאס אֵייל. מֶען גִיבְּט דיא מַאסְסֶע אִין אַטָאפְּף, שִׁיט אַריין אַפוּנְד מֶעלֶעס צוּקֶער, לֵייגְט צו נָאךְ 6 לוֹיט אוּנְגֶעוַאלְצֶעגֶע פּוּטְטֶער, עֶטְוָואס אַיינְגֶעמַאכְטֶעס פוּן צוּטְרִין אוּנ מֶען שְׁלָאגְט אַריין 13 גֶעלְכְּלֶעךְ אֵיינְצִינְ־וַויים אִימְמֶער רֵייבֶּענְדִיג. מֶען לֵייגְט דֶעם גְרֶעסְטֶען טְהֵייל פוּן דֶער מַאסְסֶע אִין דֶעם טָארְטֶענְפוֹרֶעם, אוֹיבֶּען ווידֶער ווָארֶענְיֶעס פוּן יַאגְדֶעס. פוּן דֶעם גֶעבְּלִיבֶּענֶעם טֵייג מַאכְט מֶען לַאנְגֶע רוּנְדֶע שְׁטְרֵייפֶען, לֵייגְט זֵייא פוּן אוֹיבֶּען הִין אוּנ הֶער אוּנ אַרוּם דֶעם בְּרֶעג פוּן דֶעם טָארְט, וְויא אַזוֹים. מֶען בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּקֶער אוּנ מֶען זֶעצְט אִין אוֹיבֶען.

### № 447. אַפֶּערְמִישְׁטֶע מַאנְדֶעלְטָארְט. GERÜHRTE MANDELTORTE.

אַהאלְבּ פוּנְד זִיסֶע מַאנְדְלֶען וֶוערְט גֶעבְּרִיהט, גֶעשֵׁיילְט, גֶעשְׁטוֹיסֶען אוּנ נַאכְדֶעם מִיט וַואסֶער בֶּעשְׁפְּרִיצְט. מֶען צו שְׁנַיידְט דִין דִיא שָׁאלֶעכְטֶס פוּן צְוֵוייא צוּטְרִינֶען אוּנ מֶען גִיבְּט דִיא בֵּיידֶע מִיט ½ פוּנְד צו שְׁטוֹיסֶענֶע צוּקֶער אִין אַבֶּלִי מִיט נִיט אַגְלַאטֶען דֶעק, אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס פַאנַאנְדֶער מִיט 2 אֵייעֶר אוּנ זֶעכְס גֶעלְכְּלֶעךְ אַזוֹ לַאנְג בִּיז עֶס הֵייבְּט אָן אוֹיפְצוּקְוֶועלֶען. דַאן מִישְׁט מֶען אַריין דֶעם שְׁנֵייא פוּן 4 וַוייסְלֶעךְ. מֶען שְׁמִירְט אוֹיס אַפוֹרֶעם, לֵייגְט דִיא מַאסְסֶע הִינְאַיין אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא לַאנְגְזַאם בַּאקֶען. דֶער וַוייל מַאכְט מֶען אַגוּס פוּן 4 לוֹיט גֶעזִיבְּטֶע שָׁאקָאלַאד פֶּערְמִישְׁט מִיט 2 וַוייסְלֶעךְ, בֶּעשְׁטְרֵייכְט דַאמִיט דִיא גֶעבַּאקֶענֶע טָארְט אוּנ מֶען לָאזְט דִיא טָארְטֶע מִיט דֶעם גוּס טְרִיקְנֶען אִין אַיין אָבְּ־גֶעקִיהלְטֶען אַלִינְדֶען אוֹיבֶען.

### № 448. אַמַאנְדֶעל טָארְט פוּן זֶעמְמֶעל. SEMMEL-MANDELTORTE.

מֶען נֶעהמְט ¾ פוּנְד זִיסֶע אוּנ 10 גְרוֹיסֶע בִּיטְטֶערֶע מַאנְדְלֶען, ¾ פוּנְד צוּקֶער, 10 אֵייעֶר, פַּאר 6 קָאפֵּייקֶען זֶעמְמֶעל אוּנ אַיין אָנְגֶעריבֶּענֶע צוּטְרִין. דִיא מַאנְדְלֶען וֶוערֶען גֶעבְּרִיהט, גֶעשֵׁיילְט אוּנ צו בְּרֶעקֶעלְט; דִיא זֶעמְמֶעל וֶוערְט דִין צֶערְרִיבֶּען. יֶעצְט גִיבְּט מֶען פְּרִיעֶר נָאר 2 גֶעלְכְּלֶעךְ אִין אַשִׁישֶׁעל אוּנ מֶען צֶערְרֵייבְּט זֵייא מִיט אַלֶעפֶּעל; נָאכְדֶעם שְׁלָאגְט מֶען אַריין אֵיינֶע נָאךְ דִיא אַנְדֶערֶע דִיא אִיבְּרִיגֶע 8 גֶעלְכְּלֶעךְ; צו יֶעדֶערֶע גִיבְּט מֶען צו אַיין עֶסְלֶעפֶּעל צוּקֶער, מַאנְדְלֶען אוּנ זֶעמְמֶעל, אוּנ מֶען רֵייבְּט יֶעדֶע אַיין אִין דֶער מַאסְסֶע אַפַּארְט; אַזוֹי בִּיז צו עֶנְדֶע. וֶוען אַלֶעס אִיז אָרְדֶענְטְלִיךְ דוּרְךְ גֶעמִישְׁט, גִיבְּט מֶען צו דֶעם שְׁטֵייפֶען שְׁנֵייא פוּן דִיא 10 וַוייסְלֶעךְ אוּנ מֶען לֵייגְט דִיא מַאסְסֶע אִין אַפוֹרֶעם, וָואס אִיז אוֹיס גֶעשְׁמִירְט מִיט פּוּטֶער אוּנ בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט זֶעמְמֶער בְּרֶעקְלֶעךְ.

### № 449. עֶפֶּעלְטָארְט. AEPFELTORTE.

מֶען מַאכְט אַמִירְבֶּען טֵייג פוּן פֵיינֶעם מֶעהל, עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר, צוּקֶער

קארדאמום, פוטער (אדער שמאלץ), עטוואס זאלץ אונ מען קנעט דאס צו אפעטען טייג. אויב דער טייג האלט זיך ניט, נעהמט מען נאך איי, נאך פוטער (אויב פליישיג — נאך שמאלץ). יעטצט וועלגערט מען אויס דעם טייג צו ארונדע בלאט; אדריטעל לאזט מען דער פון. מען שמירט אויס דיא טארטענפאנע מיט פוטער (אדער שמאלץ) שטרייט אויס מיט געריבענע זעממעל, לייגט דיא בלאט טייג הינאיין, אבער זיא מוז אריבער געהען איבער דעם ברעג פון דער פאנע. דאס געפילעכטס מאכט מען אזוא: מען פרעגלט איין שטיקלעך (אדער פענעצען) עפפעל אין פעט (אדער פוטער) אונ צוקער מיט ראזינקעס, געשטויסענע זיסע מאנדלען, געריבענע צוטרינשאלעכטס, צוקער אונ צימרינג. דיזעס געפילעכטס לייגט מען אויף דער טייג-בלאטטע אונ מען פערבייגט ארום דעם איבערשטעהענדען ברעג. יעצט וועלגערט מען אויס דעם איבריגען טייג, צושניידט איהם אין לאנגע שטרייפען (פאסקע) אונ מען לייגט דיזע אויף דעם טארט אין דער לאנג אונ אין דער ברייט אין קלעטקעס (קוואדרירט). באי דיא ברעגעס ווערען דיא שטרייפען אנגעדריקט; יעטצט ווערען זייא מיט צו לאזענע פוטער (אדער שמאלץ) מיט אפעדער בעשטריכען, אונ מען זעטצט דיא טארטע אין אויבען אדער מען באקט זיא אין איין פערדעקטע פאנע אויף קוילענפייער, אונ אויבען לייגט מען אויך הייסע קוילען. ווען זיא איז פערטיג, בעשטרייט מען זיא מיט צוקער.

## PFLAUMENTORTE. אפלוימענטארט. № 450.

דער טייג איז וויא אין פאריגען נומער. דיא פלוימען ווערען געבריהט, דיאביינדלעך ארויס גענומען, נאכדעם דיא פלוימען איינגעקייקלט אין מעלעס צוקער, צימרינג אונ געשטויסענע זיסע מאנדלען. מען לייגט זייא אויף דעם טייג, בעשטרייט אויבען מיט צוקער, מיט דין צובראקעלטע צוטרינשאלעכטס. דאס איבריגע מאכט מען, וויא דיא פריערינע טארטען.

## STACHELBEERTORTE. אטארט מיט אגרעסען. № 451.

ניט צייטיגע, נאך הארטע אגרעסען ווערען אבגעריהט 3—4 מאל מיט קאכענדעם וואסער, דאס וואסער מוז יעדעם מאל בלייבען, ביז עס ווערט גאר לעפלעך. צום לעטצטען מאל גייט מען אב דאס וואסער, פערמישט דערין פיל צוקער (צו 3 גלאז אגרעסען אהאלב פונד צוקער). דאס טרייסעלט מען גוט דורך אונ מען שטעללט זייא אויף עטליכע מינוט אויף קוילען אדער אויף אהייסע פליטע. דאן מישט מען אריין געריבענע צוטרינשאלעכטס אונ עטוואס געשטויסענע צימרינג. דאס איבריגע וויא אין דיא פאריגע נומערן.

## IOHANNISBEERTORTE. אטארט מיט ווייןפערלעך. № 452.

דיא ווייןפערלעך ווערען אבגעפליקט, פערמישט מיט פיל געשטויסענע צוקער

צוקער אונ גוט דורך געטרייסעלט. מען גיבט צו אנגעריבענע צוטרינשאלעבטס אונ עטוואס ציממרינג. דאס איבריגע וויא פריער.

## № 453. אזאמד טארט. SANDTORTE.

3/4 פונד צולאזענע, ניט געזאלצענע פוטער שלאגט מען אויף צו אשוים; מען שלאגט אריין איינע נאך דיא אנדערע 15 געלבלעך, איממער מישענדיג. דערצו קומט אפונד צושטויסענע צוקער, אפונד פיינעם מעהל, דיא אנגעריבענע שאלעבטס פון אצוטרין, — דאס אלין ווערט גוט אריין געמישט. דיא ווייסלעך פון אכט אייער ווערען אויפגעשלאגען צו אשוים, אונ דיזע צו לעטצט אריין געמישט. דאס גיבט מען אין איין אויסגעשמירטע פורם אונ מען באקט אין אויבען.

## № 454. איינע אנדערע זאמד טארטע.

מען רייבט דורך אין שמעטענע 3/4 פונד פרישע אונגעזאלצענע פוטער, שלאגט אריין איינציגוויים, איממער איינרייבענדיג, ביז 12 געלבלעך; שיט אריין אפונט מעהל, עטוואס צוריבענע צוטרינשאלעבטס אונ מען גיבט צו דעם שוים פון דיא 12 ווייסלעך. דאס אללעס מישט מען גוט דורך פון אויבען ארום אונ מען לאזט עס באקען אין ניט אגאנץ הייסען אויבען.

## № 455. איינע ענגלישע טארט. ENGLİSCHE TORTE.

מען רייבט איין אין שמעטענע אפונד פרישע, ניט געזאלצענע פוטער, גיבט צו אפונט צוקער אונ מען מישט גוט דורך, איממער צושיטענדיג ביסלעך ווייס 1 1/4 קרופצאטקע מעהל, אונ אריינשלאגענדיג איינציג ווייס איממער מישענדיג ביז 8 אייער. דאס קענט מען גוט דורך אונ מען גיבט צו אביסל ביטערע מאנדלען, אום עס זאל האבען אפיינעם גערוך, — ביז עס ווערט אשיטערער טייג. דיזע מאסע לייגט מען אויס אויף אבלעך, וואס איז אויסגעשמירט מיט פוטער אונ בעשטרייט מיט מעהל, אונ מען שטעלט עס אין אנווארמען אויבען. אז עס ווערט האלב פערטיג, נעהמט מען ארויס דאס בלעך, צו שניידט דאס געבאקטעס אין פירעקיגע שטיקער אונ מען שטעלט ווידער אין אויבען. אז עס איז געווארען פערטיג, נעהמט מען ווידער ארויס, לייגט אויבען אויס מארמעלאד, לייגט איינע אויף דיא אנדערע, מאכט אויבען אגלאזור אונ מען שטעלט אין אויבען צוטריקנען.

## № 456. אביסקוויט טארט. BİSCWİT-TORTE.

מען צערייבט 20 געלבלעך מיט אפונד צוקער ביז ווייס; מען שיט אריין, אום עס זאל האבען אפיינעם גערוך, געשטויסענע ביטערע מאנדלען אדער קארדימאן; גיסט אריין אגלעזעל מאלאגע, גיבט צו דעם שוים פון אויפגעשלאגענע 20 ווייסלעך אונ אפונט מעהל; מישט לאנגזאם גוט דורך אונ מען גיבט דיא

מאססע

מַאסְסֶע אִין אַטָארְטֶענְפוּרְם, וָואס אִיז אוֹיסְגֶעשְׁמִירְט מִיט פוּטְטֶער אוּנ מֶען לָאזְט בַּאקֶען.

## CHOKOLADEN TORTE. אַשָׁאקָאלַאדֶענְ-טָארְט. № 457.

מֶען צוּשְׁטוֹיסְט דִין אַפוּנְד גֶעטְרִיקְנְטֶע מַאנְדְלֶען אוּנ סֶען לֵייגְט עֶס אִין אַיין לִימֶענֶעם טָאפְּף. מֶען גִיבְּט הִינְאַיין $3/4$ פוּנְד צוּקֶער, שְׁלָאגְט אַרַיין אֵיינְצִיגְוַויים בִּיז 20 גֶעלְכְלֶעךְ, אוּנ מֶען רַייבְּט נָאךְ אַנַאנְד צוּ אֵיין זַייט, בִּיז אַשְׁטוּנְדֶע צַייט. מֶען טְהוּט הִינְאַיין אַפוּנְד צוּרִיבֶּענֶע שָׁאקָאלַאד, אַהַאלְבּ לוֹיט צִימְרִינְג, דַאן דֶעם שׁוּים פוּן 18 אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶענֶע וַוייסְלֶעךְ אוּנ מֶען מִישְׁט לַאנְגְזַאם דוּרְךְ. מֶען שְׁמִירְט אוֹיס דֶעם טָארְטֶענְפוּרְם מִיט פוּטְטֶער. בֶּעשְׁטְרַייט מִיט צוּקֶער, גִיבְּט הִינְאַיין דִיא מַאסְסֶע אוּנ מֶען לָאזְט בַּאקֶען. אוֹיבֶּען מַאכְט מֶען אַגְלַאזוּר פוּן אֵייוַוייס אוּנ צוּקֶער.

## NUSSTORTE. אַטָארְט פוּן נִיס. № 458.

מֶען צוּשְׁטוֹיסְט דִיא יָאדְרֶעס פוּן צְוַוייא פוּנְט נִיס מִיט צְוַוייא פוּנְט מֶעלֶעס צוּקֶער; מֶען שְׁלָאגְט אוֹיף אַשׁוּים פוּן 20 וַוייסְלֶעךְ אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט עֶס מִיט דִיא צוּשְׁטוֹיסֶענֶע נִיס. מֶען צוּטְהֵיילְט דִיזֶע מַאסֶע אִין דְרַייא טְהֵייל, לֵייגְט זֵייא אוֹיס אוֹיף דְרַייא רוּנְד גֶעשְׁנִיטֶענֶע שְׁטִיקֶער פַּאפִּיר אוּנ מֶען לָאזְט זֵייא אוֹיסְבַּאקֶען. וָוען זֵייא זַיינֶען פֶערְטִיג, לֵייגְט מֶען זֵייא אֵיינֶע אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע, אוּנ צְווִישֶׁען— נַוארֶענִיעֶס אָדֶער מַארְמֶעלַאד. מֶען מַאכְט אוֹיבֶּען אַגְלַאזוּר אוּנ מֶען לָאזְט צוּ טְרִיקֶענֶען אִין אוֹיבֶען.

דִיא נִיס מוּז מֶען שְׁטוֹיסֶען צוּ זַאמְמֶען מִיט צוּקֶער, אוּם נִיט אוֹיס צוּ דְרִיקֶען פוּן זֵייא דָאס אֵייל.

## MOHNTORTE. אַטָארְט פוּן מָאהן. № 459.

מֶען שִׁיט אַרַיין אִין קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער אוֹיף אַשָׁעה צַייט אַפוּנְט מָאהן; מֶען דֶעקְט צוּ, אוּם עֶר זָאל אוֹיפְשְׁוֶועלְלֶען. דַאן וַואשְׁט מֶען אִיהם דוּרְךְ עֶטְלִיכֶע מָאל אוּנ מֶען דְרִיקְט אִיהם אוֹיס דוּרְךְ אַסֶערְוֶועטְקֶע. נָאכְדֶעם צֶערַייבְּט מֶען אִיהם זֶעהר שְׁטַארְק, בִּיז עֶר וֶוערְט וֵוייךְ, אוּנ מֶען גִיבְּט צוּ אֵיינְצִיגְוַויים, אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג, בִּיז 30 גֶעלְכְלֶעךְ, אַפוּנְט צוּקֶער, פִינְף גְרָאזֶער שְׁמַאנְט, אַהַייפֶעל גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע בִּיטֶערֶע מַאנְדְלֶען אוּנ מֶען שִׁיט אַרַיין אַפוּנְד קַארְטָאפֶעלְמֶעהל. וֶוען דָאס אַלֶּעס אִיז גוּט דוּרְךְ גֶערִיבֶען, גִיבְּט מֶען הִינְאַיין דֶעם שׁוּים פוּן 18 וַוייסְלֶעךְ, מִישְׁט דוּרְךְ לַאנְגְזַאם, גִיבְּט אִין פוּרְם, וָואס אִיז אוֹיס גֶעשְׁמִירְט מִיט פוּטֶער אוּנ בֶּעשְׁטְרַייט מִיט צוּשְׁטוֹיסֶענֶע צְווִיבַּאק, אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט אִין אוֹיבֶען.

## HONİGKUCHEN VON ROGGENMEHL. (ПРЯШКИ). לֶעקֶעךְ פוּן קָארֶענֶע מֶעהל. № 460.

מֶען קָאכְט אוֹיף 18 גְלָאזֶער הָאנִיג, אִינְדֶעם מֶען גִיסְט צוּ בִּיסְלֶעךְ וַוייס

אטאססע שפירט, אימער מישענדיג, אום עס זאל זיך ניט אנציגדען; מען שיט אריין אהייפעל לאוואנדע (לאווענדעל) אלעפעלע געשטויסענע איננבער, אהאלבע טאססע צוהאקטע אונ אויסגעקאכטע אפעלסינשאלעכטס, דאסזעלבע צוטרינ-שאלעכטס, אביסל אניס, — אונ מען מישט דאס גוט דורך. דאס אלץ ווען עס איז עטוואס אבגעקיהלט גיסט מען אריין אין קארענע מעהל (1 1/4 טאפף), וואס מען האט איבערגעברענט אין אהייסע קאסטרולע מען קלאפט עס אויף מיט אלאפעטקע, אונ, ווען דער טייג ווערט אבגעקיהלט, קענט מען איהם צוויא שעה מיט דיא האנד. דאן גיבט מען איהם אין אפורם, אינדעם מען האט איינגעטונקט דיא האנד אין ביער, וואס איז געקאכט מיט האניג. אויבען בענעצט מען דעם טייג מיט דיזעם ביער, מען בעפוצט מיט צוקאט (זוקאדע, איבערצוקערטע צוטרינ-שאלעכטס) אונ מאנדלען, לאזט עטוואס אויף געהען אונ מען שטעלט אין אויבען, וואס איז געהייצט וויא אויף ברויט.

## № 461. איינע אנדערע ארט קארענע לעקעך.

מען נעהמט צוויא טאפף קארענע מעהל אויף אנדערהאלבען טאפף האניג. מען קאכט דעם האניג אגאנצע שטונדע, דאן גיבט מען צו אביסל געשטויסענע פעפער, נעגעלעך, איננבער אדער קארדימאן, אונ אויך אהאלב פונד וייך אבגעקאכטע אונ דין צושניטענע אפפעלסינשאלעכטס. מען גיסט אריין צוויא גלאזלעך גוטען שפירט אונ מען מישט דאס גוט דורך. ווען עס איז עטוואס אבגעקיהלט גיסט מען אריין דיא גאנצע מאססע אין דיא מעהל, וואס איז אין אמולטער, מישט גוט דורך אונ מען קלאפט אויף מיט אלעפעל, דאן וועלגערט מען פאנאנדער דעם טייג אויף אטיש, וואס איז בעשטרייט מיט מעהל, אונ מען לייגט דאס אין גאנצען, אדער צושניטענע שטיקקער, אויף אבלעך, וואס איז בעשטרייט מיט מעהל, אונ מען זעטצט ניט אין אהייסען אויבען.

## № 462. נאך איינע אנדערע ארט קארענע לעקעך.

אפונד האניג, אפונד מעהלעס צוקער, 4 אייער, אגלעזעל בראנפען, אלעפעל טרינק זאדע, אביסל נעגעלעך אונ עניס. דאס אללעס פערמישט מען מיט מעהל אונ מען מאכט אלייזען טייג, שלאגט עס אויף מיט אלעפעל אונ מען לאזט עס אויפגעהען. ווען מען וויל, פיללט מען עס מיט קארינטען, אונ מען זעטצט עס אויף אבלעך אין אויבען.

## HONIG KUCHEN VON WEİZENMEHL.

## № 463. לעקעך פון ווייצענמעהל.

מען קאכט אויף אין אקאסטרולע פיר גלאזער ריינסטען האניג (פאטאקא) אונ מען שיט אריין ווייצענמעהל, ביז עס זאל אויסקומען אלייזער טייג; מען גיסט אריין אגלאז שפירט אונ מען גיבט צו דין צושטויסענע אפפעלסינשאלעכטס

אונ

און אביסל אינגבער . דאס מישט מען גוט דורך און מען לאזט אבקיהלען , דאן שלאגט מען עס אויף מיט דיא האנד , ביז דער טייג ווערט העללער , לייגט עס אויף אבלעך , וואס איז בעשטרייט מיט מעהל , און מען זעטצט אין ניט אגאנץ הייסען אויבען .

## № 464. איינע אנדערע ארט לעקעך פון ווייצענמעהל .

מען רייבט פאנאנדער ביז ווייס פיר גלאזער האניג , שיט הינאיין אפונד ווייצענמעהל און מען רייבט עס ווייטער ביז אהאלב שעה . מען גיבט צו , אימבער רייבענדיג , נייען געלבלעך , אביסעל קארדימאן און דין צוהאקטע אפפעלסינשאלעכטס . נאכדעם שלאגט מען אויף אשוים פון דיא געבליבענע ווייסלעך , גיבט איהם אין דעם טייג , אימער מישענדיג בעהיטזאם צו איין זייט . דאן מאכט מען פון פאפיר קעסטעלעך , גיבט הינאיין דעם טייג , בעשטרייט אויבען מיט צושניטענע מאנדלען און מען זעטצט אויף אבלעך אין ניט אגאנץ הייסען אויבען .

## № 465. שאקאלאדענלעקעך . CHOKOLADEN-HONIGKUCHEN.

מען נעהמט אפונד צוקער און צוויא גלאזער האניג . מען פיהרט פאנאנדער דעם צוקער אין אגלאז וואסער און מען קאכט דאס נאכדעם אין איינעם מיט דעם האניג אין אגרויסע קאסטרולע . מען גיבט צו אלויט פאטאש , אביסל נעגעלעך , קארדימאן , צימרינג , ענגלישע פעפער און אפערטל פונד דין צו האקטע מאנדלען מיט צימרינג . מען נעהמט אראב פון דעם פייער דיא קאסטרולע , גיבט הינאיין אנדערהאלב פונד מעהל און מען קלאפט שטארק אויף . דאן ווארפט מען דעם טייג אפען טיש , וואס איז בעשטרייט מיט מעהל און מען נעהמט איהם גוט איינקנעטען . ווען דער טייג איז צו לייז , שיט מען צו נאך מעהל . נאכדעם וועלגערט מען דעם טייג פאנאנדער , צושניידט איהם אין פירעקיגע שטיקער , לייגט זיא אויף אבלעך , וואס איז אויסגעשמירט מיט פוטער און מען זעצט אין אווארעמען אויבען . וויא דיא לעקעך ווערען פערברוינט , נעהמט מען זיא ארויס ; דער ווייל מאכט מען פון אנדערהאלבען פונט צוקער אסיראפ מיט אזויא פיל וואסער , אז עס זאל זיך ציהען ; מען שיט אריין אהאלב פונד צוברעקעלטע שאקאלאד און מען מישט דורך . מיט דיזער מאססע בעשטרייט מען מיט אפעדער יעדעם שטיקל לעקעך און מען זעטצט זיא אין אויבען צוטריקענען .

## № 466. צוקער-לעקעך . ZUCKER-HONIGKUCHEN.

מען קאכט אויף פון אפונד צוקער אסיראפ אזוא געדיכט , וויא פאטאקא , און מען לאזט אבקיהלען . מען שלאגט אויף ביז ווייס 12 גאנצע אייער און פערמישט זיא מיט דעם סיראפ ; מען גיבט צו נאך אפונד קארטאפעל מעהל , אביסל געשטויסענע צימרינג , נעגעלעך , קארדימאן און אפפעלסינשאלעכטס ;

שלאגט

שלאגט דאס אויף ביז וייך, צושניידט זייא אין שטיקער אונ מען זעטצט זייא אויף אבלעך, וואס איז אויסגעבעט מיט פאפיר, אין אויבען.

## № 467. מארציפאן (צוקקער ברויט). MARZIPAN.

מען בריהט אב מיט הייסען וואסער אפונד זיסע מאנדלען אונ צווייא לויט ביטערע, שיילט זייא אב, טריקנט צו, צושטויסט זייא אונ מען זיפט זייא דורך; דיא געבליבענע שטיקלעך צושטויסט מען נאך אמאל מיט צוקקער. מיט דיזע מאנדלען פערמישט מען אפונד געשטויסענע צוקקער; מען מישט דיא מאססע גוט דורך מיט דער האנד, וואס מען בענעצט פריער מיט ראזענוואסער, אונ גלייך דארויף, וואהרענד דיא מאססע איז נאך ניט אויסגעטריקנט (דען אויב טרוקען, וועט עס זיך ברעכען), לייגט מען זייא אין פרומס, וואס איז אויסגעשטרייט מיט צוקער. דיזע פורמס שטעללט מען אויף אבלעך, אויבען דעקט מען ווידער צו מיט אבלעך איין אויסגעבויגענע (וויפוקלע), אויף וועלכע מען לייגט הייסע קוילען, אונ מען לאזט באקען 10 מינוט. צו אגלאזור צושטויסט מען אפערטל פונד צוקער זעהר דין רייבט עס פאנאנדער מיט ראזענוואסער אשעה צייט. ווען דיא מארציפאנעס זיינען פארטיג, בעגיסט מען זייא דאמיט.

דיא מארציפאנעס נעהמט מען ארויס, ווען זייא זיינען גוט אבגעקיהלט; אז ניט, וועלען זייא זיך ברעקלען.

## № 468. שמאנט קאנפעקטען. RAHM-CONFECTE.

מען צו שטויסט דין אפונד צוקער, בעגיסט מיט פיר גלעזער שמאנט, שטעלט אין אקאסטרולע ביי אמאסיגען פייער (בעסער אויף אפליטע) אונ מען מישט עס מיט אהאלצערנע לאפעטקע, ביז עס ווערט געלב. צור פראבע ווישט מען אויס אבלעך מיט פראוואנס בוימאייל, גיסט ארויף אלעפעלע פון דער מאססע: אויב זיא וועט ניט פאנאנדער לויפען, וויא וואסער אונ אבגעקיהלטער הייט, וועט זיא בלייבען הארט, דאן גיסט מען אויס דיא גאנצע מאססע אויף דאס בלעך אונ וויא זיא ווערט אבגעקיהלט, צו שניידט מען עס אין לאנגליכע שטיקלעך אונ מען חיקעלט זייא איין אין פאפירלעך, אינדעם מען לאזט איין זייט אפען.

## № 469. וואפפעלן. WAFFELN.

מען רייבט פאנאנדער אפונד פוטער ביז וויס, גיבט צו 6 געלבלעך, וואס איז איינגעריבען מיט 2 לעפעל צוקער, שיט צו געשטויסענע קארדימאן 15 קערנער; מען גיסט אריין אבוטל מילך, ביסלעך וויס אלץ מישענדיג, שיט אריין אפונד מעהל אונ מען מישט גוט דורך. דאן שלאגט מען אויף צו אשוים זעכס ווייסלעך, גיבט איהם אין דעם טייג אונ מען מישט גוט דורך; גיבט צו זאלץ אונ דיא גאנצע מאססע שלאגט מען אויף אהאלב שעה נאך אנאנד. וואס מעהר מען שלאגט אויף, איז אלץ בעסער. נאכדעם שמירט מען אויס דיא וואפפעל (פורם)

מיט

מיט ווארמער פוטער, ברענט עס אן הייס, פילט עס מיט דעם טייג אונ מען שטעלט עס איבער דיא פֿלאמע, — אונ מען דארף אכטונג געבען, עס זאל ניט צו ברוין ווערען; נאר געלב. מען לייגט זייא אויס אויף אשיסעל. מען שמירט דיא פורם ווידער אויס מיט פוטער, גיבט היניין ווייטער טייג אונ מען לאזט באקען, ביז אלע וואפפעלן ווערען פערטיג.

דיא וואפפעלן ווערען בעשטרייט מיט צוקער אונ צימרינג.

## № 470. איינע אנדערע ארט וואפפעלן.

מען פערמישט אפונד מעהל מיט 2 גלאזער מילך ווארמע אונ מיט 1½ לעפעל (אדער אלויט טרוקענע) הייוען, שטעלט אין אווארמען ארט אונ מען לאזט אויפגעהען. דער ווייליע צו לאזט מען אהאלב פונד פוטער, רייבט פאנאנדער ביז וויים; דאן רייבט מען איין 6 געלכלעך בעזונדער מיט אלעפעל צוקער, אונ דאס פערמישט מען מיט דיא צו לאזענע פוטער אונ מען רייבט גוט פענאנדער. ווען דער טייג איז אויפגעגאנגען, גיבט מען היניין דיא געלכלעך מיט דיא פוטער אונ מען שלאגט ווייטער אויף אביסל. צו לעצט שלאגט מען אויף אשום פון 6 ווייסלעך מיט צוקער, גיבט איהם אין דען טייג, מישט גוט דורך אונ מען שטעללט באקען וויא פריער.

## № 471. ביסקווי (צוקערגעבאק). BISQWIT.

אהאלב פונד דין צושטויסענע צוקער מישט מען מיט 4 געלכלעך אפערטעל שעה נאך אנאנד. דאן גיבט מען צו דעם שנייא פון 4 ווייסלעך אונ צו לעצט 4 לויט פיינעם מעהל. מישט עס גוט דורך, מאכט פורמס פון פאפיר, פילט זייא דאמיט האלב אן, בעשטרייט מיט צוקער אונ מען באקט זייא אין איין אבגעקילטען אויבען. דיזע ביסקווי פאסען צו וויין.

## № 472. איינע אנדערע ארט ביסקווי.

מען רייבט איין 8 געלכלעך מיט צושטויסענעם צוקער 8 טהיילעפעלך, אונ מיט צוטרינזאפט. מען שיט היניין 8 לעפעלעך קארטאפעלמעהל אונ מען מישט גוט דורך. דאן שלאגט מען אויף אשום פון דיא 8 ווייסלעך. פריער גיבט מען דער פון אביסל אין דיא מאסע אונ מען מישט פאנאנדער, נאכדעם גיבט מען אריין דאס איבריגע, אימער אויפשלאגענדיג דיא מאסע. דאן בעט מען אויס אויף אבלעך ווייסעם פאפיר, מען מאכט ווידער פון פאפיר אלייקע, אינדעם מען שניידט אונטען אב דאס ענדע; גיבט דעם טייג אין דיא לייקע אונ מען לאזט איהם דורך אויף דאס אויסגעבעטע פאפיר יעדען ביסקווי אפארט, בעשטרייט זייא מיט צוקער אונ מען שטעלט זייא אין ניט אהייסען אויבען, ביז זייא ווערען פערברוינט.

דאן גענהמט מען זייא ארויס, לאזט זייא אבקיהלען אונ מען נעהמט זייא פארזיכטיג אראב פון פאפיר.

אפערמעל

## MANDELBRÖTCHEN. , מַאנְדֶעל בְּרוֹיט. № 473.

אַפֶּערְטֶעל פוּנְד מַאנְדְלֶען וֶוערְט גֶעבְּרִיהט , גֶעשֵׁיילְט , צוּבְּרָעקֶעלְט אָדֶער צוּשְׁטוֹיסֶען . נָאכְדֶעם צוּ שְׁטוֹיסְט מֶען אַפֶּערְטֶל פוּנְד צוּקֶער מִיט וַואנִילְיֶע אוּנ זִיבְּט אִיהם דוּרְךְ . מֶען מַאכְט אַשְׁנֵייא פוּן דְרַייא ווַייסְלֶעךְ , פִּיהְרְט פַאנַאנְדֶער מִיט דִיא צוּקֶער רֶעכְט שׁוֹימִיג , מִישְׁט אַרַיין דִיא מַאנְדְלֶען ; מֶען שְׁטֶעכְט זַייא אָב קְלֵיינֶע שְׁטִיקֶער מִיט אַלֶעפֶּעל , לֵייגְט זַייא אוֹיף אַבְּלֶעךְ אוּנ מֶען לָאזְט זַייא בַּאקֶען בַּייא אַלִינְדֶער הִיטְץ . מֶען קֶען אָנְשְׁטָאט אַהֶעלְפְט צוּקֶער , נֶעהמֶען שָׁאקָאלַאדֶע . — דָאס פַּאסְט צוּ וַויין .

## CHOKOLADENGUSS ÜBER TORTEN.
## שָׁאקָאלַאדֶענְגוּס אוֹיף טָארְטֶען (אַגְלַאזוּר) . № 474.

צוּ אַהַאלְב פוּנְד שָׁאקָאלַאדֶע קוּמְט אַפֶּערְטֶל פוּנְד גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צוּקֶער אוּנ 8 לֶעפֶּעל וַואסֶער. דָאס מִישְׁט מֶען אַפֶּען פַייעֶר , בִּיז עֶס וֶוערְט גֶעדִיכְלֶעךְ אוּנ גְלַאט . וָוען דִיא טָארְט אִיז גֶעבַּאקֶען , בֶּעשְׁטְרֵייט זִיא דַאמִיט , זֶעצְט ווִידֶער אִין אוֹיבֶען , בִּיז עֶס וֶוערְט טְרוּקֶען . דֶער גוּס מוּז שְׁטֶעהֶען אַפֶּען פַייעֶר , וֶואהרֶענְד מֶען בֶּעשְׁטְרֵייט דַאמִיט דִיא טָארְטֶע .

## CITRONENGUSS AUF TORTEN. , צוּטְרִינְגוּס אוֹיף טָארְטֶען . № 475.

12 לוֹיט צוּקֶער צוּ שְׁטוֹיסְט מֶען זִיבְּט אִיהם אוּנ מֶען מִישְׁט אִיהם פַאנַאנְדֶער מִיט צוּטְרִינַזאפְּט , בִּיז דִיא מַאסֶע וֶוערְט ווַייךְ אוּנ שׁוֹימִיג . דַאמִיט בֶּעשְׁטְרֵייט מֶען דִיא גֶעבַּאקֶענֶע טָארְט אוּנ מֶען לָאזְט אִיבֶּערְבַּאקֶען אִין אַקִיהלֶען אוֹיבֶען . אַזוֹא מַאכְט מֶען אוֹיךְ אַפָּאמֶערַאנְצֶענְגוּס אוֹיף טָארְטֶען .

## EINE LUFT-BEEREN-KUCHEN. , לוּפְט קוּכֶען פוּן יַאגְדֶעס . № 476.

מֶען קְלֵייבְּט אוֹיס דִיא יַאגְדֶעס (מַאלִינֶעס , בְּאזִימְקֶעס , קְלוּבְּנִיק) . אוּנ מֶען רֵייבְּט זַייא דוּרְךְ אַהָארֶענֶע זִיפּ . זֶעכְס לֶעפֶּעל פוּן דִיזֶעם זַאפְט פֶערְמִישְׁט מֶען מִיט דְרַייא לֶעפֶּעל מֶעלֶעס צוּקֶער , רֵייבְּט גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אוֹיף אַקַאלְטֶען אָרְט אָדֶער אִין קֶעלֶער . פַאר דֶעם עֶסֶען שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף 10 וַוייסְלֶעךְ , אִינְדֶעם מֶען שִׁיט צוּ בִּיסְלֶעךְ וַויים 3 לֶעפֶּעל צוּקֶער . וֶוען עֶס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶען צוּ אַגֶעדִיכְטֶען שׁוֹים , גִיבְּט מֶען הִינַאיין דֶעם זַאפְט פוּן דִיא יַאגְדֶעס , לֶעפֶּעל ווַייז , אִימֶער אוֹיפְשְׁלָאגֶענְדִיג דִיא ווַייסְלֶעךְ אַפֶּען אַייז . דַאן גִיבְּט מֶען עֶס אוֹיף אַפַּאיַאנְס-שִׁיסֶעל אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין גִיט אַהֵייסֶען אוֹיבֶען אוֹיף 10—15 מִינוּט . וָוען דֶער קוּכֶען אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנ פֶערְבְּרוֹינְט , נֶעהמְט מֶען זִיא אַרוֹיס אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט גְלַייךְ צוּם טִישׁ .

## דָאס זֶעלְבֶּע מִיט וַוארֶענְיֶעס . № 477.

דִיזֶע מַאכְט מֶען , וְוִיא דִיא פָארִיגֶע ; נָאר מִיט דֶעם אוּנְטֶערְשִׁיד , אַז דִיא

וואַרעניעס

וואֶרעניֶעס לייגְט מֶען גְלייךְ, וֶוען דיא ווייסְלֶעךְ זיינֶען אויפְגֶעשְׁלָאגֶען אוּנ זיינֶען גֶעוָוארֶען גוּט גֶעדִיכְט. דָאס אִיבְּרִיגֶע וִויא פְרִיעֶר.
דֶער צוּ גִיבְּט מֶען שְׁמַאנְט.

## № 478. אויפְגֶעבְּלָאזֶענֶער פַאנְקוּכֶען. OMELETTE SOUFLÉE.

מֶען רייבְּט איין אַלֶעפְל קַארְטָאפֶעלְמֶעהל אוּנ אַלֶעפֶעל קְרוּפְּצַאטְקֶע מֶעהל מִיט אַלֶעפֶעל פּוּטֶער; מֶען שִׁיט צוּ אַלֶעפֶעל מֶעהלֶעס צוּקֶער, פֶערְמִישְׁט מִיט 1/3 שְׁטֶאנְגֶעל וַואנִילֶע צוּשְׁטוּיסֶענֶע. דָאס אַלֶעס מִישְׁט מֶען פַאנַאנְדֶער מִיט קַאלְטֶע מִילְךְ אַנְלָאז. מֶען שְׁטֶעלְט דָאס אויף דיא פְּלִיטֶע אוּנ מֶען מִישְׁט נָאךְ אַנַאנְד, בִּיז דיא מַאסֶע וֶוערְט גֶעדִיכְט אוּנ וֶוערְט נָאר נִיט אִיבֶּער גֶעקָאכְט. דַאן רייבְּט מֶען איין בִּיז ווייס פִיר גֶעלְכְלֶעךְ מִיט צְווייא לֶעפֶעל צוּקֶער (מֶעהלֶעס) אוּנ מֶען גִיבְּט דָאס אִין דֶעם טֵייג. נָאכְדֶעם שְׁלָאגְט מֶען אויף דיא פִיר ווייסְלֶעךְ צוּ אַשׁוּים אוּנ גִיסְט עֶס אַריין לַאנְגְזַאם אִין דֶעם טֵייג אוּנ מֶען מִישְׁט פַאנַאנְדֶער. יֶעצְט נֶעהמְט מֶען צְווייא פַאנֶען (סְקָאוָוארָאדֶעס) פוּן איין גְרוּיס, שְׁמִירְט זיא אוּים מִיט פּוּטֶער, לֵייגְט אוּים אִין יֶעדֶער אַהֶעלְפְט פוּן דֶעם טֵייג אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זיא אִין אַהֵייסֶען אוֹיבֶען. וֶוען בֵּיידֶע פְלַאדֶעס וֶוערֶען פֶערְבְּרוּינְט אוּנ גֶעהֶען אויף (דָאס דוֹיעֶרְט 15—20 מִינוּט), נֶעהמְט מֶען זיא אַרוּים פוּן אוֹיבֶען, לֵייגְט זיא אויף אַשִׁיסֶעל אֵיינֶע אויף דיא אַנְדֶערֶע, בֶּעשְׁטְרייט מִיט מֶעלֶעס צוּקֶער, אָדֶער מֶען בֶּעגִיסְט מִיט סִירָאפּ.

## № 479. מַאנְדֶעל פִּירָאזְנֶע. MANDELBACKWERK.

מֶען בְּרִיהט אָבּ אַפוּנְד זִיסֶע מַאנְדְלֶען (דֶערִינֶען 15 שְׁטִיק בִּיטֶערֶע), לָאזְט שְׁטֶעהֶען צוּ גֶעדֶעקְטֶערְהֵייט אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע; נָאכְדֶעם שֵׁיילְט מֶען זיא אָבּ, צוּשְׁטוּיסְט זיא אוּנ פֶערְמִישְׁט מִיט אַפוּנְד צוּקֶער, 3 זָאלָאטְנִיק צוּשְׁטוּיסֶענֶע צִימְרִינְג אוּנ 10 גֶעלְכְלֶעךְ. דָאס מִישְׁט מֶען אַלֶעס צוּ איין זַייט בִּיז אַהַאלְבּ שָׁעָה. דַאן שְׁלָאגְט מֶען אויף 10 ווייסְלֶעךְ, גִיבְּט זיא הִינְאַיין אוּנ פֶערְמִישְׁט מִיט דֶער מַאסֶע. יֶעצְט בֶּערֵייטֶעט מֶען קְלֵיינֶע פוּרְמֶס, שְׁמִירְט זיא אוּים מִיט פּוּטֶער, בֶּעשְׁטְרייט מִיט בְּרֶעקְלֶעךְ פוּן צְווִיבַאק אוּנ מֶען גִיבְּט אִין יֶעדֶער פוּרְם פוּן דֶעם טֵייג בִּיז הֶעלְפְט, ווייל דָאס גֶעהט זֶעהר אויף. אוּנ דָאס שְׁטֶעלְט מֶען אִין נִיט אַהֵייסֶען אוֹיבֶען אויף עֶטְלִיכֶע מִינוּט. וִויא דיא פִּירָאזְנֶע גֶעהמֶען אויפְגֶעהֶען אוּנ וֶוערֶען פֶערְבְּרוּינְט, נֶעהמְט מֶען זיא אַרוּים פוּן אוֹיבֶען אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט זיא צוּם טִישׁ.

## SÜSSES BACCKWERK VON KÜRBİSS.

## № 480. אַפִּירָאזְנֶע פוּן קִירְבִּים.

מֶען נֶעהמְט אַרוּים דיא זוּימֶען פוּן אַהַאלְבֶּען קִירְבִּים, שֵׁיילְט אִיהם אָבּ אוּנ מֶען צוּשְׁנַיידְט אִיהם אויף שְׁטִיקְלֶעךְ; לֵייגְט זיא אִין אַלֵיימֶענֶע קַאסְטְרוּלֶע, גִיבְּט הִינְאַיין אַפֶערְטֶל פוּנְד פּוּטֶער, שְׁטֶעלְט אִין אַהֵייסֶען אוֹיבֶען זיךְ אֵיינְפְּרֶעגְלֶען בִּיז ווייךְ

נייך, אינדעם מען קעהרט אימער אום דיא שטיקער קירביס. נאכדעם נעהמט מען זייא ארויס, אונ, הייסערהייט, רייבט מען זייא דורך אזיפּ. דאן גיבט מען היניין 4 געלכלעך איינגעריבענע מיט צוקער, גיסט היניין $1^1/_2$ גלאז שמאנט אונ איין לעפעל שמאנט פוטער צו לאזענע; אונ מען מישט דאס אלץ דורך. צו-לעצט שלאגט מען אויף דיא פיר ווייסלעך, גיסט זייא אריין אין דער מאסע, מישט עס לאנגזאם דורך אונ מען גיבט עס אין אליימענע בלי, וואס איז אויס געשמירט מיט פוטער, מען בעשטרייט מיט צוויבאק ברעקלעך אונ מען שטעלט אין אהייסען אויבען אויף אהאלב שעה. מען דערלאנגט צום טיש אין פורם.

CHOKOLADEN BACKWERK. פיראזגע פון שאקאלאדע. № 481.

מען פערמישט אהאלבע גלאז קארטאפעלמעהל, $^1/_2$ גלאז קרופּצאטקע מעהל אונ $^1/_2$ גלאז מעלעס צוקער מיט אלעפעל פוטער; מישט עס פאנאנדער מיט אבוטל מילך, גיבט היניין $^1/_8$ פונד אנגעריבענע שאקאלאדע, שטעללט עס קאכען אויף דער פליטע אונ מען מישט אימער, ביז דיא מאסע ווערט געדיכט. דער ווייל רייבט מען איין 6 געלכלעך אונ מען גיבט זייא אין דען טייג; נאכדעם שלאגט מען אויף אשוים פון 6 ווייסלעך אונ מען גיבט וויעדער אין דען טייג. דאן שמירט מען אויס אפורם מיט פוטער, גיבט היניין דעם גאנצען טייג אויף אמאל, נאר דיא פורם דארף ניט זיין פול אויף 2 פינגער. דאס שטעלט מען גלייך אין ניט אגאנץ הייסען אויבען אויף 20 מינוט. ווען עס געהט אויף אונ ווערט פערברוינט, געהמט מען עס בעהיטזאם ארויס אונ מען גיט ניט אטרייסעל; בעשטרייט מיט צוקער אונ מען דערלאנגט גלייך צום טיש אין דער פורם, אום עס זאל ניט איינפאלען.

MANDEL-RÖHRCHEN: (ТРУБОЧКИ МИНДАЛЬНЫЯ). № 482.

מען רייבט פאנאנדער אפערטל פוטער ביז ווייס; מען צו שטויסט אכט שטיק ביטערע מאנדלען אבגעשיילטע; מען רייבט איין דרייא געלכלעך מיט צוקער, אונ מען מישט דאס אלץ צו זאמען. מען שיט אריין $^1/_4$ פונד מעהל, פיהרט פאנאנדער מיט אגלאז שמאנט אדער מילך אונ מען שלאגט דאס אויף, ביז דיא מאסע ווערט אלייזער טייג. דאן שלאגט מען אויף אשוים פון איין ווייסעל, גיבט עס אין דעם טייג, מישט דורך אונ לייגט דער פון מיט אלעפעל אין אפורם, וואס איז אויס-געשמירט מיט וואקס אדער מיט פוטער; דעקט צו דיא פורם אונ שטעלט אפען פייער אויף צוויא מינוט; נאכדעם קעהרט מען צו דער אנדער זייט אויף 2—3 מינוט. ווען זייא זיינען פערברוינט, נעהמט מען זיא ארויס מיט אמעסער בעהיטזאם, קיקעלט מען איין וויא אטרובקע (אראהר), לייגט זייא אויס אין אשיסעל אונ שטעלט ווידער אין אויבען. דיא פורמס שמירט מען נייטער אויס, פילט אן מיט טייג, באקט זייא, אונ זא ווייטער, ביז צו ענדע.

BISCUIT-CHOKOLADEN-KUCHEN.

ביסקווי שאקאלאדענקוכען. № 483.

מען רייבט איין ביז ווייס 7 געלכלעך מיט אפערטעל פונד מעלעס צוקער;

ווען

װָען עֶס אִיז פֶערְטִיג , שִׁיט מֶען אַרַיין בִּיסְלֶעךְ װייס אַנְגְלָאז קַארְטָאפֶעל מֶעהל , אִימֶער אוֹיפְשְׁלָאגֶענְדִיג , בִּיז דִיא מַאסְסֶע װֶערְט גְלַאט . דַאן שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף אַגֶעדִיכְטֶען שׁוּים פוּן 10 אֵיי װַייסְלֶעךְ . פוּן אָנְפַאנְג גִיבְּט מֶען דַאפָּאן 2 לֶעפֶעל אִין דִיא גֶעלְכְלֶעךְ , מִישְׁט פַאנַאנְדֶער , אוּנ נָאכְדֶעם גָאר דָאס אִיבְּרִיגֶע אוֹיף אַמָאל , אוּנ מֶען הֶערְט נִיט אוֹיף צוּ מִישֶׁען אוּנ מֶען הֵייבְּט עֶטְוָואס אוֹיף דִיא מַאסֶע מִיטְ'ן לֶעפֶעל פוּן אוּנְטֶען אַרוֹיף . דַאן לֵייגְט מֶען אוֹיף אַבְּלֶעךְ װַייסֶעס פַּאפִּיר , וָואס אִיז אָנגֶעשְׁמִירְט מִיט צוּלָאזֶענֶע װַאכְּס , לֵייגְט אוֹיבֶען מִיט אַלֶעפֶעל רוּנְדֶע קוּכֶען אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זַייא אִין נִיט אַגַאנְץ הֵייסֶען אוֹיבֶען . אִין 15 מִינוּט װֶערֶען זַייא אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנ דוּרְךְ גֶעבַּאקֶען . דַאן נֶעהמְט מֶען זִיא אַרוֹיס , בֶּעשְׁטְרֵייכְט זִיא מִיט שָׁאקָאלַאדֶענְגוּס (גְלַאזוּר) זֶעה (447) № אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זַייא װִידֶער אִין אַװַארְמֶען אָרְט צוּ טְרִיקְנֶען . מֶען נֶעהמְט זַייא אַרָאב בֶּעהִיטְזַאם מִיט אַמֶעסֶער אוֹיף אַשִׁיסֶעל אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ .

# צְװֶעלְפְטֶער אַבְשְׁנִיטְט .

## A. קָאמְפָּאטְס אוּנ סַאלַאטֶע .

### AEPFEL-ODER BİRNEN-COMPOT.

### № 484. קָאמְפּאט פוּן עֶפֶּעל אוּנ בַּארְנֶעס .

מֶען שֵׁיילְט אָב דִיא עֶפִּיל אָדֶער דִיא בַּארְנֶעס (10 שְׁטִיק מִיטְטֶעל גְרוֹיס) , שְׁנֵיידְט זַייא פַאנַאנְדֶער אוֹיף הֶעלְפְט אוּנ מֶען שְׁטֶעקְט אַרַיין אִין יֶעדֶע צוּ צְוַוייא אָדֶער דְרַייא נֶעגֶעלֶעךְ . מֶען נֶעהמְט אַהַאלְבֶּעס גְלָאז צוּקֶער מֶעהלֶעס , פֶערְגִיסְט מִיט צְוַוייא גְלֶעזֶער װַאסֶער , גִיבְּט הִינַאיין צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס , אַשְׁטִיקֶל צִימְרִינְג אוּנ מֶען לָאזְט דָאס אוֹיפְקָאכֶען צְוַוייא מָאל . נָאכְדֶעם גִיבְּט מֶען הִינַאיין דִיא עֶפֶּעל אָדֶער דִיא בַּארְנֶעס , לָאזְט זִיא אוֹיפְקָאכֶען 2—3 מָאל , אִינְדֶעם מֶען בֶּעגִיסְט זַייא אִימֶער מִיט דֶעם אָבְּזַאט (מִיט דֶעם יוֹיךְ) , אִין װֶעלְכֶען זַייא קָאכֶען זִיךְ ; גָאר מֶען דַארְף אַכְטוּנְג גֶעבֶּען , זַייא זָאלֶען נִיט צוּ פַאלֶען . װָען זַייא זַיינֶען פֶערְטִיג , נֶעמְט זַייא אַרוֹיס בֶּעהִיטְזַאם מִיט אַלֶעפֶעל אוּנ מֶען גִיבְּט זַייא אִין אַשִׁיסֶעל . דֶעם יוֹיךְ זַייט מֶען אָב , שִׁיט הִינַאיין אַנְגְלָאז צוּקֶער , דְרִיקְט אוֹיס הִינַאיין דֶעם זַאפְט פוּן אַלִימָאן אוּנ מֶען לָאזְט אוֹיפְקָאכֶען דְרַייא מָאל .

דֶערְוַוייל װַאשְׁט מֶען דוּרְךְ גֶעטְרִיקְנְטֶע פְלוֹימֶען , לֵייגְט זַייא אִין אַבֵּלִי , בֶּעגִיסְט מִיט קָאכֶענְדֶעם װַאסֶער אוּנ לָאזְט שְׁטֶעהֶען אִין אַװַארְמֶען אָרְט צוּגֶעדֶעקְטֶערְהֵייט , בַּייא אַהַאלְבּ שָׁעָה . נָאכְדֶעם װַארְפְט מֶען זַייא אִין! אַזִיפּ , אוּם דָאס װַאסֶער זָאל אָבְּרִינֶען , אוּנ מֶען גִיבְּט זַייא אִין דִיא גֶעקָאכְטֶע עֶפֶּעל . דַאן גִיסְט מֶען אַרוֹיף דִיא הֵייסֶע סוֹים אוֹיף דִיא עֶפֶּעל אוּנ דִיא פְלוֹימֶען , לָאזְט אָבְּקִיהלֶען , אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ קַאלְטֶערְהֵייט .

## AEPFEL-UND APFELSİNEN-COMPOT.

## קָאמְפָּאט פוּן עֶפְּל אוּנ אַפְּפֶעלְסִין . № 485.

אַגוּטֶער זָארְט עֶפֶּעל וֶוערֶען אִין 4 אָדֶער 8 טְהֵיילֶע גֶעשְׁנִיטֶען אוּנ מִיט צוּקֶער גֶעקָאכְט . צוּלֶעצְט צוּשְׁנֵיידְט מֶען עֶטְלִיכֶע אַפְּפֶעלְסִינֶען אִין פֶּענֶעצֶען , נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא זוֹימֶען , אוּנ מֶען לָאזְט זַייא אַפָּאר מִינוּטֶען מִיט קָאכֶען . נָאכְדֶעם נֶעמְט מֶען דִיא עֶפֶּעל אוּנ דִיא אַפְּעלְסִינֶען אַרוֹיס , לֵייגְט זַייא אִין אַשִׁיסֶעל אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט זַייא מִיט דֶעם זַאפְט , פֶערְמִישְׁט מִיט אַטְהֵיילֶעפֶעלֶע קַארְטָאפֶּעל מֶעהל .

## BEEREN-COMPOT. קָאמְפָּאט פוּן יַאגְדֶעס . № 486.

מֶען קְלַייבְּט אוֹיס אוּנ מֶען רֵיינִיגְט אוֹיס דִיא יַאגְדֶעס (נָאר וֶועלְכֶען עֶס אִיז 2—3 פוּנְד . דַאן קָאכְט מֶען אוֹיס אַסִירָאפּ , דָאס הֵייסְט , מֶען נֶעהמְט $1^1/_2$ גְלֶאזֶער צוּקֶער , אַגְלָאז וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אוֹיפְקָאכֶען עֶטְלִיכֶע מָאל , אוּנ דַאמִיט , הֵייסֶערְהֵייט , בֶּעגִיסְט מֶען דִיא יַאגְדֶעס אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אַקַאלְטֶען אָרְט .

## PFLAUMEN-COMPOT. פְלוֹימֶען קָאמְפָּאט . № 487.

מֶען קְלַייבְּט אוֹיס אוּנ מֶען וַואשְׁט אִיבֶּער דִיא פְלוֹימֶען ; מֶען שְׁטֶעכְט אָן יֶעדֶע עֶטְלִיכֶע מָאל מִיט אַשְׁפִּיטְצִיגֶען הֶעלְצֶעל , אָדֶער אַשְׁוֶועבֶּעלֶע ; גִיבְּט זַייא אִין אַטִיפֶע כֵּלִי , בֶּעגִיסְט מִיט הֵייסֶען וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט שְׁטֶעהֶען אַהַאלְבּ שָׁעָה . דֶער וַויילֶע קָאכְט מֶען אָבּ אַסִירָאפּ פוּן אַגְלָאז צוּקֶער אוּנ אַגְלָאז וַואסֶער , גִיבְּט צוּ אַשְׁטִיקְל וַואנִילְלֶע , אָדֶער שָׁאלֶעכְטְס פוּן אַהַאלְבֶּען לִימָאן , אוּנ מֶען לָאזְט גוּט דוּרְךְ זִידֶען , עֶר זָאל זַיין רֵיין אוּנ דוּרְכְזִיכְטִיג , דַאן גִיסְט מֶען אָבּ דָאס וַואסֶער פוּן דִיא פְלוֹימֶען , שֵׁיילְט זַייא אָבּ , בֶּעגִיסְט זַייא מִיט דֶעם הֵייסֶען סִירָאפּ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אַקַאלְטֶען אָרְט .

וֶוען מֶען וִויל , לָאזְט מֶען דִיא פְלוֹימֶען אִין דֶעם סִירָאפּ אָקָאךְ טָאן אֵיין מָאל , גִיסְט אִין אַטִיפֶער כֵּלִי אוּנ לָאזְט זַייא אָבְּקִיהלֶען .

## KÜRBİSS-COMPOT. קִירְבִּיס קָאמְפָּאט . № 488.

מֶען שֵׁיילְט אָבּ דֶעם קִירְבִּיס , צוּ שְׁנֵיידְט דִיא וֵוייכֶע אִין פִירְעֶקִיגֶע שְׁטִיקֶער , בֶּעשִׁיט זַייא מִיט אַהַאלְבֶּע גְלָאז צוּקֶער , גִיבְּט זַייא אִין אַטִיפֶע כֵּלִי , דֶעקְט צוּ אוּנ מֶען טְרֵייסֶעלְט דוּרְךְ עֶטְלִיכֶע מָאל , אוּם אַלְלֶע שְׁטִיקֶער זָאלְלֶען זַיין אַיינְגֶעקֵייקֶעלְט אִין צוּקֶער , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אַקַאלְטֶען אָרְט . נַאכְדֶעם קָאכְט מֶען אָבּ אַסִירָאפּ פוּן אַגְלָאז וַואסֶער מִיט אַגְלָאז צוּקֶער , לֵייגְט אוֹיס דִיא שְׁטִיקֶער קִירְבִּיס אִין אַשִׁיסֶעל אוּנ בֶּעגִיסְט זַייא מִיט דֶעם הֵייסֶען סִירָאפּ , אוּנ מֶען לָאזְט אָבְּקִיהלֶען . דֶער צוּ גִיבְּט מֶען צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע אִינְגְבֶּער .

## COMPOT VON GEDORRTEN FRUCHTEN.

## קָאמְפָּאט פוּן גֶעטְרִיקֶענְטֶע פְרוּכְטֶען . № 489.

מֶען נֶעהמְט גֶעטְרִיקֶענְטֶע עֶפֶּעל , בַּארְנֶעס , פְלוֹימֶען , קַארְשֶׁען , רָאזִינְקֶעס , שעפּטאלען

שְׁעֶפְּסְאלְען , וַויינְטְרוֹיבְּען — פוּן יֶעדֶערְע צוּ הַאלְבּ פוּנְט , צִימְרִינְג 1/4 וָאלְאטְנִיק אוּנ צוּקֶער 1/4 פוּנְד . מֶען וַואשְׁט אִיבֶּער אַלְלֶע פְּרִיכְטֶע אִין וַוארְמֶע וַואסֶער דְרַייא מָאל , גִיבְּט זַייא אִין אַקאסְטְרוּלֶע , גִיסְט אַרוֹיף 2 1/2 גְלֶאזֶער וַואסֶער , גִיבְּט דִיא צִימְרִינְג דַאצוּ , דֶעקְט צוּ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ קָאכֶען , בִּיז וַוייךְ . דַאן לָאזְט מֶען זַייא אָבְּקִיהלֶען . מֶען גִיסְט אָבּ פוּן זַייא דֶעם סוֹים , זַייהט דוּרְךְ , גִיבְּט צוּ דִיא צוּקֶער , לָאזְט אוֹיפְזִידֶען , גִיסְט אָבּ אוּנ מֶען לָאזְט אָבְּקִיהלֶען . דַאן גִיבְּט מֶען גָאר דִיא גֶעקָאכְטֶע פְרִיכְטֶע אִין אַשִׁיסֶעל , גִיסְט אַרוֹיף דֶעם אָבְּגֶעקִיהלְטֶען סִירָאפּ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אַקאלְטֶען אָרְט .

STACHELBEEREN-COMPOT. קָאמְפָּאט פוּן אַגְרֶעסֶען . № 490.

הַארְטֶע אַגְרֶעסֶען וֶוערֶען 3—4 מָאל מִיט קָאכֶענְדֶעם וַואסֶער אָבְּגֶעבְּרִיהט , בִּיז זַייא וֶוערֶען גַאנְץ וַוייךְ ; יֶעדֶעס מָאל מוּז עֶס בְּלַייבֶּען שְׁטֶעהְן , בִּיז דָאס וַואסֶער וֶוערְט לֶעפְּלֶעךְ . וֶוען זַייא זַיינֶען גוּט וַוייךְ , נָאר נִיט צוּ פְּלַאטְצְט , קָאכְט מֶען זַייא אוֹיף מִיט צוּקֶער , גַאנְצֶע צִימְרִינְג אוּנ צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס . דָאס דֶער לַאנְגְט מֶען צוּם טִישׁ קַאלְטֶערְהֵייט צוּ פְלֵייש שְׁפַּייזֶען אוֹיךְ צוּ פְּפַאנְקוּכֶען .

IOHANNİSBEEREN-COMPOT. קָאמְפָּאט פוּן פַּארֶעצְקֶעס . № 491.

דִיא יַאגֶדֶעס וֶוערֶען אִין צוּקֶער מִיט צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ צִימְרִינְג אוֹיפְגֶע-קָאכְט , אוּנ דֶערְלַאנְגְט וִויא דִיא פָארִיגֶע , צוּ פְלֵייש שְׁפַּייזֶען אוּנ פְּפַאנְקוּכֶען .

KİRSCHEN-COMPOT. קָאמְפָּאט פוּן קַארְשֶׁען . № 492.

מֶען קָאכְט אוֹיף דִיא קַארְשֶׁען מִיט אַבִּיסֶל וַואסֶער אוּנ מֶען דְרִיקְט זַייא דוּרְךְ אַדוּרְכְשְׁלַאג . אָדֶער מֶען נֶעהמְט פְרִישֶׁע אַרוֹיס דִיא בֵּיינְדְלֶעךְ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זַייא צוּ קָאכֶען מִיט וַואסֶער אָדֶער וַויין , צוּקֶער , צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס , גַאנְצֶע צִימְרִינְג אוּנ אַנֶעגֶעלֶע , — אוּנ מֶען לָאזְט זַייא דִיק אַיינְקָאכֶען ; אוּנ אוּנ אוֹיבּ עֶס אִיז נִיט דִיק , זָא גִיבְּט מֶען הִינְאַיין זֶעמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ אוּנ מֶען טְרֵייסֶעלְט זַייא דַאמִיט דוּרְךְ .

COMPOT VON PFİRSİCHEN. קָאמְפָּאט פוּן פֶּערְסִיקֶעס . № 493.

דִיא פֶּערְסִיקֶעס וֶוערֶען אַוַוייל אִין זִידֶענְדֶען וַואסֶער אוֹיפְגֶעקָאכְט אוּנ דַאן אִין קַאלְטֶעס וַואסֶער גֶעלֵייגְט . וֶוען זַייא זַיינֶען אָבְּגֶעקִיהלְט , שֵׁיילְט מֶען זַייא אָבּ , שְׁנַיידְט פַאנַאנְדֶער אוּנ מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא בֵּיינְדְלֶעךְ . אוֹיף 8 פֶּערְסִיקֶעס קָאכְט מֶען אוֹיף אַ סִירָאפּ פוּן 8 לוֹיט צוּקֶער מִיט אַהַאלְבֶּע גְלָאז וַואסֶער . וֶוען דִיא צוּקֶער אִיז צוּגַאנְגֶען , גִיבְּט מֶען הִינְאַיין דִיא פֶּערְסִיקֶעס אוּנ מֶען לָאזְט זַייא אַזוֹיא לַאנְג קָאכֶען , בִּיז דֶער צוּקֶער הָאט זַייא גוּט דוּרְךְ גֶענוּמֶען . דַאן לֵייגְט מֶען זַייא אוֹיף אַפְּלַאכֶע שִׁיסֶעל , לָאזְט דֶעם סִירָאפּ נָאךְ אַוַוייל קָאכֶען , גִיסְט צוּ אַלֶעפֶּעל גוּטֶען רָאם אוּנ , וֶוען דֶער זַאפְט וֶוערְט דִיקְלֶעךְ , גִיסְט מֶען אִיהם אוֹיף דִיא פֶּערְסִיקֶעס אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אַקאלְטֶען אָרְט .

## GEFÜLLTES POMERANZEN-COMPOT.

## № 494. פָּאמֶערַאנְצֶען קָאמְפָּאט.

פון אַכְט פָּאמֶערַאנְצֶען שְׁנַיידְט מֶען אָבּ פון יֶעדֶע אַדֶעקֶעל, מֶען הֶאהלְט זַייא אויס אונ פון דיא אַרויס גֶענומֶענֶע, פְּרֶעסְט מֶען אויס דֶעם זַאפְט. וַוייטֶער גֶעהמְט מֶען נָאךְ אַכְט פָּאמֶערַאנְצֶען, שֵׁילְט זַייא אָבּ גֶעהמְט אַרָאבּ דיא דינֶע הַייטֶעל, נֶעהמְט אַרויס דיא זוימֶען אונ דַאן צו שְׁנַיידְט מֶען דיא פָּאמֶערַאנְצֶען אויף קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ. דיזֶע גִיבְּט מֶען אִין אַשאלֶע, דֶער צו נָאךְ גֶעשְׁנִיטְטֶענֶע פֶּענֶעצֶען אַנַאנַאס אַיינְגֶעפְּרֶעגֶעלְטֶע פֶּערְמִישְׁט מִיט קַארְשֶׁענְזַאפְּט. דֶער זַאפְט פון דיא פָּאמֶערַאנְצֶען וֶוערְט מִיט $^1/_2$ פונְד דִין גֶעשְׁטויסֶענֶע צוקֶער פֶּערְמִישְׁט, נָאכְדֶעם אִיבֶּער דָאס גַאנְצֶע גֶעגָאסֶען, צו גֶעדֶעקְט אונ אַפֶּען אַייז אַוֶועק גֶעשְׁטֶעלְט. פַאר דֶעם דֶער לַאנְגֶען פִילְט מֶען דַאמִיט אָן דיא אויס גֶעהֶאהלְטֶע פָּאמֶערַאנְצֶען, דֶעקְט צו מִיט דיא דֶעקְלֶעךְ אונ מֶען דֶער לַאנְגְט אִין אַקְרִיסְטַאלְשַׁאלֶע.

## APFELMUS. № 495. קָאמְפָּאט פון צֶערְרִיבֶּענֶע עֶפֶּעל

דיא עֶפֶּעל וֶוערֶען גֶעשֵׁילְט, צו שְׁנִיטְטֶען אונ דיא זוימֶען אַרויס גֶענומֶען. מֶען שְׁטֶעלְט זַייא צו מִיט נִיט פִיל וַאסֶער, עֶטְוָואס רָאם, צוטְרִינְשָׁאלֶעכְטֶס צוּרִיבֶּענֶע, צוקֶער, אַשְׁטִיק צִימְרִינְג, קְלֵיינֶע רָאזִינְקֶעם הַיים גֶעוַואשֶׁענֶע אונ עֶטְלִיכֶע בִּיטְעֶרֶע גֶעשְׁטויסֶענֶע מַאנְדְלֶען. אונ וֶוען זַייא זַיינֶען גוט וֵוייךְ, צֶערְרַייבְּט מֶען זַייא מִיט אַהֶאלְצֶענֶע לֶעפֶעל; אונ וֶוען עֶס אִיז נָאךְ שִׁיטֶער, זָא שְׁטְרַייט מֶען אַפֶּען שִׁיסֶעל זֶעמְמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ, דַארויף גִיבְּט מֶען דָאס קָאמְפָּאט אונ אויבֶּען בֶּעשְׁטְרֵייט מֶען מִיט צוקֶער אונ צִימְרִינְג, — אונ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אַקַאלְטֶען אָרְט.

## BRATÄPFEL. № 496. גֶעבַּאקֶענֶע עֶפֶּעל.

וַויינְזויעֶרֶע עֶפֶּעל וֶוערֶען גֶעשֵׁילְט. מֶען שְׁטֶעכְט אַרויס דיא זוימֶען מִיט דיא שָׁאלֶעכְטְס אַרום, דָאס הֵייסְט, מֶען הֶאהלְט אויס אִין מִיטֶען, פִילְלְט אָן דיא אויסְהֶאהלונְג מִיט צוקֶער אונ אויבֶּען לֵייגְט מֶען אַשְׁטִיקֶעל פוטֶער, — אונ מֶען לָאזְט זַייא בַּאקֶען אויף אַפְּפַאנֶע אִין אויבֶען.

## B. סַאלַאטֶע.

## BLATTSALAT. № 497. בְּלַאטְט סַאלַאט.

דָאס אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶע, וָואס מֶען הָאט אִין פְרִיהלִינְג, נָאךְ פֶּסַח. עֶר וָוערְט גֶעוַואשֶׁען, אָבֶּער נִיט אויס גֶעדְרִיקְט, נָאר מֶען לָאזְט אִיהם אִין אַדורְכְשְׁלַאג אָבְּלויפֶען. דַאן וֶוערְט עֶר צו בְּרֶעקֶעלְט, גֶעזַאלְצֶען, מִיט עֶסִיג אונ בּוימְאֵייל פֶּערְמִישְׁט אונ מִיט צוקֶער בֶּעשְׁטְרֵייט.

מען

## LATUKE-SALAT. סַאלַאט לַאטוּק. № 498.

מֶען לֵייגְט דִיא גְרִינֶע בְּלֶעטְטֶער אִין קַאלְטֶעס וַואסֶער, אוּם זֵייא אָבּ צוּ פְרִישֶׁען דֶער וַויילֶע צוּ הַאקְט מֶען גְרִינֶע צְווִיבֶּעלְן אַהַאלְבֶּע לֶעפֶעל רֵייבְּט אַיין מִיט זַאלְץ, גִיבְּט צוּ צוּקֶער, פִּיהְרְט פַאנַאנְדֶער מִיט פְּרַאוַואנְס בּוֹימְאֵייל אֵיין לֶעפֶעל אוּנ מֶען גִיסְט צוּ עֶסִיג 2 לֶעפֶעל בִּיסְלֶעךְ וַויים, אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג. דַאן גִיבְּט מֶען דְרִינֶען דֶעם סַאלַאט צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶערְהֵייט אוּנ מִישְׁט פַאנַאנְדֶער. מֶען שְׁנֵיידְט אָן פֶענֶעצֶען אַפָּאר אוּגֶערְקֶעס פְרִישֶׁע, גִיבְּט הִינְאַיין, מִישְׁט גוּט דוּרְךְ, אָבֶּער בֶּעהִיטְזַאם, אוּנ נִיט צֶערְרַייבֶּען. דֶעם סַאלַאט מַאכְט מֶען פַאר דֶעם עֶסֶען, אוּם עֶר זָאל נִיט פָאווִיַאנֶעט וֶוערֶען. קְרֶעסס-סַאלַאט וֶוערְט אוֹיךְ אַזוֹיא גֶעמַאכְט.

## KOHLSALAT. קְרוֹיט סַאלַאט. № 499.

דֶער צוּ נֶעהמְט מֶען רוֹיטֶע אוּנ וַוייסֶע קְרוֹיט צוּ זַאמְמֶען. אוּם עֶר זָאל אַיינְהַאלְטֶען זַיין רוֹיטֶען קָאלִיר, בְּרִיהט מֶען אִיהם אָבּ נָאר מִיט עֶסִיג. פְרִיעֶר אָבֶּער וֶוערֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע הַארְטֶע בְּלֶעטְטֶער אָבְּגֶעבְּרָאכֶען אוּנ יֶעדֶעם קֶעפִּיל קְרוֹיט אוֹיף הֶעלְפְט צוּ שְׁנִיטְטֶען, אִין קַאלְטֶעס וַואסֶער אַיינְגֶעטוּנְקְט אוּנ אוֹיס גֶעדְרִיקְט. דַאן צוּ שְׁנַיידְט מֶען דָאס קְרוֹיט אִין דִינֶע לָאקְשֶׁען, גִיסְט דַארוֹיף קָאכֶענְדֶען עֶסִיג, אָדֶער קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער, אוּנ מֶען לָאזְט עֶס שְׁטֶעהֶען צוּ גֶעדֶעקְטֶערְהֵייט, בִּיז עֶס וֶוערְט אָבְּגֶעקִיהלְט. נָאכְדֶעם שִׁיט מֶען עֶס אַריין אִין אַדוּרְכְשְׁלַאג, אָדֶער אַזִיפּ, אוּם דָאס וַואסֶער אָדֶער עֶסִיג זָאל אָבְּלוֹיפֶען. אוֹיבּ פוּן אֵיין מָאל בְּרִיהֶען אִיז דָאס קְרוֹיט נָאךְ נִיט וֵוייךְ, זָא בְּרִיהט מֶען עֶס נָאךְ אַמָאל. יֶעצְט גִיבְּט מֶען צוּ זַאלְץ אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט דֶעם סַאלַאט מִיט עֶסִיג, בּוֹימְאֵייל, פֶּפֶעפֶער אוּנ צוּקֶער. פֶענֶעצֶען עֶפֶּעל אִיז אוֹיךְ גוּט דַאצוּ.

ווִילְל מֶען אִיהם עֶסֶען וַוארְמֶערְהֵייט, זָא גִיסְט מֶען דֶעם לֶעצְטֶען עֶסִיג, וֶוען עֶר אִיז הֵיים, אוּנ פֶערְמִישְׁט דֶעם סַאלַאט מִיט הֵייסֶעם גֶאנְזֶעשְׁמַאלְץ.

## SAUERKOHLSALAT. סַאלַאט פוּן זוֹיעֶר קְרוֹיט. № 500.

מֶען נֶעהמְט אַפָּאר פוּנְד זוֹיעֶרֶע גֶעשֶׁעטְקְוֶועטֶע קְרוֹיט אוּנ מֶען מַאכְט דַאצוּ דִיזֶען אִיבֶּער גוּס: מֶען רַייבְּט אַיין פְּרַאוַואנְס אֵייל דְרַייא לֶעפֶעל מִיט צוּקֶער אוּנ זַאלְץ; נָאכְדֶעם גִיסְט מֶען צוּ עֶסִיג צְוֵוייא לֶעפֶעל בִּיסְלֶעךְ וַויים אִימֶער מִישֶׁענְדִיג. אוּנ דֶער מִיט בֶּעגִיסְט מֶען דָאס קְרוֹיט אוּנ מִישְׁט דוּרְךְ. אוֹיבּ דָאס קְרוֹיט אִיז זֶעהר זוֹיעֶר, זָא גִיבְּט מֶען מֶעהר צוּקֶער אוּנ וֶוינִיגֶער עֶסִיג.

## GURKENSALAT. אוּגֶערְקֶעס סַאלַאט. № 501.

מֶען שֵׁיילְט אָבּ פְרִישֶׁע אוּגֶערְקֶעס זֶעכְּס שְׁטִיק, צוּ שְׁנַיידְט אִין פֶענֶעצֶען אוּנ מֶען בֶּעזַאלְצְט זֵייא. דֶער וַוילֶע פֶערְמִישְׁט מֶען פְּרַאוַואנְס אֵייל אַלֶעפֶעל מִיט דְרַייא לֶעפֶעל עֶסִיג, גִיבְּט צוּ אַבִּיסִיל צוּקֶער, בֶּעגִיסְט דַאמִיט דִיא אוּגֶערְקֶעס. בֶּעשְׁטְרֵייט אוֹיבֶּען מִיט פֶעפֶער אוּנ, וֶוער עֶס לִיבְּט, מִיט גֶעהַאקְטֶען אוּקְרָאפּ.

מען

## KARTOFFELSALAT MİT PİLZ.

## № 502. קַארְטָאפֶעל סַאלַאט מִיט שְׁוָואמְלֶעךְ.

מֶען קָאכְט אָב קַארְטָאפֶעלְן 10 שְׁטִיק, שֵׁיילְט זַייא אָב אוּנ צוּ שְׁנַיידְט אִין פֶענֶעצֶען. מֶען צוּ הַאקְט דִין אצְווִיבֶּעל, בֶּעשְׁפְּרַייט דַאמִיט דִיא קַארְטָאפֶעלְן; מֶען גִיבְּט הִינַאיין צְווייא לֶעפֶעל מַארִינִירְטֶע שְׁוָואמְלֶעךְ (רִיזִיקִי, גְרוּזְדִי) צוּ שְׁנִיטְטֶענֶע, מִישְׁט דוּרְךְ אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט מִיט עֶסִיג, פֶערְמִישְׁט מִיט פְּרָאוַואנְס אֵייל, זַאלְץ אוּנ צוּקֶער, — אוּנ מֶען מִישְׁט דוּרְךְ.

## BETENSALAT. № 503. סַאלַאט פוּן בּוּרִיקֶעס.

מֶען בַּאקְט אָב, אָדֶער מֶען קָאכְט אָב, זֶעקְס שְׁטִיק בּוּרִיקֶעס מִיטֶעלֶע, שֵׁיילְט זַייא אָב, לָאזְט אָבְּקִיהלֶען אוּנ מֶען צוּ שְׁנַיידְט זַייא אִין פֶענֶעצֶען, דֶער ווַיילֶע קָאכְט מֶען אוֹיף אַהַאלְבֶּעם גְלָאז עֶסִיג מִיט אַהַאלְבֶּען גְלָאז ווַאסֶער, גִיבְּט צוּ אֵיין צְווִיבֶּעל, דְרַייא לָארְבֶּער בְּלֶעטֶער, פִינְף קֶערְנֶער רוּסִישֶׁען פֶעפֶער אוּנ אבִּיסִיל זַאלְץ. דָאס מִישְׁט מֶען גוּט דוּרְךְ, לָאזְט אוֹיפְקָאכֶען, זַייט אָב, לָאזְט אָבְּקִיהלֶען אוּנ מֶען בֶּעגִיסְט דַאמִיט דִיא בּוּרִיקֶעס.

## HĀRİNGSALAT. № 504. הֶערִינְג-סַאלַאט.

10 הֶערִינְגֶע ווַייקְט מֶען 24 שְׁטוּנְדֶען אוּנ מֶען גִיסְט דָאס ווַאסֶער אָב. מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא בֵּיינֶער, אוּנ דָאס פְלֵייש צוּ הַאקְט מֶען גְרָאבּ, אָדֶער מֶען צוּ שְׁנַיידְט אִין קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ. יֶעטְצְט מַאכְט מֶען אַסוֹיס אַזוֹא: מֶען צוּ שְׁלָאגְט צְווייא גֶעלְכְלֶעךְ מִיט עֶמְוָואס זַאלְץ, גִיסְט צוּ בִּיסְלֶעךְ ווַיים אַהַאלְבֶּעם גְלָאז בּוֹימְאֵייל, אַהַאלְבֶּעם גְלָאז שַׁארְפֶען עֶסִיג, אַגְלָאז שְׁמֶעטֶענֶע אָדֶער יְשְׁמַאנְט- אוֹיךְ דִיא צֶערִיבֶּענֶע הֶערִינְג-מִילְךְ אוּנ פִיל פֶעפֶער דַאצוּ. מִיט דִיזֶער סוֹיס וֶוערֶען דִיא הֶערִינְג פֶערְמִישְׁט. וֶוען מֶען ווִילְל, קָאכְט מֶען אָב קַארְטָאפֶעלְן, שֵׁיילְט זַייא אָב, צוּשְׁנַיידְט זַייא, לָאזְט אָבְּקִיהלֶען אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט דְרִינֶען.

אוֹיבּ מֶען ווִיל הָאבֶּען דֶעם סַאלַאט נִיט מִילְכִיג, גִיבְּט מֶען אַנְשְׁטַאט שְׁמֶעטֶענֶע 8 אָבְּגֶעקָאכְטֶע גֶעלְכְלֶעךְ צֶערְרִיבֶּען אוּנ פֶערְמִישְׁט מִיט עֶמְוָואס עֶסִיג.

## SCHARFER HĀRİNGSALAT. № 505. שַׁארְפֶער הֶערִינְגְסַאלַאט.

דִיא הֶערִינְגֶע ווַייקֶען זִיךְ נָאר עֶטְלִיכֶע שְׁטוּנְדֶען, אוּנ דָאס ווַאסְסֶער וֶוערְט אָבְּגֶענָאסֶען. מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא בֵּיינֶער אוּנ דָאס פְלֵייש צוּ הַאקְט מֶען גַאנְץ דִין; דַאצוּ וֶוערְט אַמַאסֶע צְווִיבֶּעלְן דִין צוּהַאקְט, אוּנ בֵּיידֶע וֶוערֶען פֶערְמִישְׁט מִיט צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע פֶעפֶער, בּוֹימְאֵייל אוּנ עֶסִיג.

## FİSCHSALAT. № 506. פִישׁ-סַאלַאט.

דֶערצוּ קֶען מֶען גֶעבְּרוֹיכֶען אַלֶע אַרְטֶען פִישׁ, וֶועלְכֶע מֶען הָאט שׁוֹין געקאכט

געקאכט. האט מען ניט, זא קאכט מען אב, אם בעסטען העכט, אדער דעסגלייכען, אין שארפען זאלצוואססער, לאזט זייא אבקיהלען, נעהמט ארויס דיא ביינער אונ רייסט זייא פאנאנדער אין קליינע שטיקקע. מען קאכט אב אייער הארט; דיא געלכלעך פיהרט מען פאנאנדער אין עסיג מיט אביסל צוקער; דיא ווייסלעך צו האקט מען דין. מען גיבט אויך צו קאפערן אונ אליווען (זיתים), גיסט צו בוימאייל, געשטויסענע פעפער, — אונ דאס אללעס פערמישט מען מיט דיא שטיקלעך פיש.

## № 507. סאלאט פון ספארזא. SPARGELSALAT.

דער שפארגעל ווערט געפוטצט, געוואשען אונ אין קליינע בינדלעך געבונדען; דאן ווערט ער אין וואסער אונ זאלץ אבגעקאכט. נאכדעם נעהמט מען איהם ארויס, בינדט פאנאנדער, צושניידט אויף שטיקלעך, גיבט אין אשיסל, בעשטרייט מיט פעפער אונ צוקער אונ דאן גיסט מען אויבען בוימאייל אונ עסיג.

# דרייצענטער אבשניטט.

### קיסעל, זעלע, קרעם, מאראזענע.

## № 508. A. קיסעל פון יאגדעס. KİSEL (MUS) VON BEEREN.

מען נעהמט פיר גלאזער יאגדעס (וועלכע עס איז), וואשט איבער, גיבט אין אשטיינערנע קאסטרולע, אדער אליימענעם טאפף; גיסט ארויף פיר גלאזער קאלטעס וואסער, שטעללט צו קאכען, ביז דיא יאגדעס קאכען זיך פאנאנדער, דאן גיסט מען דאס אויף אזיפ אונ דיא יאגדעס רייבט מען דורך, אונ מען מעסט אב פינף גלאזער. דער פון פיר גלאזער גיסט מען אין דיא קאסטרולע, שטעללט אפען פליטע אונ מען שיט אריין אהאלב פונד צוקער. אום עס זאל האבען אשיינעם קאליר, דריקט. מען אריין דעם זאפט פון אלימאן איין רעפעלע, אונ מען לאזט אויפקאכען. דער וויילע נעהמט מען פיר לעפעל קארטאפעל מעהל אונ מען פיהרט פאנאנדער מיט דעם פינפטען גלאז פון דעם יאגדעס-זאפט דעם אבגעקיהלטען, אונ, ווען יענער זאפט מיט דיא צוקער נעהמט קאכען אפען פליטע, גיסט מען אריין אין איהם דאס פאנאנדער געפיהרטע מעהל, לאנגזאם אימער מישענדיג, ביז עס ווערט געדיכט. דאן שווייענקט מען אויס אפורם מיט קאלטעס וואסער, גיסט היניין דעם קיסעל אונ מען טראגט ארויס אויף אקאלטען ארט.

דער צו גיבט מען סמעטענע צוקער אונ מאנדעל מילך. אדער ווייסען האניג 1/4 פונד, וואס מען האט פאנאנדער געפיהרט מיט הייסען וואסער אונ געלאזט אבקיהלען.

## № 509. עפפל קיסעל. APFELKİSEL (- MUS).

מען צושניידט אבגעשיילטע עפעל, קאכט זייא אב אין וואססער, רייבט

זייא דורך אַזיפ, צו מישט מיט צוקער אונ צימרינג אונ מען גיבט צו וואסער, אום עס זאל אוים קומען זעכס גלאזער פון דער גאנצער מאססע. מיט אַביסעל דערפון פיהרט מען פאנאנדער ½ גלאז קארטאפעל מעהל; דאס איבעריגע לאזט מען אויפקאכען אונ מען גיסט הינאיין דאס פאנאנדער געפיהרטע קארטאפעל מעהל, אינדעם מען מישט מיט אלעפעל עטליכע מינוט אפען פייער. דאן שוויינקט מען אוים אפורם אין קאלטען וואסער, בעשטרייט מיט צוקער, גיסט אריין דעם קיסעל אונ מען שטעלט אויף אקאלטען ארט.

## MOOSBEERMUS (КИСЕЛЬ КЛЮКВЕННЫЙ).

## קיסעל פון קלוקווע־יאגדעס. № 510.

מען וואשט איבער דיא יאגדעס (3 גלאזער) אין קאלטעם וואסער; מען רייבט זייא דורך אזיפ, אימער צוגיסענדיג וואסער, אום עס זאל זיין זאפט ביז פינף גלאזער. דער פון פיר גלאזער גיסט מען אין אליימענעם טאפף, אדער אשטיינערנע קאסטרולע, שיט אריין אהאלב פונד צוקער גיבט צו דיא שאלעכטס פון אלימאן, דריקט הינאיין אלעפעלע צוטרינטזאפט, מישט דורך, — אונ מען שטעלט צו קאכען. דער ווייטע פיהרט מען פאנאנדער פיר לעפעל קארטאפעל־מעהל מיט דעם געבליבענעם גלאז זאפט, מישט גוט דורך, אום עס זאל ניט זיין קיין קאמעס. ווען יענער זאפט אפען פליטע נעהמט גוט קאכען, גיסט מען הינאיין דאס פאנאנדער געפיהרטע קארטאפעלמעהל, לאנגזאם אימער מישענדיג אונ אויפשלאגענדיג, אום עס זאל קיין קאמעס ניט זיין, מען לאזט אויפקאכען נאך אפאר מאל, נעהמט אראב פון דער פליטע, ווארפט ארוים דיא צוטרינשאלעכטס אונ מען גיסט עס אין אפורם, וואס איז אויסגעשווינקט מיט קאלטעם וואסער. אונ מען שטעלט אויף איין קאלטען ארט.

## HAFERMEHLBREI (ОВСЯНЫЙ КИСЕЛЬ).

## קיסעל פון האבערנעמעהל. № 511.

נאך פון נעכטען שיט מען אריין האבערנע מעהל (אפונד) אין אטאפף, גיסט ארויף אבוטל קאלטעס וואסער, מישט דורך אונ מען שטעלט איבער נאכט אויף אוואַרמען ארט. אין דער פריה מישט מען ווידער דורך אונ מען זייהט דורך אזיפ. דאס געבליבענע אין זיפ גיבט מען ווידער אין טאפף, גיסט ארויף אהאלבען בוטעל קאלטעס וואסער, מישט דורך אונ מען זייט ווייטער דורך אין קאסטרולע. מען שטעלט קאכען אויף אפליטע, אינדעם מען מישט אימער, אום עס זאל קיין קאמעס ניט זיין. דאן צושטויסט מען צעהען ביטערע מאנדלען, שיט אריין אין דיא קאסטרולע, גיבט צו ¼ פונד מעהרעס צוקער אונ מען מישט נאך אנאנד, ביז דיא מאסע ווערט געדיכט. דאן גיבט מען דעם קיסעל אין אפורם, וואס איז אויסגעשווינקט מיט קאלטעם וואסער.
אונ מען שטעלט אויף איין קאלטען ארט.

קיסעל

### KİSEL VON STACHELBEEREN SAFT.

### № 512. קיסעל פון אגרעסענסאק.

2 גלאזער אגרעסענסאק פיהרט מען פאנאנדער מיט אזוא פיל וואסער אונ צוקער אונ צוטרינקאפט, אז עס זאל אויסקומען 5 גלאזער. מיט אביסל דער פון פיהרט מען פאנאנדער אהאלבע גלאז קארטאפעלמעהל; דאס איבעריגע לאזט מען אויפקאכען אין דרינען גיסט מען אריין דאס פאנאנדער געפיהרטע מעהל, אימער מישענדיג מיט אלעפעל עטליכע מינוט אפען פייער. נאכדעם גיבט מען עס אין אפורם, וואס איז אויסגעשווינקט מיט קאלטעם וואסער.
און מען שטעלט אויף איין קאלטען ארט

### MİLCHKİSEL. № 513. מילך-קיסעל.

מען בריהט אב 30 ביטערע מאנדלען מיט הייסען וואסער, צו שטויסט זייא אונ מען פיהרט זייא פאנאנדער מיט 6 גלאזערווארמען שמאנט; דעקט צו, אום ער זאל זיך אנזייגען מיט דעם גערוך פון מאנדלען. נאכדעם זייהט מען עס דורך אסערוויעטקע, דריקט שטארק אויס, גיבט צו צוקער אונ לאזט אויפזידען. דאס איבריגע טהוט מען, וויא פריער איז געזאגט געווארען.

### MANDELMİLCH. № 514 מאנדעל מילך.

מען בריהט אב אהאלב פונד זיסע מאנדלען אונ 13 שטיק ביטערע, דעקט צו מיט אדעקעל אונ מען לאזט שטעהען אהאלבע שטונדע. דאן שיילט מען זייא אב אונ מען גיבט זייא אין קאלטעס וואסער (אז ניט, ווערט עס רויט אונ דיא מילך בעקומט ניט אשיינעם קאליר). נאכדעם גיבט מען דיא מאנדלען אין אשטויסעל אונ מען שטייסט זייא זעהר דין, אימער צוגעבענדיג ביסלעך ווייס צוקער אונ צו לעפעלך קאלטעס וואסער ווען דיא מאנדלען זיינען איינגעשטויסען אונ געווארען זויא אטייג, פיהרט מען עס פאנאנדער מיט אגלאז קאלטע וואסער, זייהט דורך אסערוויעטקע אונ מען דריקט אויס. דאס געבליבענע אין דער סערוויעטקע גיבט מען ווידער אין שטייסעל, שטייסט ווייטער, וויא פריער, אימער צו געבענדיג צוקער אונ קאלטעס וואסער ביסלעך ווייס, אונ נאכדעם פיהרט מען עס ווידער פאנאנדער. מיט אגלאז קאלטען וואסער, זייט דורך אונ מען דריקט אויס. אזוא ביז צו ענדע. דער פון קען ארויס קומען דרייא גלאזער גוטע מילך.

### WEİN-GELÉE. № 515. B זעלע (דיקזאפט) פון ווייַן.

מען נעהמט 20 זאלאטניק קלייא (שזעלאטין), צו ברעכט אין קליינע שטיקלעך, שווייַנקט איבער מיט קאלטעס וואסער, גיבט אין אקאסטרולע, בעגיסט מיט דרייא גלאזער ווייסער ווייַן (אדער $1^1/_2$ גלאזער מאדערע אדער כערעס), שיט היניין אפונד צוקער. צוברעקעלטע וואנילע, דריקט אויך אריין דעם זאפט פון אהאלבען לימאן אונ צו לעצט גיסט מען אריין צוויא בוטעל וואסער. דאס מישט מען גוט דורך אונ מען שטעלט צו קאבען אשעה צייט בייא אשטארקען פייער, אינדעם

מֶען נֶעהמְט אָפְּט אַרָאבּ דֶעם נַאקִיפּ (דֶעם שׁוּים פוּן קָאכֶען) , דַאן גֶעהמְט מֶען אַרָאבּ דִיא קַאסְטְרוּלֶע , לָאזְט שְׁטֶעהֶען פִּינְף מִינוּט , אוּנ נָאכְדֶעם לָאזְט מֶען עֶס זִיךְ דוּרְךְ זַייהֶען לַאנְגְזַאם דוּרְךְ אַסֶערְוִויֶעטְקֶע . אוֹיף וֶועלְכֶע עֶס לִיגְט אַיין אוֹיס-גֶעוַוייקְטֶע שְׁטִיק צוּקֶער פַּאפִּיר . דֶער וַוייצֶע לִיגְט מֶען אַרוּם אַפוֹרְם מִיט אַייז , גִיסְט הִינְאַיין דָאס זֶעלֶע אוּנ מֶען טְרָאגְט אַרוֹיס אִין קֶעלֶער אוֹיף זֶעכְּס שְׁטוּנְדֶען .

וִויא מֶען דַארְף דָאס זֶעלֶע אַרוֹיס גֶעהמֶען פוּן פוֹרְם , לָאזְט מֶען זִיא אַרַיין אוֹיף אַיין מִינוּט אִין הֵייסֶעס וַואסֶער אוּנ גְלַייךְ וַוארְפְט מֶען עֶס אַרוֹיס אוֹיף אַשִׁיסְל .

דָאס זֶעלֶע דַארְף מֶען נִיט קָאכֶען אִין אַקוּפְּפֶערְנֶע אָדֶער אַייזֶערְנֶע קַאסְטְרוּלֶע. נָאר אִין אַשְׁטֵיינֶערְנֶע אָדֶער לֵיימֶענֶע גְלַאזִירְטֶע .

## № 516. זֶעלֶע פוּן מַאלִינֶעס . HIMLEER-GELÉE.

מֶען קְלַייבְּט אוֹיס דְרַייא פוּנְד מַאלִינֶעס , דְרִיקְט אוֹיס דֶעם זַאפְט אוּנ מֶען גִיסְט צוּ אַזוֹא פִיל וַואסֶער , אַז עֶס זָאל אוֹיס קוּמֶען פִיר גְלֶאזֶער. דַאן שִׁיט מֶען אַרַיין אִין אַמֶעסֶענֶעס טַאזִיק (אַבֶּעקֶען) אַפוּנְד מֶעהֶלֶעס צוּקֶער , גִיסְט אַרוֹיף 2½ גְלֶאזֶער וַואסֶער , גִיבְּט צוּ שָׁאלֶעכְּטְס פוּן אַלִימָאן אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ קָאכֶען . וֶוען דִיזֶע סִירָאפּ קָאכְט אוֹיף אַפָּאר מָאל , זַייהט מֶען אִיהם אַרַיין אִין דֶעם מַאלִינֶעס זַאפְט , מִישְׁט גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען דְרִיקְט אַרַיין דֶעם זַאפְט פוּן צְוַוייא צִיטְרִינֶען . דַאן קָאכְט מֶען פַאנַאנְדֶער 20 זָאלָאטְנִיק קְלֵייא (שְׁזֶעלַאטִין) אִין 2½ גְלֶאזֶער וַואסֶער , זַייהט עֶס אַרַיין אִין דֶעם זַאפְט , מִישְׁט דוּרְךְ , לָאזְט אָפְּקִיהלֶען , גִיסְט אִין אַפוֹרְם אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אַפֶּען אַייז . אִין פִּינְף שָׁעָה אַרוּם קֶען מֶען עֶס גֶעבְּרוֹיכֶען .

## № 517. זֶעלֶע פוּן אַגְרֶעסֶען . STACHELBEER-GELÉE.

מֶען בֶּעגִיסְט דִיא אַגְרֶעסֶען מִיט וַואסֶער , אַז עֶס זָאל נָאר אַרִיבֶּער גֶעהֶען , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ קָאכֶען , בִּיז עֶס גֶעהמְט גֶעהֶען פוּן זֵייא אַזַאפְט . נָאכְדֶעם גִיסְט מֶען עֶס אַרַיין אִין אַרֵיינֶעם זֶעקֶעל , וֶועלְכֶען מֶען הֵייְנְגְט אוֹיף אִיבֶּער אַיין אַנְדֶער כֵּלִי , אוּנ מֶען לָאזְט עֶס זִיךְ דוּרְךְ זַייהֶען לַאנְגְזַאם . דֶעם אָפְּגֶעזַייהטֶען זַאפְט קָאכְט מָען אוֹיף אַלַיינֶען פַייעֶר מִיט דָאפֶּעלְט אַזוֹא פִיל צוּקֶער , אִינְדֶעם מֶען גֶעהמְט אַרָאבּ אִימֶער דֶעם שׁוּים , — בִּיז עֶר וֶוערְט גֶעדִיכְט. אוּם עֶס זָאל הָאבֶּען אַגוּטֶען גֶערוּךְ , גִיבְּט מֶען צוּ אִין קָאכֶען דִיא דִינֶע שָׁאלֶעכְּטְס פוּן אַלִימָאן , אוּנ וִויא דֶער זַאפְט וֶוערְט גֶעדִיכְט , גֶעהמְט מֶען עֶס אַרוֹיס . דַאן גִיסְט מֶען עֶס אִין דַאצוּ בֶּעשְׁטִימְטֶע גְלֶאזֶער (בַּאנְקִי) אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אוֹיף דֶעם קֶעלֶער .

## № 518. זֶעלֶע פוּן קְלוּבְּנִיקֶעס . GARTEN ERDBEER-GELÉE.

מֶען בֶּעגִיסְט צַייטִינֶע קְלוּבְּנִיקֶעס (גְרוֹיסֶע פָּאזִימְקֶעס) מִיט נִיט פִיל וַואסֶער ; לָאזְט אוֹיפְקָאכֶען אַזוֹא פִיל , אַז דָאס וַואסֶער זָאל דוּרְךְ גֶעהמֶען דֶער גֶעשְׁמַאק אוּנ גֶערוּךְ פוּן דִיא יַאגְדֶעס. מֶען זַייהט עֶס דוּרְךְ אוּנ מֶען גִיבְּט צוּ אַדְרִיטְל פוּן אוֹיס-גֶעקָאכְטֶען אַגְרֶעסֶען זַאפְט . אוֹיף אַגְלָאז פוּן דִיזֶען פֶערְמִישְׁטֶען זַאפְט גִיבְּט מֶען

צווייא

צְוַוייא גְלֶאזֶער מֶעהלֶעס צוּקֶער , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ קָאכֶען אוֹיף אַלִינְדֶען פַייעֶר , אִינְדֶעם מֶען נֶעהמְט אִימֶער אַרָאבּ דֶעם אוֹיפְגֶעקָאכְטֶען שׁוֹים אוּנ מֶען פְּרוּבִּירְט עֶס שְׁטֶעלֶען אִין אַטַאסֶע אוֹיף אַייז , זֶעהֶען צוּ עֶס קִיהלְט גוּט . וֶוען דָאס זֶעלֶע אִיז וַוארֶעם , גִיסְט מֶען עֶס אִין הַייסֶע בַּאנְקֶעס (גְלֶאזֶער , שְׁלָאיֶעס) .

## ERDBEER-GELÉE. זֶעלֶע פוּן פָּאזִימְקֶעס . № 519.

מֶען דְרִיקְט אוֹיס דֶעם זַאפְט פוּן רוֹיטֶע פָּאזִימְקֶעס , זַייהט אִיהם דוּרְךְ אוּנ שְׁטֶעלְט אִיהם אוֹיפְקָאכֶען . מֶען פֶערְמִישְׁט צְוַוייא גְלֶאזֶער פוּן דִיזֶעם זַאפְט מִיט אֵיין גְלָאז אוֹיפְגֶעקָאכְטֶען זַאפְט ; וִויעדֶער אוֹיף אַגְלָאז פוּן דִיזֶער פֶערְמִישׁוּנְג גִיבְּט מֶען צְוַוייא גְלֶאזֶער מֶעהלֶעס צוּקֶער . דָאס קָאכְט מֶען פְרִיעֶר אוֹיף אַשְׁטַארְקֶען פַייעֶר אוּנ נָאךְ דֶעם אוֹיף אַלִינְדֶען . אִין קָאכֶען פְּרוּבִּירְט מֶען אָבּ אִימֶער צוּ אִיז דָאס זֶעלֶע פֶערְטִיג , אִינְדֶעם מֶען גִיסְט אָבּ אַבִּיסְל אִין אַטַאסְסֶע , וָואס שְׁטֶעהט אִין קַאלְטֶעם וַואסֶער .

## IOHANNİSBEER-GELÉE. זֶעלֶע פוּן וַויינְפֶּערְלֶעךְ . № 520.

מֶען דְרִיקְט אוֹיס דֶעם זַאפְט פוּן רוֹיטֶע וַויינְפֶּערְלֶעךְ (פַּארֶעצְקֶעס) ; דִיזֶען וַוארְמְט מֶען גוּט אָן אַפֶען פַייעֶר , אוּם אַרָאבּ צוּ נֶעהמֶען פוּן אוֹיבֶען דָאס גֶעדִיכְטֶע , וֶועלְכֶעס אִיז גֶעוֶועהנְלִיךְ דָא אִין דִיזֶע יַאגְדֶעס . דַאן זַייהט מֶען אִיהם אָבּ . צוּקֶער נֶעהמְט מֶען דָאפֶּעלְט , וִויא פִיל דֶער זַאפְט ; נָאר וֶוער עֶס פֶערְלַאנְגְט דָאס זֶעלֶע צוּ הָאבֶּען זִויעֶרֶער , זָא אִיז גֶענוּג צוּ נֶעהמֶען אוֹיף אַגְלָאז זַאפְט אַנְדֶערְהַאלְבֶּען אָדֶער אֵיין גְלָאז צוּקֶער .

## GELÉE VON SCHWARZEN IOHANNİSBEEREN.

## זֶעלֶע פוּן שְׁוַוארְצֶע וַויינְפֶּערְלֶעךְ . № 521.

מֶען גִיבְּט אִין אַלַיימֶענֶע קַאסְטְרוּלֶע פִיר גְלֶאזֶער אוֹיס גֶעקְלִיבֶּענֶע שְׁוַוארְצֶע וַויינְפֶּערְלֶעךְ , גִיסְט אַרוֹיף דְרַייא בּוּטֶעל הַייסֶעס וַואסֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ אוֹיפְקָאכֶען אוֹיף דֶער פְּלִיטֶע ; מֶען מִישְׁט דוּרְךְ אוּנ צוּ דְרִיקְט עֶס נָאךְ אִין קָאכֶען . דַאן זַייהט מֶען עֶס אוֹיס דוּרְךְ אַדִינֶע זִיפּ , אָדֶער נֶעסְסֶעלְטוּךְ (קִיסַייא) אִין אַבֶּעזוּנְדֶערֶע שִׁיסֶעל , גִיבְּט הִינְאַיין צוּטְרִיטְשָׁאלֶעכְטְס פוּן 2 צוּטְרִינֶען אוּנ מֶען לָאזְט שְׁטֶעהֶען אַהַאלְבּ שָׁעָה צוּ גֶעדֶעקְטֶערְהַייט . דֶער וַויילֶע צוּבְּרֶעכְט מֶען 20 זָאלָאטְנִיק קְלַייא (שְׁזֶעלַאטִין) , שְׁוַויינְקְט אִיבֶּער מִיט קַאלְטֶעס וַואסֶער , גִיבְּט אִין אַבֶּעזוּנְדֶער קַאסְטְרוּלֶע , גִיסְט אַרוֹיף צְוַוייא גְלֶאזֶער וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט עֶס נָאךְ פַּאנַאנְדֶער קָאכֶען אוֹיף אַלִינְדֶען פַייעֶר . יֶעצְט נֶעהמְט מֶען דְרַייא בּוּטְלֶען פוּן דֶעם אוֹיפְגֶעקָאכְטֶען זַאפְט , גִיסְט אַרוֹיף אוֹיף אַפוּנְד מֶעהלֶעס צוּקֶער , מִישְׁט דוּרְךְ , גִיבְּט צוּ דֶעם זַאפְט פוּן אַלִימָאן אוּנ דַאן גִיסְט מֶען הִינְאַיין דֶעם אוֹיפְגֶעקָאכְטֶען קְלַייא ; מִישְׁט וִוידֶער דוּרְךְ אוּנ מֶען זַייהט דוּרְךְ קִיסַייא , גִיסְט אִין אַפוֹרְם , אָדֶער אִין קְלֵיינֶע פוֹרְמְס , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אַפֶען אַייז . אִין 6 שָׁעָה אַרוּם קֶען מֶען דָאס זֶעלֶע גֶעבְּרוֹיכֶען .

מען

## № 522. זֶעלֶע פון צוטְרִין. CİTRONE-GELÉE.

מֶען שְׁניידֶט אָב דִיא שָׁאלֶעבְּטֶס פון דְרייא צוטְרִינֶען, גִיבְּט אִין אַקאַסְטְרוֹלֶע מִיט $1^1/_2$ פוּנְד צוּקֶער אוּנ 20 זַאלָאטְנִיק (שְׁנֶעלַאטִין); גִיסְט אַרוֹיף צְווייא בּוּטֶעל וַואסֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט קָאכֶען אַשָׁעָה צייט. דַאן זַייט מֶען עֶס דוּרְךְ אַסֶערְוֶועטְקֶע, גִיסְט הִינַאיין דֶעם זַאפְט פון פִיר צוּטְרִינֶען, מִישְׁט דוּרְךְ אוּנ מֶען לָאזְט שְׁטֶעהֶען אַהַאלְבּ שָׁעָה. דַאן גִיסְט מֶען אִין פוֹרֶם אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אַפֶען אייז.

## № 523. זֶעלֶע פון עֶפֶּעל. APFEL-GELÉE.

מֶען צוּ שְׁניידְט וַוייניגֶע עֶפֶּעל, גִיבְּט זַייא אִין אַטָאפְּף, גִיסְט אַרוֹיף וַואסֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ קָאכֶען בִּיז וַוייךְ, אִינְדֶעם מֶען מִישְׁט, אוּם זַייא זָאלֶען נִיט אָנְבְּרֶענֶען אָן טָאפְּף. מֶען זַייהט זַייא דוּרְךְ אַסֶערְוֶועטְקֶע, פֶערְמִישְׁט מִיט דָאפֶּעלְט אַזוֹא פִיל צוּקֶער אוּנ מֶען קָאכְט פְּרִיעֶר אוֹיף אַגְרוֹיסֶען פַייעֶר, נָאכְדֶעם אוֹיף אַלֵיינֶען. וֶוען עֶס אִיז פַארְטִיג, גִיסְט מֶען עֶס אִין פוֹרְמֶס אָדֶער אִין גְלֶאזֶערְנֶע (סְלָאיֶעס) אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין קֶעלֶער.

## № 524. מַארְמֶעלַאדֶע פון פָּאזִימְקֶעס.

## MARMELADE VON ERDBEEREN.

מֶען דְרִיקְט דוּרְךְ אַזִיפּ שֵׁיינֶע צייטִינֶע פָּאזִימְקֶעס אַפוּנְד, דֶער צוּ נֶעהמְט מֶען אַפוּנְד צוּקֶער מִיט $2^1/_2$ גְלֶאזֶער וַואסֶער. מֶען שְׁטֶעלְט עֶס קָאכֶען אַזוֹא לַאנְג, בִּיז דֶער צוּקֶער צִיהט זִיךְ צְווִישֶׁען דִיא פִינְגֶער וִויא אַפָאדִים. דַאן גִיבְּט מֶען הִינַאיין דֶעם אוֹיס גֶעזַייהטֶען זַאפְט, אִימֶער מִישֶׁענְדִיג. נָאר עֶס דַארְף זִיךְ נִיט קָאכֶען צוּ פִיל; דֶען דִיא מַארְמֶעלַאדֶע פֶערְלִירְט דַאדוּרְךְ אִיהר קָאלִיר אוּנ גֶעשְׁמַאק. נָאכְדֶעם וֶוערְט זִיא אוֹיס גֶעקִיהלְט אוּנ אִין גְלֶאזֶער גֶעפִילְט.

## MARMELADE VON PFİRSİCHEN·

## № 525. מַארְמֶעלַאד פון פֶּערְסִיקֶעס.

מֶען לֵייגְט דִיא פֶּערְסִיקֶעס אִין זִידֶענְדֶעס וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט אַפָּאר מָאל אוֹיפְקָאכֶען. דַאן וֶוערֶען זַייא אָבְּגֶעשֵׁיילְט, דִיא בֵּיינְדְלֶעךְ אַרוֹיס גֶענוּמֶען, אוּנ דוּרְךְ אַזִיפּ דוּרְכְגֶעדְרִיקְט. דֶער צוּקֶער וֶוערְט גֶעקָאכְט מִיט וַואסֶער, בִּיז עֶר צִיהט זִיךְ וִויא אַפָאדִים צְווִישֶׁען דִיא פִינְגֶער. אוֹיף אַפוּנְד פֶּערְסִיקֶעס גֶעהט אַפוּנְד צוּקֶער. דַאן גִיבְּט מֶען זַייא אִין דֶען גֶעלֵייטֶערְטֶען צוּקֶער, מִישְׁט זַייא דוּרְךְ אוּנ מֶען לָאזְט זַייא נָאךְ לַאנְגְזַאם קָאכֶען, בִּיז דִיא טְרָאפֶּען, וָואס מֶען גִיסְט אוֹיף אַטֶעלֶער צוּר פְּרָאבֶּע, בְּלֵייבֶען שְׁטֶעהֶען אוּנ רִינֶען נִיט פַאנַאנְדֶער.

## № 526. מַארְמֶעלַאדֶע פון עֶפֶּעל. MARMELADE VON AEPFELN.

מֶען שֵׁיילְט אָב 6 פוּנְד עֶפֶּעל, צוּ שְׁניידְט זַייא אִין שְׁטִיקְלֶעךְ, נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא זוֹימֶען אוּנ מֶען לֵייגְט זַייא אִין קַאלְטֶעס וַואסֶער. נָאכְדֶעם גִיסְט מֶען אָב דָאס

וואסער

וַואסֶער, גִיבְּט זַייא אִין אַקְאסְטְרוּלֶע, דֶעקְט צוּ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זַייא קָאכֶען, אִינְדֶעם מֶען מִישְׁט זַייא, אוּם זַייא זָאלֶען נִיט אָנְבְּרֶענֶען אָן דֶעק. וֶוען זַייא זַיינֶען שׁוֹין גוּט פַאנַאנְדֶער גֶעקָאכְט אוּנ צוּפַאלֶען, רַייבְּט מֶען זַייא דוּרְךְ אַזִיפּ, פֶערְמִישְׁט מִיט דְרַייא פוּנְד מֶעהלֶעס צוּקֶער אוּנ מִיט צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס, אָדֶער אַפְּפֶעלְסִינְשָׁאלֶעכְטְס. דַאן גִיבְּט מֶען דִיא גַאנְצֶע מַאסֶע אִין אַטַאזִיק (מֶעסֶענֶער בֶּעקֶען) *) אוּנ מֶען לָאזְט זִיא קָאכֶען, אִימֶער מִישֶׁענְדִיג מִיט אַהֶאלְצֶערְנֶע לֶעפֶּעל. וֶוען דִיא מַארְמֶעלַאדֶע צִיהט זִיךְ צְווִישֶׁען דִיא פִינְגֶער וִויא פֶעדִים, זָא אִיז זִיא פֶערְטִיג. מֶען גִיבְּט זִיא אִין גְלֶאזֶער אוּנ מֶען לָאזְט זִיא אוֹיס קִיהלֶען.

## C. קְרֶעמְס.

### EİER-CRÉME. אֵייעֶר קְרֶעם. № 527.

אִין אַהַאלְבּ שְׁטָאף גֶעקָאכְטֶע מִילְךְ וֶוערֶען 10 אֵייעֶר מִיט 4 לוֹיט מֶעהלֶעס צוּקֶער צוּ שְׁלָאגֶען. דַאן שְׁטֶעלְט מֶען דִיזֶעס אוֹיף אַלִינְדֶען קוֹילֶען פַייעֶר אוּנ מֶען קְלַאפְּט אַזוֹא לַאנְג, בִּיז עֶס גֶעהמְט קָאכֶען אוּנ שְׁטַייגְט אַרוֹיף. יֶעצְט גִיסְט מֶען עֶס אִין אַפַארְצֶעלַייעֶנֶע שִׁיסֶעל, בֶּעשְׁטְרַייט מִיט צוּקֶער אוּנ צִימְרִינְג אוּנ מֶען דֶערלַאנְגְט עֶס קַאלְטֶערְהֵייט. אַבִּיסֶל וַואנִילֶע קֶען מֶען דֶערִינֶען אַיינְקָאכֶען; דָאס גִיבְּט אַפַיינֶעם גֶעשְׁמַאק.

### MİLCH-CRÉME. מִילְךְ-קְרֶעם. № 528.

אַהַאלְבֶּער שְׁטָאף שְׁמַאנְט, 8 אֵייעֶר, 2 לֶעפֶעל שְׁטַארְקֶע (קְרָאכְמֶעהל), אָנְגֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ צוּקֶער וֶוערְט צוּזַאמֶען צוּגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ אִימֶער גֶעמִישְׁט. וִויא עֶס הֵייבְּט אָן פוּן זַייט צוּ קָאכֶען, נֶעהמְט מֶען עֶס גְלַייךְ אַרָאבּ, גִיסְט אִין אַשִׁיסֶעל אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין קֶעלֶער. פַאר דֶעם דֶערְלַאנְגֶען, בֶּעשְׁטֶעקְט מֶען זִיא מִיט גֶעשַׁיילְטֶען לֶאנְגְלִיךְ גֶעשְׁנִיטֶענֶע זִיסֶע מַאנְדְלֶען אוּנ בֶּעשְׁטְרַייט מִיט צוּקֶער אוּנ צִימְרִינְג.

### MAKRONEN-CRÉME. מַאקַארָאנֶען-קְרֶעם. № 529.

אִין 3 שְׁטָאף מִילְךְ שְׁלָאגְט מֶען אַרַיין 12 גֶעלְכְלֶעךְ מִיט אַלֶעפֶעל קְרַאפְּטְמֶעהל (קְרָאכְמֶעל); קְלַאפְּט עֶס דוּרְךְ, גִיבְּט נָאךְ צוּ אוֹיף צוּקֶער אָנְגֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס, אַפֶערְטֶל פוּנְד צוּקֶער, 1/2 פוּנְד בִּיטֶערֶע גֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע מַאנְדְלֶען אוּנ 1/2 פוּנְד קְלֵיינֶע רָאזִינְקֶעס; שְׁטֶעלְט צוּ צוּם פַייעֶר אוּנ מֶען מִישְׁט אִימֶער, בִּיז עֶס קָאכְט אוֹיף אֵיין מָאל. יֶעצְט שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף דִיא וַוייסֶלֶעךְ צוּ אַשְׁנֵייא אוּנ מִישְׁט אַרַיין אִין דִיא מַאסֶע, וֶועלְכֶע קוּמְט יֶעצְט אִין אַשִׁיסֶעל אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין גִיט אַגַאנְץ הֵייסֶען אוֹיבֶען בַּאקֶען. דִיזֶעס וֶוערְט דֶערְלַאנְגְט וַוארֶמֶערְהֵייט.

### MARMORİRTE CRÉME. מַארְמָאר-קְרֶעם. № 530.

אִין אַשְׁטָאף שְׁמַאנְט שְׁלָאגְט מֶען אַרַיין 12 גֶעלְבְּלֶעךְ; מֶען צוּשְׁלָאגְט עֶס מִיט

*) וואוּ עֶס וֶוערְט דֶער נָאמֶען „טַאזִיק" „טַאז" „בֶּעקֶען" מֵיינְט מֶען אַמֶעסֶענֶע פַאנֶע.

מיט אפערטל פונד צוקער, אויף וועלכען מען האט אנגעריבען ציטרינשאלעכטס, גיבט צו אשטיק צימרינג אדער וואנילליע. דאס שטעלט מען צו אין אקאסטרולע אויף אלינדעס פייער אונ מען מישט עס, ביז עס קאכט אויף איין מאל. דאס אייוויים ווערט צו אשנייא אויפגעשלאגען, מישט עס לאנגזאם אריין אונ מען גיסט דיא מאססע אין אשיסעל. יעצט גיסט מען אריין אגלאז רויטען זאפט פון ווייןפערלעך, מישט דורך מיט אהאלצעל לאנגזאם, זא בעקומט זיא איין מארמאר קאליר. דאן זעצט מען זיא אין ניט אהייסען אויבען באקען ביז געלבברוין.

## CHOCOLADEN-CRÉME. שאקאלאדענקרעם. № 531.

מען לאזט געריבענע שאקאלאדע אין אשטאף מילך אזוא פיל צו געהען, ביז עס ווערט געדיכט; גיבט היניין 12 צו שלאגענע אייער אונ אשטיק געשטויסענע וואנילליע. דאס שטעלט מען אויף אלינדעס פייער, מישט בעשטאנדיג, ביז עס הייבט אן צו שטייגען. יעצט טהוט מען עס אריין אין אשיסעל, אונ ווען עס קיהלט אב, ווערט זיא מיט צוקער אונ צימרינג בעשטרייט. ווען אייער איז טהייער, נעהמט מען אהעלפט דער פון אונ מען גיבט דערין 1/2 לעפעל פודער-מעהל, וואס מען האט פאנאנדער געפיהרט אין קאלטער מילך. דער מיט מוז זיך דיא מאססע נאך אונטער שטענדיגען מישען 15 מינוטען קאבען.

## APFEL-CRÉME. עפעל-קרעם. № 532.

מען באקט אויס 20 זויערע עפעל (מיטעל גרויס) אונ מען רייבט זייא דורך אזיפ, — אונ עס זאל דער פון ארויס קומען 2 פונד. מען שיט היניין 3/4 פונד מעהלעס צוקער אונ מען קלאפט דאס מיט אלעפעל ביי א אשטונדע צייט. דער ווייסע דריקט מען אויס דרינגען דעם זאפט פון איין צוטרין אונ מען גיבט היניין דיא שאלעכטס דער פון, וועלכע מען האט אנגעריבען אויף אטארטקע (טיארקא), אינדעם מען הערט ניט אויף צו קלאפען, נאכדעם שלאגט מען אויף פיר ווייסלעך, שיט אריין 1/4 פונד צוקער מעהלעס אונ, ווען זייא זיינען אויפגעשלאגען, גיסט מען עס אריין אין דיא דורך געריבענע עפעל, אימער אויפשלאגענדיג. צו לעצט צו לאזט מען קלייא (שנעלאטין) 8 זאלאטניק אין אגלאז וואסער, זייהט דורך אקיסייא*), לאזט אבקיהלען ביז לעפלעך, גיסט אריין לאנגזאם אין דיא מאססע, אימער איפשלאגענדיג ביי א אפערטל שעה. דאן גיבט מען עס אין אפורם, וואס שטעהט אין אייז. אונ אין 5 שטונדען ארום קען מען שוין געבען צום טיש.

## CAFFE-CRÉME. קאפפע-קרעם. № 533.

מען קאכט אויף אשטאף מילך; מען שלאגט 5 געלבלעך מיט צוקער שוימיג אונ גיבט צו אפאר לעפעלעך קארטאפעל מעהל. פריער האט מען שוין אטאססע שטארקען קאפפע בערייטעט אונ געלאזט אבקיהלען; דאס מישט מען אריין אין דיא צו שלאגענע געלבלעך, אונ דיזע וויעדער גיבט מען אריין אין דיא אבגעקאכטע מילך

*) זא איין א״ט זיפעל.

מילך; שטעלט זיא נאך אמאל אפען פייער אונ לאזט זיא קורץ אויפקאכען. דיא קרעם גיבט מען אין אפורם אדער אשיסעל אונ מען שטעללט אין קעלער.

## CITRONEN-CRÉME. צוטרינקרעם. № 534.

אין אשטאף געקאכטע גוטע מילך שלאגט מען אריין 12 געלכלעך גיבט צו אנגעריבענע צוטרינשאלעכטס אונ צוקער. דיזעס ווערט געקלאפט מיט אלעפעלע אדער מיט אלאפעטקע; מען שטעלט עס אפען פייער אימער אויפקלאפענדיג, ביז עס הייבט אן צו קאכען. דאן נעהמט מען עס גלייך אראב פון פייער, גיבט אריין אין אשיסעל. מישט דורך מיט דעם זאפט פון עטליכע צוטרינען אונ מען שטעללט אין קעלער. ווען מען דער לאנגט צום טיש, בעשטרייט מען דיא קרעם מיט צוקער אונ צימרינג.

## WANILLE-CREME. וואניללע קרעם. № 535.

מען פיהרט פאנאנדער 10 געלכלעך מיט 10 לויט צוקער אונ 2 קליינע עסלעפעל מעהל גאנץ קלאר; מיט דיזער מאססע פערמישט מען 1/2 שטאף שמאנד, אין וועלכען מען האט שוין אשטיינגעל וואניללע אויסגעקאכט. אויף אלינדען פייער מישט מען דאס, אונ וויא ער נעהמט אויפקאכען, נעהמט מען עס אראב פון פייער אונ לאזט אזוא שטעהען אויף אהייסער פליטע. נאכדעם מאכט מען אשטייפען שנעע פון 5—6 איי ווייסלעך מישט הינאיין, גיסט אין אשיסעל אונ לאזט אבקיהלען. דער צו גיבט מען מאקאראנען (מאנדער פיראזגע).

## HIMBEERE-CREME. מאלינעס קרעם. № 536.

מען שלאגט אויף 1 1/2 בוטל שמאנט מיט 1/2 פונד צוקער, צו אשוים. אפערטל פונד צוקער שיט מען אריין אין דעם זאפט, וואס מען האט אויס געדריקט פון דרייא גלאזער מאלינעס דורך אדינע זיפ. דער ווייל נעהמט מען 8 זאלאטניק קלייא (שזעלאטין), פליקט פאנאנדער אויף שטיקלעך אונ שווייבקט איבער מיט קאלטעס וואסער; גיבט אין ניט אין אגרויסע קאסטרולע, בעגיסט מיט אגלאז וואסער, צו לאזט איהם אויף דער פליטע אונ מען נייהט איהם דורך. מען לאזט איהם אבקיהלען ביז לעפלעך אונ מען גיסט איהם אריין לאנגזאם אין דעם אויפגעשלאגענעם שמאנט, נאך אימער אויפקלאפענדיג. דאן גיבט מען הינאיין דעם מאלינעס זאפט, אינדעם מען שלאגט אימער אויף מיט אבעזימל. ווען דיא קרעם הייבט אן צו ווערען געדיכט, גיבט מען זיא אין אפורם, וועלכע מען שטעלט אין אייז, אדער מען טראגט ארויס אין קעלער. אין פינף שעה ארום איז זיא גוט; נאר בעסער איז, אז מען גרייט זיא אן פון נעכטען.

ווען מען דארף זיא ארויס ליינען פון פורם, טונקט מען דיזע איין אין הייסעס וואסער, אדער מען לייגט ארום מיט אנאסען הייסען האנדטוך.

מען

## MANDEL-CREME. מַאנְדֶעל קְרֶעם. № 537.

מֶען בְּרִיהט אָב ¼ פוּנְד זִיסֶע מַאנְדְלֶען מִיט 3 שְׁטִיק בִּיטֶערֶע, גִיסְט אָב דָאס וַואסֶער אוּנ צוּ שְׁטוּיסְט זֵייא. עֶס וֶוערְט אוֹיפְגֶעקָאכְט אַבּוּטְל מִילְךְ (בֶּעסֶער אִיז שְׁמַאנְט), דִיא מַאנְדְלֶען דֶערִינֶען מִיט גֶעזָאטְטֶען דוּרְךְ אַטוּךְ גֶעפְּרֶעסְט אוּנ דַאן וֶוערְט גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא מִילְךְ 12 לוֹיט צוּקֶער. פוּן פִּינְף וַויסְלֶעךְ שְׁלָאגְט מֶען אוֹיף אַפֶּעסְטֶען שְׁנֵייא, גִיבְּט אִין אַקַאסְטְרוּלֶע, גִיסְט דַארוֹיף דִיא אוֹיס גֶעפְּרֶעסְטֶע מִילְךְ, שְׁטֶעלְט אוֹיף קוֹילֶענְפַייעֶר, אוּנ עֶס וֶוערְט אַזוֹיא לַאנְג גֶעשְׁלָאגֶען, בִּיז אַלְלֶעס וֶוערְט צוּ אַשׁוּים. דָאס פִּילְלְט מֶען אִין טַאסֶען אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט אִין אַייז.

## GEFROREN ES (МОРОЖЕНОЕ). מַארָאזֶענֶע D. № 538.

צוּ בְּרֵייטוּנְג: צוּ מַארָאזֶענֶע מוּז מֶען הָאבֶּען אַצִינְנֶערְנֶע בִּיכְסֶע (בַּאנְקֶע) אָדֶער אַקוּפְּפֶערְנֶע אַיין אוֹיס גֶעוַוייסְטֶע מִיט אַפֶּעסְטֶען דֶעקֶעל, אוּם עֶס זָאל דְרִינֶען קַיין אַייז נִיט קֶענֶען אַרַיין קוּמֶען, מֶען טְהוּט אַזוֹיא: מֶען צוּ שְׁלָאגְט דָאס אַייז אִין קְלֵיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ, גִיבְּט עֶס אִין אַקַאדֶעצְקֶע (שַׁאפְּפֶעל), וָואס הָאט אַצַאפְּפֶען אִין דֶעק, אוּם דָאס וַואסֶער פוּן דֶעם צוּ גַאנְגֶענֶעם אַייז זָאל קֶענֶען אָבְּרִינֶען. מֶען שִׁיט אַרַיין אַפָּאר הוֹיפֶען גְרָאבֶּעס זַאלְץ אָדֶער סֶעלִיטְרֶע, נָאכְדֶעם וִויעדֶער אַייז.... אוּנ אַזוֹיא וַוייטֶער, בִּיז דִיא קַאדֶעצְקֶע וֶוערְט פוּל. אִין מִיטֶען לָאזְט מֶען אַלֵיידִיגֶען אָרְט, אִין וֶועלְכֶען מֶען שְׁטֶעלְט אַרַיין דִיא בַּאנְקֶע אוּנ מֶען שִׁיט אַרוּם דָאס אַייז מִיט דֶעם זַאלְץ; מֶען קְלַאפְּט עֶס גוּט אַיין, אוּם דִיא בַּאנְקֶע זָאל פֶּעסְט זִיטְצֶען אִין מִיטֶען פוּן דֶעם אַייז. דֶער דֶעקֶעל פוּן דֶער בַּאנְקֶע בְּלַייבְּט פְרַייא; עֶר מוּז הָאבֶּען אַהֶענְטֶעל, אוּם מֶען זָאל דַאמִיט דִיא בַּאנְקֶע דְרֶעהֶען. אִין דִיא בַּאנְקֶע גִיסְט מֶען אַרַיין דִיא מַאסְסֶע פוּן דֶער מַארָאזֶענֶע, דֶעקְט פֶּעסְט צוּ אוּנ מֶען נֶעהמְט דְרֶעהֶען דִיא בַּאנְקֶע אִין דֶעם אַייז זֶעהר שְׁנֶעלל. מֶען גִיט אָפְּט אַכְטוּנְג אִינְוֵוייניג, אוּנ דָאס, וָואס עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעזֶעטְצְט בַּייא דִיא זַייטֶען פוּן דֶער בַּאנְקֶעס, נֶעהמְט מֶען אַרָאב מִיט אַלָאפֶּעטְקֶע אוּנ מֶען מִישְׁט דָאס אַרַיין אִין דִיא אִיבְּרִיגֶע מַאסְסֶע, דֶעקְט צוּ אוּנ מֶען נֶעהמְט וַוייטֶער דְרֶעהֶען. אִין אַפֶּערְטֶעל שְׁטוּנְדֶע אַרוּם עֶפִינְט מֶען וַוייטֶער, טְהוּט וִויא פְרִיעֶר אוּנ מֶען מִישְׁט דוּרְךְ דִיא מַאסְסֶע מִיט דֶער לָאפֶּעטְקֶע. אַזוֹיא טְהוּט מֶען עֶטְלִיכֶע מָאל, אִינְדֶעם מֶען שִׁיט אִימְמֶער צוּ אַייז אוּנ זַאלְץ, בִּיז דִיא מַאסְסֶע פוּן דֶער מַארָאזֶענֶע וֶוערְט שְׁטַייף. מֶען דַארְף נָאר אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, עֶס זָאל קַיין קָאמֶעס נִיט זַיין אוּנ דִיא מַאסְסֶע זָאל זַיין גְלַאט וִויא אַפּוּטְטֶער. וֶוען עֶס אִיז פֶערְטִיג, בֶּעשִׁיט מֶען דִיא בַּאנְקֶע מִיט זַאלְץ (אָדֶער סֶעלִיטְרַא) אוּנ אַייז, דֶעקְט צוּ מִיט אַטוּךְ, וָואס מֶען הָאט אַיינְגֶעוַוייקְט אִין וַואסֶער אוּנ אוֹיס גֶעדְרִיקְט, אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אַזוֹי שְׁטֶעהֶען בַּייא אַשְׁטוּנְדֶע צַייט. וָואס שְׁטַארְקֶער דִיא מַאסֶע וֶוערְט אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶען מִיט דֶער לָאפֶּעטְקֶע, דֶעסְטָא בֶּעסֶער אִיז דִיא מַארָאזֶענֶע. סֶעלִיטְרֶע הִיטֶעט אָב אַייגֶענְטְלִיךְ דָאס אַייז פוּן שְׁמֶעלְצֶען.

וָואהרֶענְד מֶען אַרְבֵּייטֶעט, לָאזְט מֶען אַרוֹיס דָאס וַואסֶער פוּן דֶעם שְׁמֶעלְצֶענְדֶען אַייז דוּרְךְ דֶעם צַאפְּפֶען אוּנ מֶען גִיבְּט צוּ אַנְדֶערֶע אַייז מִיט זַאלְץ אָדֶער סֶעלִיטְרַא. אָהן דֶעם, וֶוערְט דָאס אַייז שְׁנֶעלְל צוּ גַאנְגֶען.

פַאר דֶעם דֶערְלַאנְגֶען צוּם טִישׁ טוּנְקְט מֶען אַיין דִיא בִּיכְּסֶע (בַּאנְקֶע אָדֶער פוֹרְם) אִין הֵייסֶע וַואסֶער, וַואשְׁט אָבּ אוּנ מֶען לָאזְט אַרָאבּ דִיא מַארָאזֶענֶע אִין אַגְלֶעזֶערְנֶע שִׁיסֶעל.

## № 539. שְׁמַאנְט גֶעפְרָארֶענֶע. SCHMANT-GEFRORENES.

אוֹיף 8 גְלֶאזֶער שְׁמַאנְט נֶעהמְט מֶען $1\frac{1}{2}$ פוּנְד צוּקֶער, צוּ שְׁטֵייסְט אוּנ מֶען צֶערְרֵייבְּט עֶס מִיט 10 גֶעלְכְלֶעךְ בִּיז וַייס; מֶען גִיסְט אַרַיין דֶעם שְׁמַאנְט (נִיט זֶעהר פֶעטְט), שְׁטֶעלְלְט אַפְעֶן פַייעֶר אוּנ מִישְׁט, בִּיז דִיא מַאסְסֶע וֶוערְט גֶעדִיכְט, מֶען גִיבְּט הִינְאַיין אַשְׁטִיקְל טְרוּקֶענֶע וַואנִילְלֶע צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע, אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג. מֶען הַאלְט אַפֶען פַייעֶר, בִּיז עֶס נֶעהמְט קָאכֶען; דַאן גִיסְט מֶען עֶס אִיבֶּער אִין אַיין אַנְדֶער כֵּלִי, נֶעמְט אַרוֹיס דִיא וַואנִילֶע, לָאזְט עֶס אָבְּקִיהלֶען 2—3 שָׁעָה, אוּנ דַאן גִיבְּט מֶען זַייא אַיין אִין דִיא בַּאנְקֶע, וָואס אִיז אִין אַייז, אוּנ מֶען נֶעהמְט דְרֶעהָען וִויא עֶס אִיז גֶעזָאגְט אִין פָארִיגֶען נוּמֶער.

## HİNBEER-GEFRORENE.

## № 540. מַארָאזֶענֶע פוּן מַאלִינֶעס אוּנ וַויינְפֶּערְלֶעךְ.

מֶען רֵייבְּט דוּרְךְ אַהָארְזִיפּ, 3 פוּנְד מַאלִינֶעס, אַז עֶס זָאל דֶער פוּן אַרוֹיס קוּמֶען זַאפְט 3 גְלֶאזֶער, מֶען גִיבְּט אִין אַבֶּעזוּנְדֶער כֵּלִי אַפוּנְד מֶעהלֶעס צוּקֶער, גִיבְּט הִינְאַיין דִיא שָׁאלֶעכְטְס פוּן אַלִימָאן, גִיסְט אַרוֹיף צְוַוייא גְלֶאזֶער קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער אוּנ מֶען לָאזְט שְׁטֶעהֶען, בִּיז דֶער צוּקֶער וֶועט צוּ גֶעהֶען; מֶען מִישְׁט פַאנַאנְדֶער, נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא שָׁאלֶעכְטְס, אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט דִיא צוּקֶער מִיט דֶעם זַאפְט פוּן דִיא מַאלִינֶעס, מֶען דְרִיקְט הִינְאַיין אוֹיךְ דֶעם זַאפְט פוּן אַיין צוּטְרִין, מִישְׁט ווִיעדֶער דוּרְךְ אוּנ לָאזְט אָבְּקִיהלֶען אַשָׁעָה צַייט אוּנ מֶעהר, אוּנ נָאכְדֶעם טְהוּט מֶען, ווִיא עֶס אִיז גֶעזָאגְט אִין נוּמֶער 538.

אַזוֹיא מַאכְט מֶען מַארָאזֶענֶע פוּן קַארְשֶׁען אוּנ פוּן וַויינְפֶּערְלֶעךְ.

## № 541. מַארָאזֶענֶע פוּן עֶפֶּעל. APFEL-GEFRORENES.

מֶען צוּ שְׁנַיידְט 8 עֶפֶּעל וַויינִיגֶע (מִיטֶעל גְרוֹיס), גִיבְּט זַייא אִין אַבֶּעקֶען, גִיסְט אַרוֹיף 3 גְלֶאזֶער וַואסֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט קָאכֶען, בִּיז דִיא עֶפֶּעל וֶוערֶען פַאנַאנְדֶער גֶעקָאכְט. דַאן נֶעהמְט מֶען זַייא אַרָאבּ פוּן דֶער פְּלִיטְטֶע, זַייהט אָבּ אוּנ מֶען רֵייבְּט זַייא דוּרְךְ, אַז עֶס זָאל אַרוֹיס קוּמֶען 3 גְלֶאזֶער זַאפְט. דַאן גִיבְּט מֶען אִין בֶּעקֶען אַפוּנְד צוּקֶער, דִיא שָׁאלֶעכְטְס פוּן אַצוּטְרִין, אָדֶער אַהַאלְבֶּע שְׁטִיינְגֶעל צוּ בְּרֶעקֶעלְטֶע וַואנִילְלֶע, גִיסְט אַרַיין 2 גְלֶאזֶער וַואסֶער, אַיין גְלָאז פוּן עֶפֶּעל זַאפְט אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט קָאכֶען; וֶוען עֶס קָאכְט אוֹיף אַפָּאר מָאל, גִיסְט מֶען

עֶס אָב אִין אַבֶּעזונֶדער כֵּלִי, גִיבְּט צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע 2 גְלֶאזֶער וַאפְּט, דְרִיקְט הִינְאַיין אוֹיךְ דֶעם זַאפְּט פוּן אַהאַלְבֶּען צוּטְרִין, גִיסְט צוּ אַנְלָאז רָאם, מִישְׁט דוּרְךְ אוּנ מֶען טְרָאגְט אַרוֹים אִין קֶעלְלֶער אוֹיף אַפָּאר שָׁעָה. דָאס אִיבְּרִיגֶע וִויא אִין נוּמֶער 538.

## № 542. מַארָאזֶענֶע פוּן אַנַאנַאס. ANANAS-GEFRORENES.

מֶען שֵׁיילְט אָב דִיא אַנַאנַאס, צוּ שְׁנַיידְט זַייא אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זַייא צוּ קָאכֶען מִיט צוּקֶער אוּנ אַבִּיסְל וַואסֶער, בִּיז דֶער צוּקֶער וֶוערְט גוּט צוּ נַאגְנֶען. דַאן גִיסְט מֶען עֶס אִיבֶּער אִין אַיין אַנְדֶער כֵּלִי, דְרִיקְט הִינְאַיין דֶעם זַאפְּט פוּן דְרַייא צוּטְרִינֶען, מִישְׁט גוּט דוּרְךְ אוּנ עֶס וֶוערְט זָא בֶּעהַאנְדֶעלְט, וִויא אִין נוּמֶער 538.

## № 543. מַארָאזֶענֶע פוּן פָּאזִימְקֶעס. ERDBERE-G ORENES.

מֶען קְלַייבְּט אוֹיס פָּאזִימְקֶעס 4 גְלֶאזֶער, רַייבְּט זַייא דוּרְךְ אַזִיפּ אוּנ מֶען דְרִיקְט הִינְאַיין דֶעם זַאפְּט פוּן 2 צוּטְרִינֶען. מֶען קָאכְט דֶערְוַוייְלֶע אַהאַלְבּ פוּנְד צוּקֶער מִיט אַגְלָאז וַואסֶער, בִּיז עֶס גִיבְּט שְׁוֶוערֶע טְרָאפְּפֶען; פֶערְמִישְׁט עֶס מִיט דֶעם זַאפְּט אוּנ שְׁטֶעלְט אִין קֶעלְלֶער אוֹיף אַפָּאר שָׁעָה. דָאס אִיבְּרִיגֶע וִויא אִין נוּמֶער 538.

## № 544. מַארָאזֶענֶע פוּן קַאפְּפֶע. KAFFEE-GEFRORENES.

מֶען שְׁטֶעלְט צוּ אַפֶּען פְּלִיטְטֶע 4 גְלֶאזֶער שְׁמַאנְט, שִׁיט אַרַיין אַהִין 1/8 פוּנְד קַאפְּפֶע עֶרְשְׁט אִיבֶּער גֶעבְּרֶענְטֶע, דֶעקְט צוּ, אוּם עֶס זָאל אֶנְצִיהֶען דֶעם גֶערוּךְ פוּן קַאפְּפֶע. וֶוען עֶס אִיז אָבְּגֶעקִיהלְט זַייהט מֶען עֶס דוּרְךְ אַזִיפּ, שִׁיט אַרַיין 3/4 פוּנְד צוּקֶער, וָואס מֶען הָאט דוּרְךְ גֶערִיבֶּען מִיט פִינְף גֶעלְכְלֶעךְ, מִישְׁט אַפֶּען פַייעֶר, בִּיז עֶס וֶוערְט גֶעדִיכְט, זַייהט ווִיעדֶער דוּרְךְ, לָאזְט אָבְּקִיהלֶען, אוּנ דָאס אִיבְּרִיגֶע וִויא אִין נוּמֶער 538.

## № 545. מַארָאזֶענֶע פוּן שָׁאקָאלַאדֶע. CHOCOLADE-GEFRORENES.

מֶען צֶערְרַייבְּט 3/4 פוּנְד שָׁאקָאלַאדֶע אוֹיף אַרִייבּ אַייזֶען (טַארְטְקֶע), פִּידֶערְט פַאנַאנְדֶער מִיט 8 גְלֶאזֶער הַייסֶען שְׁמַאנְט, פֶערְמִישְׁט מִיט 10 גֶעלְכְלֶעךְ אוּנ 1 1/2 פוּנְד צוּקֶער מֶעלֶעס, שְׁטֶעלְט אַפֶּען פַייעֶר אוּנ מֶען מִישְׁט, בִּיז עֶס וֶוערְט גֶעדִיכְט, נָאכְדֶעם זַייהט מֶען עֶס דוּרְךְ, לָאזְט אָב קִיהלֶען. אוּנ דָאס אִיבְּרִיגֶע וִויא אִין נוּמֶער 538.

## № 546. מַארָאזֶענֶע פוּן וַואנִילְלֶע. WANILLE-EIS.

מֶען קָאכְט אוֹיף אַשְׁטָאף שְׁמַאנְט מִיט אַשְׁטֶעגְל וַואנִילְלֶע אוּנ 3/4 פוּנְד צוּקֶער, לָאזְט עֶס שְׁטֶעהֶען בַּיין פַייעֶר, עֶס זָאל אֶנְצִיהֶען. דֶער וַוייְלֶע פִּידֶערְט מֶען פַאנַאנְדֶער 8 נַאנְצֶע אֵייעֶר (בֶּעסֶער 16 גֶעלְכְלֶעךְ) מִיט אַבִּיסִיל שְׁמַאנְט, שְׁלָאגְט עֶס אוֹיף מִיט דֶעם הַייסֶען שְׁמַאנְט אוּנ מִישְׁט אַפֶּען פַייעֶר אַזוֹיא לַאנְג,

בִּיז

בִּיז עֶס װֶערְט גֶעדִיכְט ; וְויא עֶס נְעהמְט קָאכֶען , נֶעהמְט מֶען עֶס אַרָאבּ , זַייהט דוּרְךְ אַזִיפּ אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אָבְּקִיהלֶען אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג . דָאס אִיבֶּעְרִיגֶע וְויא אִין נוּמֶער 538 .

## № 547. מַארָאזֶענֶע פוּן אַפְּפֶעלְסִין . APFELSINEN-EIS.

מֶען רַייבְּט אָבּ דִיא שָׁאלֶעכְטְס פוּן 5 אַפְּפֶעלְסִינֶען אוֹיף צוּקֶער , גִיבְּט צוּ דֶעם זַאפְט פוּן 8 אַפְּפֶעלְסִינֶען אוּנ פוּן 2 צוּטְרִינֶען . מֶען קָאכְט אוֹיף 3/4 פוּנְד צוּקֶער מִיט אַהַאלְבּ שְׁטָאף וַואסֶער אוּנ מֶען גִיסְט צוּ אַגְלֶעזְל זִיסֶען וַויין . מֶען מִישְׁט אַלְלֶעס גוּט דוּרְךְ , לָאזְט אָבְּקִיהלֶען , אוּנ דָאס אִיבֶּעְרִיגֶע וְויא אִין נוּמֶער 538.

## № 548. מַארָאזֶענֶע פוּן צוּטְרִין . CITRONEN-EIS.

מֶען קָאכְט אוֹיף אַפוּנְד צוּקֶער מִיט אַהַאלְבּ שְׁטָאף וַואסְסֶער , אִינְדֶעם מֶען נֶעהמְט דֶעם שׁוּים אִין קָאכֶען אִימְמֶער אַרָאבּ . וֶוען עֶס אִיז אָבּ גֶעקִיהלְט , פֶערְמִישְׁט מֶען עֶס מִיט דִיא צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס , וָואס מֶען הָאט אָנְגֶערִיבֶּען אוֹיף צוּקֶער אוּנ מִיט דֶעם זַאפְט פוּן 5—6 צוּטְרִינֶען . דִיא מִישׁוּנְג לָאזְט מֶען דוּרְךְ אַהָאאר זִיפּ אִין דִיא בַּאנֶקֶע , וָואס שְׁטֶעהט אִין אַייז , אוּנ זָא וַוייטֶער . וְויא אִין נוּמֶער 538 .

# פֶערְצֶעהְנְטֶער אַבְּשְׁנִיטְט .

## A № 549 אַיינְגֶעמַאכְטֶעס אָבְּסְט (וַוארֶענְיֶעס) אוּנ זַאפְטְאַרְטֶען .

אַנְוַוייזוּנְג: דִיא וַוארֶענְיֶעס קָאכְט מֶען פְרִיעֶר אוֹיף אַגְרוֹיסֶען פַייעֶר , בִּיז עֶס נֶעהמְט קָאכֶען ; נָאכְדֶעם דֶערְקָאכְט מֶען אוֹיף אַלִינְדֶען פַייעֶר . עֶס אִיז בֶּעסֶער , אַז דִיא וַוארֶענְיֶעס זָאל זִיךְ נִיט קָאכֶען נָאךְ אַנַאנְד ; נָאר מֶען זָאל אוּנְגֶעפֶאהר אַלְלֶע 10 מִינוּט אַרָאבּ נֶעהמֶען פוּן פַייעֶר , אוּם עֶס זָאל זִיךְ עֶטְוָואס אָבְּקִיהלֶען . נָאכְדֶעם שְׁטֶעלְלְט מֶען ווִיעדֶער אַפֶען פַייעֶר אוֹיף עֶטְלִיכֶע מִינוּט אוּנ וְויעדֶער אַרָאבּ נֶעהמֶען ; אַזוֹא טָאן דְרַייא מָאל . צוּם לֶעצְטֶען מָאל קָאכְט מֶען , בִּיז דֶער סִירָאפּ וֶוערְט דוּרְכְזִיכְטִיג אוּנ דִיא יַאגְדֶעס וֶוערֶען אָנְגֶעפִילְלְט . דֶעם שׁוּים מוּז מֶען אַרָאבּ נֶעהמֶען מִיטְ'ן לֶעפֶעל , אָבֶּער פָארְזִיכְטִיג , אַז דִיא יַאגְדֶעס זָאל זִיךְ נִיט צֶערְרַייבֶּען .

מֶען קָאכְט דִיא יַאגְדֶעס אִין אַבְּרֵייטֶען מֶעסֶענֶעם טַאזִיק (בֶּעקֶען) מִיט אַהֶאנְטְל . מֶען דַארְף דִיא יַאגְדֶעס נִיט מִישֶׁען מִיט אַלֶעפֶעל , נָאר טְרֵייסְלֶען דֶעם טַאזִיק , אוּם דֶער סִירָאפּ זָאל אַרוּם נֶעהמֶען דִיא יַאגְדֶעס אוּמֶעטוּם גְלַייךְ אוּנ עֶס זָאל זִיךְ קָאכֶען גְלַייךְ .

אוּם צוּ זֶעהֶען , צוּ אִיז פַארְטִיג דִיא וַוארֶענְיֶעס , זָא גִיבְּט מֶען דאפָאן אוֹיף אַטַאסְסֶע , וָואס שְׁטֶעהט אִין קַאלְטֶען וַואסֶער . וֶוען דִיא יַאגְדֶעס זַיינֶען קְלָאר , דֶער סִירָאפּ גֶעדִיכְט אוּנ הֶעלְל , אוּנ קְלֶעפְּט אָן לֶעפֶעל , זָא גִיסְט מֶען אִיבֶּער דִיא וַוארֶענְיֶעס אִין אַפַּאיַאנְס כֵּלִי , שְׁטֶעלְלְט אִין קֶעלְט , אוּנ אוֹיף מָארְגֶען גִיסְט
מען

מֶען עֶרְסְט אִיבֶּער אִין אַבָּאנְקֶע (אַסְלָאי) ; מֶען בֶּעדֶעקְט מִיט אָנְגְעוֶואקְסְטֶע פַּאפִּיר • בִּינְדְט גוּט אַרוּם אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט אִין אַקַאלְטֶען אוּנ טְרוּקֶענֶעם אָרְט •

וֶוען דִיא וַוארֶענְיֶעם גֶעהֶמְט זַייעֶרְן , דַארְף מֶען עֶס גְלַייךְ אִיבֶּערְקַאכֶען אוֹיף אַלִינְדֶען פַייעֶר , אִינְדֶעם מֶען שִׁיט צוּ מֶעהלֶעם צוּקֶער •

וֶוען וַוארֶענְיֶעם וֶוערְט פֶערְצוּקֶערְט , שְׁטֶעלְלְט מֶען דִיא סְלָאיֶעס אִין אַקַאסְטְרוּלֶע , גֶעהֶמְט אַרָאבּ דָאס פַּאפִּיר , לֵייגְט אַרוּם יֶעדֶע מִיט הֶייא , גִיסְט אַרַיין אִין דִיא קַאסְטְרוּלֶע אַזוֹא פִיל וַואסֶער , וִויא פִיל וַוארֶענְיֶעם אִיז אִין דִיא סְלָאיֶעס , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט אַפֶען פַייעֶר , בִּיז דָאס וַואסֶער קָאכְט אוֹיף • דַאן גֶעהֶמְט מֶען אַרָאבּ דִיא קַאסְטְרוּלֶע ; נָאר מֶען גֶעהֶמְט נִיט אַרוּים דִיא סְלָאיֶעס , בִּיז דָאס וַואסֶער וֶוערְט אָבְּגֶעקִיהלְט •

מֶען מוּז גֶעדֶענְקֶען , אַז וַוארֶענְיֶעם נָאךְ דֶעם קָאכֶען דַארְף מֶען נִיט צוּ דֶעקֶען , אוּנ מֶען דַארְף עֶס שְׁטֶעלְלֶען אָבְּגֶעדֶעקְטֶערְהֵייט אִין אַיין אָרְט , וואוּ עֶס אִיז קֵיין פְלִיגֶען נִיטָא ; בֶּעסֶער אִיז צוּ שְׁטֶעלְלֶען אִין אַקַאלְטֶען אוֹיבֶען •

צוּ לֶעצְט מוּז מֶען נָאךְ זָאגֶען , אַז דֶער הוֹיפְּט סֶעקְרֶעט אִין וַוארֶענְיֶעם קָאכֶען , עֶס זָאל נִיט קַאלֶע וֶוערֶען אוּנ עֶס זָאל הָאבֶּען אַשֵׁיינֶעם קָאלִיר , אִיז דְרִינֶען : אַז אוֹיף 4 גְלֶאזֶער צוּקֶער אוּנ 4 גְלֶאזֶער יַאגֶדֶעס , גִיבְּט מֶען צוּ אִין קָאכֶען אַלֶעפֶּעל רָאם אוּנ אַטְהֵיילֶעפֶּעלֶע צוּטְרִינְזַאפְּט •

## EINGEMACHTE GARTENERDBEEREN.

### וַוארֶענְיֶע פוּן קְלוֹבְּנִיקֶעס • B № 55[illegible].

מֶען גִיבְּט אִין אַטִיפֶּע כֵּלִי 4 גְלֶאזֶער אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּענֶע קְלוֹבְּנִיקֶעס (גַארְטֶענְ-פְּאזִימְקֶעס) , גִיסְט אַרוֹיף קַאלְטֶעס וַואסֶער , וַוארְפְט זֵייא צוּרִיק אוֹיף אַזִיפּ אוּנ לָאזְט דָאס וַואסֶער אָבְּרִינֶען • דֶער וַויילֶע מַאכְט מֶען אַסִירָאפּ פוּן 4 גְלֶאזֶער צוּקֶער , גִיסְט אַרוֹיף אַגְלָאז וַואסֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט דֶעם בֶּעקֶען אוֹיף אַגְרוֹיסֶען פַייעֶר • וֶוען דֶער סִירָאפּ וֶוערְט גוּט אַייְנְגֶעקָאכְט , וֶוען עֶס בֶּעוַוייזְט זִיךְ פוּן אוֹיבֶען בְּלֶאזֶלֶעךְ , רוּקְט מֶען אַרָאבּ דֶעם בֶּעקֶען פוּן דֶער פְּלִיטֶע , אָדֶער מֶען שְׁטֶעלְלְט אִיהם אַפֶּען טִישׁ ; גִיבְּט הִינְאַיין נָאר דִיא יַאגְדֶעס פוּן זִיפּ , טְרֵייסְלְט עֶס דוּרְךְ , גִיסְט אַרַיין אַיין עֶסְלֶעפֶּעל רָאם אוּנ אַטְהֵיילֶעפֶּעלֶע צוּטְרִינְזַאפְּט אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט קָאכֶען אוֹיף אַגְרוֹיסֶען פַייעֶר • וֶוען דִיא יַאגְדֶעס הֵייבֶּען זִיךְ אוֹיף אוּנ עֶס וֶוערְט אַשׁוֹים , גֶעהֶמְט מֶען אַרָאבּ דֶעם בֶּעקֶען , טְרֵייסֶעלְט אִיהם דוּרְךְ , גֶעהֶמְט אַרָאבּ דֶעם שׁוֹים מִיט אַלֶעפֶּעל בֶּעהִיטְזַאם , דִיא יַאגְדֶעס זָאלְלֶען זִיךְ נִיט צֶערְרַייבֶּען • יֶעטְצְט שְׁטֶעלְלְט מֶען עֶס קָאכֶען אוֹיף אַלִינְדֶען פַייעֶר , אִינְדֶעם מֶען גֶעהֶמְט אָפְּט אַרָאבּ דֶעם שׁוֹים אוּנ מֶען גִיט אַטְרֵייסֶעל דֶעם בֶּעקֶען • וֶוען דִיא יַאגְדֶעס זֶעהֶען אוֹיס אָנְגֶעפִילְלְט אוּנ קְלָאר , גֶעהֶמְט מֶען אַרָאבּ דֶעם בֶּעקֶען פוּן פַייעֶר , מֶען גֶעהֶמְט דֶער פוּן אִין אַטְהֵיילֶעפֶּעלֶע : אוֹיבּ דֶער סִירָאפּ שְׁמִירְט זִיךְ אִיבֶּערְן לֶעפֶּעל , אוּנ , וֶוען מֶען לָאזְט אָבְּטְרִיפֶען 2 טְרָאפְּפְן , וֶועט אַדְרִיטֶער בְּלַייבֶּען הֵיינְגֶען , דַאן אִיז דִיא

וואַרעניע פערטיג. מען גיסט זיא אין אַטיפע כלי, טרייסלט דורך און מען שטעללט אין אַקאַלטען אויבען. אויף מאָרגען גיבט מען זייא אין סלאָייעס, בעדעקט מיט געוואַקסטע פּאַפּיר, אויף דעם סלאַי לייגט מען אַהאַלצערנע ברעטל אַרונדע, בינדט אַרום מיט פּאַפּיר און מען שטעללט אין אַקאַלטען אויבען אָדער אין אַקאַלטע קאַמער.

ווען דער סיראָפּ זעהט אויס אויף מאָרגען שיטער, זאָ קאָכט מען איבער דיא וואַרעניע אין בעקען נאָך אַמאָל.

## EİNGEMACHTE KİRSCHEN. וואַרעניע פון קאַרשען. № 551.

מען וואַשט איבער 2—3 מאָל גוטע צייטיגע קאַרשען 4 גלאָזער. מען שטעכט אַרויס דיא ביינדלעך מיט אַשפּילקע אָדער מיט אַשפּיטציגע גאַנזעפעדער; מען נעהמט זייא פון זייט אָדער וואו דער צווייגעל איז געוועזען. מען גיבט זייא אין אַשיסעל, און דעם אַרויסגערונענעם זאַפט, בשעת געהמען דיא ביינדלעך, גיסט מען אויך אַהין. דאַן קאָכט מען דעם סיראָפּ פון 4 גלאָזער צוקער מיט אַגלאָז וואַסער. מען שטעללט דעם בעקען אויף אַגרויסען פייער און מען קאָכט אַזוא לאַנג, ביז עס נעהמט זיך פון אויבען בלאָזלען. דאַן גיבט מען היניין גאָר דיא קאַרשען אויף אַמאָל, טרייסלט דורך דעם בעקען, גיסט אַרויף אַלעפעל ראָם און אַטהיילעפעלע צוטרינזאַפט. דאָס איבריגע וויא פאָריגען נומער.

ווער עס וויל, גיבט צו אַהאַלבען שטענגעל וואַנילע צו ברעקעלטע, וועלכע מען קאָכט פריער מיט דעם סיראָפּ, און נאָכדעם גיבט מען היניין דיא קאַרשען.

אַזוא קאָכט מען אויך קאַרשען מיט דיא ביינדלעך און ווייניסעלקאַרשען (צערשני).

## KİRSCHSAFT. קאַרשען-זאַפט. № 552.

מען גיבט דיא קאַרשען אין אַקאַסטרולע און מען קאָכט זייא אימער מישענדיג אויף קוילען, ביז זייא ווערען צו אַזופּע. דאַן דריקט מען זייא דורך אַטוך אין איין פאַרצעלייענעם געשירר, וועלכעס מען האָט פריער אָבגעוויגען. יעטצט וועגט מען עס וויעדער מיט דעם זאַפט און מען בערעכנט אויף אַפונד זאַפט אַהאַלב פונד צוקער. דיא ביידע גיבט מען אין דיא קאַסטרולע, מישט דורך און מען לאָזט עס קאָכען, ביז דער זאַפט ווערט גענוג געדיכט. שטעללט אָבקיהלען און מען גיבט עס אין שלאָיעס (באַנקעס, איינמאַכגלאָזער).

## EİNGEMACHTE IOHANNİSBEEREN.

## וואַרעניע פון ווייַנפּערלעך. № 553.

מען וואַשט איבער 4 גלאָזער ווייַנפּערלעך (פּאַרעצקעס, רויטע אָדער ווייסע) 2—3 מאָל אין קאַלטען וואַסער. ווען מען וויל, ביינדעלט מען אויס דיא יאַגדעס מיט אַשפּיטציגער פעדער, נאָר בעהיטזאַם, אַז זייא זאָלען זיך ניט צערברייבען;

און

אונ מֶען גִיבְּט זֵייא אִין אַבֶּעזוּנְדֶער גֶעשִׁירְר. דַאן מַאכְט מֶען אַסִירָאפּ פוּן 5 גְלָאזֶער צוּקֶער $1^1/_2$ גְלֶאזֶער וַואסֶער. וֶוען דִיזֶער אִיז פֶּערְטִיג, דָאס הֵייסְט, וֶוען עֶר נֶעהמְט זִיךְ בְּלָאזְלֶען, זָא גִיבְּט מֶען הִינְאַיין נָאר דִיא יַאגְדֶעס; דֶעם זַאפְט פוּן דִיא זוֹימֶען גִיסְט מֶען אוֹיךְ צוּ דַאהִין. מֶען גִיט אוֹיךְ צוּ אַלֶעפֶּעל רָאם אונ אַטְהֵיילֶעפֶּעלֶע צוּטְרִינְזַאפְט; שְׁטֶעלְלְט קָאכֶען אוֹיף אַלִינְדֶען פַייֶער, אִינְדֶעם מֶען גִיבְּט אָפְט אַטְרֵייסֶעל דֶעם בֶּעקֶען אונ מֶען נֶעהמְט אָפְּט אַרָאב דֶעם שׁוֹים מִיטְ'ן לֶעפֶעל בֶּעהִיטְזַאם. דִיזֶע וַוארֶענְיֶע וֶוערְט פְרִיעֶר פֶערְטִיג וִויא אַנְדֶערֶע. — וִויא עֶס בֶּעוַוייזְט זִיךְ וַוייניגֶער שׁוֹים אונ עֶס נֶעהמְט עֶרְטֶערְוַוייס קָאכֶען, זָא נֶעהמְט מֶען אַרָאב מִיט אַלֶעפֶעלֶע אוֹיף אַפְּרָאבֶּע; מֶען לָאזְט אָבְּטְרִיפֶען 2 טְרָאפֶּען: וֶוען דֶער דְרִיטְטֶע בְּלַייבְּט הֵיינְגֶען, זָא אִיז פֶערְטִיג. מֶען נֶעהמְט אַרָאב דֶעם בֶּעקֶען פוּן פַייֶער, גִיסְט אִיבֶּער דִיא וַוארֶענְיֶע אִין אַטִיפֶעס גֶעשִׁירְר אונ מֶען שְׁטֶעלְלְט אִין אַקַאלְטֶען אוֹיבֶען בִּיז מָארְגֶען. דַאן קוּמְט עֶס אִין דִיא סְלָאיֶעס.

אַזוֹא קָאכְט מֶען וַוארֶענְיֶעס פוּן בַּארְבַּארִים (בֶּערְבֶּערִיטְץ) יַאגְדֶעס.

EİNGEMACHTE SCHWARZE IOHANNİSBEEREN.

№ 554. וַוארֶענְיֶע פוּן שְׁוַוארְצֶע וַויינְפֶּערְלֶעךְ.

מֶען נֶעהמְט 4 גְלֶאזֶער גְרוֹיסֶע שְׁוַוארְצֶע וַויינְפֶּערְלֶעךְ, שְׁנַיידְט אָב פוּן יֶעדֶע דִיא בְּלִיהִינְג (דִיא קֶעפְּלֶעךְ) אונ גִיבְּט זֵייא אִין אַטִיפֶע כֵּלִי; וַואשְׁט זֵייא אִיבֶּער אִין 2—3 וַואסֶערְן אונ מֶען גִיבְּט זֵייא אִין נָאךְ אַכֵּלִי; מֶען גִיסְט אַרוֹיף הֵייסֶעס וַואסֶער, דֶעקְט צוּ מִיט אַדֶעקֶעל אונ מֶען לָאזְט שְׁטֶעהֶען, וֶואהְרֶענְד דֶער סִירָאפּ קָאכְט זִיךְ. וֶוען דֶער סִירָאפּ אִיז פֶערְטִיג, וַוארְפְט מֶען דִיא יַאגְדֶעס אוֹיף אַזִיפּ, לָאזְט דָאס וַואסֶער אָבְּלוֹיפֶען אונ מֶען גִיבְּט זֵייא דַאן אִין דֶעם בֶּעקֶען פוּן דֶעם סִירָאפּ; גִיבְּט אִיהם אַטְרֵייסֶעל אונ מֶען גִיסְט אַרַיין אַלֶעפֶעל רָאם אונ אַטְהֵיילֶעפֶעלֶע צוּטְרִינְזַאפְט; שְׁטֶעלְלְט קָאכֶען אוֹיף אַלִינְדֶען פַייֶער, — אונ דָאס אִיבְּרִיגֶע וִויא אִין פָארִיגֶען נוּמֶער.

EİNGEMACHTE STACHELBEEREN UND HİMBEEREN.

№ 555. וַוארֶענְיֶעס פוּן אַגְרֶעסֶען אונ מַאלִינֶעס.

אוֹיף אַפוּנְד יַאגְדֶעס נֶעהט אַפוּנְד צוּקֶער. דֶער צוּקֶער וֶוערְט צוּ אַסִירָאפּ גֶעקָאכְט (מִיט עֶטְוָואס גַאנְצֶע צִימְרִינְג), בִּיז עֶר לָאזְט זִיךְ צִיהֶען. יֶעטְצְט וַוארְפְט מֶען דִיא יַאגְדֶעס הִינְאַיין (פוּן אַגְרֶעסֶען מוּזֶען דִיא בְּלוּמֶענְקֶעפְּלֶעךְ פְרִיעֶר אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען) אונ וִויא זֵייא הָאבֶּען אֵיין מָאל אוֹיפְגֶעקָאכְט, קוּמֶען זֵייא אִין דִיא סְלָאיֶעס (אַיינְמַאכְגְלֶאזֶער). דֶער צוּקֶער וֶוערְט נָאךְ וַוייטֶער גֶעקָאכְט, בִּיז עֶר אִיז גֶענוּג דִיק. דַאן גִיסְט מֶען אִיהם אוֹיף דִיא יַאגְדֶעס אונ, וֶוען דִיא וַוארֶענְיֶע וֶוערְט אָבְּגֶעקִיהלְט, בִּינְדְט מֶען זֵייא אַרוּם מִיט פַּאפִּיר.

№ 556. אַנְדֶערֶע וַוארֶענְיֶע פוּן אַגְרֶעסֶען.

מֶען שְׁנַיידְט אָב דִיא בְּלוּמֶענְקֶעפְּלֶעךְ פוּן אַגְרֶעסֶען 4 גְלֶאזֶער, גִיבְּט זֵייא

אין

אין אַטיפּע כּלי אין קאַלטעם וואַסער מיט אייז; וואַרפט זייא אויף אַזיפּ, לאָזט דאָס וואַסער אָבלויפען אונ מען טרייסעלט זייא איבער אין אַהאַנדטוך, זייא זאָלען וועהרען טרוקען. דער ווייל גיבט מען אָפּען דעק פון בעקען פרישע קאַרשענ-בלאַטטער, וואַרפט דאַרויף דיא אַגרעסען, גיסט אַרויף 2 גלאָזער ווין אָדער שפּירט, שטעלט אויף דיא פּליטע אונ לאָזט זייא אויפקאָכען. דאַן וואַרפט מען זייא אויף אַזיפּ, לאָזט אָבלויפען דעם ווין, אָדער דעם בראַנפען, וואַרפט זייא ווייטער אין קאַלטעם וואַסער, גיבט נאָך צו אייז. דער ווייל קאָכט מען דעם סיראָפּ. דיא יאַגדעס טריקענט מען ווידער אָב, אינדעם מען טרייסעלט זייא לייכט דורך אין אַריינעם האַנדטוך. דאַן גיבט מען זייא אין דעם סיראָפּ. מען טרייסעלט זייא איין אין דעם טאַז׳ק, גיבט צו אַלעפעל ראָם אונ אַטהיילעפעלע צוטרינזאַפט, אונ מען קאָכט ווי אַנדערע וואַרעניעס.

## № 557. אַנדערע וואַרעניע פון מאַלינעס.

מען גיבט אַפונד מאַלינעס אין אַשיסעל, שיט אַרויף אַלעפעל מעהלעס צוקער אונ לאָזט שטעהען אַשעה צייט. מען האַקט אָן אין שטיקער אַפונד צוקער, לייגט אין בעקען אונ גיסט אַרויף קאַלטעס וואַסער; לאָזט אויפקאָכען אַגעדיכטען סיראָפּ אונ שטעלט איהם אָב. אין פינף מינוט אַרום גיבט מען הינאיין דיא מאַלינעס, טרייסעלט דורך דעם בעקען אונ שטעלט אָפּען פייער, דיא מאַלינעס זאָל זיך גוט איינקאָכען; מען שטעלט ווידער אָב דעם בעקען, נעהמט אַראָב דעם שוים מיט דער לינקען זייט פון לעפעל אונ שטעלט ווייטער אָפען פייער. אַזוא טהוט מען איניגע מאָל, ביז דיא מאַלינעס וועהרען פול אונ קלאָר, וואָס עס בעווייזט, אַז דיא וואַרעניע איז פערטיג.

## № 558. וואַרעניע פון פּאַזימקעס. EINGEMACHTE ERDBEEREN.

דיא פּאַזימקעס גיבט מען גלייך אין דעם הייסען געדיכטען סיראָפּ, מען קאָכט פריער אויף אַשטאַרקען פייער, נאָך דעם אויף אַלינדען. ווען דער שוים איז אַראָב גענומען אונ דיא יאַגדעס זיינען דורכזיכטיג, גיבט מען דיא וואַרעניע אין אַפּאַרצעלייענע כּלי. אויף מאָרגען גיבט מען ערסט אין סלאָי (באַנקע) אונ מען שטעלט אין אַקאַלטען אָרט. אויף אַפונד פּאַזימקעס נעהמט $1\frac{1}{2}$ פונד צוקער מיט אַגלאָז וואַסער.

## № 559. וואַרעניע פון קלוקווע. EINGEMACHTE MOOSBEEREN.

מען קלייבט אויס 2 גלאָזער קלוקווע יאַגדעס אונ וואַשט איבער. מען מאַכט אַסיראָפּ פון 4 גלאָזער צוקער, גיבט צו $1/3$ שטענגעל וואַנילע אַצובראָקעלטע, גיסט אַרויף $1\frac{1}{2}$ גלאָזער וואַסער אונ מען שטעלט קאָכען. ווען דער סיראָפּ איז פערטיג, וואַרפט מען אַריין דאַהין דיא יאַגדעס, ניט אַטרייסעל דעם בעקען אונ שטעלט איהם אויף אַלינדען פייער, אום עס זאָל זיך קאָכען

לאַנגזאַם

לַאנְנְזַאם. װֶען עֶס אִיז פֶערְטִיג, גִיבְּט מֶען דִיא וַוארֶענְיֶע אִין אַטִיפְּעס גֶעשִׁירְר, שְׁטֶעלְלְט אִין אַקַאלְטֶען אוֹיבֶען, בִּיז אוֹיף מָארְגֶען, אוּנ דַאן גִיבְּט מֶען זַייא אִין דִיא בַּאנְקֶע.

## EİNGEMACHTE PREİSELBEEREN.

## וַוארֶענְיֶע פוּן בְּרוּסְנִיצֶעס. № 560.

מֶען קָאכְט אוֹיף אַסִירָאפּ פוּן 5 גְלֶאזֶער צוּקֶער, גִיבְּט אַהַאלְבֶּען זָאלָאטְנִיק צִימְרִינְג אוּנ שָׁאלֶעכְטְס פוּן אַהַאלְבֶּען לִימָאן, גִיסְט אַרוֹיף 2 גְלֶאזֶער וַואסֶער אוּנ שְׁטֶעלְלְט צוּ קָאכֶען. דֶער וַוייל שַׁיילְט מֶען אָבּ 3 עֶפֶּעל, צוּ שְׁנַיידְט זַייא אִין פִירֶען אוּנ מֶען נֶעהמְט אַרוֹיס דִיא זוֹימֶען מִיט דִיא שָׁאלֶעכְטְס אַרוּם. וֶוען דֶער סִירָאפּ קָאכְט דֶעם עֶרְסְטֶען מָאל אוֹיף, גִיבְּט מֶען הִינְאַיין דִיא עֶפֶּעל; מֶען לָאזְט נָאךְ אַפָּאר מָאל אוֹיפְקָאכֶען אוּנ דַאן גִיבְּט מֶען הִינְאַיין דִיא בְּרוּסְנִיצֶעס אוּנ מֶען קָאכְט וִויא אַלֶע וַוארֶענְיֶעס.

## EİNGEMACHTE PFİRSICHE. וַוארֶענְיֶע פוּן פֶּערְסִיקֶעס. № 561.

מֶען שַׁיילְט אָבּ 10 מִיטֶעלְגְרוֹיסֶע פֶּערְסִיקֶעס, גִיבְּט זַייא אִין אַשִׁיסֶעל, גִיסְט אַרוֹיף הֵייסֶעס וַואסֶער, דֶעקְט צוּ אוּנ לָאזְט שְׁטֶעהֶען 5—8 מִינוּט. דֶער וַוייל מַאכְט מֶען אַסִירָאפּ פוּן 2 גְלֶאזֶער צוּקֶער אוּנ $1\frac{1}{2}$ גְלֶאזֶער וַואסֶער. וֶוען דֶער סִירָאפּ נֶעהמְט זִיךְ בְּלֶאזֶען, נֶעהמְט מֶען אַרָאבּ דֶעם טַאזִיק פוּן פַייעֶר, גִיבְּט הִינְאַיין בֶּעהִיטְזַאם דִיא פֶּערְסִיקֶעס, גִיסְט אוֹיבֶען אַרוֹיף אַלֶעפֶּעל רָאם אוּנ אַטְהֵיי-לֶעפֶעלֶע צוּטְרִינְזַאפְּט אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט וִויעדֶער קָאכֶען אוֹיף אַלִינְדֶען פַייעֶר, אִינְדֶעם מֶען נֶעהמְט אַרָאבּ אָפְּט דֶעם שׁוֹים אוּנ מֶען גִיט אַטְרֵייסֶעל דֶעם טַאזִיק. וֶוען דֶער סִירָאפּ אִיז גֶענוּג גֶעדִיכְט אוּנ קְלָאר, נֶעהמְט מֶען אַרָאבּ דֶעם טַאזִיק אוּנ מֶען פְּרוּבִּירְט לָאזֶען אָבְּטְרִיפֶען פוּן אַלֶעפֶעלֶע אַפָּאר טְרָאפֶּען: וֶוען דֶער דְרִיטֶער בְּלַייבְּט הֵיינְגֶען, זָא אִיז עֶס פֶערְטִיג. דַאן נֶעהמְט מֶען אַרוֹיס דִיא פֶּערְסִיקֶעס בֶּעהִיטְזַאם אִין אַפַּארְצֶעלַייעֶנֶעס גֶעשִׁירְר, גִיסְט אַרוֹיף דֶעם סִירָאפּ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט אִין אַקַאלְטֶען אוֹיבֶען בִּיז מָארְגֶען. דַאן גִיבְּט מֶען זַייא אִין דִיא בַּאנְקֶעס. אִין 5 טֶעג אַרוּם אוֹיבּ דֶער סִירָאפּ זֶעהט אוֹיס שִׁיטֶערְלֶעךְ, גִיסְט מֶען אִיהם וִוידֶער אִין טַאזִיק אָהן דִיא פֶּערְסִיקֶעס, גִיבְּט צוּ אַהַאלְבֶּע גְלָאז מֶעהלֶעס צוּקֶער, לָאזְט אוֹיפְקָאכֶען 2—3 מָאל, לָאזְט אָבְּקִיהלֶען אוּנ בֶּעגִיסְט דַאמִיט דִיא פֶּערְסִיקֶעס.

אַזוֹא מַאכְט מֶען אוֹיךְ וַוארֶענְיֶע פוּן אַפְּרִיקָאזֶען.

## № 562. אַנְדֶערֶע וַוארֶענְיֶעס פוּן פֶּערְסִיקֶעס אוּנ אַפְּרִיקָאזֶען.

מֶען שְׁטֶעכְט אָן דִיא פְּרִיכְטֶע מִיט אַנָאדֶעל אָדֶער מִיט אַפֶעדֶער, גִיבְּט זַייא אִין קַאלְטֶעס וַואסֶער, זַייא זָאלֶען נִיט שְׁוַוארְץ וֶוערֶען. מֶען קָאכְט אָבּ דֶעם סִירָאפּ פוּן $1\frac{1}{2}$ פוּנְד צוּקֶער אוֹיף אַפוּנְד פְּרִיכְטֶע, גִיבְּט זַייא הִינְאַיין, לָאזְט

אויפקאכען

אויפְקָאכֶען , נָאכְדֶעם אָבְּקִיהלֶען ; גִיבְּט זַייא אִין אַשִׁיסֶעל , בִּיז אויף מָארְגֶען , אוּנ דַאן קָאכְט מֶען זַייא וִויא גֶעוָואהנְלִיךְ .

## EİNGEMACHTE PFLAUMEN. וַוארֶענְיֶע פוּן פְּלוֹימֶען . № 563.

דיא פְּלוֹימֶען מוּסֶען מִיט הַאנְדשׁוּהֶען גֶעפְּפְלִיקְט וֶוערֶען , מִיט אַוַוייסֶען טוּךְ גֶעווִישְׁט , דיא שְׁטִיעלֶע בֶּעשְׁנִיטְטֶען אוּנ מִיט אַהֶעלְצֶער אַשְׁפִּיטְצִיגֶען אָדֶער מִיט אַפֶּעדֶער 4 לֶעכֶער אִין יֶעדֶע אַיינְגֶעשְׁטָאכֶען וֶוערֶען . אויף אַכְט פוּנְד פְּלוֹימֶען גֶעהמְט מֶען 4 פוּנְד צוּקֶער , אַהַאלְבֶּען שְׁטָאף וַוייניֶעסִיג , אַהַאלְב לוֹיט צִימְרִינְג אוּנ אַבִּיסְל נֶעגֶעלֶעךְ . דֶער עֶסִיג וֶוערְט מִיט דֶעם צוּקֶער 3 מָאל אויפְגֶעקָאכְט אוּנ צוּ יֶעדֶען מָאל אָבְגֶעשׁוֹימְט . נָאךְ דֶעם עֶרְסְטֶען אוּנ צְוַוייטֶען מָאל וֶוערְט עֶר קָאכֶענְדִיג אויף דיא פְּלוֹימֶען גֶעגָאסֶען , לָאזְט אִיהם אָבּ קִיהלֶען זַייהט אִיהם אָבּ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלט אִיהם וִויעדֶער צוּם פַּייעֶר . צוּם דְרִיטֶען מָאל אויפְקָאכֶען גִיבְּט מֶען דיא פְּלוֹימֶען אִין דֶעם קָאכֶענְדֶען עֶסִיג אוּנ מֶען קָאכְט זַייא אַזוֹא לַאנְג , בִּיז זַייא וֶוערֶען מִירְבֶּע . דַאן גִיבְּט מֶען זַייא אִין צוּקֶערְגְלֶעזֶער (סְלָאיֶעס) אָהן דֶעם עֶסִיג . דִיזֶער וֶוערְט וַוייטֶער גֶעקָאכְט , גִיבְּט הִינְאַיין גֶעווִירְץ , אויךְ צוּטְרִינְ-שָׁאלֶעכְטְס . עֶר וֶוערְט אַזוֹא לַאנְג גֶעקָאכְט אוּנְטֶער בֶּעשְׁטֶאנְדִיגֶעם מִישֶׁען , בִּיז עֶר וֶוערְט אַסִירָאפּ . דַאן גִיסְט מֶען אִיהם אִיבֶּער דיא פְּלוֹימֶען . אוֹיבּ נָאךְ אֵיינִיגֶע טֶעג וֶוערְט עֶר שִׁיטֶער , זָא גִיסְט מֶען אִיהם אָבּ אוּנ מֶען קָאכְט אִיהם נָאךְ אַמָאל .

## EİNGEMACHTE CİTRONEN MİT APFELSİNEN.
## וַוארֶענְיֶעס פוּן צוּטְרִין מִיט אַפְּפֶעלְסִין . № 564.

בֵּיידֶע פְּרִיכְטֶע צוּ זַאמֶען גִיבֶּען אַלִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק . דיא צוּטְרִינֶען שֵׁיילְט מֶען אוּנ מֶען קָאכְט דיא שָׁאלֶעכְטְס 3 מָאל אָבּ , אוּם דיא בִּיטֶערְקַייט זָאל אַרוֹיס ; מֶען סָאפְּט אָבּ גָאר דיא וַוייסֶע פוּן דיא צוּטְרִינֶען , צוּ שְׁנֵיידְט זַייא אִין פִירֶען אוּנ מֶען גֶעהמְט דיא זוֹימֶען אַרוֹיס . דיא אַפְּפֶעלְסִינֶען שֵׁיילְט מֶען אויךְ , צוּ שְׁנֵיידְט זַייא אִין פִירֶען , גֶעהמְט דיא זוֹימֶען אַרוֹיס , אוּנ דיא שָׁאלֶעכְטְס וַוארְפְט מֶען אַוֶועק . אויף אַפוּנְד פוּן דִיזֶע פְּרִיכְטֶע קוּמְט אַפוּנְד צוּקֶער . דִיזֶער וֶוערְט גֶעקָאכְט וִויא גֶעוָואהנְלִיךְ , מֶען גִיבְּט דַארִין דיא פְּרִיכְטֶע מִיט זַייעֶרֶען , אָבְּגֶערוּנֶעגֶען זַאפְט , אויךְ מִיט דיא אָבְּגֶעקָאכְטֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס . אַז דֶער סִירָאפּ וֶוערְט גֶעדִיכְט , לָאזְט מֶען עֶס אִין גְלֶעזֶער אָבְּקִיהלֶען אוּנ מֶען בִּינְדֶעט זַייא אַרוּם . אוֹיבּ דֶער זַאפְט וֶוערְט נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג שִׁיטֶער , גִיסְט מֶען אִיהם אָבּ אוּנ מֶען קָאכְט אִיהם נָאךְ אַמָאל .

## EİNGEMACHTE PARADİESÄPFEL.
## וַוארֶענְיֶע פוּן אֶתְרוֹגִים . № 565.

דִיזֶע וֶוערֶען 3—4 טָאג גֶעווַייקְט אִין וַואסֶער , אוּנ אַלֶע טָאג מוּז דָאס

וואסער געביטען ווערען. מען צו שניידט זייא אין שייבען פענצען, נעהמט ארוים דאס פאזעריגע (דאס פעדימדיגע) פון אינוויינדיג, זא אז עס בלייבט אין מיטען ארונדעס לאך. מען קאכט זייא אין וואסער, ביז ווייך, אונ דאס וואסער גיסט מען אב. וויא פיל פרוכט אזויא פיל צוקער ווערט געקאכט אונ אבגעשוימט. דאן גיבט מען היניין דיא פענצען פון דיא אתרוגים אונ מען לאזט קאכען, ביז זייא ווערען דורכזיכטיג, ווען דער צוקער איז גענוג דיק, לייגט מען דיא פרוכט בייהען וויים, מיט נעגעלעך אונ גאנצע צימרינג, אין גלאזער; גיסט אויבען דעם צוקער, לאזט אבקיהלען אונ מען בינדעט ארום.

מען קען דא אויך צוטרינען מיט איינמאכען; דאן אבער איז נייטיג מעהר צוקער צו געבען.

## EINGEMACHTE CITRONEN. • וואַרעניע פון צוטרין • № 566.

מען ווייקט דיא צוטרינען נייען טעג, אינדעם מען בייט דאס וואסער אלע טאג. דאן קאכט מען זייא ביז האלב פערטיג. מען נעהמט ארוים דיא צוטרינען איינציג וויים, לייגט זייא צווישען צווייא קיסענס, וואס זיינען בעדעקט מיט סערוויעטקעס, אום דיא שאלעכטס זאל ניט הארט ווערען פונ'ם גיכען אבקיהלען. ווען דיא צוטרינען זיינען אבגעקיהלט, צו שניידט מען זייא אין שטרייפען, נאכדעם אז מען האט דיא זוימען ארוים גענומען. אויף אפונד צוטרין נעהמט מען 1½ פונד צוקער. פון אהעלפט צוקער קאכט מען אב איין ניט אנעדיכטען סיראפ מיט אקליינעם גלאז וואסער, לאזט אבקיהלען אונ בעגיסט דער מיט דיא צו שניטטענע צוטרינען, וואס מען האט געהאלטען אין אשיסעל. אויף מארגען גיסט מען אב דעם סיראפ פון דיא צוטרין, קאכט איהם איבער מיט אהעלפט פון דעם געבליבענען צוקער, אונ ווארמערהייט בעגיסט מען דאמיט וויעדער דיא צוטרין. אפען דריטען טאג גיסט מען וויעדער אב, גיבט צו דאס לעטצטע צוקער אונ מען טהוט ווייטער אזויא. אויב אין אפאר טעג ארום וועט דער סיראפ זיין וואססעריג, זא קאכט מען איהם איבער נאך אמאל ביז געדיכט, אונ מען בעגיסט דער מיט דיא צוטרינען. נאך עטליכע שעה גיבט מען עס אין דיא באנקעס (סלויעס).

## EINGEMACHTE AEPFELSINEN. וואַרעניע פון אפפעלסינען № 567.

מען קאכט דיא אפפעלסינען אין טייכוואססער. ווען עס קאכט אויף אפאר מאל, גיסט מען עס אב; גיסט וויעדער ארויף פרישעס וואסער, ביז עס קאכט ווייטער אויף; נאכדעם גיסט מען דיזעס אויך אב אונ מען גיסט ארויף וויעדער פרישעס וואסער אונ מען קאכט זייא ווייך, ביז מען קען אין זייער שאלעכטס לייכט אריינשטעכען אשטרייא. מען נעהמט ארוים דאן דיא אפפעלסינען, לייגט זייא צווישען צווייא קיסענס, בעדעקטע מיט סערוועטקעס. ווען זייא ווערען אבגעקיהלט, צו שניידט מען זייא אין שייבען (פענצען) אונ דיא זוימען ווארפט מען ארוים. מען וועגט אב דיא אפפעלסינען אונ מען בעגיסט זייא מיט אנעדיכטען

סירופ. אויף אפונד אפפעלסינען נעהמט מען 1 1/2 פונד צוקער. פון אהעלפט דער פון קאכט מען אב אשיטערן סירופ, אונ אב געקיהלטערהייט, בעגיסט מען דאמיט דיא אפפעלסינען; אויף מארגען גיסט מען אב דעם סירופ פון דיא אפפעלסינען אונ מען קאכט איהם איבער מיט נאך אביסל צוקער, קיהלט אב אונ בעגיסט דאמיט דיא אפפעלסינען; אפען דריטטען טאג טהוט מען אויך אזויא, אונ מען קאכט איבער דעם סירופ מיט דאס לעצטע פון דעם צוקער אונ מען בעגיסט דיא אפפעלסינען.

## № 568. ווארעניע פון פאמעראנצען. EINGEMACHTE POMERANZEN.

מען וואשט איבער 4 מיטעלע פאמעראנצען, ווישט זייא אב אונ מען שטעכט יעדע איין מיט אגאפעל אין איינינע ערטער; גיבט זייא אין אקעסעל אקופפערנעם, גיט אגרויסען, גיסט ארויף קאכענדעס וואסער, אז עס זאל זייא בעדעקען מיט אפינגער העכער. ווען עס קאכט אויף, גיסט מען דאס וואסער אב דורך אזיפ, אונ דיא פאמעראנצען בעגיסט מען גלייך מיט קאלטעס וואסער, דעקט זייא צו אונ לאזט שטעהען ביז אויף מארגען.

דאן נעהמט מען זייא ארויס. גיבט זייא אין אמעסענעם טאזיק (בעקען), גיסט ארויף קאכענדעס וואסער אונ שטעלט קאכען אזויא לאנג, ביז אשוועבעל העלצעל וועט זיך לייכט איינשטעכען אין דיא שאלעכטס פון דיא פאמעראנצען. דאן נעהמט מען זייא ארויס, גיסט ארויף קאלטעס וואסער אונ ווישט זייא אויס מיט אסערוועטקע. יעטצט מאכט מען אסירופ. אויף 4 מיטטעל גרויסע פאמעראנצען נעהמט מען 4 גלאזער צוקער אונ גיסט ארויף 4 גלאזער קאלטעס וואסער. ווען דער סירופ איז פערטיג. גיבט מען הינאיין דיא פאמעראנצען אונ מען לאזט קאכען ביז פערטיג, דאס הייסט: ביז עס וועט שוין קיין שוים ניט זיין. דאן גיבט מען דיא פאמעראנצען אין אטיפעם געשיר, גיסט ארויף דעם סירופ אונ מען שטעלט אין אקאלטען ארט ביז מארגען. אויף מארגען גיסט מען אב דעם סירופ פון דיא פאמעראנצען אין טאזיק, לאזט אויפקאכען, גיבט אין דעם הייסען סירופ דיא פאמעראנצען, לאזט זייא אקאך טאן אונ מען לאזט זייא ווייטער ביז מארגען. אפען דריטען טאג טהוט מען ווייטער אזויא: מען גיסט אב דעם סירופ, קאכט איהם אויף אונ אין הייסען גיבט מען אריין ווידער דיא פאמעראנצען; גיסט דאן אריין אלעפעל ראם אונ אטהיילעפעלע צוטרינזאפט, לאזט אפאר מאל אקאך טאן; נעהמט זייא ארויס. גיבט זייא אין אבלי אונ בעגיסט זייא מיט דעם סירופ אונ לאזט שטעהען ביז אויף מארגען. אונ דאן גיבט מען זייא אין דיא באנקעס (סלאיעס).

אזויא קאכט מען צוטרין אויך.

## № 569. ווארעניע פון עפעל. EINGEMACHTE AEPFEL.

מען שיילט אב 5 גרויסע עפעל, מען צו שניידט זייא אין דינע שטיקלעך;

דיא

דיא זוימען אונ דאס הארץ ווארפט מען ארויס. דער ווייטע מאכט מען א סיראפ פון 4 גלאזער צוקער, $1/3$ שטענגעל וואניללע אצוברעקעלטע אונ 2 גלאזער וואסער. ווען דער סיראפ איז פערטיג, גיבט מען הינאיין אפאר גלאזער פון דיא צו שניטטענע עפעל, גיבט צו אלעפעל ראם אונ אטהיילעפעלע צוטרינקאפט, גיט אטרייסעל דעם מאזיק, אום נאר דיא עפעל זאל קומען אין דעם סיראפ. ווען איינינע שטיקלעך עפעל ווערען קלאר, דורכזיכטיג, זא נעהמט מען זייא גלייך ארויס אונ מען ליינט אין אכלי; אזויא טהוט מען מיט דיא איבריגע. נאכדעם גיבט מען דיא איבעריגע צו שניטטענע עפעל אין דעם בעקען, אונ מען טהוט מיט דיזע אזויא וויא מיט יענע. דאן בעגיסט מען נאר דיא עפעל מיט דעם סיראפ, אינדעם מען גיסט איהם דורך אזיפ, אונ מען שטעלט אין אקאלטע קאממער, ביז אויף מארגען, — אונ דאן גיבט מען זייא אין דיא באנקעס.

## EİNGEMACHTE BİRNEN. וואַרעניע פון בארנעס. № 570.

מען נעהמט אפונד הארטע בארנעס (בעסער סאפעזאנקעס), שטעכט זייא אן מיט אנאדעל. מען נעהמט $1\frac{1}{2}$ פונד צוקער אונ מען קאכט פון אהעלפט דער פון אשיטערן סיראפ — צווייא קליינע גלאזער וואסער אויף דיא העלפט צוקער. אין דיזען סיראפ גיבט מען דיא בארנעס, לאזט אפאר מאל אויפקאכען, נעהמט אראב פון פייער אונ לאזט אבקיהלען. דאן גיבט מען זייא אין אסלאי אונ מען שטעלט אין אקאלטען ארט. אין צווייא טעג ארום גיסט מען אב דעם סיראפ קאכט איהם איבער מיט $1/4$ פונד צוקער, גיבט הינאיין דיא בארנעס אונ מען לאזט קאכען לענגער, וויא צום ערסטען מאל; לאזט אב קיהלען אונ גיבט זייא ווידער אין סלאי. מען קאכט אזוי עטליכע מאל איבער, ביז עס געהט אוים נאר דער צוקער.

## HİMBEERSAFT. מאלינעס-זאפט. B. № 571.

מען גיבט אביסיל וואסער אין צייטיגע גוטע מאלינעס, צערייבט זייא אונ מען גיבט זייא אין אזעקעל, אום דער זאפט זאל אבריגען ביסלעך ווייס אין אכלי איבער נאכט. אויף מארגען זייהט מען דעם זאפט דורך איין פלאנעלענעם זעקעל. אויף 4 גלאזער זאפט נעהמט מען אפונט צוקער. מען לאזט אויפקאכען אפאר מאל, אינדעם מען נעהמט אראב דעם שוים גאנץ ריין. דאן זייהט מען איהם הייסערהייט דורך אפלאנעל זעקעל אונ מען גיסט אב אין אשיסעל. אויף מארגען גיסט מען איהם אין בוטלען, פערפראפקעט גוט, בעגיסט מיט טריפוואכס (זיגעללאק) אונ מען שטעלט אין אטרוקענעם ארט.

אזויא קאכט מען קארשענזאפט; נאר ביין אוים דריקען דארף מען קיין וואסער ניט צו גיסען, אונ מען קאכט איהם דעם זעלבען טאג. נאר ווען מען קאכט איהם אויף מארגען אונ דער זאפט איז געווארען פערגליווערט, דארף מען

איהם

איהם פְרִיעֶר אָנְגֶעוואַרְמְטֶען עֶטְוואַס אוֹיפֶען פַייעֶר . אוּנ נָאכְדֶעם דוּרְךְ זֵייהֶען דוּרְךְ דֶעם פְלַאנֶעלְזֶעקֶעל .

### № 572. פָּאזִימְקֶעס-זַאפְט . ERDBEERSAFT.

מֶען שְׁוֵוייגְקְט אִיבֶּער אוֹיף אַזִיב 2 טֶאפְּף אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּענֶע פָּאזִימְקֶעס אוּנ שִׁיט זֵייא אִיבֶּער מִיט אַפוּנְד מֶעהלֶעס צוּקֶער , מֶען לָאזְט אַזוֹי שְׁטֶעהֶען 24 שָׁעָה אִין אַסְלָאי , אוֹיב מֶעגְלִיךְ אַפֶען זוּן , אִין שְׁטוּב . דַאן גִיבְּט מֶען זֵייא אִין אַלַיינְוַואנְטֶענֶעם זֶעקֶעל , וָואס מֶען הֵיינְגְט אוֹיף אִיבֶּער אַשִׁיסֶעל , אוּנ מֶען לָאזְט דֶעם זַאפְט אָבְּרִינֶען , אָהנֶע אִיהם צוּ דְרִיקֶען . אוֹיף 4 גְלֶאזֶער זַאפְט נֶעהמְט מֶען אַפוּנְד מֶעהלֶעס צוּקֶער ; אוּנ אֵיידֶער מֶען שִׁיט אַריין דֶעם צוּקֶער , שְׁטֶעלְט מֶען אַריין אַקִינֶעלֶע אִין דֶעם זַאפְט , מֶען מַאכְט אַצֵייכֶען , וִויא הוֹיךְ עֶס פֶערְנֶעהמְט , אוּם נָאכְדֶעם מִיט דֶעם צוּקֶער זָאל מֶען רָאזֶען קָאכֶען בִּיז דֶעם צֵייכֶען , דָאס הֵייסְט : מֶען דַארְף לָאזֶען אָבְּקָאכֶען אַזוֹיא פִיל , וִויא פִיל עֶס אִיז גֶעוֶועֶן אָן דֶעם צוּקֶער .

### № 573. זַאפְט פוּן קְלוּבְּנִיקֶעס ; GARTEN ERDBEEREN SAFT.

מֶען שִׁיט אַריין אִין אַמֶעסֶענֶעם טַאזִיק צֵייטִיגֶע , אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּענֶע קְלוּבְּנִיקִי , גִיסְט אַרוֹיף וַואסֶער אַזוֹא פִיל , אַז עֶס זָאל בֶּעדֶעקֶען דִיא יַאגֶדֶעס . מֶען לָאזְט עֶס קָאכֶען אוֹיף אַשְׁטַארְקֶען פַייעֶר , בִּיז עֶס וֶועט אַרוֹיס דֶער גַאנְצֶער זַאפְט . דַאן גִיסְט מֶען עֶס אִין אַזֶעקְל , אוּם דֶער זַאפְט זָאל אָנְבְּרֶענֶען . אוֹיף 4 גְלֶאזֶער זַאפְט נֶעהמְט מֶען אַפוּנְד גֶעהַאקְטֶען צוּקֶער , אוּנ מֶען לָאזְט נִיט לַאנְג קָאכֶען . דֶעם שׁוּים נֶעהמְט מֶען אַרָאבּ אִין קָאכֶען . דַאן זֵייהט מֶען דֶעם הֵייסֶען זַאפְט דוּרְךְ אַפְלַאנֶעל-זֶעקֶעל , לָאזְט אָבְּקִיהלֶען אוּנ גִיסְט אִיהם אִיבֶּער אִין טְרוּקֶענֶע בּוּטְלֶען .

אוּם צוּא גֶעבֶּען דֶעם זַאפְט אַשֵׁיינֶעם קָאלִיר , זָא גִיבְּט מֶען הִינְאַיין אַהַייפֶעל גְרִינֶע אַגְרֶעסֶען . דָאס גֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן דִיא יַאגֶדֶעס אִין זֶעקֶעל גֶעבְּרוֹיכְט מֶען צוּ וַוארֶענְיֶעס .

### № 574. קְלוּקְוֶוע זַאפְט . MOOSBEERSAFT.

מֶען צוּ שְׁטוֹיסְט ווינְטֶער 10 פוּנְד פֶערְפְרָארֶענֶע קְלוּקְוֶוע יַאגֶדֶעס , גִיסְט דַארוֹיף אִין אַשִׁיסֶעל וַואסֶער , אַז עֶס זָאל זֵייא בֶּעדֶעקֶען , אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט עֶס אַפֶען פְרָאסְט . דַאן צוּ הַאקְט מֶען עֶס אִין שְׁטִיקְלֶעךְ , גִיבְּט זֵייא אִין אַזֶעקֶעל אוּנ לָאזְט אָבְּרִינֶען דֶעם זַאפְט , וֶועלְכֶער וֶועט אַרוֹיס קוּמֶען זֶעהר רֵיין . דֶעם זַאפְט גִיסְט מֶען אִין טְרוּקֶענֶע בּוּטְלֶען , פֶערְפְרָאפְּקֶעט אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין קֶעלֶער .

### № 575. פַּארֶעצְקֶעס-זַאפְט . IOHANNISBEERSAFT.

מֶען גֶעהמְט צֵייטִיגֶע פַּארֶעצְקֶעס , גִיבְּט צוּ אַבִּיסְל וַואסֶער , צוּ דְרִיקְט אִין אַשִׁיסְל אוּנ לָאזְט דֶעם זַאפְט אָבְּרִינֶען דוּרְךְ אַזֶעקֶעל אִיבֶּער נַאכְט . אוֹיף מָארְגֶען

זאגט

לָאזְט מֶען אִיהם אוֹיפְקָאכֶען, אִינְדֶעם מֶען גֶעהמְט אַרָאבּ דֶעם שׁוּים ; מֶען זֵייהט אִיהם דוּרְךְ אַפְּלַאנֶעל זֶעקֶעל אוּנ מֶען קָאכְט אִיהם מִיט צוּקֶער נִיט פִּיל. אוֹיף 4 גְלֶאזֶער זַאפְט גֶעהט אַפּוּנְד צוּקֶער.

№ 576. אַנְדֶערֶע זַאפְט פוּן מַאלִינֶעס, פָּאזִימְקֶעס אָדֶער וַויינְפֶּערְלֶעךְ.

מֶען רֵייבְּט דוּרְךְ דִיא יַאגְדֶעס דוּרְךְ אַגֶעדִיכְטֶע זִיפּ. אוֹיף אַפּוּנְד זַאפְט גֶעהמְט מֶען $1\frac{1}{2}$ פוּנְד דִין צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע צוּקֶער. דָאס פֶּערְמִישְׁט מֶען צוּ זַאמֶען אִין אַשִׁיסֶעל, אִינְדֶעם מֶען מִישְׁט אִימֶער מִיט אַלֶעפֶעל, אוּם דֶער צוּקֶער זָאל גִיכֶער צוּ גֶעהֶען, אוּנ מֶען לָאזְט שְׁטֶעהֶען 24 שְׁטוּנְדֶען. נָאכְדֶעם גִיסְט מֶען אִיהם אִין בּוּטְלֶען פוּל, פֶּערְקָארְקֶעס מִיט קָארְקֶען, וָואס זַיינֶען אַיינְגֶעטוּנְקְט אִין רָאם, בֶּעגִיסְט מִיט פֶּעךְ אָדֶער זִיגֶעלַאק אוּנ מֶען הַאלְט אִין זַאמְד מִיט דֶעם דֶעק אַרוֹיף.

№ 577. אַגֶעטְרֶאנְק פוּן מַאלִינֶעס. SORLET VON HIMBEEREN.

מֶען גִיבְּט אִין אַטַאז 2 פוּנְד גֶעהַאקְטֶען צוּקֶער. מֶען צֶערְרֵייבְּט דִיא מַאלִינֶעס מִיט דִיא הֶענְד, דְרִיקְט זֵייא דוּרְךְ אַרֵיינֶעם לֵיינְוַואנְד, אַז עֶס זָאל אוֹיף דִיא 2 פוּנְד צוּקֶער אַרוֹיס קוּמֶען אַגְרוֹיסֶעס גְלָאז גֶעדִיכְטֶער זַאפְט, אָדֶער $1\frac{1}{2}$ גְלֶאזֶער קְלֵיינֶע. מֶען גִיסְט דֶעם זַאפְט אוֹיף דִיא צוּקֶער אוּנ מֶען מִישְׁט נָאךְ אַנַאנְד אוֹיף דֶער פְּלִיטֶע אִין אַמֶעסִינְגֶער הִיטְצֶע, בִּיז דֶער צוּקֶער צוּ גֶעהְט, אָבֶער מֶען לָאזְט עֶס נִיט אוֹיפְקָאכֶען. וֶוען דֶער צוּקֶער אִיז צוּ גַאנְגֶען, מַאכְט מֶען שְׁטַארְקֶער דֶעם פַייעֶר אוּנ מֶען קָאכְט עֶס גוּט. דַאן פְּרוּבִּירְט מֶען עֶס אִין קַאלְטֶעם-וַואסֶער מִיט אַייז: אוֹיבּ דֶער זַאפְט וֶוערְט פֶּערְגְלִיוֶוערְט אוּנ קְלֶעפְּט אָן פִינְגֶער, דַאן גֶעהמְט מֶען אַרָאבּ דֶעם טַאז, אוּנ מֶען מִישְׁט נָאךְ אִימֶער צוּ אֵיין זֵייט לַאנְגְזַאם מִיט אַנֵייעֶן הֶעלְצֶערְנֶעם לֶעפֶעל, אִינְדֶעם מֶען נֶעהמְט אַרָאבּ דֶעם שׁוּים. — אַז דֶער זַאפְּט וֶוערְט גֶעדִיכְט אוּנ רֵיין, גִיסְט מֶען אִיהם אִין אַלֵייטֶענֶעט סְלָאי אוּנ וַוארְמֶערְהֵייט דֶעקְט מֶען אִיהם צוּ מִיט אַלֵיינְוַואנְד.

№ 578. קַארְשֶׁען אִין בְּרַאנְפֶּען. KIRSCHEN IN BRANTWEIN

$1\frac{1}{2}$ גְלֶאזֶער פְּרִישׁ אוֹיסְגֶעפְּרֶעסְטֶער מַאלִינֶעס זַאפְט וֶוערְט פֶּערְמִישְׁט מִיט $2\frac{1}{3}$ גְלֶאזֶער בְּרַאנְפֶּען, דֶער צוּ גִיבְּט מֶען $\frac{3}{8}$ פוּנְד צוּקֶער, וָועלְכֶער וֶוערְט דָא צוּ גַאנְגֶען; דָאס גִיסְט מֶען אִין אַסְלָאי. דַאן גִיבְּט מֶען דְרִינֶען שְׁוַוארְצֶע זַאפְטִיגֶע קַארְשֶׁען אַזוֹא פִּיל, אַז דֶער בְּרַאנְפֶען זָאל זֵייא בֶּעדֶעקֶען מִיט צְוֵוייא פִינְגֶער הֶעכֶער; דֶער סְלָאי וֶוערְט פֶערְבּוּנְדֶען אוּנ אִין אַקִיהֶלֶען אָרְט גֶעשְׁטֶעלְט.

# פוּנְפְצֶענְטֶער אַבְּשְׁנִיטְט.

## פֶּערְשִׁידֶענֶעס אַיינְצוּמַאכֶען אוּנ אוֹיפְצוּ בֶּעוָואהְרֶען.

№ 579. גֶעזַייעֶרְטֶע אוּגֶערְקֶעס. SALZGURKEN.

מֶען גְרֵייט אָן אַגְרוֹיסֶען סְלָאי אָדֶער אַקַאדֶעצְקֶע (אַפֶּאסְכֶען), אִין וֶועלְכֶע

עס

עס זאל אַריין 100 אוגערקעס מיטעלגרויסע. מען וואשט איבער דיא אוגערקעס אונ מען לייגט זייא ביַיהען ווייס מיט דיזע קרייטער: אוקראפ (דילל), עסטראגאן, באַזיליקא (ווירבעל באַרשטע), מאַיאַראַן אונ דיא בלעטער פון שוואַרצע ווייַנפערלעך. (ווען עס פעהלט מאַנכע פון דיא, קען אויך זיין גוט. אויף הונדערט שטיק אוגערקעס דאַרף מען האבען פון דיא אַלע קרייטער אין איינעם אַפּונד, וואַסער 8—9 בוטלען, זאַלץ גראַבע אַפּונד. מען צו שניידט אַלע קרייטער, מישט דורך, גיבט זייא אַפען דעק פון דעם פעסעל אונ מען לייגט אויבען אַרייהע אוגערקעס; נאַכדעם וויעדער דיא קרייטער אונ אויבען ווייטער דיא אוגערקעס. אַזוֹא לייגט מען רייהענווייז, ביז דיא כלי ווערט פול. יעצט מאַכט מען דעם ראָסעל (ראַזסאל, זאַלצזאַלע). מען גיבט אין איין אַנדער כלי 8—9 בוטלען וואַסער, שיט אַריין אַפּונד גראַבע זאַלץ, מישט גוט דורך, אַז דאַס זאַלץ זאָל צו געהען. דאַס גיסט מען אַרויף אויף דיא אוגערקעס, לייגט אויבען אַרונדעס ברעטל אונ דאַרויף אַשטיין אַשווערען, אַז דער ראָסעל זאָל אַרויף קומען איבערן ברעטל. 24 שעה האלט מען עס אין שטוב אונ נאָכדעם טראָגט מען עס אַרויס אין אַקאַלטען אָרט.

### № 580. געזייערטע אוגערקעס אויף אַלאַנגע צייט. DAUER-GURKEN.

דיא אוגערקעס ווערען געלעגט אין ברונענוואַסער אויף 24 שעה; נאָכדעם לייגט מען זייא אין אַפעסל (בעסער איז דער צו אַוויין פּעסעל) ביַיהענווייס מיט אוקראָפּ (דילל) אונ ווייַנבלעטער אונ מען גיסט אויבען אַרויף אַיין אָבגעקאָכטעס זאַלצוואַסער הייסערהייט. ווען דיזעס זאַלצוואַסער ווערט אָבגעקיהלט, גיסט מען עס אָב, קאָכט עס אויף נאָך אַמאָל אונ ווייטער הייסערהייט דאַרויף געגאָסען; אַזוֹא טהוט מען אַדריטען מאָל, אונ ווען עס איז אָב געקיהלט, ווערט דאַס פאַס צו־געשפּונטעוועט אונ עס קען האַלטען עטליכע יאָהר.

### ANDERE DAUER-GURKEN.

### № 581. איינע אַנדערע אַרט געזייערטע אוגערקעס אויף אַלאַנגע צייט.

דער צו איז אַם בעסטען ווייַנפערלעך; ווען דיא אוגערקעס שמאַק האַפטער זיין. אויב מען געברויכט אַלטע פאַסער, זאָ מוז מען זייא אויס בריהען מיט קאָכענדעם וואַסער.

דיא פּראָפּאָרציאָן פון דעם ראָסעל (ראַזסאל, זאַלצזאַלע) איז אַזוֹא: אויף אַציבער וואַסער פון 70 בוטלען געברויכט מען 9 פונד זאַלץ; אויף 50 בוטלען — 5 פונד; אויף 10 בוטלען — איין פונד זאַלץ.

אויף 1000 אוגערקעס געברויכט מען: זאַלץ 5 פונד, מאַיאַראַן 1 בינדל, עסטראַגאָן 1 בינדל, אוקראָפּ (דילל) מיט דיא זוימען 1 בינדל, בלעטער פון צאַרנע סמאָראָדינע 3 פונד, הריין 2 וואורצלען, קנאָבעל (ווער עס ליבט) 3 קאַפּלעך, באַזיליקא (ווירבעל באַרשטע) 1 בינדעל. — אַלע דיזע קרייטער צו שניידט מען

אונ

און מען מישט דורך. מען לייגט דער פון אַרייהע (אַפּאַך) אפען דעק פון דעם פאס, אויבען קומט אַרייהע אוגערקעס; אַזוא לייגט מען רייהענוויים ביז צו ענדע. דיא שטיקלעך חריין און דיא קנאבעל צו שניטענע גיבט מען ערטער וויים.: דער לעצטער פאך (רייהע) דארף זיך ענדיגען מיט דיא קרייטער. דאן פערשלאגט מען דיא טון פעסט ביידע דעקען פון אויבען און פון אונטען און מען שלאגט אַרויף רייפען. יעצט מאכט מען דעם ראָזאָל, וויא געזאגט: מען פיהרט פאנאנדער 5 פונד זאלץ גראבע אין 50 בוטלען וואסער, ביז דאס זאלץ זאל צו געהען. יעצט בויערט מען אויס אַלאך אין דעם דעק פון דער טון און מען גיסט אַריין דעם ראָזאָל דורך אַלייקע ביז פול ניט אַנדערס. מען פערשטאפט גוט דאס לאך און מען שטעלט עס אין אייז ביז ווינטער.

## ESSIG-GURKEN. אוגערקעס אויף עסיג. № 582.

מיטעלע אוגערקעס ווערען געווייקט 24 שטונדען און אָב געוואשען. דאן מאכט מען אַשטאַרקעס זאלצוואסער, גיסט עס דארויף און מען לאזט אַזוא שטעהען אַוואך צייט. יעצט ווערד דער ראסעל אָנגעגאסען און מען לייגט דיא אוגערקעס אין אַליימענע אָדער גלאזערנע כלי רייהענוויים מיט גרינע טרוקענע לארבערבלעטער, אוקראפ (דילל) און ענגלישען געווירץ. מען גיסט אַרויף גוטען געקאכטען עסיג קאלטערהייט און מען לייגט אויף דיא אוגערקעס אַרונדעם דעקעל מיט אַשטיין דארויף.

## SAUERKOHL. זויערקרויט. № 583.

דאס פאס, אָדער טון, צו קרויט מוז מען פריער אויס בריהען מיט קאכענדעם וואסער, אויס וואשען און איבער הויפט אַכטונג געבען, עס זאל ניט רינען; דען ווען דער קרויט זאפט זאל אויסרינען, ווערט דאס קרויט ביטער און אין גאנצען פערדארבען.

דאס קרויט, וואס מען האקט, מוז זיין ריין. מען רייסט אַרום דיא אויבערסטע שלעכטע בלאטער פון יעדעם קעפעל, און דיא געלב געווארענע שפיצען פון דיא בלאטער שניידט מען אָב. יעדעם קעפעל קרויט צו שניידט אויף העלפט אָדער אין פירען, שניידט אַרויס דאס הארץ (מארך, קאצאן) און מען נעהמט האקען דאס קרויט מיט אַסעצקע (קאהלהאקעל) האקמעסער. דאס צו האקטע קרויט איבער-שיטעט מען מיט זאלץ און מען גיבט אין דיא קאדקע, אין וועלכער מען האלט דאס קרויט איבער ווינטער, אויף אַיין עמער קרויט געברויכט מען 3 לעפעל זאלץ גראבע. מען שיט דאס זאלץ ניט אויף אַמאל, נאר ביסלעך וויים, און מען מישט דורך מיט אַלאפעטקע אָדער מיט אַשטעקען. דאס קרויט מוז מען איינקלאפען מיט אַדיקען האלץ (טאלקאץ).

ווען דיא קאדקע, אָדער טון, איז פול און איינגעקלאפט, לייגט מען אויבען אַרונדעם ברעטל און דארויף ווידער אַשווערען שטיין, אום עס זאל געבען זיין

זאפט

זַאפְט. אוֹיף מָארְגֶען וֶוען דָאס קְרוֹיט הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט, זָא דֶער לֵייגְט מֶען נָאךְ קְרוֹיט, אוּם דִיא קַאדְקֶע זָאל זַיין פוּל. דַאן לֵייגְט מֶען אוֹיבֶען אַבַיינֶע שְׁטִיק לֵיינְוַאנְד, דַארוֹיף דָאס בְּרֶעטְל מִיט דֶעם שְׁטֵיין אוּנ עֶרְסְט אוֹיבֶען אַרָאנְזֶע.

מֶען דַארְף זֶעהֶען, אַז נָאר דָאס קְרוֹיט זָאל גֶעמַאכְט וֶוערֶען אוֹיף אַמָאל, אוּם עֶס זָאל זִיךְ אַיינְזַייעֶרְן אוֹיף אַמָאל; אַז נִיט, קְרִיגְט עֶס אַשְׁלֶעכְטֶען גֶעשְׁמַאק.

מֶען מוּז אַכְטוּנְג גֶעבֶען, צוּ הָאט דָאס קְרוֹיט גֶענוּג זַאפְט; אַז נִיט, מוּז מֶען אַרוֹיף לֵייגֶען נָאךְ שְׁוֶוערֶע שְׁטֵיינֶער, אוּם עֶס זָאל זִיךְ מֶעהְר אַיינְפְּרֶעסֶען.

אוֹיבּ דָאס קְרוֹיט אִיז גֶעוָוארֶען בִּיטֶערְלֶעךְ, זָא מוּז מֶען גְלַייךְ אַרַיין שְׁטֶעקֶען אִין מִיטֶען אַדִיקֶען בֶּערָאזֶעוֶוען שְׁטַאנְג, וֶועלְכֶער זָאל רֵייכֶען בִּיז דֶעם דֶעק פוּן דֶער קַאדְקֶע, זָא וֶועט עֶס אִין אַפָּאר טֶעג וֶוערֶען בֶּעסֶער אוּנ בֶּעקוּמֶען זַיין פָארִיגֶען גֶעשְׁמַאק. דָאס קְרוֹיט מוּז מֶען הַאלְטֶען אִין אַקַאלְטֶען קֶעלֶער.

## SCHNITTKOHL (ШИНКОВАННАЯ КАПУСТА).

### № 584. גֶעשֶׁעטְקֶעוֶועטֶע קְרוֹיט.

דַאצוּ קְלַייבְּט מֶען אוֹיס דִיא בֶּעסְטֶע קֶעפְּלֶעךְ קְרוֹיט וַוייסֶע אוּנ שְׁטַארְקֶע; דִיא קַאצַאנֶעס שְׁנַיידְט מֶען אַרוֹיס, אוֹיךְ דֶער מִיטֶען פוּן דִיא בְּלֶעטֶער, וָואס אִיז צוּ דִיק, וֶוערְט אַרוֹיס גֶעשְׁנִיטֶען. דָאס קְרוֹיט בְּרֶעקֶעלְט מֶען דִין וִויא לָאקְשֶׁען, אָדֶער מֶען שְׁנַיידְט מִיט אַקְרוֹיט הוֹבֶעל. מֶען זַאלְצְט עֶס, וִויא דָאס גֶעהַאקְטֶע קְרוֹיט, אוּנ אַלֶעס אִיבְּרִיגֶע אִיז, וִויא אִין פָארִיגֶען נוּמֶער.

אִין גֶעשֶׁעטֶקֶעוֶועטֶע קְרוֹיט גִיבְּט מֶען צוּ שְׁנִיטֶענֶע עֶפֶּעל, בְּרוּסְנִיצֶעס אָדֶער מֶעהְרֶען, מֶען שִׁיט אִיבֶּער מִיט אַנִיס אָדֶער קִימֶעל. דָאס קֶען זַיין גוּט נָאר אוֹיף אַקוּרְצֶע צַייט; אָבֶּער וֶוער עֶס וִויל הַאלְטֶען דָאס קְרוֹיט אוֹיף אַלַאנְגֶע צַייט, קֶען דוּרְךְ דִיזֶע גֶעוִוירְצֶען דָאס קְרוֹיט קַאלְיֶע וֶוערֶען.

מֶען דַארְף דָא אוֹיךְ אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, צוּ אִיז דָא גֶענוּג זַאפְט, צוּ רִינְט נִיט דִיא קַאדְקֶע, דָאס דֶעקֶעל אוּנ דִיא לַיינְוַואנְד זָאל זַיין רֵיין אוּנ נִיט וֶוערֶען סְלִיזִיסְטֶע.

אִיבֶּער הוֹיפְּט מוּז מֶען אִין גֶעזַייעֶרְטֶען קְרוֹיט מַאכֶען מִיט אַשְׁטֶעקֶען לֶעכֶער בִּיז דֶעק; דֶער פוּן גֶעהְט אַרוֹיס דֶער אוּנְאַנְגֶענֶעהְמֶער גֶערוּךְ. דָאס מַאכְט מֶען עֶטְלִיכֶע טֶעג נָאךְ אַנַאנְד.

## SAUERE ROTHE RÜBEN. גֶעזַייעֶרְטֶע בּוּרִיקֶעס. № 585.

מֶען שְׁמִירְט אוֹיס דִיא קַאדְקֶע צוּ דִיא בּוּרִיקֶעס אִינְוֶוענִיג אוּנ דֶעם דֶעק מִיט רָאשְׁצִינֶע פוּן קָארֶענֶע מֶעהל. דִיא בּוּרִיקֶעס שָׁאבְּט מֶען אָבּ אוּנ מֶען לֵייגְט זֵייא אִין קַאדְקֶע בֵּייהֶעְנְטַייס; דִיא גְרוֹיסֶע צוּשְׁנַיידְט מֶען אוֹיף הֶעלְפְט אוּנ דִיא קְלֵיינֶע לֵייגְט מֶען גַאנְצֶערְהֵייט. אַדְרִיטֶעל וַואסֶער, וִויל פִּיל מֶען דַארְף דָא הָאבֶען, קָאכְט מֶען אוֹיף מִיט עֶטְלִיכֶע בּוּרִיקֶעס צוּשְׁנִיטֶענֶע (אוֹיף אַיין עֶמֶער וַואסֶער 10—15 בּוּרִיקֶעס); מֶען לָאזְט אוֹיפְקָאכֶען גוּט דְרַייא מָאל, לָאזְט אָבְּקִיהלֶען, פֶערְמִישְׁט מִיט 2/3 רוֹיעֶס וַואסֶער אוּנ מֶען גִיסְט דָאס אַרוֹיף אוֹיף נָאר דִיא בּוּרִיקֶעס

אִין

אין קאדקע ; לייגט אויבען אברעטל מיט אשטיין און מען שטעלט אין קעלער.

אז מען נעהמט פון דיזעם בוריקעס ראסעל, דארף מען אזוא פיל דערגיסען מיט אנדערע וואסער רויע.

דיזע מאכט מען נאר ביז מיטען ווינטער, און נאכדעם טויג שוין ניט ; דיא בוריקעס ווערען פארוואסטעלט און האבען קיין געשמאק.

אנמערקונג. פסחדיגע בוריקעס זעה אין 625 №

## EİNGEMACHTE ROTHE RÜBEN. איינגעמאכטע בוריקעס. № 586.

מען קאכט אב דיא בוריקעס. נעהמט זייא ארויס און מען צו שניידט זייא אין דינע פענעצען. מען לייגט זייא אין אלייטענעם טאפף רייהעניוויים : פריער אין קליינע שטיקלעך געשניטענעם חריין בעשטרייט מיט קימעל, נאכדעם דיא בוריקעס דארויף ווייטער חריין מיט קימעל, און זא ווייטער, ביז צו ענדע. מען גיסט אריבער ביערעסיג, אז עס זאל בעדעקען דיא בוריקעס ; מען דעקט צו און דאס האלט לאנג.

## EİNGENACHTER SAUERAMPFER UND SPİNAT.
## איינגעמאכטע שצאוועל און שפינאט. № 587.

מען נעהמט יונגע שצאוועל אדער שפינאט, שניידט אב דיא שטעקלעך און מען לייגט זייא רייהענוויים, אינדעם מען שיט זייא איבער ביסלעך ווייס מיט גראבען זאלץ. אויף איין עמער שצאוועל איז גענוג אלעפעל זאלץ. אז דיא כלי ווערט פול, לייגט מען אויבען ארונדע ברעטל מיט אשווערען שטיין און מען שטעלט אין אקאלטען ארט. אויף מארגען דער לייגט מען ביז פול, איבערשיטענדיג ביסלעך ווייס זאלץ צווישען דיא רייהען שצאוועל. יעצט אויבען לייגט מען דיא ברעטל מיט'ן שווערען שטיין, — און מען דארף אכטונג געבען, עס זאל זיין גענוג זאפט.

## EINGEMACHTE PILZE (РЫЖИКИ , БОРОВИКИ).
## איינגעזאלצענע שוואמלעך. № 588.

מען ריינגט ארום דיא שוואמלעך, בריהט זייא אב און מען ווארפט זייא אב אויף אזיפ. ווען זייא ווערען אב געטריקנט, לייגט מען זייא אין אפאסל, וויא זייא וואכסען, דאס הייסט : מיט דיא קאפלעך ארויף ; יעדע רייהע שיט מען איבער מיט זאלץ און מען גיבט צו אביסל פראסטע און ענגלישע פעפער, לארבערבלאטטער און קליינע צוויבעלן גאנצע. ווען דאס פאסעל איז פול, דעקט מען צו מיט אשטיקל ליינוואנד, אויבען גיבט מען אברעטל מיט אשווערען שטיין. און איינגע וואכען ארום דארף מען אבוואשען דעם דעקל און אויס וואשען דאס שטיקל ליינוואנד און ווייטער אוועק לייגען אויף דיא שוואמלעך.

## EINGEMACHTE CHAMPIGNONS.

## № 589. איינע אנדערע ארט שוואממלעך איינגעזאלצען.

דיא שטיקלכען פון דיא שוואממלעך (שאמפיניאן) ווערען אבגעהאקט. דיזע ווערען איינגעריבען מיט דינעם זאלץ אונ אבגעוואשען מיט צוטרינזאפט. נאכדעם ווערען זייא איין מאל אויפגעקאכט מיט זאלץ, עסיג אונ צוטרינזאפט; לאזט זייא אבקיהלען, זייהט זייא אב אונ מען לייגט זייא אין אסלאי. מען קאכט אויף דיא שוואמלעך. נאך איינינע טעג גיסט מען דעם עסיג אב, קאכט איהם אויף אונ מען גיסט איהם ווידער אויף דיא שוואמלעך הייסערהייט. ווען זייא ווערען אבגעקיהלט, בעדעקט מען זייא מיט אפענבער אונ מען פערבינדעט.

## EINGEMACHTE GRUNE ERBSEN. № 590. איינגעמאכטע ארבעס.

מען האלט דיא ארבעס אהאלבע שטונדע אין זאלצוואסער; נאכדעם טריקנט מען זייא אב אין אריינעם טוך אונ מען גיבט זייא אין סלאיעס, אבער ניט ביז דעם ראנד. פריער קאכט מען אויף אונגעפאהר אויף 3 קווארט ארבעס אהאלב פונד צוקער מיט מעהר וויא אהאלבע שטאף וואסער. אז עס זאל אין גאנצען בעדעקען. דאן ווערען דיא סלאיעס פערבונדען אונ געשטעללט אין אהייסען אויבען אויף איינינעמינוטען צו קאכען, אונ מען שטעללט אין אקאלטען ארט.

## EINGEMACHTE SCHOTEN. № 591. איינגעמאכטע שטרוצעס.

מען נעהמט ארויס דיא ארבעס, צו דיא בעבלעך, פון דיא שטרוצעס, מישט דורך מיט זאלץ, פיללט זייא אין פלאשען אונ מען קלאפט דיזע איין, אפען האנד אדער אויף אקיסען, אום זייא זאללען זיך איין זעטצען. מען פערבינדט זייא גוט אונ מען שטעללט זייא אין אקעסל מיט וואסער, יעדע פלאשע ארום געוויקעלט מיט הייא, אום זייא זאלען זיך ניט אנשטויסען אן איינאנדער. דעם קעסל שטעללט מען אפען פייער; דאס וואסער אין קעסעל מוז גרייבען ביז דיא העלפט פון דיא בוטלען. ווען דאס וואסער נעהמט קאכען אונ דיא פלאשען הייבען זיך אן צו קלאפען, נעהמט מען דעם קעסעל אראב אונ מען לאזט דיא פלאשען דרינען שטעהען, ביז זייא ווערען האלט. יעטצט פערפראפט מען דיא פלאשען, בינדט ארויף שטיקלעך פענבער אונ מען פערפעכט זייא. ווען מען דארף זייא ברויכען, ווייקט מען זייא איין מיט אנאכט פריער.

## MARINIRTER PILZ. № 592. מארינירטע שוואמלעך.

מען וואשט איבער אין דרייא וואסערן דיא אבגערייניגטע קעפלעך פון 50 ווייסע שוואמלעך; דיא גרויסע צושניידט מען אויף העלפט צו אין פירען, דיא קליינע לאזט מען אין גאנצען, אונ מען גיבט זייא אין אקאסטרולע אשטיינענע. גיבט צו 8 קעפלעך נעגעלעך, 16 לארבערבלאטער, 16 שטיק רוסישען פעפער,

צווייא

2 טְהֵיילֶעפֶעלֶעךְ דִינֶע זַאלְץ אוּנ 2 גְרוֹיסֶע לֶעפֶעל צוּקֶער אָדֶער הָאנִיג. מֶען גִיסְט אַרוֹיף 6 גְלֶאזֶער עֶסִיג אוּנ 3 גְלֶאזֶער וַואסֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט צוּ קָאכֶען אַ שָׁעָה צַייט, אִין דֶעם מֶען נֶעהמְט דֶעם שׁוּם אִימְמֶער אַרָאבּ. דַאן נֶעהמְט מֶען דִיא שְׁוָואמְלֶעךְ בֶּעהִיטְזַאם אַרוֹיס מִיט אַזְייה לֶעפֶעל, לֵייגְט זַייא אִין אַטִיפֶע כְּלִי זִיךְ אָבְּקִיהלֶען, גִיסְט אוֹיבֶּען אַרוֹיף הֵייסֶערְהֵייט דִיא אֵייגֶענֶע סוֹים, אִין וֶועלְכֶער זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעקָאכְט, אוּנ מֶען לָאזְט אַזוֹא שְׁטֶעהֶען אִין אַקַאלְטֶען אָרְט 6 שָׁעָה. דַאן עֶרְסְט לֵייגְט מֶען זַייא אִין סְלָאיֶעס, בֶּעגִיסְט זַייא מִיט זֵייעֶר סוֹים, אוֹיס-גֶעצְוייהֶטֶע אָהנֶע דִיא גֶעוִוירְצֶען. אוֹיבֶּען גִיסְט מֶען עֶרְסְט אַרוֹיף פְּרַאוַואנְס בּוֹימְאֵייל אָדֶער וַוארְמֶע פּוּטֶער צוּ לָאזֶענֶע, לֵייגְט דַארוֹיף אַרוּנְדֶע בְּרֶעטְל, בִּינְדְט אַרוּם פֶּעסְט מִיט אַפֶּענְבֶּער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט אִין אַקַאלְטֶען אָרְט.

## № 593. אַנְדֶערֶע מַארִינִירְטֶע שְׁוָואמְלֶעךְ.

אַלְלֶע סָארְטֶען שְׁוָואמְלֶעךְ מַארִינִירְט מֶען אוֹיף דִיזֶע אַרְט: מֶען קְלֵייבְּט אוֹיס, רֵיינִיגְט אַרוּם פְּרִישֶׁע שְׁוָואמְלֶעךְ, וַואשְׁט זַייא אִיבֶּער אִין 2—3 וַואסֶערְן קַאלְטֶע, שְׁנֵיידְט אָבּ דִיא שְׁטִילְכְלֶעךְ (וָוארְצֶלֶען), גִיבְּט זַייא אִין קָאכֶענְדֶעם זַאלְצְוַואסֶער אוּנ מֶען גִיבְּט צוּ אַגְלָאז עֶסִיג. וֶוען זַייא הָאבֶּען 4 מָאל אוֹיפְגֶעקָאכְט, גֶעהמְט מֶען זַייא אַרָאבּ פוּן פַייעֶר, גִיבְּט זַייא אוֹיף אַזִיפּ, לָאזְט דָאס וַואסֶער אָבְּרִינֶען אוּנ מֶען לָאזְט זַייא אָבְּקִיהלֶען. דַאן גִיבְּט מֶען זַייא אִין בַּאנְקֶעס (סְלָאיעֶס) אוּנ מֶען גִיסְט אַרוֹיף דִיא אָנְגֶעגְרֵייטֶע עֶסִיג-סוֹים (וְויא וַוייטֶער וֶועט שְׁטֶעהן) קַאלְטֶערְהֵייט; גִיבְּט אוֹיבֶּען עֶטְלִיכֶע צְוַויינְלֶעךְ פוּן עֶסְטְרַאגֶען, לַאוַואנְדֶע אוּנ מַאיָארַאן, גִיסְט אוֹיבֶּען אַרוֹיף פְּרַאוַואנְס בּוֹימְאֵייל אַפִינְגֶער דִיק, בִּינְדֶעט פְרִיעֶר אַרוּם מִיט פַּאפִּיר, אוֹיבֶּען לֵייגְט מֶען אַהֶאלְצֶענֶע בְּרֶעטְל אוּנ דַארוֹיף עֶרְסְט צִיהט מֶען אָן אַפֵייכְטֶען פֶּענְבֶּער; לָאזְט אָבְּטְרִיקֶענֶען אוּנ מֶען טְרָאגְט אַרוֹיס אִין אַקַאלְטֶען אָרְט נָאר אַטְרוּקֶענֶעם.

## № 594. סוֹים צוּ אַלְלֶע מַארִינַאטֶען. MARINADE-SAUCE.

אוֹיף יֶעדֶע בַּאנְקֶע (סְלָאי), אִין וֶועלְכֶע מֶען ווִיל הַאלְטֶען דִיא מַארִינַאט, דַארְף מֶען הָאבֶּען אַהֶעלְפְט דֶער פוּן עֶסִיג סוֹים; דֶען דִיא שְׁוָועמְלֶעךְ פַארְגֶעהמְט דָאךְ אַיין אָרְט, אוֹיף יֶעדֶעם גְלָאז עֶסִיג דַארְף מֶען הָאבֶּען 2 לָארְבֶּערְבְּלֶאטְטֶער, 3 קֶערְנֶער רוּסִישֶׁען פֶּעפֶּער, 2 שְׁטִיק נֶעגֶעלֶעךְ, 1 שְׁטִיק קַארְדִימָאן אָבְּגֶעשֵׁיילְטֶע אוּנ אַיין עֶטְוָואס זַאלְץ. מֶען גִיסְט אַריין אִין אַקַאסְטְרוֹלֶע (אַשְׁטֵיינֶענֶע) דֶעם עֶסִיג, גִיבְּט הִינַאיין דִיא אָנְגֶעצוֹינֶענֶע סְפֶּעצִיעֶס (בְּשָׂמִים) אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלְט קָאכֶען אוֹיף דִיא פְּלִיטֶע. וֶוען עֶס קָאכְט אַיין מָאל גוּט אוֹיף, נֶעהמְט מֶען אַרָאבּ דִיא קַאסְטְרוֹלֶע פוּן פַייעֶר, לָאזְט אָבְּקִיהלֶען,—אוּנ דִיא אָבְּגֶעקִיהלְטֶע בֶּעגִיסְט מֶען אוֹיף דִיא שְׁוָואמְלֶעךְ אִין דִיא בַּאנְקֶעס.

## MARINIRTE PICKLES מאַרינירטע פּיקל. № 595.

מען נעהמט בלומענקרויט, יונגע טערקישע בעבלעך, קליינע אוגערקעלעך (וועלכע הייסען קארנושאן), אליווקעס. מעהרען, קליינע צוויבעלן (וועלכע הייסען שארלאט), עטליכע קארשען, דיא רונדע (קארע) פון איין ארבוז, קליינע עפּעלעך, שפּאַרזא, גרינע פלוימען, דיא שטרוצעס פון צוקערארבעס אונ דיא זוימען פון נאַסטורציע. דאס ריינינט מען אלץ גוט אויס. מען קאכט אויף 2 בוטלען עסיג, אונ ווען עס האלט אין קאכען, גיבט מען הינאיין דיא אללע אנגעגרייטע געמיזען; ווען דיזע געהמען קאכען, גיבט מען דאס אלץ אין אטיפּע פּאַיאנס געשירר אונ מען לאזט שטעהען ביז אויף מארגען. דאן גיסט מען דעם עסיג ווידער אין אקאסטרולע אשטיינענע; ווען עס איז ווענינ, גיבט מען צו נאך עסיג, אום גאר דיא געמיזע זאל קענען זיין בעדעקט; מען קאכט ווידער אויף דעם עסיג אליין, אונ ווען עס האלט אין קאכען, גיבט מען הינאיין דיא אללע אויסגעקאכטע געמיזען; ווען דיזע נעהמען קאכען, גיסט מען דאס איבער אין אטיפּע כלי ביז דעם אנדער טאג, אונ מען שטעללט אין אקאלטען ארט. אויף דעם דריטען טאג טהוט מען אויך אזויא. ווען נאך דעם דריטען מאל איז אללעס גוט אבגעקיהלט, גיבט מען זייא אין סלאיעס, לייגט איין שאטע (שטרוצע) פּעפּער אונ מען גיסט ארויף ניט דיא זעלבע עסיג-סוים, אין וועלכער דאס האט זיך געקאכט, נאר דיא עסיג סוים, וועלכע ווערט געמאכט פאר אללע מארינאט.

אויבען גיסט מען ארויף פּראוואנס בוימאייל אדער וואַרמע צו לאזענע פּוטטער; לאזט גוט אבקיהלען, לייגט אויבען ארונדע ברעטל, בינדט ארום מיט פּאַפּיר אונ דארויף מיט אפּייכטען פּענבער; לאזט אב טריקנען אונ מען טראגט ארויס אויף אקאלטען ארט.

## MARINIRTE GURKEN. מאַרינירטע קליינע אוגערקעלעך. № 596.

מען קלייבט אויס קליינע אוגערקעלעך, וועלכע הייסען קארנישאן, שטארקע אהנע פלעקען; וואשט זייא איבער אונ מען ווישט זייא איבער מיט אריינעם טוך. דאס איבריגע מאכט מען, וויא דיא מארינירטע פּיקעל.

## MARINIRTE ZWIEBELN. מאַרינירטע צוויבעלן (שארלאט). № 597

מען קאכט אויף וואסער, אונ ווען עס האלט אין שטארקען קאכען, גיבט מען הינאיין קליינע צוויבעלן, וועלכע הייסען שארלאט. מען לאזט זייא אקאך טאן אונ מען ווארפט זייא אויף אזיפּ, אום דאס וואסער זאל אבריגען. מען שיילט זייא אב, נאר זייא מוזען בלייבען גאנץ. דאן קאכט מען אויף עסיג, גיבט הינאיין דיא צוויבעלן, אז דער עסיג זאל זייא צו דעקען. וויא דאס געהמט קאכען, גיסט מען דאס אללעס אין אטיפּעס געשירר לאזט ביז אויף מארגען אונ דאן דעקט מען צו וויא דיא פּיקעל, אונ מען שטעלט אין אקאלטען ארט.

## № 598. מַארִינִירְטֶע בָּאבּ. MARİNİRTE BOHNEH.

מֶען רֵיינִיגְט אָבּ יוּנְגֶע גְרִינֶע בָּאבּ פוּן זֵייעֶרֶע פָאזֶערְן (פֶעדִים), קָאכְט זֵייא אוֹיף אוּנ וַוארְפְט זֵייא אוֹיף אַזִיפּ. אִין אַגְלַאזוּרְטֶען טָאפּ גִיבְּט מֶען לָארְבֶּערְבְּלֶאטֶער, בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט פֶּעפֶער אוּנ נֶעגֶעלֶעךְ אוּנ אוֹיבֶּען לֵייגְט מֶען אַפַּאךְ (אַרֵייהֶע) בָּאבּ. אַזוֹיא לֵייגְט מֶען אִימֶּער רֵייהֶען וַוייס, בִּיז דֶער סְלָאי וֶוערְט פוּל, אוּנ צְווִישֶׁען דִיא רֵייהֶען בָּאבּ קוּמֶען דִיא גֶעוְוירְצֶען; דִיא לֶעטְצְטֶע רֵייהֶע עֶנְדִיגְט זִיךְ מִיט דִיא גֶעוְוירְצֶען. דִיזֶעס בֶּעגִיסְט מֶען מִיט שְׁטַארְקֶען עֶסִיג, וֶועלְכֶען מֶען הָאט אוֹיפְגֶעקָאכְט מִיט זַאלְץ אוּנ גֶעלָאזְט אָבְּקִיהלֶען; מֶען פֶערְבִּינְד דֶעם סְלָאי מִיט אַפֶּענְכֶער אוּנ מֶען טְרָאגְט אַרוֹיס אִין אַקַאלְטֶען אָרְט.

## № 599. פְרִיכְטֶע צוּ טְרִיקְנֶען. OBST ZU DÖRREN.

צֵייטִיגֶע פְרוּכְט: פְלוֹימֶען, קַארְשֶׁען, וַוייכְסֶעלְן (צֶערֶעשְׁנִי) גִיבְּט מֶען אִין גְרוֹיסֶע שִׁיסְלֶען, וֶועלְכֶע זַיינֶען אוֹיבֶּען בְּרֵייט אוּנ אוּנְטֶען שְׁמָאל. אוּנְטֶען לֵייגְט מֶען אַלֵיימֶענֶעם דֶעקֶעל מִיט לֶעכְלֶעךְ, אוּם דֶער זַאפְט פוּן דִיא פְרִיכְטֶע זָאל אוּנְטֶען אַרָאבּ רִינֶען. אוֹיף מָארְגֶען שְׁטֶעלְט מֶען דִיא שִׁיסְלֶען אִין אַיין אָבְּגֶעקִיהלְטֶען בַּאק-אוֹיבֶען, בִּיז דִיא פְרִיכְטֶע וֶוערֶען עֶטְוָואס צוּ זַאמֶען גֶעשְׁרוּמְפְּט. אוֹיף דֶעם אַנְדֶער מָארְגֶען לֵייגְט מֶען זֵייא אוֹיף אַבְּלֶעךְ, וָואס אִיז מִיט פַּאפִּיר בֶּעלֵייגְט אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זֵייא אִין אַלֶעפְּלִיכֶען אוֹיבֶען, וואוּ זֵייא בְּלַייבֶּען, בִּיז דֶער אוֹיבֶען וֶוערְט קַאלְט. דַאן קֶעהרְט מֶען זֵייא אוּם אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זֵייא אַפֶּען זוּן; נָאכְדֶעם ווִיעֶדֶער אִין אַוַוארְמֶען אוֹיבֶען. אַזוֹא אֵיינִיגֶע מָאל, בִּיז זֵייא וֶוערֶען גַאנְץ אוֹיסְגֶעטְרִיקְנְט. דַאן הַאלְט מֶען זֵייא אִין זֶאק אִין אַלוּפְטִיגֶען אָרְט. עֶפֶּעל אוּנ בַּארְנֶעס וֶוערֶען פְרִיעֶר גֶעשֵׁיילְט, אִין פֶענֶעצֶען גֶעשְׁנִיטְטֶען אוּנ נָאכְדֶעם גֶעטְרִיקְנְט אַפֶּען בְּלֶעךְ, ווִיא יֶענֶע פְרִיכְטֶע.

## № 600. גֶעטְרִיקְנְטֶער בּוּלְיָאן. GETROCKNETER BOİULLON.

מֶען נֶעהמְט 4 פוּנְד קַאלְבְּפִיסְלֶעךְ, 12 פוּנְד שַׁאפֶּענְפְלֵייש, 3 פוּנְד קַאלְבּ פְלֵייש אוּנ 12 פוּנְד רִינְד פְלֵייש. מֶען צוּ הַאקְט דָאס אִין שְׁטִיקְלֶעךְ, וַואשְׁט אִיבֶּער אוּנ מֶען לֵייגְט זֵייא אִין אַקֶעסֶעלֶע אַזוֹא, אַז זֵייא זָאלֶען פֶערְנֶעהמֶען אַהֶעלְפְט פוּן אִיהם. מֶען גִיסְט אָן דֶעם קֶעסֶעל מִיט וַואסֶער פוּל מֶען קָאכְט דָאס פְלֵייש אוֹיף נִיט אַגְרוֹיסֶען פַייעֶר, אִינְדֶעם מֶען נֶעהמְט אִימֶּער אַרָאבּ דֶעם שׁוּים. וֶוען דָאס פְלֵייש אִיז גֶענוּג אַיינְגֶעקָאכְט, זֵייהט מֶען אָבּ דֶעם בּוּלְיָאן דוּרְךְ אַזִיפּ; דָאס פְלֵייש דְרִיקְט מֶען אוֹיס, גִיבְּט עֶס ווִיעֶדֶער אִין קֶעסֶעלֶע, גִיסְט אַרוֹיף הֵייסֶעס וַואסֶער אוּנ מֶען קָאכְט אַזוֹא לַאנְג, בִּיז דָאס פְלֵייש וֶוערְט גָאר פַאנְאַנְדֶער גֶעקָאכְט. נָאכְדֶעם זֵייהט מֶען אָבּ דֶעם בּוּלְיָאן, דְרִיקְט ווִיעֶדֶער אוֹיס דָאס פְלֵייש, גִיסְט צוּ זַאמֶען בֵּיידֶע בּוּלְיָאנֶען אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אַקַאלְטֶען אָרְט. אוֹיף מָארְגֶען

נעהמט

גֶעהמְט מֶען אַרוֹיס דֶעם פֶערְקִיהלְטֶען בּוּלְיָאן, אִינְדֶעם מֶען קֶעהרְט אוּם דָאס גֶעשִׁירְר; מֶען שְׁנֵיידְט אָב דָאס פֶעטְטֶע פוּן אוֹיבֶען אוּנ פוּן אִינְטֶען, גִיבְּט דֶעם רֵיינֶעם בּוּלְיָאן אִין אַקַאסְטְרוּלֶע אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלט אִיהם אוֹיפְוַוארְמֶען לַאנְגְזאם. אוּם דֶעם בּוּלְיָאן צוּ לֵייטֶערְן גִיבְּט מֶען אִין אִיהם אַלֵייכְטֶען שׁוּים פוּן אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶענֶע זֶעכְּס וַוייסְלֶעךְ, גִיבְּט צוּ אַבִּיסְל זַאלְץ, לָאזְט אוֹיפְקָאכֶען אוּנ מֶען זַייחט דוּרְךְ אַרֵיינֶעם לֵיינְוַואנְד. צוּ לֶעטְצְט קָאכְט מֶען דֶעם בּוּלְיָאן אוֹיף אַלִינְדֶען פַייֶער, בִּיז עֶר וֶוערְט פֶערְטִיג, — אוּנ מֶען דַארְף אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, עֶר זָאל נִיט אָנְבְּרֶענֶען אָן קַאסְטְרוּלֶע. דַאן גִיסְט מֶען אִיהם פַאנְאַנְדֶער אִין קְלֵיינֶע פַּארְצֶעלֵייֶענֶע גֶעשִׁירְר. וִויא עֶר וֶוערְט פֶערְקִיהלְט. וַוארְפְט מֶען זַייא אַרוֹיס אוֹיף אַבְּלֶעךְ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלט אִיבֶּער נַאכְט אִין אַלֶעפְּלִיכֶען אוֹיבֶען. וֶוען עֶר וֶוערְט צוּם עֶרְסְטֶען מָאל נִיט אוֹיסְגֶעטְרִיקְנֶעט, טְרִיקְנְט מֶען אִיהם עֶטְלִיכֶע מָאל.

וֶוען דָאס פְלֵייש קָאכְט זִיךְ צוּם עֶרְסְטֶען מָאל, קֶען, וֶוער עֶס ווִילל, צוּ גֶעבֶּען פֶערְשִׁידֶענֶע גֶעוִוירְצֶען.

### HONİG-SENF. № 601. הָאנִיג-זֶענֶעפְט.

מֶען צוּ שְׁטוֹיסְט אֵייף מֶעהל 4 גְלֶאזֶער סְיֶערֶע זֶענֶעפְט. מֶען לָאזְט פֶערְבְּרוֹיֶנען צְוֵוייא גְלֶאזֶער הָאנִיג אַפֶּען פַייֶער אוּנ מֶען פֶערְמִישְׁט מִיט 4 גְלֶאזֶער קָאכֶענְדֶען עֶסִיג. דִיזֶעס גִיסְט מֶען אַרוֹיף הֵייסֶערְהֵייט אוֹיף דֶעם זֶענֶעפְט; נָאכְדֶעם שְׁלָאגְט מֶען עֶס אוֹיף גוּט, בִּיז עֶס וֶוערְט אָבְּגֶעקִיהלְט. דַאן גִיסְט מ״ן צ״ז אִין בּוּטְלֶען אָדֶער אִין סְלָיעֶס, פֶערְפְּרָאפְּט גוּט, אָדֶער מֶען בִּינְדְט אַרוּם ג ט מ׳ט אַפֶּענְבֶער, אוּם עֶס זָאל זִיךְ נִיט אוֹיסְוָועבֶּען. וֶוען דֶער זֶענֶעף קוּמְט אַרוֹיס צוּ גֶעדִיכְט, גִיבְּט מֶען צוּ עֶסִיג.

### FRANZÖSİSCHER SENF. № 602. פְרַאנְצֵייזִישֶׁער זֶענֶעפְט.

מֶען גֶעהמְט 2 צְווִיבֶּעלְן, אַקָאפְּל קְנָאבֶּעל, פִּיר לָארְבֶּערְבְּלֶאטְטֶער, וָואס מֶען הָאט צֶערְרִיבֶּען צוּ אַפּוּלְוֶוער אוּנ אוֹיסְגֶעזִיפְּט; מֶען גִיסְט אַרוֹיף 1¹/₂ גְלֶאזֶער וַויינְעֶסִיג, דֶעקְט גוּט צוּ אוּנ מֶען קָאכְט אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע. דַאן זַייהט מֶען עֶס דוּרְךְ אוּנ מֶען פֶערְקָאכְט דַאמִיט 4 לוֹיט סְיֶערֶע זֶענֶעפְט אוּנ 4 לוֹיט גֶעלְבֶּע. דָאס קְלַאפְּט מֶען גוּט אוֹיף אַלִינְדֶען פַייֶער, בִּיז עֶס וֶוערְט גֶעדִיכְט אוּנ וַויים. מֶען גִיבְּט דַאן צוּ אַגֶעדִיכְטֶען סִירָאפּ, וָואס מֶען הָאט גֶעמַאכְט פוּן 10 לוֹיט צוּקֶער; מִישְׁט גוּט דוּרְךְ, לָאזְט אָבְּקִיהלֶען, גִיבְּט זַייא אִין סְלָאיֶעס, דֶעקְט גוּט צוּ, פֶערְפֶּעכְט אוּנ מֶען הַאלְט אִין קֶעלֶער.

### PÖKELFLEİSCH. № 603. פֶּאקֶעל פְלֵייש.

אִיז דָאס פְלֵייש כָּשֵׁר גֶעמַאכְט, וֶוערְט עֶס שְׁטַארְק אֵיינְגֶערִיבֶּען מִיט זַאלְץ, דַארוּנְטֶער אַבִּיסְל צוּשְׁטוֹיסֶענֶע סֶעלִיטְרָא (סַאלְפֶּעטֶער) פֶערְמִישְׁט. עֶס וֶוערְט אֵיינְגֶעדְרִיקְט אִין אַפָּאסְל, פֶעסְט צוּ גֶעדֶעקְט אוּנ מִיט אַשְׁטֵיין בֶּעשְׁוֶוערְט.

## № 604. אַנדערעס פּעקעל פְלייש.

מען רייבט איין דאס פלייש פון דרויסען מיט זאלץ, וויקעלט עס איין אין אַליינוואנד, וואס מען האט איינגעטונקט אין וואסער אונ אויסגעדריקט. דאס איינגעוויקעלטע פלייש ווערט געלייגט אין קעללער אויף שטרויא אונ מיט שטרויא צו געדעקט, אונ דיזע צוויא מאל טאגליך מיט וואסער בעשפריצט. ווען מען געברויכט פון דעם פלייש, זא וואשט מען עס אויס גוט אין ריינעם וואסער, אין וועלכעם מען ווארפט אריין עטליכע גליהענדע קוילען; דען דיזע רייניגען דאס פלייש פון אשלעכטען גערוך, אויב עס האט בעקומען.

## № 605. פּאקעל פלייש אויף אלאנגע צייט.

אויף $2^1/_2$ פוד פלייש דארף מען האבען 7 פונד זאלץ אונ אהאלב פונד סעליטרא. דאס זאלץ אונ דיא סעליטרא מוז זיין דין צו שטויסען אונ גוט דורך געמישט. פריער שיט מען אן אפען דעק פון דער קאדקע דאס זאלץ מיט דער סעליטרע, אז דער דעק זאל זיך ניט זעהען. דאן קייקעלט מען איין יעדעס שטיק פלייש אין דעם זאלץ אונ סעליטרע אונ מען לייגט אשטיק נעבען אשטיק געדיכט; אויבען שיט מען ווייטער אן זאלץ אונ שעליטרע אונ דארויף לייגט מען וויעדער דיא שטיקער פלייש איינגעקייקעלט אין זאלץ, — אונ אזויא ביז צו ענדע. נאר אויבען שיט מען ארויף זאלץ אונ סעליטרע, לייגט אויבען דעם דעק אונ דארויף שווערע שטיינער; מען שטעללט אין קעללער אונ מען דארף דיא ערסטע צייט אללע 2 טעג אקייקעל טאן דיא טון, אום דער זאפט זאל דורך געהען אומעטום. אין אפאר וואכען ארום פערגראבט מען דיא קאדקע אין אייז.

ווער עס וויל לייגען געווירצען דערינען. זא דארף מען אויף דיזע פראפארציע פון $2^1/_2$ פוד פלייש ניט מעהר וויא $^1/_8$ פונד פון דיזע געווירצען אין אלעמען; דיזע זיינען: לארבערבלאטער, פעפער, מאיאראן, באזיליק.

# זעכצעטער אבשניט.

## A. געריכטע פיר שבת.

## VERSCHIEDENE IÜDISCHE ORIGINALGERICHTE.
## אייגענטליכע יודישע געריכטען.

### № 606. צאלענט פון באב (בעבלעך). SCHALET VON BOHNEN.

מען נעהמט ווייסע באב, אדער בעבלעך, מען קלייבט זיא אויס, מען וואשט זיא אויס אונ מען שיטט אריין אין אלאנגען שמאלען טאפף, אין וועלכען מען האט פריער שוין געלייגט עטליכע שטיק מארכביינער; ווען מען וויל, שיטט מען דער צו נאך פון דען דיקסטען גרויפען, מען לייגט נאך אשטיק פעטטעס פלייש אויבען אדער אין מיטען, אונ דאצו זאלץ וויא געוואהנליך. דעם טאפף ניסט מען אן פול מיט קאלטעם וואסער, מען טהוט אריין אצוויבעל מיט געשטויסענע פפעפער אויף אשפיץ מעסער דאצו. דער טאפף ווערט צו געדעקט אונ פרייטאג נאך מיטאג אין צאלענט—אויבען געשטעלט, אונ ערסט אויף מארגען שבת צור מאהלצייט (צום ווארעמעס נעהמט מען עס היים קאכענדיג ארויס.

### № 607. איינע אנדער ארט צאלענט.

מען נעהמט מעהל, צושניטענע שטיקלעך שמאלץ, געשניטענע צוויבעל, זאלץ אונ וואסער אונ מען מאכט דער פון אטייג; מען לייגט אויפ'ן דעק פון טאפף אשטיק שמאלץ אדער מארך; מען מאכט פון דעם טייג אקניידעל צו אקוגעל אונ מען לייגט אויף דיא שטיק שמאלץ; אויבען שיט מען ארויף באב (בעבלעך) אדער גרויפען, אדער ביידע צוזאמען, מיט עטליכע מארכביינער אדער: פעטעס פלייש דאצו, אונ מיט זאלץ. אדער אנשטאט דאס פלייש טהוט מען אריין צו שניטענע קנאבעל ווארסט, וואס פריהער מוז היים אבגעוואשען ווערען, אונ אנשטאט דיא באב שיט מען אריין אויס געקליבענע אונ געוואשענע ארבעס. אנדערע פערמישען סירופ אין יענע קוגעל. ווען מען האט ארויהען גאנזרוקען אדער הוהנרוקען, פילט מען דאס אן מיט יענעם קוגעל-טייג.

### № 608. רייז-צאלענט מיט הוהן. REIZ-SCHALET MIT HUHN.

מען לאזט דיא רייז אנווייל זיך ווייקען אין קאלטעם וואסער, נאכדעם ווערען זיא מיט זודיגע וואסער אבגעבריהט אונ אויף אזיפ אויס געשטרייט, זיא זאלען זיך אבטריקנען, אונ ערסט מיט קאלטעם וואסער אבגעשווענקט. אין צאלענט-טאפף לייגט מען היניין אברייטען ביין, אום דאס געריכט זאל זיך ניט אנברענגען אין טאפף; דארויף טהוט מען אריין דיא רייז מיט אפעטטע הוהן אדער מיט איונגע גאנז. דערצו ווערט צו געגעבען זאלץ, וואסער אונ צוויבל, אונ מען שטעלט דעם טאפף אין צאלענט-אויבען, וויא געזאגט.

אַלֶע דיזֶע סָארְטֶען צָאלֶענְטֶען קָאנֶען אויך מיט אַלֶערְלייא גְרויפֶּענְס אונ רייז געמאכט ווערען ; נָאר דיזֶע זָארְטֶען פָאדֶערְן מֶעהְר פֶעטְט .

## SCHALET-KUGEL. צָאלֶענְט–קוּגֶעל . № 609.

נֶעהְם גֶעווייקְטֶע זֶעמֶעל (בּוּלְקֶע) , מֶעהְל , פִיל קְלַיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ רוֹיעֶ שְׁמַאלְץ (פֶּעטְט) ½ פוּנְד , סִירוּפּ ½ פוּנְד , גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צִימְרִינְג , עֶטְוָואס גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע פְּפֶעפֶער , עֶטְרִיכֶע אייעֶר , עֶטְלִיכֶע גְרוֹיסֶע רָאזִינְקֶעס 1/4 פוּנְד , אַפָּאר גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע בִּיטֶערֶע מַאנְדְלֶען , אָבְּגֶערִיבֶּענֶע צִיטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ זַאלְץ ; דִיא זֶעמֶעל לָאזֶען אָבְלוֹיפֶען אין אַדוּרְכְשְׁלַאג . דָאס אַלְץ מִישְׁט מֶען גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען מַאכְט אַטֵייג . דֶעם קוּגֶעל-טָאפְּף (צָארְלֶע) שְׁמִירְט מֶען גוּט מִיט פֶעטְט אוֹיס , מֶען לֵייגְט דָאס אַלְץ הִינַאיין אוּנ מֶען דֶעקְט גוּט צוּ , אוּנ אוֹיף מָארְגֶען שַׁבָּת אִיז דָאס אַשֵׁיינֶער בְּרוֹינְגֶעבַּאקֶענֶער קוּגֶעל .

אין אַזֶעלְכֶע קוּגֶעל קֶען מֶען אַריינְמִישֶׁען עֶטְוָואס אָבְּגֶעבְּרִיהְטֶע הִירְז אָדֶער גֶעהַאקְטֶע עֶפֶּעל ; דַאן מוּז אָבֶּער דִיא זֶעמֶעל פֶעסְטֶער אוֹיס גֶעדְרִיקְט וֶוערֶען .

צוּ פֶּסַח נֶעהְמְט מֶען אָנְשְׁטָאט דִיא מֶעהְל , מַצָּה-מֶעהְל , אוּנ אָנְשְׁטָאט דִיא זֶעמֶעל גֶעווייכְטֶע מַצָּה ; דַאצוּ מוּז מֶען אָבֶּער הָאבֶּען צְווייא מָאל אַזוֹא פִיל אייעֶר .

דִיזֶע קוּגֶעל מַאכְט מֶען אוֹיךְ אָהְן זִיסֶעס , נָאר דַאגֶעגֶען וֶוערְט גֶענוּמֶען עֶטְלִיכֶע גֶערִיבֶּענֶע צְווִיבֶּעל . אַלֶעס אִיבְּרִיגֶע וֶוערְט גֶעמַאכְט וִויא יֶענֶע .

## . № 610. אַיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט קוּגֶעל .

אוּנְגֶעפֶאהְר אוֹיף אַשְׁטָאף מֶעהְל נֶעהְמְט מֶען 8 אייעֶר , אַפוּנְד קְלֵיין גֶעשְׁנִיטְטֶענֶעס פֶעטְט (שְׁמַאלְץ) , דִין גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע פְּפֶעפֶער אוּנ זַאלְץ , דִין גֶעהַאקְטֶע צְווִיבֶּעל , גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע גֶעווירְץ אוּנ זָא פִיל וַואסֶער , אַז דָאס אַלְץ זָאל זִיךְ גוּט דוּרְךְ קְנֶעטֶען . דָאס קוּמְט אַלְץ אִין אַקוּגֶעל-טָאפְּף (צָארְלֶע) , וָואס אִיז פֶעטְט אוֹיס גֶעשְׁמִירְט ; נָאכְדֶעם ווירְד דֶער טֵייג מִיט רֵיינֶעם וַואסֶער אִיבֶּער גָאסֶען . וֶוען דֶער קוּגֶעל אִין אוֹיבֶען שְׁטֵייט , מוּז עֶר אָפְטֶערְס מִיט דֶעם אַיינֶענֶעם זַאפְט בֶּעגָאסֶען וֶוערֶען , בִּיז עֶר זָאל בְּרוֹין וֶוערֶען .

## AEPFELKUGEL. . עֶפֶּעל-קוּגֶעל . № 611.

מֶען נֶעהְמְט מֶעהְל , עֶטְלִיכֶע אייעֶר , סִירוּפּ , עֶטְלִיכֶע בִּיטְטֶערֶע מַאנְדְלֶען אוּנ אֵיין וֵוייניג זַאלְץ ; מַאכְט דֶער פוּן אַטֵייג אוּנ מֶען וֶועלְגֶערְט דָאס אוֹיס וִויא אַבְּלַאטְט לָאקְשֶׁען ; מֶען בֶּעדֶעקְט דֶער פוּן דִיא וֶוענְד אוּנ דֶעם דֶעק פוּן קוּגֶעל-טָאפְּף , וֶועלְכֶער אִיז שׁוֹין פְרִיהֶער פֶעטְט אוֹיסְגֶעשְׁמִירְט , אוּנ עֶס זָאל נָאךְ עֶטְוַואס אַרִיבֶּער הֶענְגֶען אִיבֶּערְן רַאנְד פוּן טָאפְּף (צָארְלֶע) . נָאכְדֶעם נֶעהְמְט מֶען זֶעמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ אוּנ מֶען שְׁטְרֵייט אָן אוֹיף דֶעם דֶעק פוּן טָאפְּף ; דַארוֹיף טְהוּט מֶען אַרַיין שְׁטִיקְלֶעךְ עֶפֶּעל , וָואס אִיז שׁוֹין גֶעפְּרֶעגֶעלְט אִין פֶעטְט , גֶעמִישְׁט מִיט צוּקֶער , צִימְרִינְג , צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס , גְרוֹיסֶע רָאזִינְקֶעס אוּנ גְרָאב גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע

זיסע מאַנדלען , ביז העלפט פון דער צוקער . דאַן לייגט מען ווידער דארויף פון דעם אויס געוועלגערטען בלאַטט , אונ מען טהוט ווייטער אַריין דאס איבריגע געפיללעכטס , וויא פריער . נאכדעם פון אויבען לייגט מען ווייטער אַדעקעל פון טייג אונ מען נעהמט אַרום מיט דעם טייג , וואס איז געבליבען פריהער איבערן באַנד פון טאפף . מען בעשמירט דארויף מיט פעטט (געגזענשמאַלץ איז דער צוא בעסער) אונ מען שטעללט דעם טאפף אַריין אין אויבען .

## FLEISCHKUGEL. פלייש-קוגעל № 612.

נעהם 2 פונד געהאַקטע פלייש , 12 לויט רויעס פעטט (שמאַלץ) , וואס זאל אויך זיין צוא האַקט אונ מיט דעם פלייש גוט פערמישט . צו דיזער מאַססע מישט מען אַריין צוויא צו שלאַגענע (צו באַלטייעטע) אייער , געהאַקטע צוויבעל אַמאַססע , אויך פעפער אונ זאַלץ אונ 2 געווייקטע זעממעל (בולקע) . דאס ווערט אַללעס צו זאַממען געקנאַטען אונ אַטייג געמאַכט אין דיא פאָרם פון אַקוגעל . מען טונקט איין דיא האַנד אין קאַלטעס וואסער אונ מען גלעט דאס אַרום , אונ מען דאַרף אַכטונג געבען , עס זאל קיין שפאַלטען ניט האָבען , אום אין אויבען זאל ניט פאנאַנדער פאַללען .

## NUDELKUGEL. לאַקשענקוגעל. № 613.

מען וועלגערט אויס אבלאַטט לאַקשען אונ מען לאזט עס אויס טריקענען ; דאַן צו שניידט מען עס אין ברייטע שטרייפען (אפינגער ברייטע לאַקשען) אונ מען וואַרפט עס אַריין אין קאָכענדעס וואַססער מיט זאַלץ . דיא לאַקשען ווערען דער ווייַלע מיט אַלעפעל געמישט , אום זייא זאללען זיך ניט צו נויף קלעפען , אונ מען לאזט עס אָקאָך טאָן , ביז דיא לאַקשען קומען אַרויף פון אויבען . נאכדעם וואַרפט מען עס אַרויף אויף אַדורכשלאַג , לאזט דאס הייסע וואַסער אָבלויפען אונ מען קיהלט זייא ווידער מיט קאַלטען וואַסער . דארויף וואַרפט מען אַריין דיא לאַקשען אין אַברייטע שיסעל , אין וועלכע עס איז שוין דא אונגעפעהר 10 צו שלאַגענע (צו באַלטייעטע) אייער ; מען מישט עס דורך אונ דאַן לייגט מען אַלאַגע (אפאַך) לאַקשען אין דעם קוגעל-טאפף , וואס איז שוין פעטט אויס געשמירט . נאכדעם בעשטרייט מען זייא מיט צוקער , געשטויסענע מאַנדלען , ראָזינקעס , אָנגעריבענע צוטרינשאַלעכטס , אונ מען בעגיסט דאס מיט שמאַלץ . דאַן לייגט מען ווייטער אַריאַד לאַקשען , אונ אַזויא ווייטער , ביז דער טאפף ווערט פול . דיזער קוגעל מוז שטעהען אין אויבען צוויא שטונדען .

אנמערקונג : אַנדערע אַרטען צאַלענט צו מאַכען קען מען געפינען אין 5-טען אַבשניטט , אונטער A, אונ D.

אַנדערע אַרטען קוגלען צו מאַכען קען מען געפינען אין 6-טען אַבשניטט , אונטער C, אונ D.

## B גֶערִיכְטֶע פִיר פֵּסַח.

---

### MAZZEKUGEL. מַצָה–קוּגֶעל.

וַייק אוים דְרַייא מַצָה, דְרִיק זַייא גוּט אוים אוּנ פְרֶעגִיל זַייא צוּ אִין אַפַּאנֶע מִיט פֶעטְט (שְׁמַאלְץ). דַאן פֶערְמִישׁ דִיא מַצוֹת מִיט אַהַאלְבּ פְּפוּנְד מַצָה-מֶעהל, גֶאנְזֶענְשְׁמַאלְץ, 10 אֵייעֶר, עֶטְוַואס צוּקֶער, 3 לוֹיט זִיסֶע מַאנְדְלֶען גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע אוּנ אֵיין לוֹיט בִּיטֶערֶע, 4 גֶערִיבֶּענֶע גֶעקָאכְטֶע עֶפֶּעל, עֶטְוַואס אָנְגֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ זַאפְט. דָאס אַלְץ לֵייג אִין אַצָארְלֶע, וָואס אִיז פֶעטְט אוים גֶעשְׁמִירְט, אוּנ גִים אַרוֹיף 3/4 פְּפוּנְד הֵייסֶעס פֶעטְט (שְׁמַאלְץ). דַאן שְׁטֶעלְל דֶעם קוּגֶעל טָאפְּף אִין אוֹיבֶען.

### CHREMSEL. כְּרֶעמְזֶעל.

מֶען מַאכְט אַטֵייג פוּן עֶטְלִיכֶע הוֹיפֶען מַצָה מֶעהל, 4 גֶעוַוייקְטֶע מַצָה, וָואס וַואר שׁוֹין אִין פֶעטְט גֶעפְּרֶעגֶעלְט, 12 לוֹיט צוּקֶער, 12 בִּיטְטֶערֶע גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע מַאנְדְלֶען אוּנ הֵייסֶע שְׁמַאלְץ. דִיזֶען טֵייג צוּ טְהֵיילְט מֶען אוֹיף עֶטְלִיכֶע טְהֵייל, מֶען שְׁלָאגְט יֶעדֶען טְהֵייל פְּלַאךְ פַאנַאנְדֶער אוּנ מֶען פִילְט יֶעדֶען אָן מִיט דִיזֶעם גֶעפִילְלֶעכְטְס: פִיר — פִינְף גְרוֹיסֶע עֶפֶּעל וֶוערֶען צוּא הַאקְט אָדֶער צוּ שְׁנִיטְטֶען אִין קְלֵיינֶע שְׁטִיקְקֶע, מֶען צוּא מִישְׁט מִיט פִיל גֶעהַאקְטֶע מַאנְדְלֶען, 10 לוֹיט וַוארֶענִיעֶס, עֶטְוַואס גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צִימְרִינְג, 10 לוֹיט צוּקֶער, גֶעשְׁנִיטְטֶענֶע אַפֶּעלְסִינְ-שָׁאלֶעכְטְס, אָדֶער צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס, אוּנ מִיט אֵיין וֵוינִיג פֶעטְט. דָאס אַלֶעס לֵייגְט מֶען אוֹיף דֶעם טֵייג אוּנ מֶען הִילְלְט דָאס דְרִינֶען אַיין, אוּנ מֶען פְּרֶעגִילְט דִיא כְּרֶעמְזֶעל אִין דֶער פְּפַאנֶע אִין שְׁמַאלְץ אָדֶער נָאר פֶעטְט.

### UEBERSCHLAGENE MAZZE. אִיבֶּער גֶעשְׁלָאגֶענֶע מַצָה.

מֶען וַוייכְט דִיא מַצָה אִין צוּ שְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר, נַאכְדֶעם פְּרֶעגִילְט מֶען זַייא אִין דֶער פְּפַאנֶע אִין פֶעטְט גֶעלְבּ בְּרוֹין פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען, אוּנ כָּל זְמַן זַייא זַיינֶען נָאךְ הֵייס, בֶּעשְׁטְרֵייט מֶען זַייא מִיט צוּקֶער אוּנ צִימְרִינְג.

### № 614. EIERMAZZE. אֵייעֶר מַצָה.

מֶען טוּנְקְט אֵיין אַמַצָה אִין קַאלְטֶעס וַואסֶער; נַאכְדֶעם לֶעגְט מֶען זִיא אִין הֵייסֶעס פֶעטְט אָדֶער פוּטֶטֶער, בֶּעגִיסְט מִיט אֵייעֶר, וָואס מֶען הָאט צוּשְׁלָאגֶען מִיט אַבִּיסְל זַאלְץ אוּנ צוּקֶער; מֶען לָאזְט אַנוַוייְלֶע בַּאקֶען, קֶעהְרְט אוּם אוּנ בֶּעגִיסְט וִוידֶער מִיט דִיא אֵייעֶר; אוּנ אַזוֹא נָאךְ אַפָּאר מָאל, בִּיז זִיא וֶוערְט גֶעלְבּ בְּרוֹין גֶעבַּאקֶען. מֶען בֶּעשְׁטְרֵייט מִיט צוּקֶער אוּנ צִימְרִינְג.

### № 615. KLÖSSE. פֵּסַחְדִיגֶע קְנֵיידְלֶעךְ.

מֶען וַוייקְט אֵיין 2 מַצָה, דְרִיקְט זַייא דוּרְךְ אַלֵיינֶענֶעם טוּךְ, אָדֶער מֶען לָאזְט דָאס וַואסֶער אָבְּלוֹיפֶען דוּרְךְ אַדוּרְכְשְׁלַאג. מֶען גִיבְּט פֶעטְטֶס אִין אַפַּאנֶע

אונ וויא דָאס וֶוערְט הֵייס, גִיבְּט מֶען הִינְאַיין דיא מַצָה, מֶען דְרִיקְט זֵייא מִיט אַלֶעפֶּעל אונ מֶען מִישְׁט עֶס, בִּיז זִיא שְׁטֵייט אָבּ פוּן דֶער פַּאנֶע. יֶעטְצְט גִיבְּט מֶען זִיא אִין אַשִׁיסֶעל, פֶערְמִישְׁט עֶס מִיט עֶטְוָואס זַאלְץ, אַבִּיסְל פֶּעפֶּער, אַצוּבְּרֶעקֶעלְטֶע צְווִיבֶּעל, — אונ וֶוען עֶס קִיהלְט זִיךְ אָבּ, מִישְׁט מֶען זִיא מִיט 2 אֵייעֶר גוּט דוּרְךְ. דַאן גִיבְּט מֶען צוּ נָאךְ אַזוֹיא פִיל גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע מַצָה, מֶען זָאל קֶענֶען מַאכֶען דֶער פוּן קְנֵיידְלֶעךְ, אַז דֶער טֵייג זָאל זִיךְ נִיט קְלֶעפֶּען. דֶער יוֹיךְ מוּז קָאכֶען, וֶוען מֶען וַוארְפְט הִינְאַיין דִיא קְנֵיידְלֶעךְ. דָאס גֶעשִׁיהט אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע פַאר דֶעם דֶערְלַאנְגֶען צוּם טִישׁ.

## № 616. אֵיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט קְנֵיידְלֶעךְ.

מֶען שְׁלָאגְט 4 אֵייעֶר אִין אַשִׁיסֶעל מִיט אַהָאלְצֶערְנֶעם לֶעפֶעל, גִיסְט צוּ אַקְנַאפֶּע גְלָאז וַואסְסֶער אונ מֶען מִישְׁט גוּט דוּרְךְ; גִיבְּט צוּ 3 לֶעפֶעל שְׁמַאלְץ אונ מֶען מִישְׁט וִויעדֶער דוּרְךְ. דַאן גִיבְּט מֶען הִינְאַיין מַצָה-מֶעהל, בִּיז עֶס זָאל וֶוערֶען דֶער פוּן אַגֶעדִיכְטֶער טֵייג; גִיבְּט צוּ זַאלְץ, גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע פֶעפֶער אונ צִימְרִינְג אונ מֶען קְנֶעט גוּט אוֹיס מִיט דֶעם לֶעפֶעל, בִּיז דֶער טֵייג וֶוערְט גְלַאט. דַאן קַייקֶעלְט מֶען אוֹיס מִיט דִיא הֶענְד קְנֵיידְלֶעךְ אונ מֶען גִיבְּט אִין דִיא קָאכֶענְדֶע זוּפֶּע. מֶען לָאזְט זֵייא קָאכֶען 20 מִינוּט, אִינְדֶעם מֶען דְרִיקְט זֵייא אִימְמֶער מִיט דֶעם לֶעפֶעל הֶערְאוּנְטֶער, וֶוען זֵייא שְׁווִימֶען אַרוֹיף פוּן אוֹיבֶען.

וֶוער עֶס ווִילְל אוֹיף קְלָארֶע אֵייעֶר, גִיבְּט צוּ אָנְשְׁטָאט דָאס וַואסְסֶער, נָאךְ צְווֵייא אֵייעֶר.

וֶוער עֶס ווִיל הָאבֶּען דִיא קְנֵיידְלֶעךְ טְרוּקֶען גֶעפְּרֶעגֶעלְט, נֶעהמְט מֶען זֵייא פוּן דֶעם יוֹיךְ אַרוֹיס, גִיבְּט זֵייא אוֹיף אַפַּאנֶע, אִין וֶועלְכֶער מֶען הָאט צוּ לָאזֶען פֶעטְט אָדֶער שְׁמַאלְץ; מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען אונ מֶען קֶעהרְט זֵייא אָפְט אִיבֶּער.

## № 617. קְלֵיינֶע לֶעפֶעל-קְנֵיידְלֶעךְ. KLEİNE LÖFFELKLÖSSCHEN.

מֶען וֵוייקְט אַיין 2 מַצוֹת אִין וַואסְסֶער, לָאזְט דִיזֶעס אָבְּרִינֶען דוּרְךְ אַדוּרְכְשְׁלַאג. דֶער צוּ נֶעהמְט מֶען 2 אֵייעֶר, 1 לוֹיט צוּקֶער, גֶערִיבֶּענֶע צוּטְרִין שָׁאלֶעכְטְס, עֶטְוָואס מוּסְקַאטְנוּס, אֵיינִיגֶע בִּיטְטֶער מַאנְדְלֶען אונ עֶטְוָואס זַאלְץ, מֶען פִיהְרְט פַאנַאנְדֶער אַלֶעפֶעל שְׁמַאלְץ, גִיבְּט הִינְאַיין דִיא אֵייעֶר, דֶעם צוּקֶער אונ דָאס אִיבְּרִיגֶע צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע; מֶען מִישְׁט נוּט דוּרְךְ, אונ דַאן קוּמֶען דִיא גֶעוַוייקְטֶע מַצוֹת לֶעפֶעל וַוייס דֶערִין פֶערְמִישְׁט. צוּ לֶעטְצְט גִיבְּט מֶען נָאךְ צוּ צְווֵייא לֶעפֶעל מַצָה מֶעהל. וֶוען דִיא מַאסְסֶע אִיז וִויא אַגֶעדִיכְטֶע קַאשֶׁע אונ רִינְט נִיט, זָא אִיז זִיא גוּט; וֶוען זִיא אִיז נָאךְ שִׁיטֶער, דֶער לֵייגְט מֶען נָאךְ מַצָה מֶעהל, אַז דִיא פְלֵייש זוּפֶּע הַאלְט אִין קָאכֶען, טוּנְקְט מֶען אַלֶעפֶעל פְרִיעֶר אַיין דְרִינֶען, שְׁטֶעכְט אָבּ דֶער מִיט פוּן דֶער מַאסְסֶע אַדְרִיטֶעל פוּן דֶעם לֶעפֶעל אונ לָאזְט עֶס אַרַיין אִין דִיא זוּפֶּע. אַזוֹי טְהוּט מֶען אִימְמֶער, בִּיז דִיא מַאסְסֶע

איז

איז צו ענדע. זייא דארפען זיך קאכען אונגעפאהר אהאלבע שטונדע.

### № 618. געפיללטע מצה קניידלעך (כרעמזעל). GEFÜLLTE KLÖSSE.

מען ווייקט דרייא מצה, ניט צו לאנג, אונ מען דריקט זייא אויס. דאן פערמישט מען זייא מיט געשטויסענע מצה, 3 אייער, 4 לויט צוקער, עטליכע ביטטערע מאנדלען צו שטויסענע, געריבענע צוטרינשאלעכטס, זאלץ אונ שמאלץ, — אונ מען קנעט עס איין אויבען טייג. דיא געשטויסענע מצה האלט דעם טייג צו זאממען, אונ מען נעהמט זייא פיל נייטיג איז. דער צו מאכט מען דיזעם געפיללעכטס: מען שיילט אב עפעל אונ מען צו האקט זייא, פערמישט מיט זיסע מאנדלען געשיילטע אונ געשטויסענע, (אדער ניס), צוקער, צימרינג אונ געריבענע צוטרינשאלעכטס. פון דעם טייג מאכט מען אגרויסע קניידעל מאכט זיא פלאך, לייגט אויבען פון דעם געפיללעכטס, נעהמט צו זאממען דעם ראנד זא, אז דאס געפיללעכטס בלייבט פערדעקט; טונקט איין דיא האנד אין קאלטעם וואססער אונ שטרייכט זיא גלאטט. מען לייגט דיא קניידלעך אין אקאסטרולע אדער אטיפע אייזערנע פאנע, אין וועלכע מען האט צו שמאלצען פעטט אדער שמאלץ; דיזע דארפען גרייכען ביז צור העלפט פון דיא קניידלעך. ווען דיזע זיינען אויף דער אונטערסטע העלפט פערברוינט, זא קעהרט מען זייא אום ווען זייא ווערען ארויס גענומען, קייקעלט מען זייא איין אין צוקער אונ צימרינג.

### № 619. קארטאפעל קניידלעך. KARTOFFEL KLOSSCHEN.

מען שיילט אב קארטאפעלן, וואס מען האט נאך פון נעכטען געקאכט, אונ מען רייבט זייא דורך אריבאייזען (טארטקע). דאס געריבענע ווערט פערמישט מיט עטוואס זאלץ, שמאלץ אונ (ווער עס וויל מיט אנגעריבענע צוטרין שאלעכטס; עס ווערט נאך עטליכע אייער דאצו אריינגעשלאגען (אויף אטעללער געריבענע קארטאפעלן—2 אייער). דאס ווערט נאך מיט אזויא פיל געשטויסענע מצה פערקנאטען, אז עס קלעפט שוין ניט מעהר. מען מאכט קניידלעך אונ מען גיבט זייא אין קאכענדען יויך, אונ, ווען זייא שווימען ארויף פון אויבען אונ האבען זיך איינינע מאל געקייקעלט, זא זיינען זייא פערטיג.

### GEBACKENE KARTOFFEL SCHWÄMMCHEN.
### № 620. לעפעל קניידלעך פון קארטאפעלן געפרעגעלט.

דיזע ווערען געמאכט, וויא אין פארינען נומער מיט דיא זעלבע צוטהאטען, נאר קיין פעטט, דאך עטוואס מעהר צוקער אונ אלויט זיסע אונ ביטטערע מאנדלען, וועלכע מען האט פריער אבגעבריהט, אבגעשיילט אונ צו שטויסען. פריער קומען דיא אייער, נאכדעם דיא איבריגע צו טהאטען, אלץ לעפעלוויים צו געמישט. מען גיבט צו אזויא פיל געשטויסענע מצה, אז עס זאל זיין דער

פון

פון אשיטערער טייג. יעטצט שטעלט מען אפאנע מיט פעטס איבער קוילען אונ, וויא עס ווערט הייס, שטעכט מען אב פון דער מאססע מיט אלעפעל קליינע טהיילען אונ מען גיבט דאס נעבען איינאנדער אין דאס פעטט. מען מוז גלייך אויף גיך מיט אנאפעל דיא ערשטע אומקעהרען, אום זייא זאלען ניט פאר ברענען. וויא זייא ווערען ברוין, לייגט מען זייא גלייך אויף אטעללער, וואס מען האט דער בייא אנגעגרייט.

מען גיסט אויבען ארויף דיא זופפע אונ מען דערלאנגט צום טיש.

**№ 621.** געפרעגעלטע לעפעל קניידלעך פון מצה מעהל.

דיזע ווערען געמאכט וויא אין פאריגען נומער; נאר אנשטאט קארטאפעלן קומט געשטויסענע מצה אונ עטוואס מעהר זיסע מאנדלען.

**№ 622.** מצה טייגעכטס. MAZZE SPEISE.

מען ווייקט אויס 6 מצה, לאזט דאס וואסער אבלויפען, צו דריקט זייא אין אשיסעל, גיבט צו 1/2 פונד צוקער, 1/2 פונד זיסע מאנדלען, עטליכע ביטערע, אונביידע דין צו שטויסען, אדער צו ברעקעלט, אויך דאס אבגעריבענע אונ דעם זאפט פון אצוטרין, עטוואס צימרינג, אפאר לעפעל שמאלץ, 10 גאנצע אייער, פריער גוט צו שלאגען, אונ אביסל זאלץ. מען מישט דיא מאססע גוט דורך, גיבט זיא אין אפורם, וואס איז מיט שמאלץ אויס געשמירט אונ מיט צו שטויסענע מצה בעשטרייט, אונ מען באקט זייא אין אויבען.

**№ 623.** קארטאפעל טייגעכטס. KARTOFFEL SPEISE.

דיזעס ווערט געמאכט, וויא אין № 350 איז אנגעגעבען; נאר אנשטאט זעממעל, קומען דא עטליכע לעפעל געשטויסענע מצה אונ עטוואס מעהר אייער דאצו.

**№ 624.** אטארט. TORTE.

אכט געלכלעך ווערען איין געריבען אונ פערמישט מיט 6 לויט גאנזע-שמאלץ, 12 לויט געשטויסענע צוקער, עטוואס מוסקאט בליהונג.

אנגעריבענע שאלעכטס פון אציטרין אונ דעם זאפט דער פון, אונ צו לעטצט 20 לויט קארטאפעלמעהל, לעפעל וויים אריין געמישט. דאס אלץ מישט מען אשעה נאך אנאנד. מען שמירט אויס אפורם מיט שמאלץ אונ בעשטרייט מיט דין צו שניטטענע מאנדלען. פון דיא אכט ווייסלעך ווערט אויפגעשלאגען אשטייפער שנעע, פערמישט אין דיא מאססע אונ אין דיא פורם געגעבען.

דער צו מאכט מען אגעפילעכטס פון 3—4 לויט געריבענע וואניל-שאקאלאד אונ עטוואס צוקער, מען גיבט אהעלפט פון דער מאססע אין פורם. אויבען דאס געפיללעכטס אונ דארויף דיא אנדערע העלפט פון דער מאססע. דאס ווערט געבאקען 2 שטונדען אין אהייסען אויבען.

װֶען מֶען װילל דִיזֶע מַאכֶען מִילְכִיג, זָא קוּמְט אָנְשְׁטָאט שְׁמַאלְץ פּוּטְטֶער אָבֶּער דִיזֶע עֶטְלִיכֶע לוֹיט מֶעהר.

אנמערקונג. אויסֶער דִיא פָארְגֶעבְּרַאכְטֶע שְׁפַּייזֶען, קֶען מֶען אַלְלֶע אַנְדֶערֶע גֶערִיכְטֶע צוּ פֶּסַח בֶּענוּצֶען, אִין װֶעלְכֶע עֶס אִיז נִיטָא קֵיין מֶעהל, קֵיין בְּרוֹיט, קֵיין זֶעמְמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ, קֵיינֶע גְרוֹיפֶּענְס, אוֹיךְ קֵיינֶע בָּאבּ אַרְבֶּעס. װַייטֶער קֶען מֶען אִין אַנְדֶערֶע גֶערִיכְטֶען, אָנְשְׁטָאט מֶעהל אוּנ זֶעמְמֶעל בְּרֶעקְלֶעךְ, נֶעהמֶען גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע מַצָה אוּנ קַארְטָאפֶּעל מֶעהל, װֶעלְכֶעס גִיבְּט פַּארְטִיגֶע צוּ קוֹיפֶען.

### № 625. בּוּרִיקֶעס אוֹיף פֶּסַח. BORSTSUPPE.

צְװַייא דְרַייא װָאכֶען פַאר פֶּסַח נֶעהמְט מֶען בּוּרִיקֶעס, שָׁאבְּט זַייא אָבּ, װַאשְׁט אִיבֶּער, צוּ שְׁנַיידְט אוּנ גִיבְּט זַייא אִין אַפַּאס (אַקאדֶעצְקֶע) מִיט װַאסְסֶער; מֶען לָאזְט עֶס שְׁטֶעהֶען אִין אַװַארְמֶען אָרְט, בִּיז דֶער רָאסֶעל װֶערְט זוֹיעֶרְלִיךְ. דַאן זַייהט מֶען אִיהם דוּרְךְ אַטוּךְ אִין אַטָאפְּף. פוּן דִיזֶעם רָאסֶעל מַאכְט מֶען זוּפֶּע אוֹיף פֶערְשִׁידֶענֶע אַרְט. דִיא בֶּעסְטֶע אִיז דִיזֶע: מֶען שְׁטֶעלְט דֶער פוּן צוּ אַפָּען פַייעֶר, װִיא פִיל מֶען דַארְף הָאבֶּען; װֶען עֶס אִיז צוּ זוֹיעֶר, דֶער גִיסְט מֶען װַאסֶער, דֶער צוּ קוּמְט צוּקֶער, צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס אוּנ גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע צִימְרִינְג, װֶען דִיזֶעס אִיז גוּט דוּרְךְ גֶעקָאכְט, גִיבְּט מֶען צוּ אַבִּיסְל צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע מַצָה, אוּם עֶס זָאל װֶערֶען זָאמִיג (טוּמִיג) אוּנ מֶען פֶערְוַייסְט מִיט אֵיינֶגֶעבְּרֶעל.

אַנְדֶערֶע מַאכֶען עֶס מִיט אָנְגֶעבְּרֶעקֶעלְטֶע מַצָה, פֶּעטְס אוּנ שְׁטִיקֶער פְלֵייש.

װֶען דִיא צַייט אִיז קוּרְץ פַאר פֶּסַח, קָאכְט מֶען אָבּ דִיא בּוּרִיקֶעס אִין װַאסֶער אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זַייא אִין אַקאדְקֶע אִין אַװַארְמֶען אָרְט, װִיא אוֹיבֶּען אִיז אָנְגֶעגֶעבֶּען.

### № 626. פִּישׁ אוֹיף אֵייל גֶעפְּרֶעגֶעלְט. OEŁFİSCH.

מֶען מַאכְט צוּרֶעכְט הֶעכְט אָדֶער אָקוּנֶעס אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט צוּ מִיט צְװִיבֶּעלְן אוּנ װאוּרְצְלֶען אִין זַאלְצְװַאסֶער. עֶס װֶערְט אָבּ גֶעשׁוּמְט אוּנ אָבְּגֶעגָלָאשֶׁען, װִיא גֶעװֶעהנְלִיךְ אוּנ מֶען גִיבְּט צוּ אַבִּיסְל גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע פֶּעפֶּער. דֶער װַיילֶע מַאכְט מֶען הֵייס גוּטֶעס אֵייל, גִיבְּט הִינְאַיין גֶעשְׁנִיטְטֶענֶע זִיסֶע מַאנְדְלֶען, לָאזְט זַייא דְרִינֶען גֶעלְבּ פֶערְבְּרוֹינֶען; שְׁטוֹיבְּט אַריין גֶעשְׁטוֹיסֶענֶע דוּרְךְ גֶעזִיבְּטֶע מַצָה, מִישְׁט דוּרְךְ, גִיסְט אַרוֹיף אוֹיף דִיא פִּישֶׁע, װֶען דֶער יוֹיךְ אִיז שׁוֹין אוֹיס גֶעקָאכְט, אוּנ מֶען לָאזְט זִיא דַאמִיט אוּנ מִיט גֶעהַאקְטֶע פֶּעטְרוּשְׁקֶע אַיינְפְּרֶעגְלֶען.

### № 627. אֵיינֶע אַנְדֶערֶע אַרְט פִּישׁ אִין אֵייל גֶעפְּרֶעגֶעלְט.

מֶען בֶּעזַאלְצְט דִיא פִּישׁ (גֶעװֶעהנְלִיךְ פְּרַאכֶע) אוּנ מֶען לָאזְט לִיגֶען אַשְׁטוּנְדֶע צוּ 1½. נָאכְדֶעם שְׁװֵיינְקְט מֶען דָאס זַאלְץ נִיט אָבּ, נָאר מֶען װִישְׁט אוֹיס מִיט אַטוּךְ. מֶען צוּ שְׁלָאגְט עֶטְלִיכֶע אֵייעֶר, טוּנְקְט אַיין יֶעדֶעס שְׁטִיק פִּישׁ אִין דִיא צוּ שְׁלָאגֶענֶע אֵייעֶר, נָאכְדֶעם אִין דִין צוּ שְׁטוֹיסֶענֶע מַצָה, אוּנ מֶען לַייגְט אִין אַפַּאנֶע, אִין װֶעלְכֶער מֶען הָאט אוֹיפְגֶעקָאכְט דָאס אֵייל אָדֶער פּוּטְטֶער.

אוֹיסֶער פֶּסַח טוּנְקְט מֶען דִיא פִּישׁ שְׁטִיקֶע אִין מֶעהל אַיין.

# זִיבְּצֶענְטֶער אַבְּשְׁנִיטְט.

## פוּן פֶערְשִׁידֶענֶען גֶעטְרֶאנְקֶען.

### A. וַוארְמֶע.

#### № 628. קַאפְּפֶע. KAFFEE.

מֶען בְּרֶענְט דֶעם קַאפְּפֶע אִין אַקַאפְּפֶע בְּרֶענְנֶער אִיבֶּער אַשְׁטַארְקֶען פַייעֶר, אִינְדֶעם מֶען דְרֶעהט אוּנ מֶען שָׁאקֶעלְט אִיהם נָאךְ אַנַאנְד, בִּיז עֶר וֶוערְט קַאסְטַאנְיֶען בְּרוֹין. דַאן שִׁיט מֶען אִיהם אוֹיס אִיבֶּער וַוייסֶעס פַּאפִּיר אוּנ מֶען לָאזְט אִיהם אָבּ קִיהלֶען. מֶען גִיבְּט אִיהם אִין אַשִׁיסֶעל אוּנ מֶען שָׁאקֶעלְט לַאנְגְזַאם, אוּם עֶס זָאל אַרָאבּ דִיא דִינֶע שָׁאלֶעכְטְס, וָועלְכֶעס גִיבְּט דֶעם קַאפְּפֶע אַבִּיטְטֶער זוֹיעֶרְלִיכֶען גֶעשְׁמַאק. דַאן וֶוערְט גֶעמָאהלֶען אוּנ מֶען שִׁיט אִיהם אַרַיין אִין דֶעם קַאפְּפֶע בַּייטֶעל, וָואס הַיינְגְט אִין דֶער לֵייקֶע, וֶועלְכֶע אִיז אִין דֶער קַאפְּפֶעקַאנְנֶע. וִויא דָאס וַואסֶער גֶעהְמְט קָאכֶען, גִיסְט מֶען דֶער פוּן אוֹיף דֶעם קַאפְּפֶע אוּנ דֶעקְט דִיא לֵייקֶע יֶעדֶעס מָאל וִויעדֶער צוּ; אַז נִיט, וַוארְפְט זִיךְ אוֹיס דֶער גוּטֶער גֶערוּךְ. דָאס טְהוּט מֶען אַזוֹיא עֶטְלִיכֶע מָאל, בִּיז מֶען הָאט גֶענוּג. אוֹיף אַלוֹיט קַאפְּפֶע רֶעכִינְט מֶען דְרַייא טַאסְסֶען.

מְען מִישְׁט אוֹיךְ צוּקָארְיֶע אִין דֶעם קַאפְּפֶע. מִיט טְרִינְקְט אִיהם מִיט שְׁמַאנְט, מִילְךְ, אוֹיךְ שְׁוַוארְצֶען.

#### № 629. טְהֵייא. THEE.

דָאס צוּ בֶּערֵייטֶען פוּן טְהֵייא אִיז אִיבֶּער אַלְל גוּט בֶּעקַאנְט, סַייא אִין אַטְהֵייא קַאנְנֶע, סַייא מִיט אַטְהֵייםַאשִׁינֶע (סַאמָאוַואר). דַאפָּאן הָאבֶּען מִיר נִיכְטְס צוּ רֵיידֶען. מִיר קֶענֶען נָאר צוּ גֶעבֶּען: אַז צוּם טְהֵייא גֶעבְּרוֹיכְט מֶען אַרַאק, מִילְךְ אָדֶער שְׁמַאנְט, אוֹיךְ שְׁמֶעקְט דַארִין זֶעהר גוּט אַשְׁטִיקְל וַואנִילְלֶע, וָואס מֶען גִיבְּט אִין דִיא טְהֵייא קַאנְנֶע בַּיים אוֹיפְגִיסֶען, נִיט בַּיין בְּרִיהֶען. צוּם טְהֵייא פַּאסְט קָאנְפֶעקְטֶען, צְווִיבַּאק, אוֹיךְ פוּטְטֶער בְּרוֹיט.

#### № 630. מִילְךְ-שָׁאקָאלַאדֶע. MİLCH-CHOCOLADE.

דִיא שָׁאקָאלַאדֶע וֶוערְט אוֹיף אַפַּאפִּיר גְרָאבּ צוּ שְׁנִיטְטֶען. מֶען לֵייגְט זִייא אִין אַפֶּאנְדֶעל, גִיסְט אַרוֹיף אַבִּיסְל מִילְךְ, שְׁטֶעלְט אַפֶּען פַייעֶר אוּנ מֶען פִיהְרְט זִיא פַאנַאנְדֶער. וֶוען זִיא אִיז צוּ גַאנְגֶען, גִיסְט מֶען אַרוֹיף דִיא אִיבֶּערִיגֶע מִילְךְ אוּנ מֶען לָאזְט קָאכֶען אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג. דַאן וֶוערְט זִיא אִין דִיא שָׁאקָאלָאדֶענְקַאנְנֶע גֶעגָאסֶען.

אוֹיף אַקְוָוארְט מִילְךְ גֶעהְמְט מֶען 1/5 פוּנְד שָׁאקָאלַאדֶע.

וַואסֶער-שָׁאקָאלַאדֶע וֶוערְט גַאנְץ וִויא דִיא פָארִיגֶע בֶּערֵייטֶעט; נָאר אָנְשְׁטָאט מִילְךְ גֶעהְמְט מֶען וַואסֶער. אוֹיבּ מֶען ווִילל זִיא זָאלל גוּט שׁוּימֶען, זָא

גִיבְּט מֶען צוּ נָאךְ עֶטְוָואס צוּקֶער

ווִילל מֶען אֵייעֶר שָׁאקָאלַאדֶע מַאכֶען, זָא וֶוערְט אַריין גֶעמִישְׁט אִין דִיא קָאכֶענְדֶע מִילְךְ — שָׁאקָאלַאדֶע אֵיין אֵיי, וָואס מֶען הָאט צוּ שְׁלָאגֶען מִיט אַטְהֵיילֶעפֶּעל צוּקֶער אוּנ 2 עֶסלֶעפֶּעל מִילְךְ קַאלְטֶע אוּנ פֶּערְמִישְׁט.

אוֹיבּ דִיא שָׁאקָעלַאדֶע אִיז נִיט גֶענוּג זִיס, זָא גִיבְּט מֶען צוּ נָאךְ צוּקֶער אִיז דִיא שָׁאקָאלַאדֶע אַפְּרָאסְטֶע סָארְט, זָא גִיבְּט מֶען הִינְאַיין אַשְׁטִיקְל וַואנִיללֶע.

וֶוער עֶס ווִילל דִיא שָׁאקָאלַאדֶע גֶעדִיכְטֶער מַאכֶען, זָא פִיהרְט מֶען פַאנַאנְדֶער אַבִּיסְל קְרַאפְּט-מֶעהל (אָדֶער אַזוֹיא מֶעהל) אִין אַבִּיסְל מִילְךְ מִיט אַיין עֶטְוָואס זַאלְץ, אוּנ מֶען פֶּערְמִישְׁט אִין דִיא שָׁאקָאלַאדֶע.

## PUNSCH. פּוּנְשׁ. № 631.

אוֹיף 10 גְלָאזֶער גוּטֶען טְהֵייא גֶעהמְט מֶען 3 גְלָאזֶער גוּטֶען רָאם, דְרִיקְט הִינְאַיין דֶעם זַאפְּט פוּן $1/2$ צוּטְרִין (אוֹיךְ פוּן 3 פָּאמֶערַאנְצֶען), גִיבְּט הִינְאַיין צוּ שְׁטוּיסֶענֶע צוּקֶער $3/4$ פוּנְט. מֶען קֶען אָנְשְׁטָאט רָאם נֶעהמֶען דִיא וֶועלְבֶּע פְּרָאפָּארְצְיֶע לַאפִּיט אָדֶער אַרַאק

## CHAMPAGNER PUNSCH. שַׁאמְפַּאנְיֶער פּוּנְשׁ. № 632.

$1/2$ פוּנְד צוּקֶער לָאזְט מֶען מִיט $1/3$ שְׁטָאף וַואסְסֶער אוֹיפְקָאכֶען, גִיבְּט צוּ דֶעם זַאפְּט פוּן 5 צוּטְרִינֶען, $1/2$ פְלַאשֶׁע אַרַאק אוּנ אַפְלַאשֶׁע שַׁאמְפַּאנְיֶער דַאצוּ. מֶען מַאכְט עֶס צוּ זַאמֶען הֵיים אוּנ מֶען גִיסְט דֶעם פּוּנְשׁ דוּרְךְ אַסֶערְוֶועטֶע אִין שִׁיסֶעל.

## GEBRENNTER PUNSCH. גֶעבְּרֶענְנְטֶער פּוּנְשׁ. № 633.

מֶען נֶעהמְט אַבּוּטְל בּוּרְגוּנְדֶער וַויין, 1 פוּנְד מֶעהלֶעם צוּקֶער אַהַאלְבֶּע טְהֵיילֶעפֶעלֶע מוּסְקַאט-נוּס צוּשְׁטוּיסֶענֶע, צִימְרִינְג צוּשְׁטוּיסֶענֶע, דָאס אַלְלֶעם לָאזְט מֶען אוֹיפְזִידֶען, צִינְדֶעט אָן דֶעם וַויין אוּנ מֶען לָאזְט אִיהם בְּרֶענֶען, בִּיז עֶר וֶועט אַלְלֵיין פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען. דַאן נֶעהמְט מֶען אִיהם אַרָאבּ פוּן פַייעֶר אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ הֵייסֶער הֵייט.

## EIER-PUNSCH. אֵייעֶר פּוּנְשׁ. № 634.

מֶען נֶעהמְט אַהַאלְבֶּע בּוּטְל וַוייסֶען בַּאקַאטַאר, אָדֶער אַנְדֶערְן לֵייכְטֶען וַויין אַהַאלְבֶּען בּוּטְל אַרַאק, $1^1/_2$ פוּנְד גֶעשְׁטוּיסֶענֶע צוּקֶער, דֶעם זַאפְּט פוּן 2 פָּאמַראנְצֶען אוּנ פוּן 2 צוּטְרִינֶען, 18 אֵייעֶר אוּנ מֶעהר וִויא אַהַאלְבֶּען שְׁטָאף וַואסֶער. מֶען פִיהרְט פַאנַאנְדֶער 6 גַאנְצֶע אֵייעֶר אוּנ 12 גֶעלְבְּלֶעךְ מִיט דֶעם צוּקֶער אִין אַטִיפֶען גֶעשִׁירְר. דַאן גִיסְט מֶען דַארוֹיף דֶעם וַויין, דֶעם אַרַאק אִין דָאס וַואסֶער בִּיסְלֶעךְ וַוייס, וִויא אוֹיךְ דָאס גֶעלְבֶּע פוּן אַפָּאמֶערַאנְצֶע. מֶען שְׁטֶעלְלְט דֶעם טָאפְּף אוֹיף הֵייסֶע קוֹילֶען אוּנ מֶען שְׁלָאגְט (בַּאלְטַייעְט) דִיא מַאסְסֶע מִיט עֶטְלִיכֶע צוּ זַאמְטֶען

געבינדענע

געבונדענע רוטהען, ביז זיא ווערט צו אגעדיכטען שוים. דאן געהמט מען דעם מאפף ארונטער פון פייער, קלאפפט אימער נאך דיא מאססע איינינע מינוטען, זייהט דורך אהאארזיפ אונ מען דערלאנגט צום טיש אין בעכערן.

### GROG. גראג. № 635.

2 שטאף קאכענדעס וואסער, 2/3 פון אבוטל גוטען אראק אונ $1^1/_2$ פונד צוקער לאזט מען צוזאממען היים ווערען. ווען עס איז צו שטארק, גיבט מען צו נאך הייסעס וואסער.

### GLÜHWEIN. הייסער וויין. № 636

גוטער ווייסער אדער רויטער וויין ווערט מיט צוקער פערזיסט; מען גיבט צו געגעקעך אונ אשטיק צימרינג דאצו אונ מען לאזט דאס אפאר מאל אויפזידען. דאן געהמט מען דאס געווירץ ארויס, גיסט אין פלאשען אונ מען סערווירט הייסערהייט.

## B. קאלטע געטראנקע.

### BRANNTWEIN AUFGUSS (НАСТОЙКА). בראנטוויין-נאסטאיקא. № 637

מען נעהמט דיזע קרייטער אין אפטייק-בוד: היגציאן, טמין (קימעל), אינגבער וואורצעל, טישנעץ, פאמעראנצענגים, זאלאטאטיסיאצניק (וויזעגנעלקע),— פון דיא אללע פאר 3 קאפייקען יעדע. דער צו נאך: שטערנאנים, פראסטער אנים, קאלגאן (נאלגאנוואורצעל) אונ קאריצא (צימרינג), — פון דיא לעצטע פיר צו 5 קאפייקען יעדע. דאס אללעס מישט מען גוט צו זאממען, גיבט אין אגרויסע בוטעל, גיסט ארויף אהאלבען עמער קריטער בראננטוויין, פערפראפפט גוט אונ מען שטעללט אין אווארמען ארט אויף אוואך צייט, אינדעם מען טרייסעלט אויף דיא בוטל צווייא מאל אטאג. דאן זייהט מען דורך דעם בראנטוויין דורך אזיפ, אויף וועלכע מען לייגט אריין ליינוואנד, אונ מען גיסט איבער אין אנדערע בוטלען.

דיזע נאסטאיקע איז גוט פאר דיא, וועלכע ליידען מיט אשלעכטען מאגען (וועלכע פערדייען ניט גוט דאס עססען).

### LİQUEUR AUS BEEREN UND FRÜCHTEN. נאליוועקעס. № 638.

מען וואשט איבער 10 פונד יאגדעס (אדער פריכטע), ווארפט זייא אויף אזיפ אונ מען לאזט דאס וואסער אבריגען. מען גיבט גאר דיא יאגדעס אין אפלאשע, וואס האלט איין עמער, גיסט ארויף פריער פראנצאזישען בראנטוויין, נאכדעם קרימישען, אז דיזער זאל אריבער דיא יאגדעס מיט אפינגער דיק. מען פערפראפפט, מאכט אין דער פראפקע אקליינע לאכעל, אויבען פערבינדט

מען

מען מיט אשיטערן לאנגזאנד אונ מען שטעללט אויף אפענסטער אפען זון; עס דארף אזוא שטעהען אפאר מאנאטע. דאן זייהט מען דורך דיא נאליוקע, דורך אפלאגעל אדער וואטע, דורך אגלעזענע רייקע. אין דיא אויסגעזייהטע נאליוקע שיט מען אריין 5 פונד מעהלעס צוקער, מישט דורך, ביז דער צוקער צו געהט; דאן גיסט מען זיא אין בוטלען פערפראפט גוט אונ מען שטעללט אין אטרוקענעם קעללער.

מען קען אויף דיא יאגדעס אויפגיסען נאך אמאל בראנטוויין פון דיא אויבען געזאגטע פארטען אונ טאן ווייטער וויא פריער; נאר דעם צווייטען מאל דארף זיא שטעהען לאנגער וויא פריער.

## № 639. אנדערע נאליוקעס.

מען גיבט אין אגרויסע פלאשע 10 פונד יאגדעס, נאר פון וועלכער סארט; גיסט ארויף דרייא גארנעץ געקאכטעס וואסער אבגעקיהלטעס אין אהאלבען גארנעץ גוטען שפירט. דיא בוטעל בינדט מען ארום פון אויבען מיט פאפיר, שטעכט דורך אלעכעל אונ מען שטעללט אפען פענסטער אפען זון. נאך 12 טעג זייהט מען דורך דעם בראנטוויין דורך אטוכענעם זעקעל, גיבט צו 6 פונד צוקער, גיסט איבער אין אריינע פלאשע, בינד ארום מיט פאפיר, שטעללט אויף 24 שטונדען אפען זון. דאן זייהט מען דורך נאך אמאל דורך אטוכענעם זעקלא, גיסט פענאנדער אין בוטלען אונ פערקארקט גוט; פערבינדט מיט דראהט אדער דראטווע, גיסט ארויף טריפוואכס אונ מען שטעללט אין אטרוקענעם קעללער.

## KIRSCHEN-LIQUEUR. קארשען נאליוקע. № 640.

מען צושטויסט אין אשטויסעל (אשטופקע) אפוד קארשען מיט דיא ביינדלעך צוזאממען; פערמישט מיט אהאלבען עמער שפירט אדער גוטען בראנטוויין, גיסט איבער אין בוטלען, בינדט ארום פון אויבען מיט לייוואנד אונ מען שטעללט אפען זון אויף דרייא טעג. דאן דריקט מען זייא אויס דורך אגעדיכטע לייננוואנד, גיבט צו 10 פונד צוקער אונ, ווען דיזער צו געהעט, קאכט מען עס אויף אפאר מאל. נאכדעם גיסט מען דיא נאליוקע פאנאנדער אין בוטלען אונ מען שטעללט זייא אין קעללער.

## № 641. אנדערע קארשען־נאליוקע.

דיזע ווערט געמאכט גאר וויא אין נומער 639 איז אנגעגעבען; נאר דיא קארשען מוז מען צושטויסען מיט דיא ביינדלעך צו זאממען; דען דיזע גיבען איינען אנגענעהמען געשמאק פון ביטטערן מאנדעלן.

## EIN SCHÖNER LIQUEUR. אשיינער ליקער. № 642.

וויא פיל בוטלען מען וויל האבען, נעהמט מען אויף יעדע איין אהאלב פונד צוקער

צוקער . דיזען גיבט מען אין אַקאַפּטְרוּלֶע (אַשְׁטיינערנֶע אָדער אַלֵיימֶענֶע) , בֶּעגִיכְט איהם מִיט אַבִּיסֶעל וואסער (אויף יֶעדֶעם הַאלְבּ פוּנְד אַלֶעפֶּעל וואסער) . ווען דֶער צוקער איז אַבִּיסְל צוגאנגען , גִיסְט מֶען דַארוּיף אַזוֹא פִּיל בּוּטְלֶען פוּן דִיא גֶעמַאכְטֶע נַאלִיוְוקֶעס . וויא פִּיל הַאלְבּ פוּנְד צוּקער דָא אִיז ; מֶען שְׁטֶעלְלְט אַפֶען פְּלִיטְטֶע אוּנ לֶאזְט עֶס גוּט אָנְוַוארְמֶען , בִּיז דֶער צוּקֶער אִיז גָאר צוּ גַאנְגֶען . דַאן גֶעהמְט מֶען אַרָאבּ , זַייהט אִיהם דוּרְך , לָאזְט אָפְּקִיהְלֶען אוּנ מֶען גִיסְט פַאנְאַנְדֶער אִין בּוּטְלֶען .

אַזוֹא מַאכְט מֶען לִיקֶערְן פוּן אַלְלֶערְלֵייא יַאגְדֶעס אוּנ פְּרִיכְטֶען .

## № 643. אַיין אַנְדֶערֶע שֵׁיינֶער לִיקֶער .

אִין אַהַאלְבֶּען שְׁטָאף וואסער צוּ לָאזְט מֶען אַהַאלְבּ פוּנְד צוּקֶער , גִיסְט צוּ 1/4 שְׁטָאף שְׁטַארְקֶען שְׁפִּירְט (וָועלְכֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּיף פָּאמֶערַאנְצֶען , קַאלְמוּם , אוּנ אִינְגְבֶּער) , מֶען פִּיהְרְט פַאנַאנְדֶער אַבִּיסְל צוּטְרִינְאֵייל אִין אַבִּיסְל שְׁפִּירְט אַפַּארְט , אוּנ דִיזֶעס גִיסְט מֶען הִינְאַיין , אִימְמֶער מִישֶׁענְדִיג . מֶען פַארְבְּט דָעם לִיקֶער מִיט צוּקֶער פַארְבֶּע , וֶועלְכֶע זָאל גֶעבֶּען אַנְאַקְדְבְּרוּינֶעם קָאלִיר .

דַאן וֶוערְט עֶר אִין פְלַאשֶׁען גֶעפִּילְלְט .

## № 644. דָאס גֶעטְרַאנְק-בִּישָׁאף . BİSCHOF.

אוּיף אַשְׁטָאף פְּרַאנְצֶאזִישֶׁען בְּרַאנְטְוַויין גֶעהמְט מֶען 20 פָּאמֶערַאנְצֶען ; מֶען שֵׁיילְט זֵייא אָבּ זֶעהר דִין , אָהנֶע דִיא וַוייסֶע , אוּנ מֶען גִיבְּט דָאס שָׁאלֶעכְטְס פוּן אַלֶע פַאמֶערַאנְצֶען אִין דֶעם בְּרַאנְטְוַויין , לָאזְט שְׁטֶעהֶען אַמָאנַאט אִין אַנְוַוארְמֶען אָרְט אָדֶער אַפֶען זוּן . דֶער פוּן בֶּעקוּמְט מֶען אַיין עֶסְסֶענְץ , וֶועלְכֶע מֶען זַייהט אָבּ אִין אַיין אַנְדֶער בּוּטֶעל אוּנ מֶען הַאלְט דָאס אִין שְׁרַאנְק , בִּיז מֶען וֶועט דַארְפֶען גֶעבְּרוּיכֶען .

אוּם צוּ מַאכֶען דֶעם בִּישָׁאף , גֶעהמְט מֶען אַבּוּטְל וַוייסֶען וַויין , גִיסְט אִיהם אִין אַשִׁיסֶעלֶע , שִׁיט הִינְאַיין 2 גְלֶאזֶער מֶעהְלֶעם-צוּקֶער , מִישְׁט גוּט דוּרְך , בִּיז דֶער צוּקֶער צוּגֶעהט אִין גַאנְצֶען . דַאן גִיסְט מֶען הִינְאַיין אַגְלֶאזֶעל פוּן יֶענֶער עֶסְסֶענְץ , גִיסְט אִיבֶּער דֶעם וַויין אִין אַבּוּטְל פֶערְפְּרָאפְּט אוּנ פֶערְגִיסְט מִיט פֶּעך .

## № 645. אַיין אַנְדֶער בִּישָׁאף .

מֶען גִיבְּט גְרִינֶע צוּשְׁנִיטְטֶענֶע פָּאמְמֶערַאנְצֶען אִין אַגֶעשִׁירְר , גִיבְּט הִינְאַיין שְׁטִיקְקֶער צוּקֶער , אוּיף וֶועלְכֶע מֶען הָאט אָנְגֶערִיבֶּען צוּטְרִינְשָׁאלֶעכְטְס ; גִיסְט אַרוּיף רוֹיט וַויין אוּנ מֶען לָאזְט עֶס שְׁטֶעהֶען 24 שְׁטוּנְדֶען צוּגֶעדֶעקְטֶערְהֵייט .

## № 646. לִימָאנַאדֶע . LİMONADE.

מֶען דְרִיקְט אוּיס אִין אַשִׁיסֶעלֶע דוּרְך אַזִיפּ דֶעם זַאפְּט פוּן צֶעהֶען לִימָאנֶען אוּנ 2 אַפֶּעלְסִינֶען . מֶען קָאכְט אוּיס אַגֶעדִיכְטֶען סִירָאפּ פוּן פִיר פוּנְד צוּקֶער מִיט פִיר

פיר גלאזער וואסער, לאזט אבקיהלען אונ מען פערמישט מיט דעם זאפט. דיזע לימאנאדע טרינקט מען געמישט מיט וואסער.

## № 647. קארשענוואסער. KIRSCHWASSER.

אויף $1^1/_2$ שטאף וואסער נעהמט מען $^1/_4$ פונד זויערע קארשען געטריקנטע. דיזע ווערען געשטויסען מיט דיא קערנער צו זאממען אונ געקאכט מיט דעם שאלעכטס פון אצוטרין, א שטיק צימרינג אונ עטוואס צוקער. — דאס איז אגוטעס געטראנק פאר קראנקע.

## № 648. ראזינקעס וויין (יין צמוקים לפסח). ROSINEN WEIN.

אויף אפונד אויסגעקליבענע ראזינקעס רעכנט זיך צוויא קווארט (שטאף) וואסער. נאך דיזעם מאאס שטעללט מען איין דיא קוואנטיטאט פון דעם וויין. מען קלייבט אוים דיא ראזינקעס אויף אברעט אונ מען צוברעקעלט זייא דין מיט אמעססער אדער מען צו האקט זייא מיט אהאקמעססער. מען גיבט זייא אין אגרויסען טאפף אדער אין אפאסעל, גיסט ארויף וואססער, וויא פיל עס פארדערט זיך; דעקט דאס פאסעל צו אונ מען שטעללט עס אויף אווארמען ארט, בעססער איז אפען אויבען אדער הינטערן אויבען. נאך דרייא פיר טאג בעוועיזט זיך פון אויבען אשוים, דיא געהרונג: עס שווימען ארויף דיא ראזינקעס. מען נעהמט דאס פאס הערונטער פון אויבען, נעהמט צוזאממען דיא ראזינקעס אין אליינוואנד, דריקט זייא אוים אין פאס, אונ פון דיזעם גיסט מען דעם וויין אין אפלאנעלענעם זעקעל, וועלכען מען הייגט איבער איין אנדער כלי. דעם אוים געווייהטען וויין גיסט מען אין בוטלען אונ מען פפראפפט זייא פעסט צו.

אום צו געבען אשיינעם קאליר דעם וויין, גיבט מען אין דעם זעקלע, דורך וועלכען ער זייהט זיך דורך, אביסל שווארצע יאגדעס געטריקנטע.

## № 649. וויא צוא ברייען מעד. METH ZU BRAUEN.

אויף אנארנעץ האניג (פאטאקא) נעהמט מען 5 נארנעץ וואסער. מען פיהרט פאנאנדער דעם האניג, אינדעם מען מישט אפט מיט אגרויסען האלצערנעם לעפעל, אונ מען שטעלט אין דער ווארעם אויף 24 שטונדען. אויף מארגען זייהט מען עס דורך אזעקעל, געמאכט פון טוך (דיקען געוואנד). אהעלפט דער פון גיסט מען אין קעסעל אונ מען מאכט אצייכען אויף אקינעלע דיא הויך, וויא פיל ער פערנעהמט אין דעם קעסעל; דאן דערגיסט מען דיא אנדער העלפט אונ מען קאכט דאס האניג-וואסער אזוא לאנג. ביז עס ווערט אבגעקאכט ביז דעם צייכען, וואס מען האט געמאכט אויף דער קינעלע. יעצט גיסט מען צו נאך אמאל אזוא פיל טייך וואסער אונ מען קאכט ווייטער, ביז עס קאכט זיך אב ביז דעם צייכען. ביי דעם אנדער מאל נעהמען קאכען גיבט מען צו גוטען האפפען (חמעל); אויף 5 נארנעץ פון דיזעם האניג-וואסער אפערטעל פונד האפפען,

ווּעלכען

װעלכען מען גייהט איין אין אלײנוואנדענעם זעקעל מיט אשטיינדעל דערין , אונ
מען הייננגט איהם אויף אשטעקעל אין דעם מעד אריין . ווען עס האט דעם אנדער
מאל אבגעקאכט , גיבט מען דעם מעד אין אדובאווע קאדקע , לאזט איהם אב-
קיהלען , ביז ער ווערט לעפלעך , וויא אנגעמאכקעגע מילך . יעצט גיבט מען צו
הייוואן (אויף פסח נעהמט מען ווייןהייוון , וואס מען קריגט ביא דיא ווייןמאכער)
אונ מען לאזט שטעהען אין אווארמען ארט , ביז עס נעהמט אירען (גאהרען).
געוואהנליך הייבט זיך אין דאס אירען אויף דעם 3 טען טאג , אונ מען לאזט
אירען 4—5 טעג . ווען דער שוים ווערט שוואַרץ , נעהמט מען דעם מעד
דיסטילירען : מען לאזט איהם זיך דורך זייהען דורך אזעקעל פון אדיקען
געוואנד . מען גיסט איהם ווייטער איבער אין אדובאווע פעסעל (אנקער) , וואס
מען האט פריער אויס געראויכערט מיט שוועבעל , אונ מען פערפראפט פעסט .
ווער עס וויל געבען דעם מעד ארויטען קאליר , זא ווארפט מען הינאיין ביין
ענדע קאכען אשטיק אייזען פון אהאלב פונד איין אנגעגליהטען , אדער מען
ברענט איבער צוקער אונ מען גיסט אריין אין דעם מעד .

## № 650. מעדקוואס. METH-KWASS.

מען גיבט אין אפעסעל אפונד ראזינקעס , 4 פונד גוטען האניג-פאטאקא , אונ
5 צוטרינען אין פענעצען געשניטען . מען גיסט הינאיין 30 בוטלען קאכענדעס
וואסער , לאזט אבקיהלען אונ מען גיסט הינאיין אגלאז הייוון , פערמישט מיט
3 לעפעל מעהל . אויף מארגען קען מען צו גיסען 5—6 בוטלען קאלטעס וואסער .
דיא ארויף געשוואומענע ראזינקעס אונ צוטרין נעהמט מען ארויס , אונ דעם
קוואס גיסט מען פענאנדער אין בוטלען , פערפראפט גוט אונ מען שטעלט
אויף אקאלטען ארט .

## № 651. סידר (עפעל וויין). CIDER.

מען צושניידט אין שטיקלעך 10 פונד געטריקנטע עפעל , גיבט זייא אין
אפעסעל גיסט ארויף 2 1/3 עמער וואסער אונ מען לאזט שטעהען אויף דרייא מעת
לעת . דאן זייהט מען עס אב אין אקעסעל אונ מען שטעלט צו קאכען אשעה
צייט ; גיסט נאכדעם אב אין אוויינפעסל אונ גיבט צו 2 גלאזער פראנצויזישען
בראנט וויין , אדער ראם . מען גיסט ווייטער ארויף אויף דיא זעלבע עפעל איין
קאכענדעס וואסער , לאזט שטעהען 3 טעג ; נאכדעם קאכט מען עס ווייטער וויא
דעם ערסטען מאל אונ מען גיבט אריין אין יענעם וויינפעסעל . צו לעצט פיהרט
מען פאנאנדער 1 1/2 פונד צוקער אין וואסער , לאזט קאכען , ביז עס ווערט רויט
אונ מען גיבט עס אין דאס פעסעל ; מען גיבט אויך אריין דאהין 3 גלאזער הייוון
(פון ווייסען וויין) , פערשפונטעוועט דאס פעסעל אונ מען שטעלט אפען אייז
אויף זעקס וואכען .

מען

## RUSSISCHER KWASS. רוּסְסִישֶׁע קְוַואס. № 652.

מֶען שִׁיט אַרַיין אִין אַקאדְקֶע צוּ דְרַייא גַארְנֶעץ: (גֶערְסְטֶענְ-מַאלְץ, (סָאלָאד), קָארֶענְמַאלְץ אוּנ קָארֶענֶע מֶעהל, גִיסְט דַארוֹיף פִינְף גַארְנֶעץ קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער, מִישְׁט גוּט דוּרְךְ, דֶעקְט צוּ אוּנ מֶען לָאזְט שְׁטֶעהֶען אַפָּאר שָׁעָה. מֶען גִיבְּט דִיזֶען טֵייג אִין צְוַוייא טֶעפְּף נִיט גַאנְץ פוּל, אוּם עֶס זָאל נִיט אִיבֶּער לוֹיפֶען, אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אִין אוֹיבֶען, וָואס אִיז גֶעהֵייצְט, וִויא אוֹיף בְּרוֹיט, אִיבֶּער נַאכְט; מֶען נֶעהְמְט אָפְּט אַרוֹיס דִיא טֶעפְּף אוּנ מֶען מִישְׁט דֶעם טֵייג, אוּם עֶר זָאל נִיט אָנְ-בְּרֶענֶען; אַזוֹא טְהוּט מֶען עֶטְלִיכֶע מָאל אִין דֶער נַאכְט. אוֹיף מָארְגֶען נֶעהְמְט מֶען אַרוֹיס דֶעם טֵייג פוּן אוֹיבֶען, לֵייגְט אִיהם אִיבֶּער אִין אַקאדְקֶע, פִיהְרְט פַאנַאנְדֶער מִיט פִיר עֶמֶער וַואסֶער, אוּנ מֶען מִישְׁט אָפְּט עֶטְלִיכֶע שְׁטוּנְדֶען צַייט. נָאכְדֶעם וֶוען דִיא מַאסְסֶע הֵייבְּט זִיךְ אָן צוּ זֶעטְצֶען, נֶעהְמְט מֶען בִּיסְלֶעךְ וַויים אַרָאבּ דָאס שִׁיטֶערֶע פוּן אוֹיבֶען אוּנ מֶען גִיסְט אִין אַיין אַנְדֶער קָאדְקֶע; מֶען דַארְף גָאר אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, עֶס זָאל נִיט מוּטְנֶע וֶוערֶען, — אוּנ יֶעדֶער מָאל וֶוען עֶס וֶוערְט מוּטְנֶע, הֶערְט מֶען אוֹיף צוּ גִיסֶען אוּנ מֶען וַוארְט, בִּיז עֶס שְׁטֶעהְט זִיךְ וַוייטֶער אַיין. יֶעצְט מַאכְט מֶען אַהֵייוֶועןְטֵייג פוּן דְרַייא גְלֶאזֶער מֶעהל אוּנ אַגְלָאז גֶעדִיכְטֶען הֵייוֶוען. וִויא עֶר גֶעהט אוֹיף, גִיסְט מֶען אִיהם אַרַיין אִין דֶעם אָבְּגֶעגָאסֶענֶעם קְוַואס, וֶועלְכֶען מֶען וַוארְמְט אָן אַפֶּען פַייעֶר; שְׁטֶעלְט אִין דֶער וַוארְם אוּנ מֶען דֶעקְט אִיהם צוּ מִיט אַלַיינְוַואנְד. וֶוען עֶס בֶּעוַוייזְט זִיךְ אַשׁוּם, מִישְׁט מֶען דוּרְךְ דֶעם קְוַואס, זַייהט אִיהם דוּרְךְ אַזִיפּ אִין אַיין אַנְדֶער כֵּלִי, גִיסְט פַאנַאנְדֶער אִין בּוּטְלֶען אוּנ פֶערְקָארְקֶעט גוּט. מֶען הַאלְט זַייא אִין שְׁטוּבּ, אוּנ וִויא עֶס בֶּעוַוייזְט זִיךְ אַשׁוּם, טְרָאגְט מֶען זַייא אַרוֹיס אִין קֶעלְלֶער. דִיא בּוּטְלֶען דַארְפֶען זַיין נִיט גָאר פוּל.

מֶען דַארְף נִיט אָנְוַוארְמֶען גָאר דֶעם קְוַואס, וֶוען מֶען גִיבְּט הִינְאַיין דֶעם הֵייוֶוענְטֵייג; נָאר מֶען גִיסְט אַבִּיסְל אָבּ אִין קַאסְטְרוּלֶע, וַוארְמְט אָן אַפֶּען פַייעֶר, גִיבְּט אַרַיין דֶעם הֵייוֶוענְטֵייג אוּנ נָאכְדֶעם פֶערְמִישְׁט מֶען מִיט דֶעם אִיבְּרִיגֶען.

וֶוען מֶען מַאכְט דֶעם קְוַואס אִין ווִינְטֶער, פִיהְרְט מֶען אִיהם פַאנַאנְדֶער מִיט קָאכֶענְדֶעם וַואסֶער, אוּנ אוֹיבּ אִין זוּמֶער מִיט קַאלְטֶעס וַואסֶער; אַז נִיט, קֶען עֶר אִיבֶּערְזַייעֶרְן.

דִיא אָנְגֶעגֶעבֶּענֶע פְּרָאפָּארְצְיָאן מַאלְץ אִיז אוֹיף 60 בּוּטְלֶען.

אוֹיף דָאס גֶעדִיכְטֶע פוּן דֶעם מַאלְץ קֶען מֶען ווִיעדֶער אַרוֹיף גִיסֶען פִיר עֶמֶער וַואסֶער, צוּ לֵייגֶען דֶעם הֵייוֶוענְטֵייג אוּנ טָאן ווִיא פְרִיעֶר; נָאר דֶער קְוַואס וֶועט אַרוֹיס קוּמֶען אַבִּיסְל שְׁוַואכֶער ווִויא פְרִיעֶר אַבִּיסְל שְׁוַואכֶער.

## BROT KWASS. בְּרוֹיט קְוַואס. № 653.

מֶען טְרִיקֶנְט אוֹיס אִין אוֹיבֶען פִינְף פוּנְד קָארְנְבְּרוֹיט, גִיבְּט עֶס אִין אקאדקע

אקאדקע ; גיבט צו אהויפען פעפער מינץ, גיסט ארויף 6 גארנעץ קאכענדעס וואסער, דעקט צו אונ מען לאזט שטעהען 24 שטונדען. אויף איין אנדער קאדקע לייגט מען אפאר שטאנגלעך, שטעלט דארויף אזיפ, גיסט דורך איהר דאס אב-געשטאנענע ברויט-וואסער אונ מען גיט אכטונג, עס זאל ניט מוטנע ווערען. נאכדעם שטעלט מען דיא זיפ אויף אדריטע קאדקע אונ מען גיסט דורך איהר דאס געדיכטע פון דעם ברויט. יעצט וואשט מען אויס ריין דיא ערסטע קאדקע, אין וועלכער עס האט זיך געזייערט דאס ברויט, שטעלט דארויף דיא זיפ מיט דאס געדיכטע פון דעם ברויט אונ מען גיסט דורך איהר דאס ערסטע אבגעגאסענע וואסער. דאן פערמישט מען ביידעס אבגעגאסענע, גיבט היניין $1^1/_4$ פונד צוקער. 2 לעפעל בירהייוען, אדער אשטיקל טרוקענע הייוען, מישט דורך, דעקט צו אונ מען לאזט שטעהען, ביז עס ווייזט זיך אשוים. דאן נעהמט מען אראב דעם שוים, גיבט ראזינקעס אין ריינע בוטלען אין יעדערע צו דרייא אונ מען גיסט אין דיזע פאנאנדער דעם קוואס, פערקארקט גוט אונ מען האלט איהם זומער אפען אייז אונ ווינטער אין קעלער.

דיזען קוואס מאכט מען אין דער ווארעם, אונ אין עטליכע טעג קען מען איהם שוין געברויכען.

## № 654. אנדערע ברויט קוואס.

מען טריקנט אויס 8 פונד קארנברויט אין אויבען, ביז ברוין; גיבט עס אין אקאדקע, לייגט צו פעפער מינץ אהאלב פונד, גיסט ארויף קאכענדעס וואסער, דעקט צו אונ מען לאזט שטעהען אין קיך 24 שטונדען. דאן גיסט מען איהם איבער דורך אזיפ אין איין אנדער קאדקע אונ מען גיבט צו 4 פונד האניג; מען לאזט דעם קוואס ניט אבקיהלען. דער ווייל, פריער דארף שוין זיין אנגעגרייט בירהייוען אהאלבעס גלאז, מען פערמישט איהם מיט 2 לעפעל ווייצענ-מעהל אונ לאזט איהם אויפגעהן אין אווארמען ארט. דאן גיסט מען אב אביסל קוואס, פיהרט איהם פאנאנדער מיט דעם הייוען; נאכדעם גיסט מען עס אריין אין דעם אבגעגאסענעם קוואס אונ מען מישט דורך מיט אלאנגע לאפעטקע. יעצט דעקט מען איהם צו מיט אוואליק, צו מיט אדעקע, שטעלט איהם ביין אויבען אויף 5—4 שעה. ווען עס ווייזט זיך אשוים, נעהמט מען איהם אראב לאנגזאם, אום דעם קוואס ניט מוטנע מאכען; גיסט איהם פאנאנדער אין בוטלען אונ מען פערקארקט זייא מיט אב געבריהטע קארקען; מען טראגט זייא גלייך ארויס אין קעלער, אום זייא זאלען ניט פלאטצען.

אין דרייא טעג ארום קען מען זייא שוין געברויכען.

## № 655. עפעל קוואס. AEPFEL-KWASS.

מען גיבט אין אפאסל געטריקנטע עפעל, וואס זאל פערנעהמען אפערטען טהייל אונ אויף דיא איבריגע דרייא פערטל פון דעם פעסעל גיסט מען היניין

קָאכְּעֶנְדֶעם וַואסֶער; מֶען דֶעקְט עֶס צוּ אוּנ מֶען לָאזְט שְׁטֶעהֶען אִין אַוַוארְמֶען אָרְט גַאנְצֶע 24 שָׁעָה. דַאן גִיסְט מֶען אִיהם אָבּ אָדֶער מֶען זַייהט אִיהם אָבּ אִין אַיין אַנְדֶער כְּלִי, גִיבְּט צוּ צוּקֶער, נָאךְ בֶּעלִיבֶּען, מִישְׁט גוּט דוּרְךְ, בִּיז דֶער צוּקֶער זָאל גוּט צוּ גֶעהֶען. מֶען גִיסְט אִיהם פַאנַאנְדֶער אִין בּוּטְלֶען, פֶערְקָארְקְט אוּנ מֶען טְרָאגְט זַייא אַרוֹיס אַפֶען אַייז.

## ZITRONE KWASS. צוּטְרִין־קְוַואס. № 656.

מֶען מַאכְט אִין אַפֶּאסֶעל (אַנְקֶער) אַפִּירְעֶקִיגֶעס לָאךְ פוּן 1½ וֶוערְשָׁאק. מֶען צוּ שְׁנַייְדְט 5 צוּטְרִינֶען, נִיט אָבְּגֶעשֵׁיילְטֶע. אִין פֶענְעֶצֶען (שִׁייבֶּען); דִיא זוֹימֶען וַוארְפְט מֶען אַרוֹיס. מֶען גִיבְּט זַייא אִין דָאס פֶּאסֶעל, גִיבְּט צוּ 4 פוּנְד צוּקֶער אוּנ אַפוּנְד רָאזִינְקֶעס, גִיסְט אַרוֹיף אַצֵיינִיק קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער, פֶערְפְּרָאפְּט גוּט צוּ דָאס פֶעסֶעל אוּנ מֶען לָאזְט עֶס אִין שְׁטוּבּ אוֹיף 24 שְׁטוּנְדֶען. דַאן פֶערְמִישְׁט מֶען אַדְרִיטְל גְלָאז הֵייוֶוען מִיט אַלֶעפֶעל וַוייצֶענְמֶעהל, פִּיהרְט פַאנַאנְדֶער מִיט אַבִּיסְל גֶעקָאכְטֶען וַואסֶער אָבְּגֶעקִיהלְטֶען, אוּנ דִיזֶעס גִיסְט מֶען אַרַיין אִין דָאס פֶּאסֶעל, גִיסְט אַרוֹיף נָאךְ 36 בּוּטְלֶען גֶעקָאכְטֶע וַואסֶער אָבְּגֶעקִיהלְטֶעס, דֶעקְט צוּ אוּנ לָאזְט שְׁטֶעהֶען. וֶוען עֶס הֵייבְּט אָן צוּ אִירְרֶען (גֶאהרֶען); עֶס נֶעהמְט זִיךְ פוּן אוֹיבֶּען בְּלָאזְלֶען אוּנ דִיא רָאזִינְקֶעס אוּנ דִיא צוּטְרִין שְׁווִימֶען אַרוֹיף פוּן אוֹיבֶּען, דַאן אִיז דֶער קְוַואס שׁוֹין פֶערְטִיג. מֶען זַייהט אִיהם אָבּ אִין אַיין אַנְדֶער גֶעשִׁירְר, דוּרְךְ אַזִיפּ, אוּנ מֶען גִיסְט אִיהם גְלַייךְ פַאנַאנְדֶער אִין בּוּטְלֶען; מֶען פֶערְקָארְקְט זַייא גוּט אוּנ מֶען טְרָאגְט זַייא אַרוֹיס אַפֶען אַייז.

## WEISS KWASS (КИСЛЫЯ ЩИ). קִיסְלִי שְׁצִי. № 657.

אוֹיף 115—120 בּוּטְלֶען נֶעהמְט מֶען 10 פוּנְד גֶערְסְטֶענְמַאלְץ (סָאלָאד), 10 פוּנְד מָאסְקְוֶוער מַאלְץ, 15 פוּנְד וַוייצֶענְמָעהל, 5 פוּנְד רֶעצְקֶע מֶעהל, 3 פוּנְד הָאבֶּערְנֶע מֶעהל 2 גְלָאזֶער הֵייוֶוען, 2 פוּנְד מֶעהלֶעס צוּקֶער, 2 פוּנְד רָאזִינְקֶעס אַפֶערְטְל פוּנְד מִיַאטֶע (פֶעפֶער מִינְץ).

מֶען שִׁיט אַרַיין גָאר דֶאס מֶעהל אוּנ דֶעם מַאלְץ (סָאלָאד) צוּ זַאמֶען אִין אַטְרוּקֶענֶע קַאדְקֶע אוּנ מִישְׁט גוּט דוּרְךְ. מֶען נֶעהמְט פוּן דִיזֶער פֶערְמִישׁוּנְג אַפֶערְטֶען טְהֵייל אוּנ לָאזְט בֶּעזָאנְדֶער, אוּנ דָאס אִיבְּרִיגֶע אִין דֶער קַאדְקֶע פֶערְגִיסְט מֶען מִיט וַוארְמֶען וַואסֶער, מִישְׁט דוּרְךְ אוּנ מֶען מַאכְט דֶער פוּן אַטֵייג נִיט זֶעהר גֶעדִיכְט אוּנ נִיט שִׁיטֶער.

מֶען שְׁטֶעלְלְט דִיא קַאדְקֶע אִין אַוַוארְמֶען אָרְט אוֹיף 6 שָׁעָה אוּנ מֶען דֶעקְט צוּ מִיט אַלַיינְוַואנְד אָדֶער מִיט אַנָאלִיק. וֶוען דֶער טֵייג וֶוערְט שִׁיטֶער, שִׁיט מֶען צוּ דֶעם פִירְטֶען טְהֵייל פוּן דֶער פֶערְמִישׁוּנְג, וֶועלְכֶע מֶען הָאט פְרִיעֶר גֶעלָאזֶען; מִישְׁט יֶעצְט גוּט דוּרְךְ אוּנ מֶען לָאזְט שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם אָרְט נָאךְ אוֹיף דְרַייא שָׁעָה. דַאן קְלָאפְּט מֶען אוֹיף דֶעם טֵייג מִיט אַלַאנְגֶע לָאפֶּעטֶע אוּנ מֶען פִיהרְט אִיהם פַאנַאנְדֶער מִיט קָאכֶענְדֶען וַואסֶער אוֹיף אַזוֹא פִיל, אַז עֶר זָאל אַרוֹיס קוּמֶען

אטיינ וויא אויף בלינעס. מען דעקט צו אונ מען לאזט ווייטער שטעהען אדרייא שעה; דאן גיסט מען עס איבער אין איין אנדער קאדקע, גיסט צו נאך וואַרמעס וואסער, אויף דיא 2 גלאזער היינון, אונ מען דער גיסט נאך קאכענדעס וואסער אזוא פיל, אז עס זאל ארויס קומען דיא צאהל פון 120 בוטלען, — אונ מען האלט עס אין אנוואַרמען אָרט. יעצט גיסט מען דער פון אָב אפאר בוטלען אונגעפאהר אין אקאסטרולע, לאזט אויפקאכען גיבט הינאיין דיא ראזינקעס אונ מען לאזט נאך אמאל אויפקאכען. מען נעהמט ארויס דיא קאסטרולע פון דער פלימע, גיבט הינאיין דיא (פראסטע פעפער), שיט צו דעם צוקער, מישט דורך ביז דער צוקער צוגעהט אין גאנצען, אונ מען זייהט עס אָב. אין 2 שטונדען ארום ווען דער קיסלישצי געהמט אירען, זא גיסט מען איהם איבער אין נאך אקאדקע, גיבט הינאיין דיא אויפגעקאכטע מיט דיא מיאטע אין דעם צוקער, מישט דורך אונ לאזט גוט זיך אבשטעהען. ווען דער קוואס שטעהט זיך ניט איין גיך, זא גיבט מען הינאיין אשטיק אייז, וויא אפויסט גרויס, אונ ווען דער קוואס איז איינגעשטאנען גיסט מען איהם פענאנדער אין בוטלען ניט פול, אהאלב שעה צייט פערקארקט מען נאך ניט. דאן פערפראפט מען זייא גוט, בינדט איבער דיא פראבקעס מיט שטריקלעך אונ מען שטעלט זייא אין קעלער.

פון דאס געדיכטע, וואס איז געבליבען, קען מען מאכען ווייטער אקוואס וויא פריער. ער וועט ניט זיין אזוא גוט וויא דער ערסטע, אבער ער וועט אליך זיין אגוטער קוואס אונ מען קען איהם געברויכען צו מאכען קיסעל אונ מאנכעס אנדערעס.

ESSİG. עסיג. № 658.

מען שטעלט אוויינפאס, בראנפענפאס אדער איין עסיג-פאס אויף אוואַרמען אָרט, גיסט עס אן האלב מיט וואסער אונ מען וואַרפט דאהין אלץ, וואס עס בלייבט נאר פון פערברויכטען פרוכטען, אויף דיא שאלעכטס אונ אויך אנגעפוילטע, — אונ מען דעקט צו מיט אדעקעל. פון צייט צו צייט פערזוכט מען, אויב דאס וואסער האט שוין בעקומען איין עסיג זייערקייט: דאן מאכט מען אָב דעם שוים אונ מען פילט אין בוטלען (דורך אליקע, אין וועלכער עס דארף ליגען אליינגעוואנד) גאר וואס איז דא אין דעם פאס. נאכדעם גיסט מען אין דיזעס ווידער פרישעס וואסער, וואַרפט ווייטער דאהין דעם אבפאלל פון פרוכטען אונ מען מהוט ווייטער וויא פריער.

דיא בוטלען ווערען גוט צוגעפראפט אונ 8 טאג מוזען זייא שטעהען אפען זון. דיזער עסיג איז שארף, ריין אונ גוט, אונ קאסטעט גאר ניכטס.

HİMBEER ESSİG. מאלינעס עסיג. № 659.

מען נעהמט גוטען עסיג, גיסט איהם אין בוטלען, וואו מען האט פריער גענעבען גוטע מאלינעס, אויף 3—4 פינגער הויך אין יעדע; מען פערבינדט זייא גוט

גוּט אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זַייא אַפֶּען זוּן דִּיסְטִילְלִירֶען. וֶוען דֶער עֶסִיג אִיז גֶעוָוארֶען רוֹיט אוּנ שְׁמֶעקְט מִיט מַאלִינֶעס, זָא גִיסְט מֶען אִיהם אִיבֶּער אִין אַנְדֶערֶע בּוּטְלֶען דוּרְךְ אַלַייקֶע. אִין וֶועלְכֶער עֶס לִיגְט אַדִּינֶער טוּךְ אָדֶער לָאשְׁפַּאפִּיר, אוּנ דִיזֶע פַּפְּרָאפְּפְּט מֶען גוּט צוּ.

## № 660. אַגְרוֹיסֶעס אֵיי צוּ מַאכֶען. DAS STRUSSENEI.

וֶוער עֶס ווִילל פַאר זַיינֶע גֶעסְט אֵיינֶע אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג מַאכֶען, זָא זָאל עֶר, אוּנְטֶער אַנְדֶערֶע שְׁפַּייזֶען, פַאר זַייא אֵיין גְרָאסֶעס אֵיי אוּיפְטְרַאגֶען לַאסֶען. דִיזֶעס וֶוערְט גֶעמַאכְט אַזוֹא:

מֶען לָאזְט מַאכֶען אַפוּרְם פוּן מֶעטַאלְל, אָדֶער עֶס אִיז פְרַאגֶען אַזֶעלְכֶע צוּ קוֹיפֶען אִין דִיא קְרָאמֶען פוּן מֶעטַאלל גֶעשִׁירר. דִיא פוּרְם דַארְף גֶעמַאכְט וֶוערֶען אִין דֶער פָארְם פוּן אַגְרוֹיסֶען אֵיי, אֵיין זַייט דִיקְקֶער אוּנ אֵיין זַייט שְׁמֶעלֶער, אִין צְווייא הַאלְבֶּע בֶּעזוּנְדֶער, אִינְוֵוייניג גַאנְץ גְלַאט. פַאר דֶעם אָרְט פוּן דֶעם גֶעלְכֶעל וֶוערְט גֶעמַאכְט נָאךְ דֶער פְּרָאפָּארְצְיָאן פוּן דֶעם אַיי אַשַׁארִיק (אַרֶעסְל) לָאנְגְלִיךְ רוּנְד.

מֶען צוּ שְׁלָאגְט 30—40 אֵייֶער, ווִיא פִיל עֶס קֶען אַרַיין אִין דֶער פוּרְם, דִיא וַוייסְלֶעךְ אִין אַבֶּעזוּנְדֶער כֵּלִי אוּנ דִיא גֶעלְבְּלֶעךְ אִין אַבֶּעזוּנְדֶער כֵּלִי. מֶען הֵיינְגְט אַרַיין דֶעם שַׁארִיק אִין אֵיין הַאלְבֶּען פוּרְם, אַז עֶר זָאל אוֹיסְקוּמֶען אִין מִיטֶען, אוּנ מֶען גִיסְט אַרַיין אַהֶעלְפְט פוּן דִיא וַוייסְלֶעךְ; אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט אַפֶּען פַייֶער, בִּיז עֶס וֶוערְט אַיינְגֶעבַּאקֶען שְׁטַייף. דַאן נֶעהמְט מֶען אַרוֹיס דֶעם שַׁארִיק אוּנ מֶען הֵיינְגְט אִיהם אַרַיין אִין דֶעם אַנְדֶער הַאלְבֶּען פוּרְם, גִיסְט אַרַיין דָאס אִיבְּרִיגֶע וַוייסְלֶעךְ אוּנ שְׁטֶעלְט אַפֶּען פַייֶער. אִין דִיא פֶערְטִיפוּנְגֶען, וָואס אִיז גֶעוָוארֶען אִין דִיא וַוייסְלֶעךְ, גִיסְט מֶען אַרַיין דִיא צוּ שְׁלָאגֶענֶע גֶעלְבְּלֶעךְ אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט בֵּיידֶע הַאלְבֶּע פוּרְמְס אַפֶּען פַייֶער.

וֶוען עֶס אִיז פֶערְטִיג, נֶעהמְט מֶען אַרוֹיס דָאס אֵיי פוּן בֵּיידֶע הַאלְבֶּע פוּרְמְס, לֵיינְט זַייא צוּ זַאמֶען אוֹיף אַגְרוֹיסֶע פְלַאכֶע שִׁיסֶעל אוּנ מֶען דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ. דָאס אֵיי קוּמְט אַרוֹיס עֶכְט גוּט אוּנ מֶען קֶען דָאס אָנְרוּפֶען שְׁטְרוֹיסֶענְאֵיי.

## № 661. פִישׁ אִין גַאנְצֶען גֶעקָאכְט.

מֶען שָׁאבְּט אָבּ אַהֶעכְט, אָדֶער אַסוּדַאק (פוּן 4—6 פוּנְד), נֶעהמְט אַרוֹיס דָאס אִינְגֶעוֵויידֶע אוּנ מֶען שְׁטֶעלְלט אִיהם צוּ אַפֶּען פַייֶער אִין אַלֶענְגְלִיכֶע קַאסְטְרוּלֶע אוֹיף אַהֶאלְצֶערְנֶע רֶעשֶׁעטְקֶע, אוּם עֶס זָאל נִיט אָנְבְּרֶענֶען; גִיסְט אַרוֹיף גֶעזַאלְצֶענֶעם קָאכֶענְדֶעס וַואסֶער אוֹיף צְוֵוייא פִינְגֶער הֶעכֶער פַאר דֶעם פִישׁ; גִיבְּט הִינְאַיין לָארְבֶּער בְּלֶעטֶער 5, פֶעפֶער 10 קֶערְנֶער, צְווִיבֶּעל, אַבִּינְדְל סֶעלֶערְיָא, אֵיין וואוּרְצֶעל פֶּעטְרוּשְׁקֶע אוּנ נֶעגֶעלֶעךְ 5 קֶעפְּלֶעךְ. מֶען לָאזְט דֶעם

פישׁ

פיש קאכען ביז פערטיג, אבער ניט ווייך, (אונגעפאהר 3/4 שעה צייט). דאן נעהמט מען אראב דיא פפאנע מיט דעם פיש פון פייער אונ לאזט עס אזוא שטעהען 1/4 שעה. נאכדעם נעהמט מען איהם ארויס בעהיטזאם אויף אפלאכע שיסעל אונ מען גיסט אויבען ארויף דיזע סויס:

מען רייבט פאנאנדער 2 לעפעל פוטטער, (ווען מען קאכט דעם פיש אין פלייסיגען גיבט אנשטאט דיא פוטער 2 לעפעל פראוואנס בוימאייל) מיט 2 לעפעל מעהל אונ מען פיהרט עס פאנאנדער מיט 3 גלאזער פישיויך, אין וועלכען עס האט זיך געקאכט. מען גיבט הינאיין 1 1/2 לעפעל קאפערסען, איין טהיילעפעל צוריבענע מוסקאטנוס, דריקט הינאיין לימאן זאפט, מישט גוט דורך אונ מען לאזט קאכען אימער מישענדיג. ווען עס האט אויפגעקאכט אפאר מאל אונ עס ווערט געדיכט, נעהמט מען עס אראב פון דער פליטע, צו שלאגט דרייא רויע געלכלעך, גיסט אריין אין דיא סויס אימער מישענדיג. מען שטעללט וויעדער אפען פלימטע, נאר מען לאזט ניט זידען. ווען דיא סויס ווערט דיק. נעהמט מען עס גלייך אראב פון דער פליטע, גיבט הינאיין אביסל צוקער אונ זאלץ אונ מישט דורך. דיזע סויס גיסט מען אויף דעם פיש אונ מען דערלאנגט צום טיש.

ווען דיא סויס איז צו געדיכט, גיסט מען צו אביסל פיש יויך.

אנשטאט קאפערסען קען מען געבען מארינירטע שוועמלעך אין עסיג, אדער שטיקלעך לימאן.

## דיא לעטצטע נוממער.

אנמערקונג. עס איז פראנען אשפייזע, וועלכע איז דיא וויכטיגסטע פון אלע שפייזען אונ געריכטען, איז דיא גייטיגסטע, דיא געזינדעסטע, נאהרהאפטעסטע, אונ דאך איז זיא דיא וואהלוועלסטע פון אלע אין דער וועלט; וועלכע איז דיא ערסטע אויף אלע מאהלצייטען אונ אן איהר קען מען ניט אויס קומען; וועלכע געפינט זיך איין אויף דעם קאניגליכען טיש אונ אויך ביי דעם ארמסטען בעטלער אין זיין היטטע; וועלכע מען עסט אימער גערן, אונ ווערט נימאלס איבער־דריסיג, — אונ וועלכע גיבט איהר נאמען צו אלע געריכטען אונ לעבענס מיטעלן, — דאס איז — ברויט.

## № 662. וויא מען באקט ברויט. BROT.

דיא פראפארציאן איז: אויף 6 גארנעץ מעהל 1 1/2 גארנעץ ווארמעס וואסער. מען לאזט צום פערקנעטען 3 גארנעץ מעהל, אונ מיט 3 גארנעץ אונ 1/2 גארנעץ ווארמעס וואסער מאכט מען איין אראשצינע אונ מען שטעלט אין אנווארמען ארט איבער נאכט. ווען דער טייג איז אויף געגאנגען אונ איז וויעדער אב געפאלען ביז דיא מאס, ווען מען האט איינגעמאכט, גיבט מען צוא דיא איבריגע 3 גארנעץ מעהל מיט אהויפען זאלץ אונ אהויפען קימעל, אונ מען קנעט איהם גוט אויס. ווען דער טייג איז צו הארט, גיבט מען צו אביסל ביער אדער

וואסער

וואסער. ווען ער איז צו שיטער, קען מען דערקענען דאדורך: אז מען נעהמט אביסל צו זאמען, לויפט עס פאנאנדער. ווען דער טייג איז אויפגעגאנגען, מאכט מען רעבעלעך ברויט און מען לייגט אויף אברעט, וואס איז בעשטרייט מיט מעהל. ווען זייא זיינען אויפגעגאנגען, לייגט מען זייא יעדע אויף אהאלצערנע לאפעטע, וואס איז בעשטרייט מיט מעהל, בעגיסט אדער בענעצט יעדע מיט הייסען וואסער און מען זעטצט אין אויבען.

אנמערקונגען: אום צו פרובירען דעם אויבען, צו איז ער גענוג הייס, שיט מען אריין אביסל קלייען: אויב זייא ווערען ברוין, איז גוט; און אויב זייא ווערען שווארץ, זא לעשט מען נאך אמאל אויס דעם אויבען מיט אנאסע פאמעלע.

ווען דיא לעבלעך ברויט ווערען אין אויבען פערברוינט, דארף מען זייא איבער זעצען פון פארנט אויף הינטען און פערקעהרט, אינדעם מען בענעצט זייא מיט ביער אדער ווארמען וואסער.

ווען דיא דייזע ווערט לעדיג, גיסט מען אין איהר אריין אביסל קאלטעס וואסער, אום זיא זאל ניט אויסטריקנען; נאכדעם שווייגקט מען איהר דורך מיט ווארמען וואסער, — ווערט זיא זיין גוט און וועט גוט זייערן אויף ווייטער דעם טייג. אנייע דייזע רייבט מען אויס מיט צוויבעל געמישט מיט זאלץ.

# אכטצענטער אבשניטט.

## איבער דיא צוזאממען שטעלונג פון שפייזען.

### № 663. פארבעמערקונג.

אונזער גומען קען אייגענטליך ניט פערטראגען צו עסען איינינע געריכטען, וואס האבען איין אהנליכען געשמאק. וואס עס ווערט אויפגעטראגען מעהרערע געריכטען, מוזען זייא זיין גאנץ פערשידען איינע פון דיא אנדערע; צב"ש: פאר אדער נאך זויערע פיש פאסט ניט ווייןזופפע, אבער פאר געפרעגעלטע פיש—יע. נאך אקראפטיגע זופפע פאסט זיס זויערע געמיזע; אבער נאך דיזע פאסט קיין זויער בראטען אדער אזוא אזויערע געריכט, — אבער אפודינג אדער אטיינגעכטס יע, און זא ווייטער.

### № 664. איין אבענדבראט (פאר געסט). EIN ABENDBROT.

פריער קומט פישע געוועהנליך געקאכט, דאן פוטער פיש מיט זיס איינגעפרעגעלטע פרישע ערבסען; דארויף ווייןזופפע אדער בוליאן מיט מאקראנען; אפודינג מיט פרוכט סויס אדער שאקאלאדענסויס. אנשטאט אפודינג קומט אטיינגעכטס מיט אשיינער סויס דאצו. דאן דערלאנגט מען געבראטענע ענטען און קאמפאטס, נאכהער קאנפעקט, וויין און אבסט, (פרוכט).

איין

## EİN MİTTAGBROT. № 665. אַיין מִיטְטָאגְבְּרָאט (פַאר גֶעסְט).

אים ווינטער קומט פריער גוטע פליישזופפע מיט פיינען גרויפען אונ געפרעגעלטע שוועממלעך; דאן קומט געמיזע, גרינע קרויט מיט וואורסט, גאנזבראטען אדער זויערבראטען; נאכדעם אַרייזענטייגעכטס, אדער לאקשענ־טייגעכטס מיט סויס. צום זויערבראטען פאסט ניט קאמפאט, נאר קליינע קארטאפעלן אין זיס אונ פעטט געפרעגלט; צו אנדערע בראטען קומט יע קאמפאט, אדער אוגערקעס, אדער סאלאט. אים זוממער קומט זופפע פון יונגע ארבעס מיט קניידלעך דהינען; געמיזע פון בלומענקרויט מיט זויערליכער אייער־סויס, אונ דאן בראטען, טייגעכטס אונ קאמפאטס.

## EİN GROSSES MİTTAGBROT.

### № 666. אַגְרוֹיסֶעס מִיטָאגְבְּרָאט פַאר גֶעסְט.

פריער קומט קלארע זופפע מיט קאנדיטאר מאקאראנען, נאכדעם פריקאסע (זעה № 232), צווייערליא געמיזע, קאלטע וואורסט מיט זיס איינגעפרעגעלטע ארבעס אונ מיט שפארגעל (ספבראזא); דארויף געבראטענע עוף אדער צונג; דאן קאלבס בראטען, שעפסענבראטען מיט קאמפאט אונ סאלאט; נאכדעם טארט מיט וויין אדער אזויא קאנפיטורען אונ אבסט (פרוכט).

## HOCHZEİTSALENDMAHL.

### № 667. אַיין אַבֶענְדְמַאהל אויף אַרייכֶע הָאכְצַייט.

1. פריער דער לאנגט מען געזאלצענעס: סערדינען, קילקעס, גערויכערטע (קאפצאנע) לאקס, סיגי, אדער געבאקענע לעשין, פערשידענע הערינגס. דער צו גוטען פיינען שנאפס.
2. פיש מארינאט אדער העכט (סודאק) אין גאנצען שטייף געקאכט מיט סוים (№ 98);
3. געוואהנליכע געפילטע פיש (העכט), אונ זיסזויער געקאכטע לעשין;
4. בוליאן מיט פיראזקי, אדער וויינזופפע מיט מאקאראנען;
5. געבראטענע צונג מיט נארגיר (מיט ערבסען אין מארך אונ צוקער ברוין איינגעפרעגעלט, אדער איינגעפרעגעלטע מעהרען);
6. געבראטענע אינדיק מיט קאמפאטס;
7. רינדבראטען אדער ראסט ביף מיט אוגערקעס אדער סאלאט;
8. הוהן מיט וויינסוים אדער אנדערע פרוכט סוים;
9. געפילטע ענטעל מיט אנדערע קאמפאטס;
10. פודינג מיט פרוכט סוים אדער שאקאלאדענסוים;
11. קאנפיטורען מיט וויין, פריכטע, זעלע, מאראזענע.

דער טיש ווערט געדעקט מיט דעם גאנצען פריבאר, וויא געהעריג איז,

אוים

אוים גֶעשְׁטֶעלְלְט מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע שְׁנַאפְּסֶען אונ וַוייגֶען אונ מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע שְׁמַאקְהַאפְטֶע פְרִיכְטֶען ; גֶעבֶּען יֶעדֶער פֶּערְזָאן זַיינֶע טֶעלְלֶער , לֶעפֶּעל , גָאפֶּעל , מֶעסֶער , אויךְ זָא פִּיל גְלָאזְלֶעךְ , וִויא פִּיל סָארְטֶען מַשְׁקֶה עֶס אִיז פְּרַאנֶען ; דִיא בּוּטְלֶען מַשְׁקֶה דַארְפֶען זַיין פוּן יֶעדֶערְן זָא וַוייט , אַז עֶר זָאל לַייכְט קֶענֶען רַייכֶען מִיט זַיין הַאנְד .

## № 668. נַאכְבֶּעמֶערְקוּנְג .

אַגוּטֶע הויזְפְרוֹיא דַארְף אַכְטוּנְג גֶעבֶּען , אַז דָאס טֶאגְלִיכֶע מִיטָאג-עֶסֶען זָאל יֶעדֶען טָאג צוּ אֵיין בֶּעשְׁטִימְמְטֶער צַייט פֶערְטִיג זַיין ; דָאס עֶסֶען זָאל פוּן גֶעזוּנְדֶע אוּנ קְרֶאפְטִיגֶע שְׁפַּייזֶען בֶּעשְׁטֶעהֶען , יֶעדֶעס הויז נָאךְ זַיין שְׁטַאנְד אוּנ פֶערְמֶאגֶען ; דִיא שְׁפַּייזֶען זָאלְלֶען נִיכְט אִימְמֶער בִּילְלִיג אוּנ נִיט אִימְמֶער טְהַייֶער זַיין ; דִיא גֶערִיכְטֶען זָאלְלֶען נִיט אַלְלֶע טָאג אוּנ נִיט צוּ יֶעדֶעם מָאל דִיא זֶעלְבֶּע זַיין , זָאנְדֶערְן זַייא מוּזֶען זִיךְ אִימְמֶער אַבְּוֶועכְסֶעלְן , אוּנ אִימְמֶער גֶעבְּרוֹיכֶען דִיא , וֶועלְכֶע יֶעדֶע יָאהְרֶעס צַייט אוּנְז גִיבְּט .

צוּ דִיזֶער אַבְּוֶועכְסְלוּנְג דֶער שְׁפַּייזֶען קֶען מֶען זִיךְ וָואהל מִיט דִיזֶעם קָאכְבּוּךְ בֶּעהֶעלְפֶען .

עֶנדע .